דר. ל. זשיטניצקי



# א האלבער יארהונדערט אידישע ליטעראטור

(מחשבות און עסייאיסטיק)

„א י י נ ס"

ב ו ע נ אָ ס א י י ר ע ס
1 9 5 2

דר. ל. זשיטניצקי



# א האַלבער יאָרהונדערט אידישע ליטעראַטור

(מחשבות און עסייאיסטיק)



„אייגנס"

בועֿנאָס איירעס

1952

# מחשבות צום אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור

## — 1 —

אַ האַלבער יאָרהונדערט אידיישע ליטעראַטור... ווי הויך ס'קלינגט, ווי גרינג עס רעדט זיך אַרויס, אָבער ווי גרויס איז דער דערנער-וועג וואָס די ליטעראַטור האָט דורכגעמאַכט! גרויס זיינען די דערגרייכונגען, דאָך, פונקט ווי די דערגרייכונגען, זיינען אויך גרויס די ליידן, — ליידנס־וועג פון אידעען, פון באַוועגונגען, פון אָפּשאַצונגען און נישט־דערשאַצט־קייט, באַזונדערס אין דער אייגענער סביבה, אָפּטמאָל אַ געשטעלטע צו שאַנד און שפּאָט און דווקא פון אייגענע. דאָס טרויעריקע און טראַגישע זיינען געוועזן גרעסער פון דער פרייד, און דאָך איז זי, די ליטעראַטור, ניט אַריינגעפאַלן אין יאוש, אפילו אין די צייטן פון די גרויזאַמסטע קאַ־טאַסטראָפעס. זי האָט ניט געביילט קיין פויסטן, זי האָט געלערנט בטחון, געלערנט ניט צו פאַרלירן די האָפענונגען און האָט דעם איד געפעלט אַן אייגענע היים, אַן אייגן שטיקל לאַנד, איז זי געוואָרן זיין היים, אַ טרייסט פון אַזאַ טרוים-לאַנד, וואָס קיינער קען ניט דערגרייכן. אַזוי האָט אָנ-געהויבן דער זיידע פון דער ליטעראַטור מענדעלע און אַזוי גייט עס לאַנג אַ גאַנצן האַלבן יאָרהונדערט, ווען נייע צייטן האָבן אַרויסגעבראַכט נייע פּראָבלעמען און מ'איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר דערשיינונגען פון אַ נייער רעאַליטעט, וואָס צווינגען אויף אַן ענטפער און פאָדערן פאַרענטפערט צו ווערן.

מ ע נ ד ע ל ע, — דער קאַנאָניזירטער נאָמען פונעם אידישן ליטע־ראַטור־שעפערישן גייסט, דער געשיכטלעכער מאָנומענט פונעם אידישן ווערן; די רוי-ערד פון דער אידישער מאַסע, וואָס האָט נאָך ניט באַ-נומען דעם באַגריף פאָלק און ניט פאַרשטאַנען דעם קאָנצעפּט נאַציע. דער המון, וואָס לעבט אין זיין פרימיטיווער זיין-ליידנשאַפט, ווען עס איז פרעמד אַזאַ דערקענטעניש, ווי נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין. דעריבער איז ניט קיין וואונדער, וואָס די אַלע פערסאָנאַזשן, מיט וועמען מענדעלע האָט זיך מטפל געווען, האָבן נאָך ניט געהאַט קיין לשון, ריידן דורך אַ

צוויטנס, און ניט מיטן אייגענעם מויל. אין זייער פרימיטיוויטעט פעלט זיי אן אייגענע שפראך צו געפונען גענוג ווערטער אויסצודריקן זייערע וואונטשן און פארלאנגען. מוז מענדעלע אליין רעדן פאר זיינע פערסאנאזשן, דערציילן, וואס זיי ווילן, דערציילן רק וועגן זייערע לײדן, ווייל קיין פרייד האבן זיי ניט. אויס דעם האט ער זיי אנדערש ניט געקענט נעמען ווי א שטיק ליים, וואס וואַרט אויף א תיקון דורכן צוגעבן דעם א באשטימטע פארם. זיינע פערסאנאזשן זיינען געווען פאר אים א ריכטיקער „חומר ביד היוצר" און מענדעלע האט תחילת געוואוכט וואס פאר א פארם ער איז זיי אויסן צוצוגעבן,—תחילת זיי געבן אזא פארם, אז זיי זאלן ווערן א יש און זאלן ניט אויסזען ווי „בראדיאגעס, וואס האבן נישט קיין היים", און ער איז געפאלן אויף דער המצאה צו געבן זיי די פארם, נוּיטיק פארן נאציאנאלן: זיי געבן א שפראך, אידיש, ווי א פארם פאר א נאציאנאלן זיין. און ס'איז זיין גרויסער פארדינסט נישט נאר פארן אידישן גייסט און פאר דער אידישער קולטור, נאר פארן גאנצן אידישן דאזיין. מענדעלע איז דער פאטער פון דער אידישער שפראך, און האט זי געשאפן, ווי א מיטל און וועג צום נאציאנאלן. און ווייל אזוי, — שפילן שוין די פערסאנאזשן א קנאפע ראל, זיי זיינען שוין ניט מער, ווי נאר אן אילוסטראציע; און אפילו דער סיפור־המעשה שפילט א קנאפע ראל, ווייל וויכטיק איז דער יש גופא, דער יש פונעם מענדעלע-טאט צו שאפן אידיש ווי א נאציאנאלע פארם, ווי א פארם פון א נאציאנאלן אויסדרוק און באוואוכטזיין.

און האט מענדעלע געגעבן די התחלה איז עס געווארן דער טאן, וואס האט געמאכט די גאנצע מוזיק פונעם אידישן שאפן. די אנדערע וואס זיינען געקומען נאך אים איז שוין געווען א כך גרינגער. אויך שלום-עליכם האט מקיים געווען א גרויסן טאט אין דער אידישער ליטעראטור און אידישן לעבן, אבער ער האט שוין געהאט פון וואס צו ציען דעם המשך. האט מענדעלע געשאפן און געגעבן דער אומה די שפראך, איז דעם איניקל געווען א סך גרינגער די שפראך ארײנצולייגן דעם מענטש אין מויל און אים לערנען, אפילו צווינגען, צו רעדן. שלום עליכם דארף שוין ניט רעדן פאר זיינע פערסאנאזשן. איינמאל באקומען אן אייגענע שפראך, ווערן זיי באריידעוודיק און שלום-עליכם האט נאר די ארבעט זיך צוצוהערן וואס זיי רעדן דארט די פרימיטיווע לייט, וואס זיי ווילן, וואס זיי ווינטשן. מיט גרויסער התמדה הערט ער זיך צו צו יעדן ווארט זייערן און ווערט פארהידושט וויאזוי די ווערטער בינדן זיך אין גאנצע פראזן. און עס זיינען ניט קיין פשוטע ווערטער, נאר ווערטער, וואס רופן גאר ארויס א שמייכל. אן אוצר אנטפלעקט זיך פאר זיינע אויגן און עפעס אזא נייעס, וואס מען האט גארנישט געוואוכט, אז עס לעבט אין דער נשמה פונעם אידישן מענטש.

אינעם גייסט פונעם פאָלק, — עס איז אַן אוצר ניט פון אַ פּשוטן רעדן, נאָר אַ רעדן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, אַ רעדן מיט הומאָר. זיי זיי־נען פּונקט ווי קליינע קינדער, וואָס ווייסן נאָך ניט ווי מ׳דאַרף זיך באַ־נוצן מיט אַ שפּראַך, דעריבער רופט אַרויס זייערס אַ וואָרט אָדער פראַזע אַ שמייכל, ווייל עס איז געזאָגט מיט אַזאַ נאַיווקייט און אַזאַ טאָן, אַז כ׳ווערט דורך און דורכגעדרונגען מיט הומאָר. קינדער האָבן אויך אַ מעלה, וואָס זיי קענען ניט איינזיצן רואיק און אַזוי זיינען אויך שלום־עליכמס פּערסאָנאַזשן. אויב מענדעלעס מענטשן זיינען פּאַסיוו, זיינען שוין שלום-עליכמס גאַנץ אַקטיווע, דינאַמישע. מענדעלעס פּערסאָנאַזשן זיצן אפילו אויך ניט אויף איין אָרט, אויך זיי באַוועגן זיך, אָבער עס איז נאָר אַ באַוועגונג אויס אינערציע, אַ געהיימער כוח טרייבט זיי, עס פעלט זיי ווילן, בעת ביי שלום-עליכמס מענטשן ווירקט שוין אַן אויסגע־שפּראָכענער ווילן און עס איז דער אייגענער ווילן, וואָס האַלט זיי אין באַוועגונג. און איבערהויפּט פאַרמאָגן שוין שלום-עליכמס פּערסאָנאַזשן אַן אייגענעם פּרצוף. מענדעלעס מענטשן זיינען נאָך ברואים, נפשות, ביי שלום-עליכמען האָט מען שוין צו טאָן מיט מענטשן. עס איז אפילו אמת, אַז אַזעלכע פּערסאָנאַזשן מענדעלעס, ווי בנימין השלישי און סענ־דערל די אידענע, פישקע דער קרומער אָדער שלוימע ר׳ חיימס פאַרמאָגן שוין אַן אייגענעם פּרצוף, דער לעצטער דערהויפּט מער ווי אַלע אַנדערע, אָבער צוזאַמען גענומען איז קיין איינער פון די פּערסאָנאַזשן נאָך ניט אַ דעטערמינירטער אין זיינע שטרעבונגען. זיי זיינען נאָך אַלץ מאַסקעס, וואָס וואַרטן אויף זייער אַנטפּלעקונג, בעת ביי שלום-עליכמען איז שוין פאַראַן דער מענטש אין זיין יש און פאָרם. שלום-עליכמס מענטשן האָבן שוין אַ צלם און אַ דמות, אייניקע פון זיי אפילו אַן אייגענע פילאָזאָפיע. און עס האַנדלט זיך נישט נאָר אין טוביה׳ן, אָדער מנחם-מענדלען, אויך ניט אין מאָטל פּייסי דעם חזנס, נאָר אויך אין סטעמפּעניון און יאָסעלע סאָלאָוויי, טאַקע ווייל ביידע זיינען שוין באַוואוסטזיניק פאַר זייערע ליידנשאַפטן, געפילן און דעמאָנסטרירן זיי אָפן און עפנטלעך. ביי שלום-עליכמס פּערסאָנאַזשן געפינט מען שוין אַ מין זעלבסטשטענ־דיקייט און אייגענע מעדיטירונג. צו די געהערן שאַפּירא פון „שווער צו זיין אַ איד״, און שימעלע סאָראָקער פון „גרויסן געווינס״. שלום־עליכם האָט אין אַלגעמיין באַוויזן דאָס גרויסע געווינס פונעם אידישן מענטש און אידישער מאַסע. זי, די מאַסע, איז שוין ביי אים אַ ריכטי־קער „אמכא״ און אין דעם גרויסן געווינס גייען אַריין ביי אים אַזעל־כע פּרויען ווי גיטל פורישקעוויטש און בוזי. ווי גרויס עס איז, צום ביישפּיל, דער מהלך און אונטערשייד צווישן מענדעלעס בנימין און שלום-עליכמס מנחם-מענדל... עס איז אפילו אויך עמעס, אַז מענדעלעס בנימין איז מער גייסט, ווי מענטש מיט בלוט און פלייש, ער איז דער

גייסט אין זיינע מעדיטאציעס, אָבער ווען מענדעלע זאָל ניט געווען האָבן געשאַפן בנימינען, ווער ווייסט צי שלום-עליכם וואָלט דעמאָלט געוויין האָבן געקומען אויף די שפּורן פון מנחם-מענדלען. בנימין און מנחם-מענדל זיינען געשניטן און געקנאָטן פונעם זעלבן שטיק ליים, זיי זיינען זיך קעגנזייטיק ממלא, בנימין איז אויסן אַריינצודרינגען אין די סודות פון דער וועלט, אויפדעקן אירע מיסטעריעס, גרייכן צום טראַנסצענדענטאַלן און מעטאַפיזישן, בעת מנחם-מענדל זעט דעם חומר פון דער וועלט און וויל אַריינדרינגען אין אירע פּאָזיטיווקייטן. ביי בנימינען איז די וועלט אַ פּראָבלעם, ביי מנחם־מענדלען איז זי אַ לייזונג, און ביידע געהערן זיי צו איינער און זעלבער משפּחה. זיי זיינען נאָר פאַרשיידן אין זייער באַנעמונג, אין זייערע קאָנצעפּטן וועגן וועלט און זאַכן, אָבער אין זייערע דמיונות גלייכן זיי זיך, זייער מחשבותן ווערט כמעט אַסימילירט אין איינעם און זעלבן אימאַזש. פון בנימינס מיסטיק דרינגט אַרויס מנחם-מענדלס רעאַליסטיש-פילאָזאָפישע וועלט-איינשטעלונג און מנחם־מענדל האָט שוין אַן אייגענע פילאָזאָפיע, ענלעך ווי דער צווייטער שלום־עליכמס מענטש טוביה האָט שוין אַן אייגענע פילאָזאָפיע. און טוביה ציט זיין גאָלדענע קייט פון סענדערל די אידענע. און פּונקט ווי מ'האָט ניט געזען אין זיין ריכטיקן ליכט טוביהן, אַזוי האָט מען אויך אין געוויסע פּרטים פאַרפעלשט מנחם-מענדלען. צו מנחם-מענדלען האָט מען אויסגעלאָזט דאָס גאַנצע בייז פונעם אידישן לעבן, אויף אים האָט מען אויסגעגאָסן דאָס גאַנצע שלעכטס פון דער גאָרער וועלט. עס איז אַ גאַנץ ערנסטע פראַגע: איז מנחם-מענדל טאַקע הוילע ווינט? אפשר איז ער גאָר שטורעם? איז טאַקע דורכויס באַרעכטיקט דער טערמין „מנחם-מענדלשקייט", אָדער אפשר איז אויך מעגלעך אַ געוויסע הנחה פונעם אָנגענומענעם שאַבלאָן, אַז מנחם-מענדלשקייט איז דער אויסדרוק פון אידישער עקאָנאָמישער באָדנלאָזיקייט? עס דאַכט זיך, אַז עס איז דערהויפּט נייטיק אָנצוהייבן זען די פּערסאָנאַזשן אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט, מער צוגעפּאַסט צו דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער ווירקלעכקייט, פּונקט ווי עס איז נייטיק צו זען דעם אידישן שרייבער און דיכטער אינעם עוואָלוציע-גאַנג פון אידייען און טאַטן. עס איז שוין אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז מענדעלע איז אויסן געווען צו שאַפן די פאָרם פונעם אידישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, פונעם אידיש-נאַציאָנאַלן זיין אין אַלגעמיין און ער האָט עס געזען אינעם שאַפן און געבן דעם פאָלק זיין אידיש-שפּראַך. זיין הנחה איז געווען די, אַז סיי אומה-גאַנצקייט, סיי דאָס נאַציאָנאַל-באַוואוסטזיניקע באַקומען זייער תקון און האָבן אַ קיום נאָר דעמאָלט, ווען זיי האָבן זייער אייגענעם שפּראַך-אויסדרוק. אויף אַזאַ אופן איז אידיש געוואָרן פאַר מענדעלען דער „רוח החיים" פונעם פאָלק,—מענדעלע האָט די שפּראַך אויסגעשפּרייט אויפן גאַנצן פאָלק

און שלום־עליכם ווידער האָט זי אריבערגעטראָגן אויפן יחיד. אויף אזא שטייגער: ווער זיינען זיי — בנימין השלישי און מנחם־מענדל? אויב בנימין השלישי איז דער שוואונג, פאַראורטיילט אויפגעלייזט צו ווערן אין פאַסיוויטעט, איז מנחם־מענדל שוואונג אין אקטיווער פאָרם, דער דינאַמיזם פון ענערגעטישער באַוועגונג, טאַקע ווייל מנחם־מענדל שפּאַלט גרענעצן, שפּאַנט ווייט אריבער די ד׳ אמות פונעם אידישן תחום און לייגט אדורך א בריק פון שטעטל צו דער גרויסער שטאָט. מנחם־מענדלס האָריזאָנטן זיינען ברייטע און ווייטער, ווי די פון בנימינען, זיי זיינען אבסאָלוט־רעאַליסטישע און זיינע פּערספּעקטיוון גייען אין אזעלכע ווייטקייטן, וואָס דעקן אויף א רעאַליזם פון זאכן און דערשיינונגען. בנימין און מנחם־מענדל זיינען ביידע די גזע, פון וועלכן עס וואקסט ארויס דער צעצווייגטער בוים פונעם אידיש־נאַציאָנאַלן זיין. איינער איז דער גייס־טיקער, וואָס הייבט אָן אידישע קולטור, אידישן וויסן, — בנימין איז דער אויסדרוק פון אידישער דורשטיקייט צו וויסן, בעת דער צווייטער, דער מנחם־מענדלשער איז דער אָנהייבער פון די אויסגעברייטערטע האָ־ריזאָנטן פאַרן אידיש־עקאָנאָמישן זיין און סאָציאַלער אנטוויקלונג. און דווקא פון גרויסע פאַרנעמען. פונקט ווי בנימין איז דער אָנדייט אויף די בני־תורה, אזוי איז מנחם־מענדל דער אָנדייט אויף דער אידישער דינאַ־מישקייט און אונטערנעמונג־גייסט אין דער עוואָלוציע, וואָס פירט צו דער אויסבילדונג פון א אידישן קאַפּיטאַליסטישן און פינאַנציעלן קלאַס. ס׳איז א סאָפעק צי מנחם־מענדל גופא וועט ווערן אַן אָנגעהעריקער צו דעם קלאַס, אָבער ער איז דער אנטפּלעקער און אָנזאָגער, אַז דער קלאַס איז אין ווערן, און ער, מנחם־מענדל, וועט זיין דער מיטלויפער, — איי־נער פון די, וואָס דערנערט זיך מיט די ברעקלעך, וואָס פאַלן פון די רייכע טישן..

ניין! מנחם־מענדל איז ניט דער לופט־מענטש, נאָר ער איז דער מענטש וואָס דרינגט אדורך דאָס לעבן מיט שוואונג, ווייל עס איז אים ענג אין די גרענעצן פונעם תחום, — מנחם־מענדל שניידט אדורך און צעשטערט מחיצות, ער ברעכט דעם גדר פונעם אידישן שטעטל און וויל ציען רק אין דער גרויסער שטאָט, ווייל ער האָט פיינט קליינע זאכן, ער האָט ליב דאָס גרויסע און דאָס גרויסע איז פאַר אים נאָר א מיטל און נישט קיין ציל, — עס ווערט ביי אים אַן אייגנאַרטיקע קונסט. ער האָט ליב נאָר דעם שפּיל, דאָס איבעריקע אינטערעסירט אים נישט, ווייל אין זיין גייסט איז ער ניט דער מענטש פון שטרעבונגען צום מאַטעריאַלי־זירנדיקן, און גראָד ווייל ער איז אזוי און נישט אנדעריש, האָט ער באַ־וויזן דעם וועג וויאזוי עס הייבט זיך אָן די אידישע איבערוואַנדערונג פונעם שטעטל אין שטאָט. און נאָך אים קומט מאָטל פּייסי דעם חזנס און ברייטערט אויס די זאָנעס פון דער אידישער איבערוואַנדערונג, —

ער איז דער המשך פון מנחם-מענדלען, — מער פּאָזיטיוו און ווייזט די וועגן וואָס פירן צום עבר-לים, ער איז שוין פּאָזיטיוו אין זיינע אי-ניציאַטיוון און פּראַקטיש-אונטערנעמעריש. מאָטל פּייסי דעם חזנס איז דער טאַט פון מנחם-מענדלס פאַנטאַזיעס. מנחם-מענדל ליגט זיין קאָפּ אויפן פינאַנציעלן, אים געפעלט דער בערזע-שפּיל, בעת מאָטל פּייסי דעם חזנס וועגדט זיינע אייגן צום פּראָדוקציע-פּראָצעס און פּראָדוק-טיוון. און עס איז גאָרנישט קיין צופעליקייט די געשיכטע, וואָס שלום-עליכם דערציילט, ווי מאָטל פּייסי דעם חזנס „מאַכט טינט", — עס איז איינער פון די שלום-עליכמישע „שפּאַסן", וואָס אַנטפּלעקן טיפן ערנסט אוןווירקנדיקע רעאַליטעט. ס'איז די קראַפט פון שלום עליכמס געלעכ-טער און הומאָר, און אויב זיין געלעכטער איז געווען דורך טרערן, איז זיין הומאָר אַ טיף-אַריינדרינגענדיקער ערנסט.

עס זיינען נאָר אָנגעוואָרפענע שטריכן פון פּערסאָנאַזשן, — פּער-סאָנאַזשן, וואָס ליגן אינעם זין פונעם פּאָלקסזיין און זיינען די אייביקע ניט נאָר אין דער אידישער ליטעראַטור, נאָר אויך אינעם אידישן לעבן,— זיי זיינען דער יש-תמצית, תוכן און פילאָזאָפיע פונעם אידישן נאַציאָ-נאַלן זיין, הגם זיי זיינען ניט די איינציקע. בנימין השלישי, מנחם-מענדל, מאָטל פּייסי דעם חזנס, — אַלע זיינען זיי דער אויסדרוק פון יידישן שוואונג, אידישער שטרעבונג אַריינצודרינגען אין די אומבאַקאַנטע וועלטן, וועך אויף אַ מעטאַפיזיש-טראַנסצענדענטאַלן שטייגער, און וועך ריין-פּראַגמאַטיש, פּאָזיטיוו און פונעם כלל קען מען ניט אויסשליסן סענדערל די אידענע, ניט טוביה'ן, און אפילו ניט דוד שאַפּיראָ און שימעלע סאָראָקער. געוויס קען מען דערווידערן: ס'איז דאָך פאַראַן עפּעס אַ מהלך, צום ביישפּיל, צווישן סענדערל די אידענע און טוביה'ן, צווישן דוד שאַפּיראָ און שימעלע סאָראָקער? דער אָפּפרעג איז אַ גערעכטער, אָבער נאָר דעמאָלט ווען ער איז אַ גערעכטער, ווען ער איז אַ ריכטיקער. אין טאָך איז עס גאַנץ אַנדערש, ווייל עס איז פאַראַן אַ סמיכות-הפרשות צווישן די אַלע פּערסאָנאַזשן. ווען ניט סענדערל די אידענע וואָלט אפשר אויך נישט געווען קיין שלום-עליכמשער טוביה, הגם פאַר טוביה'ן פּאַסט זיך גאָרנישט דער נאָמען „אידענע", ווייל „טעוויע וויינט ניט", און עס איז טאַקע דער איינציקער אונטערשייד, וואָס איז פאַראַן צווישן דיביידע פּערסאָנאַזשן. וועך איז דען שולדיק, וואָס סענדערל די אידענע איז אַ שוויינער? ווען מ'זאָל אים געווען האָבן געגעבן אַ שפּראַך, וואָלט ער געווען ניט ווייניקער בארעדעוודיק, ווי טוביה, אָבער אינעם אַנדערן זיינען זיי ביידע געשניטן פון זעלבן געוואַנט, ער איז נאָר דאָס וואָס טוביה איז פונעם געוואַנט אַ ביסל אַרויסגעוואָקסן און זעט שוין אַ ביסל ווייטער, ווי סענדערל: טוביה טרעפט שוין אַז קיין יעהופּעץ. דאָרט וואו טוביה ראַטעוועט זיך אַרויס מיט אַ פסוק, העלפט זיך אַרויס

סענדערל מיט שוויגן, אָבער אין זיין שווייגן איז דאָך פאַראַן אַ גע־וויסער מחשבותן. איז דען סענדערל ניט קיין מבין אויף בנימינען? פונקט ווי טוביה איז אַ מבין אויף די יעהופּעצער נגידים, איז סענדערל אַ מבין אויף בנימינען. עס געפעלט סענדערלען מיטצומאַכן מיט בנימי־נען זיין שפּיל, הגם ער ווייסט, אַז בנימינס רייד זיינען פּוסטע פאַנטאַ־זיעס, אַן איינבילדונג אַזאַ, אָבער עס געפעלט אים די אַוואַנטורע, — סענדערל איז שוין דער אויסגעשפּראָכענער רעאַליסט, וואָס באַנעמט מיט אינטואיציע דאָס, וואָס בנימין וואָלט געוואָלט און קען ניט באַנעמען מיטן שכל. מענדעלע האָט ליב געהאַט אַזאַ שפּיל און איז דווקא אויסן געווען צו באַווייזן ווי שטאַרק עס איז די אויפנעם־קראַפט פונעם פּשוטן מענטש, וויאַזוי ער קען אויפנעמען די רעאַליטעט פון זאַכן. ער שטעלט אַזוי אַוועק בנימינען און סענדערלען ווי זיי זאָלן זיך קעגנזייטיק ממלא זיין, אונטערשטרייכנדיק, אַז אָן סענדערלען, דעם פּשוטן מענטש, האָט ניט בנימין, דער אינטעליגענט, קיין ווערט. און אַז מ׳וויל זיינען סענ־דערל און בנימין צוויי מענטשן אין איינעם, — איינער איז דער רוח און דער צווייטער איז דער חומר. איינס אָן דעם צווייטן אינעם מענטש איז ניט פאַראַן, — ניט דער גייסט קען זיין אָן דער מאַטעריע, ניט די מאַטעריע אָן דעם גייסט, און זיין ר׳יבטיקן תיקון באַקומט דער גייסט אין און דורך דער מאַטעריע און געפינען זיךביידע אין אַ געוויסער האַרמאָניע, באַקומט דער מענטש שוואונג און אונטערנעמונג־פעיקייט...

און טוביה? איז ער אפשר גאָר אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין? טוביה קען זיין אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין און קען אויך זיין דאָס צווייטע קאַ־פּיטל פון אַ באַשטימטן אָנהייב. ער איז המשך און איז מקיים שלום־עליכמס אַ וואונטש: בעת סענדערל די אידענע איז אַ שווייגער, אַ מענטש, וואָס האָט, נאָר ער וויל ניט ווייזן דעם אייגענעם ווילן, איז טוביה דווקא אַ באַרעדעוודיקער, אַ מענטש פון אַ פּסוקים־שפּראַך, וואָס דרינגט אריין ממש אין פילאָזאָפישקייט און דערצו מיט אַן אייגענעם, אויסגע־שפּראָכן־שאַרפן ווילן. און טוביה רעדט ניט אין דער וועלט אריין, גלאַט אַזוי זיך. אפילו די אויסטייטשונגען פון די פּסוקים דינען אים פאַר אַ באַשטימטן זין, דאַכט זיך ער מאַכט קאַפּויר דעם טייטש, פונדעסטוועגן לייגט ער אריין אין יעדער פּסוק־אויסטייטשונג אַ גאַנצע לעבנס־פילאָ־זאָפיע און גאָר פון אַזאַ כאַראַקטער, וואָס צילט ניט נאָר אויפן הומאָ־ניסטישן, נאָר ניט ווייניק אויך אויפן האָמיניסטישן. סענדערל אין דער אומדעפינירטער אין וועמענס ליכט עס ווערט קלאָר טוביהס דעפינירט־קייט. טוביה ווייסט שוין וואָס ער וויל, וואוהין ער גייט און האָט פאַר זיך אַ באַשטימטן ציל פון תושבדיקייט... האָט מען זיך געגעבן רעכע־נונג, אַז סענדערל איז גאָרנישט קיין בעל־משפּחה און טוביה איז אַ מטופל־בנים? און עס איז אויך טוביהס אוצר. קיינער האָט ניט די זכיה

אויסער טוביהן, אַז זיינע קינדער זאָלן שאַפן די התחלה פון דער אידי-שער משפחה-צעצווייגטקייט.

אַזאַ איז דער זין פון שלום-עליכמס טוביה. שלום-עליכם טיילט שוין אויס דעם יחיד, אין זיין באַוואוסטזיין, — ער איז באַוואוסטזיניק פאַר דעם, וואָס ער טוט און פאַר דעם, וואָס ער וויל. פון אַזאַ שטייגער זיינען ביי אים אויך דוד שאַפּיראָ און שימעלע סאָראָ-קער און אַפילו זיינע מאָטל און קאָפל און ביילקע, וואָס פּרעזענטירן די יוגנט אין זייער אַרבעט, פילן און דענקען, זיי פּרעזענטירן שוין אַ באַשטימטע סאָציאַלע קאַטעגאָריע. געוויס קען מען אויך זאָגן עפּעס וועגן סטעמפּעניו'ן און יאָסעלע סאָלאָוויי, אָבער ס'וויכטיקסטע איז וואָס שלום-עליכם איז געווען דער ערשטער אָנצואווייזן אויף די סענטימענטן און אייגנשאַפטן פון דער אידישער פרוי. ביילקע און בוזי, — אין זיי ביידע איז שוין פאַראַן אָנזאָג אויף דער אידישער פרוי, וואָס לעבט אין אירע סענטימענטן, אין די ליידן און שטרעבונגען פון ליבע, אָבער אויך גיטל פּורישקעוויטש און שרה שיינדלען זאָל מען ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, אָפּגערעדט פון טוביהס טעכטער, וואָס זיינען אַ יש פון אידישן משפחה-לעבן, פון אידישן סאָציאַלן רעוואָלט און ראָמאַנטיזש-קייט. שלום-עליכם האָט געמאַכט דעם ערשטן אָנזאָג אויפן ספּעציפיש-אידישן ראָמאַנטיזם און האָט מיט דעם געעפנט שלום אַשן די האָרי-זאָנטן צום ראָמאַנטיזם. ביי אים, ביי שלום אַשן, האָט דער אידישער ראָ-מאַנטיזם געפונען זיין ריכטיקן תיקון, דאָך איידער מ'גייט אַריבער צו שלום אַשן מוז מען זיך אָפּשטעלן אויף י. ל. פּרצן און אברהם רייזינען, ערשטנס ווייל י. ל. פּרץ איז ריכטיקע יצירה און אברהם רייזין איז שטעטלשער נוסח, — ספּעציפיש-רייזינישער נוסח אין דער אידישער ליטעראַטור און עס איז דער רייזינישער נוסח, וואָס שליסט אָפּ אַ וויכ-טיקע תקופה אין דער אידישער ליטעראַטור, די תקופה, וואָס האָט גע-געבן דעם יסוד און ווייטערדיקע תקומה פאַרן אידיש-ליטעראַרישן שאַפן.

י. ל. פּרץ, — קען מען זיך באַגרענעצן מיטן זאָגן, אַז י. ל. פּרץ האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם נוסח אין דער אידישער ליטעראַטור, — באַזונ-דערס אינעם אידישן דענקען, אָבער עס וואָלט געווען גלייך ווי גאָר-נישט געזאָגט וועגן י. ל. פּרצן. אויסער נוסח און נייעם טאָן, איז ער אויך סינטעז. און צוזאַמען מיט מענדעלען און שלום-עליכמען בילדעט ער דעם „חוט המשולש" און זיין עובדא אין דער אידישער ליטעראַ-טור דרינגט אַרויס פון דעם יכוד, וואָס ס'האָבן געשאַפן מענדעלע און שלום-עליכם. י. ל. פּרץ איז שוין בנין. אייגנטלעך קען מען זאָגן, אַז אויב מענדעלע האָט אַריינגעפירט די סאַטירע אין דער אידישער ליטעראַטור און שלום-עליכם דעם הומאָר, האָט י. ל. פּרץ אַריינגעבראַכט דעם טאָן

פון פילאָזאָפישן ערנסט און ערנסט איז אָפטמאָל כולל סיי דאָס סאַטי-רישע, סיי דעם הומאָר, ווייל ערנסט איז דענקען, ראַציאָנאַליטעט און לאָ־גיק פון זאַכן און אויך אַזאַ שטייגער איז י. ל. פּערעץ דער, וואָס פאַר-ענדיקט מענדעלען און שלום-עליכמען. אָבער עס איז נישט אַ פאַרענ-דיקן צו אַ פולשטענדיקן אָפּשלוס, נאָר אַ פאַרענדיקן צו אַ נייעם אָנהייב, און י. ל. פּרץ איז אין תוך אַ נייער „בראשית״ אין דער אידישער לי-טעראַטור. מיטן מאָמענט, ווי מענדעלע האָט געגעבן דאָס פאָלק און שלום-עליכם דעם מענטש, שוין אין זייער אייגענער שפּראַך און בארע-דעוודיקייט, האָט י. ל. פּרץ זיי ממלא געווען מיט אַ צווייענדיקן טאַט. פון איין זייט איז ער אַריינגעדרונגען אין די נשמה-טיפקייטן פונעם פאָלק און פון דאָרט אויסגעשעפּט אַלעס, וואָס ס׳איז נאָר פאַראַן אינעם גייסט-פאַרמעגן פון אַ פאָלק, און פון דער צווייטער, איינמאָל רעאַליזירט אַזאַ וויכטיקע און אחריותדיקע ארבעט, האָט ער אַראָפּגענידערט צום זעלבן פאָלק און פאַר דעם אַנטפּלעקט דעם געפונענעם פאַרמעגן, — ער האָט דעם פאָלק אַנטפּלעקט זיינע גייסט-אוצרות, וואָס זיינען געלעגן אינעם פאָלק פאַרבאָרגענע און איינגעדרימלטע. אויס דעם דאַרף מען י. ל. פּרצן באַטראַכטן ווי דעם גרויסן וועקער, דעם רופער צו דערוואַכונג. און ער איז געווען דער וועקער און דער רופער, ווייל ער איז אויסן געווען דאָס פאָלק אַריינפירן אין דער נאַציע. אָט מיט דעם זיינען פאַרבונדן זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטעס״, זיין „חסידיש״, — עס איז דער ריכטיקער עפּאָס פון אַ פאָלק, וואָס איז אויפן וועג צו ווערן אַ נאַציע, הגם די נאַציע האָט ניט קיין טעריטאָריע. מיט דעם טאַקע איז פאַרבונדן זיין אַנאַליזירן אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צום זיין און דאָזיין פון אַ נאַציע, — ער אַנאַליזירט דאָס ביאָלאָגישע און פּסיכאָלאָגישע, דאָס סאָציאַלע און געשיכטלעכע, — י. ל. פּרץ האָט שוין געזען פאַר זיך אַ נאַציע אין ווערן מיט אַלע אירע סאָציאַלע דיפערענצירטקייטן און ס׳איז געוואָרן דער אויסגאַנגספּונקט און אינספּיראַציע פון זיין פילן און דענקען, פאַר-קערפּערט אין אַ פּראָצעס פון אַ ליטערארישן שאַפן. דארום איז אויך קלאָר פאַרוואָס ער האָט געווענדט זיינע בליקן צו דער אידישער פאַר-גאַנגענהייט און עס איז אַבסאָלוט טעותדיק צו באַטראַכטן זיין רוף „צו-ריק אין שול אַריין״, ווי אַ רעאַקציע. עס איז געווען אויסשליסלעך אַ רעאַקציאָנירן קעגן די, וואָס האָבן געצויגן ווייט פון דער אידישער וועלט, געזוכט אין דער פרעמד, ווען עס איז פאַראַן אַ סך אינעם אייגענעם אוצר און ס׳איז געווען פאַרבונדן ביי אים מיט דער ספּעציפישער י. ל. פּרץ-רעוואָלוציע אויפן וועג צו פאָרמעווען דעם נאַציאָנאַלן באוואוסטזיין פון דער מאַסע. נישטאָ אַזאַ זאַך ווי פאָלק אָדער נאַציע אָן אַ פאַרגאַנ-גענהייט, און וואָס י. ל. פּרץ האָט געוואָלט, איז די נאַציאָנאַלע אויטענ-טישקייט פון דער אידישער פאָלקסמאַסע.

תחילת מאַכט עס אַן איינדרוק פון אַ פּאַראַדאָקס, אָבער טיפער אַריינגעטראַכט, קומט מען צום אויספיר, אַז י. ל. פּרץ האָט דורך סאָציאַלער דיפערענצירטקייט געשטרעבט צו דערגרייכן אידיש-נאַציאָנאַלע גאַנצקייט און האָט געצילט צו געבן דעם אידישן לעבן אַ נאַציאָנאַל-עטישן אינהאַלט אין צוגעפּאַסטע סאָציאַלע פאָרמעס. אויס דעם האָט ער זיך באַמיט און אויך געשטרעבט צום אוניווערסאַליזירן דאָס אידישע דענקען און די אידישע ליטעראַטור, דאָך, אויב די אידישע ליטעראַטור איז ניט אַרויס פון איר שטעטלשן צושטאַנד, איז עס געווען ניט די שולד פון י. י. פּרץ, נאָר פון די, וואָס זיינען געקומען נאָך אים ממשיך צו זיין די „גאָלדענע קייט" פון דער אידישער שאַפונג. אַנדערש האָט אויך נישט געקענט זיין, ווייל סיי אין אירע ערשטע, ווי אין די וויטערדיקע אירע שריט, איז די גאַנצע אידישע ליטעראַטור געווען אַ שטעטלשע, טאַקע ווייל אירע פּערסאָנאַזשן האָבן ניט געקענט זיין קיין אַנדערע ווי נאָר שטעטלשע, גאַנץ ווייטע און דערווייטערטע פון דער גרויסער שטאָט. מ'האָט געמוזט נעמען די שטעטלשע מענטשן און דאָס שטעטל גופא אין זייער קאָנקרעטן אַספּעקט און אין פאַרשיידנאַרטיקע דערשיינונגען, זיינען זיי, די שטעטלשע מענטשן דאָך געווען די ריכטיקע שעפער און טרעגער פונעם אידישן לעבן, פונעם אידישן נאַציאָנאַלן זיין. — און דאָ קומען די באַזונדערע פּאַרדינסטן פון אברהם רייזין, ניט נאָר מיט דעם, וואָס ער איז דער ריכטיקער שעפער פון דער קליינער אידישער דערציילונג, נאָר ווייל ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער אידישער ליטעראַטור דעם ספּעציפישן שטעטלשן טאָן, אַ ספּעציפישן רייזין-טאָן. דאָס שטעטל האָט נאָך נישט געקענט געבן קיין שטאָף פאַרן גרויסן אידישן ראָמאַן, ווייל דאָס לעבן דאָרט איז נאָך געווען צו אָרעם, אַז עס זאָל זיך אויסצייכענען מיט אַזעלכע קאָנפליקטן, וואָס ווערן אַן ענין פון שילדערונגען אויף גרויסע און ברייטע לייוונטן און קיינער האָט עס אַזוי ניט באַוויזן, ווי אַברהם רייזין מיט זיין קליינער דערציילונג. עס איז אויך אמת, אַז אברהם רייזין האָט זיך אָנגעשטרענגט גובר צו זיין דאָס שטעטל, אָבער געשען איז דער היפּוך, — דאָס שטעטל האָט אים גובר געווען, עס האָט געמאָנט אַ תיקון ביים אידישן שרייבער און דיכטער און דער תיקון איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָס שטעטל וויל נישט אונטערגיין אפילו דעמאָלט ווען מ'האָט עס חרוב געמאַכט. אויף אַזאַ שטייגער, אַרויסגע-ריסן פונעם אַלטן באָדן, האָט דאָס שטעטל דורכגעמאַכט אַ טראַנספאָר-מאַציע-פּראָצעס, — צוזאַמען מיט דער אויסוואַנדערונג פונעם שטעטלשן מענטשן האָט מיט אים מיטגעוואַנדערט אויך דאָס שטעטל. קאַבצאַנסק און קאַסרילאָווקע זיינען טאַקע אויפגעלייזט געוואָרן אינעם עוואָלוציע-און טראַנספאָרמאַציע-פּראָצעס פונעם אידישן לעבן, אָבער קוידאַנאָוו האָט מיטגעוואַנדערט קיין ניו-יאָרק און קיין בוענאָס איירעס, קיין יאָ-

האנעסבורג און סידני. קוידאנאָוו איז געווען אַ העכערע קאַטעגאָריע פון קאַבצאַנסק און קאַסריליאָווקע און עס איז גאָרנישט לגנאי אַברהם רייזי־נען, — קוידאנאָוו האָט נאָר געענדערט דעם בגד, אָבער דער קוידאַנאָ־ווער מענטש איז געבליבן דערזעלבער אויך אין די לענדער פון זיינע איינוואַנדערונגען.

אַזוי אַרום האָט אין אברהם רייזינס קליינער דערציילונג דאָס אידי־שע שטעטל דורך זיין אידישן מענטשן באַקומען דעם ריכטיקן תיקון, — עס איז דער נוסח קוידאנאָוו און דער איינציקער, וואָס האָט פון זיך מיט דער צייט אָפּגעטרעסלט דעם שטויב פונעם שטעטל איז געווען שלום אַש, הגם זיין פאַרקנאַסן זיך מיט דער אידישער ליטעראַטור איז געגאַנ־גען דורכן שטעטל, הגם זיין דיכטערישן און שרייבערישן תיקון האָט ער תחילת באַקומען אין דער אידיליע פונעם שטעטל און שטעטלשן מענטש, אָבער זיינע בליקן זיינען געפאַלן אויף די ווייטע שליאַכן, וואָס פירן צו דער גרויסער שטאָט און מיט דער צייט האָט ער עס גובר געווען און אָנ־געקומען אינעם אָרט פון זיינע ליטעראַריש־שאַפערישע שטרעבונגען.

שלום אַש האָט אויך געזען אַנדערש דעם שטעטלשן אידן, ווי מ׳האָט אים געזען ביז אים. שלמה נגיד און יחזקאל גאָמבינער זיינען די הדרת־פּנימדיקע אידן, זיי זיינען דער שבת אין דערוואָכן, — שלום אַשס שטעטל איז הוילע שבת, אַ שטעטל פון זמירה און לעבנס־תענוג, אַ צופרידן זיין מיט דעם, וואָס מ׳לעבט אויף גאָטס וועלט. אויס אַזאַ צופרידנקייט באַהעפט עס זיך מיטן נאַטור־פּייזאַזש, ווי אַ געליבטע מיט איר געליבטן אין האַלדזן און קושן זיך, דאָך וועט דאָס עיקרדיקע אין שלום אַשס שאַפן בלייבן דווקא דאָס „קוילער־געסל", ווייל מיטן קוילער־געסל איז צום ערשטן מאָל אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער אידישער ליטעראַטור אַ נייער סאָציאַלער שיכט און נייער סאָציאַלער מענטש, וואָס האָט גע־מאָנט זיין אָרט און זיין פאַרגעשטעלט ווערן אין דער אידישער ליטע־ראַטור, טאַקע ווייל דער שיכט האָט געהאַט זיין אָרט אינעם אַלגעמיינעם אידישן לעבן. ס׳איז אַלץ נאָך געווען דער ערשטער פּעריאָד פון דער אידישער ליטעראַטור, אירע אָנהייבן, דאָך, אויב ביי י. ל. פּרצן און אַפילו ביי מענדעלען, זיינען שוין געקומען די אָנמערקונגען אויף די סאָ־ציאַלע דיפערענצירונגען, האָבן געפעלט צו דער מסיבה די פליישער־ און קצבים־יונגען, די העקער און פורמאַנעס, עס האָט געפעלט די „יאַטישע טאָכטער" צום ממלא זיין דאָס בילד פון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער דיפערענצירונג און מיטן „קוילער געסל" האָט שלום אַש ממלא געווען די אידישע סאָציאַלע סביבה. זבולון־מאיר, הגם ער איז ניט געקומען צו דער שטופע פון מאָטקע־גנב און האָט באַצייטנס זיך געראַטעוועט אַרויפצוקומען אויפן דרך־הישר, האָט אַ גרויסן ווערט פאַר דער אידישער ליטעראַטור, אַזוי אויך די יאַטישע טאָכטער און נישט ווייניקער מאָטקע־

גנב. מיטן אַריינברענגען אין דער אידישער ליטעראַטור אַט־דעם סאָציאַלן שיכט, האָט שלום אַש אויסגעברייטערט איר שאַפונגס־אָטעם, געמאַכט גרעסער איר רעזאָנאַנס, און אויב עס וועט בלייבן אַ וויכטיקער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור, איז עס דאָס וויכטיקסטע אויך אין שלום אַשס שאַפן, אַ סך וויכטיקער, ווי די אַלע אַנדערע ווערק שלום אַשס, וואָס זיינען געקומען נאָכן קוילער־געסל.

געוויס קען מען זיך אָפּשטעלן אויך אויף די אַנדערע שלום אַשס שאַפונגען, ווי אויף זיין „קדוש השם", אָדער „די כישוף-מאַכערן פון קאַסטיליע", אפילו אויף זיין גרויסער טרילאָגיע „פּעטערבורג-מאָסקווע-וואַרשע"; אין באַטראַכט קען אויך גענומען ווערן דער אַמעריקאַנער פּעריאָד פון שלום אַשס שאַפן, אָבער ווי מ'זאָל נישט באַטראַכטן און אַנאַליזירן זיינע ווערק, וועלן אַ באַזונדערן אינטערעס רופן זיין „תהי-לים-איד" און באַזונדערס זיין „קוילער-געסל", — די ווערק זיינען מאָמענטן אין דער אידישער ליטעראַטור, בעת פונעם אַמעריקאַנער פּעריאָד וועט איבערבלייבן זיין „אָנקל מאָזעס", ווי אַ פּרואוו צו כאַראַקטעריזירן דעם מענטש פונעם קליינעם שטעטל, וואָס איז אַן אַריבערגעפלאַנצטער אויפן אַמעריקאַנער באָדן געוואָרן דער „אָלרייטניק", אָדער גאָר דער בעל־גוף אינעם גרויסן כרך ניו־יאָרק, אָט דעם גרויסן קאָך־קעסלדיקן בבל, וואָס רויבט אַוועק ביים מענטשן יעדן פּרצוף. אָבער, ווי געזאָגט, איז עס נאָר אַ פּרואוו. דעם גרויסן ראָמאַן וועגן דעם איד אין אַמעריקע האָט נאָך קיינער ניט געשאַפן, אפילו שלום אַש, און צוליב דעם אמת, ווייל ער איז אַריינגעקומען אין דער אידישער ליטעראַטור מיטן געזאַנג פונעם קליינשטעטלדיקן ראָמאַנטיזם און אין געוויסע פּרטים איז עס געוואָרן די שטערונג זיינע צו קענען באַנעמען דעם נייעם אידישן רעאַליזם, ווי ער האָט זיך מאַניפעסטירט אויפן אַמעריקאַנער באָדן.

און רעדט מען וועגן שלום אַשן ווי קען מען אויסלאָזן מ. ווייסנבערגן, — דעם פאַרשריענעם און פאַרשוויגענעם אין דער אידישער ליטעראַטור? ער איז שוואַרצע רויערד אין דער אידישער ליטעראַטור. נאָר ווייל ער האָט געפּראַוועט עקשנות, האָט מען אים בכיוון פאַרזען, אָבער זיין ווערט אין דער אידישער ליטעראַטור איז דאָך גרויס, — ער איז דער אויסדרוק פון אַ אידישן נאַטוראַליזם, געשטעלט אויפן סאָציאַלן און דאָס נאַטוראַליסטישע האָט ער געגעבן אין סטיל און פאָרם פון פּאָלקישער דיאַלעקט-רעדעוודיקייט. אַזוי איז זיין „שטעטל" און אַזוי איז זיין „דער טאַטע און די בנים", — ווערק פון אַ גרויסן יש אין דער אידישער ליטעראַטור. אָבער אין אַלגעמיין קען מען באַטראַכטן מ. ווייסנבערגן ווי דעם גרויסן צו-להכעיסניק שלום אַשן, אָבער מ. ווייסנבערג גופא האָט זיך נישט גענעבן קיין רעכענונג, אַז עס איז אַ צו-להכעיס

מיט אַן עובדא צוזאַמען: עס איז דער סאָציאַלער נאַטוראַליזם קעגן דעם אַשישן סענטימענטאַלן ראָמאַנטיזם, הגם מ׳קען ניט פאַרגלייכן שלום אַשס ליטעראַרישע פּרוכטבאַרקייט צו מ. ווייסנבערגס ליטעראַרישער צמצומדיקייט.

מיט מענדעלען, שלום-עליכם און י. ל. פּרץ וואָלט מען אייגנטלעך געקענט אָפּשליסן אַן אַנטוויקלונגס-פּעריאָד אין דער אידישער ליטע-ראַטור, דעם אַזוי-גערופענעם איראָפּעאישן פּעריאָד, שלום אַש און אַברהם רייזין ווידער געהערן סיי צום ערשטן פּעריאָד און קומען אַריין אויך אין אַ צווייטן פּעריאָד, וואָס איז שוין אויסער די גרענעצן פון איראָפּע, אָבער עס וואָלט ניט געווען קיין דערגאַנצונג אפילו צום ערשטן פּעריאָד ווען מען זאָל דערביי אויך נישט דערמאָנען דוד בערגעלסאָן, וואָס האָט ניט נאָר אַריינגעבראַכט אַן אייגנאַרטיקן טאָן און סטיל אין דער אידישער ליטעראַרישער שאַפונג, נאָר האָט אויך אַרויסגעבראַכט די מאָטיוון און שוואַנען-געזאַנג פון אַן אָפּגייענדיקן דור. דוד בערגעל-סאָן אין זיינע אָנהייבן איז דער שילדערער פון אַן אונטערגייענדיקן אידישן יחוס און פון דער דעקאַדענץ פונעם אידישן קליינבירגער־לעכן אינטעליגענט, וואָס האָט ניט געפונען זיין ריכטיקע און אמתדיקע פונקציע אינעם אידישן לעבן, — ער ווייזט אויך די אידישע בורזשו-אַזיע אין איר אויפשטייג און אין איר ירידה, וויאַזוי דער אידישער יחוס־מענטש ווערט בהדרגהדיק אַרויסגעשטויסן און זיין אָרט פאַר־נעמט דער אויפגעקומענער, ער איז דאָס שטעטל אין פולשטענדיקער ליקווידאַציע און אַזאַ איז דער ערשטער פּעריאָד פון זיין שאַפן, ווייל אויך דוד בערגעלסאָן דרינגט אַריין אין צווייטן פּעריאָדן, אָבער בעת ביי שלום אַש און אברהם רייזין איז עס אַ פּשוטער איבערגאַנג פון איין קאָנ-טינענט אויף אַ צווייטן, איז עס גאַנץ אַנדערש ביי דוד בערגעלסאָן. דוד בערגעלסאָנס צווייטער פּעריאָד גייט דורך א ווינוויסעקציע, ווען ער רייסט איבער מיט זיין בירגערלעכער פאַרגאַנגענהייט און גייט אַרויף אויף די רעלסן פון דער גרויסער סאָוועטישער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע, באַטראַכט און אויפגענומען פון אים ווי זיין אַן אייגענער מידת-הדין און וואו דער בירגער וואָלי ברענער דערשיינט אין אַ גאַנץ נייעם ליכט. עס איז שוין אויך די צייט, ווען אידישע ליטעראַטור אויף די פאַרשיידענע קאָנטינענטן צעצווייגט זיך ברייט, אַ דיפערענצירטע, לויט ריכטונגען, גרופּעס און ניט ווייניקער אויך לויט פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס: אַנט-שטאַנען תחילת אין אַ גאַנצקייט, ווערט די אידישע ליטעראַטור אין איר אַנטוויקלונג-פּראָצעס א צעגלידערטע, דערצו ניט ווייניקער אויך אַ צע-שפּליטערטע. עס קומט פאָר אַ טראַנספאָרמאַציע: דער שאַפונג-צענטער פון אידיש-איראָפּע טראָגט זיך אַריבער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דער המשך אין זיין ריכטיקן אויסדרוק בלייבט אין פּוילן, נייע טענער

אין דער אידישער ליטעראַטור שטייגן אויף אין סאָוויעט-רוסלאַנד, אי־דישע ליטעראַרישע דיכטונגען באַווייזן זיך אין ליטע, אין רומעניע, אין בעסאַראַביע און אַרגענטינע און אויך אין ארץ-ישראל, וואו די אי-דישע דיכטונג שטייט אויס אַז אָנגריף פון אַ קעמפנדיק-קריגערישן העב-רעאיש, אָבער לייגט זיך פּאָרט אַדורך אַ וועג און דריקט אויס די נייע ארץ־ישראלדיקע שטימונגען, אַ סך מער ווי ס׳באַווייזט עס צו טאָן די העברעאישע דיכטונג.

— 2 —

עס איז קלאָר: די אידישע ליטעראַטור האָט נאָך אַ סך פריער פאַר מענדעלען געשלאָגן אירע וואָרצלען און זיך איינגעבירגערט אינעם אי־דישן לעבן, אָבער עס איז געווען ניט מער ווי אַ פּאָר-פּעריאָד, אַ „פּרע-היסטאָרישער" פּעריאָד פון דער אידישער ליטעראַטור, וואָס האָט אַגב אויך זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַרן אידישן שאַפן, דאָך דאַרף מען אָנ-נעמען, אַז די ריכטיקע אָרגאַניזאַציע און שעפערישע היסטאָרישקייט פון דער אידישער ליטעראַטור הייבט זיך אָן מיט מענדעלען. און דאָ גראָד באַמערקט מען אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך, וואָס פאַרדינט אויפמערק-זאַמקייט און פאַרצייכנט צו ווערן: דער גורל האָט באַדאַרפט פירן מענ־־עלען פון זיין ליטע קיין וואָלין אויף אוקראַינע, אַז דאָרט זאָל אָנהייבן וואַקסן דער צעצווייגטער בוים פונעם אידיש-ליטעראַרישן שאַפן. און מ׳דאַרף קאָנסטאַטירן אַ פאַקט: דער ערשטער פּעריאָד פון דער אידישער ליטעראַטור, דער וויכטיקסטער, ווי יעדער „בראשית" און דער באַ-מערקנסווערטער נעמט זיין התחלה אין אוקראַינע. עס זיינען געווען מענ-דעלע און שלום-עליכם, וואָס האָבן אויף דעם פּעריאָד געלייגט זייער חותם. און מיט י. ל. פּרצן קומט די אידישע ליטעראַטור צו די גרענעצן פון פּוילן. מיט י. ל. פּרצן, נאָכער מיט שלום אשן און אברהם רייזין באַקומט דער אידישער ליטעראַרישער פּראָצעס זיין אחוזה אין פּוילן און אין ליטע. אַזוי אַרום שפּאַנט אַריבער די אידישע ליטעראַטור די טערי-טאָריעלע גרענעצן און ברייטערט זיך אויס צו אַ קאָנטינענט-ליטעראַטור אום אינעם ווייטערדיקן דערהויפּט ווערן אַ קאָנטינענטן-ליטעראַטור. עס ברייטערן זיך אויס די געאָגראַפישע גרענעצן פון דער אידישער ליטעראַ-טור און עס איז דער פּועל-יוצא פון די אידישע וואַנדערונגען און אויס-וואַנדערונגען. אומעטום וואו דער אידישער מענטש האָט געוואַנדערט האָט אָנגעהייבן מיטצוואַנדערן מיט אים די אידישע ליטעראַטור. דע-ריבער איז ניט קיין חידוש ווען אין אָנהייב פונעם צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט זיינען די פאַראייניקטע שטאַטן געוואָרן אַ צענטער פון אידי-

שער ליטעראַרישער שאַפונג און אַ צענטער פון אַ מעכטיקער אידישער ליטעראַטור.

דערצו אַ פּאַראַדאָקסאַלע מאָדנעקייט: אין אייראָפּע האָט די אידישע ליטעראַטור אָנגעהויבן תּחילת מיט פּראָזע, מיט באַשרייבן און דערציילן, בעת דער אידישער ליטעראַרישער פּראָצעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן הייבט אָן מיט דיכטונג, — דאָס הויפּטזעכלעכע איז דאָרט געווען דאָס ליד. דעם אָנהייב מאַכן באָרושאָווער, איידלשטאַט און מאָריץ ראָזנפעלד (נאַטירלעך ניט נעמענדיק אין באַטראַכט דעם דאָרטיקן פאַר־פּעריאָד פון דער אידישער ליטעראַטור־שאַפונג) און זייער ליד ברענגט גאַנץ אַנד. טענער, אַנדערע ווי די מאָטיוון אין מענדעלעס, שלום־עליכמס און י. ל. פּרצעס שאַפונגען. דער אונטערשייד צווישן דער אידישער ליטעראַטור אין אייראָפּע און דער פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז ווי צווישן דעם נאַציאָנאַל־פּאָרמירנדיקן און סאָציאַל־עטישן. מענדעלע, שלום־עליכם און י. ל. פּרץ האָבן געזען דעם אידן אין זיין וועזן „פּאָלק״, זיי האָבן געזען איד־פּאָלק, בעת באָרושאָווער, איידלשטאַט און מאָריץ ראָזנפעלד האָבן בלויז געזען דעם ליידנדיקן און עקספּלואַטירטן מענטש, וואָס איז גראָד געווען אַ איד. טראַכטנדיק, אַז די דיכטונג מוז דינען נאָר אַן אוטיליטאַרן צוועק, האָבן זיי זייער דיכטונג געשטעלט אין דינסט דער אידייע, אַן ארויסגעדרונגענע פונעם סאָציאַליסטישן קאָנצעפּט וועגן דעם וועלט־איבעראַנדערשן. אַזוי אַרום האָבן זיי ניט געזען דעם איד־מענטש, אַן איבערגעפּלאַנצטן פון איין קאָנטינענט אויפן צווייטן, וואָס האָט זיך געניי־טיקט אין איבערדערציונג, תּחילת צו אַ אידיש־נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, צוגעפּאַסט צום שטייגער פונעם נייעם זיין אויף אַ נייעם באָדן. געוויס זיינען זייערע כּוונות געווען גוטע און דערהייבנדיקע, אויך צילבאַוואוסטע, פונדעסטוועגן, אַנאַליזירנדיק די פאַרגאַנגענהייט אויס דער פּערספּעקטיוו פון דער אַצינד־ווערטיקער רעאַליטעט, קומט מען צום אויספיר, אַז דווקא זייערע גוטע סאָציאַליסטישע כּוונות און מחשבות האָבן דעם אידישן מענטש און דער אידישער זאַך געבראַכט מער שאָדן, ווי נוצן. דער פּראָצעס גופא איז אַפילו געווען אַ נאַטירלעכער, מחמת דעם וואָס צו יענער צייט האָט די סאָציאַליסטישע ראָמאַנטיק באַהערשט די אידישע גאַס. עס האָט געווירקט און באַווירקט דער רעוואָלוציאָנערער סענטימענט פון איין זייט, און פון דער צווייטער האָט אויך געווירקט די מוראדיקע „שאַפּ״־עקספּלואַטאַציע פון די ערשטע אַמעריקאַנער צייטן. דער אידישער איינגעוואַנדערטער איז דעמאָלט געווען ניט מער ווי אַן אָביעקט פאַר אויספּרעסונג און די דיכטונג איז געווען אַ רעאַקציאָנירן קעגן דער אוממענטשלעכער און אומרחמנותדיקער עקספּלואַטאַציע. האָבן זיי, די דיכטער, גענומען לערנען דעם אימיגראַנט אַ קאַפּיטל סאָציאַליזם און קלאַסן־קאַמף, — עס איז טאַקע געווען וויכטיק און נייטיק, דאָך איז

עס געווען ניט דער ריכטיקער וועג. מ'האָט דאָס סאָציאַליסטישע גע־קענט אויסנוצן ווי אַ מיטל און ניט מאַכן פון דעם אַן עיקר און ווייל עס איז געוואָרן אַן עיקר, האָט עס גורם געווען, אַז דאָס סאָציאַליסטיש־געפּרעדיקטע זאָל גאָר ווערן אַ וועג צום אַסימילירנדיקן. אָנגעהייבן גלייך מיטן סאָציאַליסטישן פּריידיקן, האָבן זיי מיט דעם אונטערגעשניטן דעם יסוד פונעם נאַציאָנאַל־אידישן און אַזוי איז מען געקומען צו אַ אידיש־ירידה אינעם אידישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דער צווייג פון דער אידישער ליטעראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרנעמט דעם גרעסטן און אָנגעזעענסטן אָרט אין דער געשיכטע פונעם אידישן ליטע־ראַרישן שאַפן, אָבער אַף אַ גאַנץ מערקווירדיקן און ממש פּאַראַדאָקסאַלן אופן איז דער פּראָצעס פונעם שאַפן געגאַנגען אויפן חשבון פון דער אידישער סביבה־ירידה, — עס איז געוואָרן אַ ליטעראַרישער שאַפן אָן אַ באַזע, אָן אַ פעסטן אָנלען אויף אַ לייענער־פּעריפעריע. עס איז געווען אַ שאַפן אָן אַ קאָנטאַקט מיט די פאַר וועמען דאָס שאַפן איז געווען אָנ־געצייכנט און אַ דאַנק אַזעלכע אומשטענדן האָט דאָס אידישע ליטעראַ־רישע שאַפן אין די פאַראייניקטע שטאַטן ניט דערגרייכט צו געווינען אַן אַמעריקאַנישן כאַראַקטער, — דאָס שאַפן האָט ניט באַקומען דעם חותם פונעם אַמעריקאַניש־אידישן ווערן און זיין.

ס'פעלן ניט דערביי נאַטירלעך אויך אַנדערע סיבות, וואָס האָבן גע־פירט צו ירידה. אַ באַדייטנדיקע ווירקונג האָט אויך דער ספּעציפישער נאָרד־אַמעריקאַנער אורבאַניזם, וואָס פאַרשלינגט און מאַכט צו אויס דעם מענטש, און מעגלעך, אַז דעם אידן מאַכט עס נאָך מער צו אויס, ווי וועמען ס'איז פון אַן אַנדערער נאַציע און ראַסע. דאָס אַסימילירן זיך פון דער מינדערהייט אין דער שפּראַך פון דער מערהייט ווערט אָפּטמאָל אין דער אידישער סביבה אַ מין „סיתע קוואָ נאָן", פונדעסטוועגן איז עס ניט קיין באַרעכטיקונג, ווייל מ'קען דאָך שטענדיק דערגרייכן אַזאַ האַר־מאָניע אין דער באַציונג פון צוויי שפּראַכן, אַז מ'זאָל געווען האָבן גע־קענט אויסמיידן אַזאַ פאַנאַנדערפאַל, וואָס באַדראָט דעם גאַנצן אידיש־זיין אין די פאַראייניקטע שטאַטן. און דאָ הייבט זיך אָן דער אונטער־שייד צווישן דער ערשטער ליטעראַטור־אָרגאַניזירנדיקער עפּאָכע אין איי־ראָפּע און דער צווייטער ליטעראַטור־שאַפנדיקער פון די פאַראייניקטע שטאַטן: בעת די ערשטע עפּאָכע איז געווען אַ ליטעראַטור פונעם פאָלק מיט אַ יסוד אינעם פאָלק גופא, איז די צווייטע געוואָרן אַ ליטעראַטור, וואָס שטייט אויסער דעם פאָלק אָן אַ יסוד אין דער אידישער פאָלקס־מאַסע, — די ליטעראַטור איז אַוועק אויף אינדיווידועלע און ניט אויף פאָלקישע וועגן. דאָס האָט גורם געווען אַז דער איד־מענטש זאָל אַוועק אויף אַנדערע וועגן, און, דאַרום, ווי רייך און ווי פּרוכטיק עס זאָל ניט זיין די אידישע ליטעראַטור און דיכטונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן,

זיינען דאָך טרויעריק די אַלגעמיינע רעזולטאַטן, און נאָר ווייל זי האָט ניט באַקומען און ניט געזאָרגט צו באַקומען איר אָנליין און אָנהאַלט אין אַ אידיש-דינאַמישער מאַסן-סביבהדיקייט.

די ריכטיקע אַנטפּלעקונג פון דער אידישער ליטעראַטור אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז געקומען נאָכן ערשטן וועלט-קריג. ערשט דעמאָלט האָט מען דערפאַרן איר עשירות, און, אויב זי האָט געהאַט אַ ווירקונג אויפן ווייטערדיקן אידיש-ליטעראַרישן שאַפן אין פּוילן, האָט זי ניט ווייניק געהאַט אויך ווירקונג אויף די אָנהייבן פון דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור. ס'וועט נאָך אויסקומען צו רעדן וועגן דעם אי-נעם ווייטערדיקן, ווייל ס'איז כדאי אַביסל גענויער זיך אָפּצושטעלן אויפן ערשטן פּעריאָד פונעם אידישן ליטעראַרישן שאַפן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן אַז אין הייפּעך צום ערשטן פּער-יאָד פונעם אידיש-ליטעראַרישן שאַפן אין אייראָפּע, וואָס האָט תחילת אָנגעהייבן מיט פּראָזע, האָט די אידישע ליטעראַטור אין די פּאַראייניק-טע שטאַטן אָנגעהייבן מיט דיכטונג. מ'קען אָננעמען ווי אַ ריין-פּסיכאָלאָ-גישע דערשיינונג דאָס אָנהייבן מיט דיכטונג, ווייל דיכטונג איז מער צוגעפּאַסט אויסצודריקן דעם היימווייי, די איבערלעבונגען און בענקע-נישן נאָך דער אַלטער היים, וואו מ'האָט געלעבט מיט דער קראַפט און אינערציע פון טראַדיציע. פון דער צווייטער זייט ווידער איז געווען דער ווייי פון דער איינוואַנדערונג. אין געוויסע פּרטים האָט מסתמא דערביי אויך געווירקט דער איבערגאַנג פון אַ קליינשטעטלשן לעבן צו אַ גרויס-שטאָטישן, שפּראַך-פּרעמדקייט, נייע פּירעכצן און מנהגים, ווי די נויט זיך צוצופּאַסן צו אַן אורבאַניסטישן שטייגער לעבן, — האָט דער דיכ-טער, וואָס איז אין זיין רוב אַרויסגעוואַקסן פונעם קליינעם אידישן שטעטל, — עס באַזונדערס געפילט, און ס'איז דאָס פילן, וואָס האָט אים אינספּירירט דאָס לירישע ליד. דאָס לירישע איז געוואָרן דער אינ-האַלט פון זיין דיכטן און ס'האָט אויך באַשטימט די פאָרם און סטיל פונעם ליטעראַרישן שאַפן.

אָבער מערקווירדיק ווי מ'האָט פאַרבינדן דאָס לירישע מיטן אוטי-ליטאַרן. דאָס לירישע ליד זאָל דינען דעם אוטיליטאַרן צוועק, און ווייל אַזוי איז דאָס ליד געוואָרן אַ מין סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, אַ סאָ-ציאַליסטישער פּאַטאָס. דאָס אוטיליטערע האָט געצילט צו מאַכן באַ-וואוסטזיניק דעם איינגעוואַנדערטן פאַר דער סאָציאַליסטישער אידייע. מ'האָט דערציילט און באַקלאָגט אינעם ליד די אומרחמנותדיקע עקס-פּלואַטאַציע, די שווערע אויסזויגנדיקע אַרבעט אין „שאַפּ". געוויס איז עס געווען נייטיק, אָבער ס'איז אַ פראַגע צי ס'האָט געבראַכט פּאָזיטיווע ווירקונג. ערשט איצט געזען אין דער פּערספּעקטיוו פון צייט קען מען וועגן דעם אורטיילן און זיך געבן רעכענונג וועגן פּאָזיטיווע אָדער נע-

גאַטיווע רעזולטאַטן. אָבער אין אַלגעמיין איז דער פּעריאָד דאָך אַ גרויסער בייטראָג צו דער אַנטוויקלונג פון דער אידיש׳ער דיכטונג, הגם די ווירקונגען אויפן לעבן זיינען געווען ניט באַזונדערס גרויס.

אָבער אויך מיט דער דערציילונג אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז תּחילת געווען ניט בעסער. אין דער פּראָזע צייכענען זיך אויס ז. ליבין און ל. קאָברין. ביידע האָבן זיי געשאַפן ליטעראַטור, דאָך אָנשטאָט צו זען און אַריינדרינגען אינעם פּסיכאָלאָגישן ווערן און זיין פונעם איינגעוואָנדערטן, האָבן זיי זיך נאָר געהאַלטן ביי די ראַנדן, — זיי האָבן באַרירט נאָר דאָס אויבערפלעכלעכע און ניט דאָס אינעווייניקסטע. זיי האָבן געשילדערט דאָס אויסערלעכע און ניט געזען דעם פּסיכאָלאָגישן איבערברוך, וואָס קומט פאָר אין דער נשמה פונעם אידישן אימיגראַנט און זיין שטרעבונג אַריינצופּאַסן זיך אין אַ נייער ווירקלעכקייט מיט איר שפּראַך-פאַרענדערלעכקייט און נייע פּירעכצן. מיט דער צייט איז געשען אַזוי, אַז אָקערשט האָט דער איינגעוואַנדערטער זיך „אויסגעגרינט", איז ער גאָר געוואָרן אַ פולשטענדיקער אַמעריקאַנער מענטש און מיט דעם אויך פאַרלאָרן ממש דעם אינטערעס צו אַ לעבן אין אידיש און נאָך מער צום אידישן שרייבער מיט זיין ליטעראַטור. אַזעלכעס איז געשען מחמת דעם, ווייל דער שרייבער און דיכטער זיינען ניט נאָכגעגאַנגען, האָבן ניט נאָכגעפאָלגט די פוסטריט פון זייערע פּערסאָנאַזשן, ווען מ׳האָט גענומען פאַר אַן אָביעקט און טעמע פון די שילדערונגען. אַזוי אַרום האָט מיט דער צייט זיך געשאַפן אַ מחיצה צווישן דעם שרייבער און זיינע פּערסאָנאַזשן. דער שרייבער האָט פאַרלאָרן יעדן קאָנטאַקט מיט זיינע מענטשן, און מיט דעם אויך פאַרלאָרן יעדן באָדן און אָנהאַלט אין דער סביבה, פון וועלכער ער איז אַרויסגעוואַקסן צו ווערן איר שרייבער און וואָרטזאָגער. און ניט אַן אַ פאַרוואָס זיינען ביידע, סיי ז. ליבין, סיי ל. קאָברין פון דעם דערציילערישן אַריבער צו טעאַטער, — דאָס טעאַטער האָט געזאָלט ווערן פאַר זיי אַ רעוואַנש פאַר דעם, וואָס זיי האָבן פאַרלאָרן אין דער ליטעראַטור, אָבער אויך אין טעאַטער האָבן זיי גע־האַט ווייניק נחת, ווייל אויך דאָס טעאַטער איז געוואָרן ניט מער, ווי נאָר אַ מין אָרט פאַר „מתי מדבר", אַן אָרט פאַר די, וועמען עס איז געווען שווער זיך „אויסצוגרינען" און זיך אַריינפּאַסן אין דער נייער סביבה, אין די נייע אומשטענדן.

אין תּוך, אַנאַליזירט מען די אָנהייבן פון אַן אָרגאַניזירטער אידישער ליטעראַטור אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, אָדער ווי מ׳וועט עס באַצייכענען „פּיאָנערן-ליטעראַטור" פאַר דער אידישער מאַסע, דערפּאַרט מען, אַז ניט-ווילנדיק, איז זי געווען אַ מין דיריזשירטע, אַ מין דיקטירטע. ווער האָט מיט איר דיריזשירט, ווער האָט איר דיקטירט, — עס איז אַן אימפּולס, אַרויסגעדרונגען פונעם אוטיליטאַרן, פאַרבונדן מיט דער־

סאָציאַליסטישער אידעע. אָן איבערבראָך איז געקומען ערשט דעמאָלט, ווען ס'באַוויזט זיך מיט זיין ליד אברהם ליעסין. אברהם ליעסין איז גע־ ווען דער אידישער סאָציאַליסט, אַ דערצויגענער אויף סאָציאַליסטישער טראַדיציע, גענומען פון די אידישע נביאים. אויס דעם האָט אפילו זיין רעוואָלוציאָנעריש ליד אַ ביבל־טאָן, אין דער זעלבער צייט דורכגעדרונ־ גען מיט אַ פרץ־טאָן. ער האָט ווי ממשיך געווען און אַריבערגעטראָגן דאָס פרצישע אויפן אַמעריקאַנער באָדן און דווקא אויף אַ פּאָפּולערן שטייגער: אויך זיין ליד האָט געצילט אויפצוקלערן, איז אויסן געווען צו דערציען צום רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטישן, דאָך ניט אויף אַ שטייגער פון מקריב זיין דאָס קינסטלערישע. אַ. ליעסין האָט אין זיין ליד געשטעלט דעם טראָפּ אויפן עטישן, אָבער באַהעפט מיטן עכטע־ טישן. דאָס עטישע סינטעטיזירט אינעם עסטעטישן, — דאָס איז דער כאַראַקטער פון אַ. ליעסינס ליד און עס איז ניט נאָר געוואָרן אַן אָנזאָג אויף נייע טענער אין דער אידישער דיכטונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר עס איז אויך געוואָרן דער גרויסער ווירקנדיקער רעוואָלט קעגן דער אַזוי גערופענער פּיאָנערן־דיכטונג.

אַ. ליעסין האָט מיטגעבראַכט פון אייראָפּע דיכטערישע טראַדיציע, רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם און אַ גלויבן, אַז אויפן אַמעריקאַנער באָדן וועט דאָס רעוואָלוציאָנערע ברענגען רייכן שניט. אָבער שוין זיינע ער־ שטע לידער געדיכטעט אויפן אַמעריקאַנער באָדן דעמאָנסטרירן אַנטוי־ שונג, זיינע לידער באַקומען אַ מינאָר־טאָן, אַ שטילן, און טיילווייז אַפילו מיט סימנים פון יאוש. פונדעסטוועגן האָט עס ניט געשטערט, אַז זיין ליד זאָל ווערן אַ נייער טאָן אין דער אידישער דיכטונג אין אַלגעמיין: די פּיאָנערן־דיכטער האָבן געשטעלט דעם טראָפּ אויפן „פונעם אידישן צום סאָציאַליסטישן", בעת אַ. ליעסין האָט געשטרעבט דורכן סאָציאַ־ ליסטישן פירן צו אַ אידיש־נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין.

אַ. ליעסינס דיכטונג איז אַ ווערדיקע און באַדייטנד־ווירקנדיקע דער־ שיינונג אין דער אַלגעמיינער אידישער דיכטונג און גרויס איז זיין באַ־ טייט ווי אַ דיכטער. ער איז אידעע און ריכטונג אין דער אידישער פּאָע־ זיע, און איז אויך דער, וואָס האָט געשאַפן דעם שיידוועג צווישן דער פּיאָנערן־דיכטונג און די וויטערדיקע, נאָך איר געקומענע. די פּיאָנערן־ דיכטונג האָט ניט גענומען אין באַטראַכט די אידישע פאַרגאַנגענהייט, פון וועלכער עס איז אַרויסגעוואַקסן דער אידישער זיין און המשך, זי האָט איבערהויפּט ניט געוואָלט מער וויסן פון דער אידישער פאַרגאַנ־ גענהייט, מעגלעך אויך, זי פאַרגעסן. דער איד אויפן אַמעריקאַנער באָדן זאָל גאָר אָנהייבן אַ נייעם „בראשית", אויסשליסלעך אַ סאָציאַליסטישן, און אַ. ליעסין האָט אַריינגעבראַכט אַן איבערבראָך, — ער האָט פאַר־ בונדן די קעגנוואַרט מיט דער פאַרגאַנגענהייט און אויב ער האָט אין

זיין דיכטונג אריינגענומען גלות- און ביבל-געשטאלטן, האָט ער עס גע-טאָן ווי אַ טרייסט פאַר זיך אַליין, קעגן דער אַנטוישונג, וואָס ער האָט איבערלעבט. און מעגלעך, אַז טאַקע צוליב דעם האָט זיין דיכטונג טייל-ווייז באַקומען אַ נביאישן און אפילו אויך אַ רעליגיעזן ניואַנס. אָבער צו דעם אַלעמען איז זיין דיכטונג געווען מער אַ זאַך פון אינטעלעקט, דאָך שטאַרק באַהעפט מיט סענטימענט. און ענלעך אויך ביי יהואשן, הגם יהואש איז תחילת געקומען מיט אַ ניגון פון זוכעניש אין דער אידישער דיכטונג. דער ניגון איז געווען — ליבע, די זוכעניש — אַ גלויבן. און אויסשליסלעך אויף אַן אינדיווידואַליסטישן שטייגער. ס'איז געווים אַ דאַנק דעם, ווייל יהואש האָט ניט אָנגעהייבן, ווי אַ. ליעסין, מיטן סאָציאַליסטישן. מיט זיין ליד איז ער אויסן געווען צו באַפרידיקן דאָס דיכטערישע אין זיך, באַפרידיקן דעם פּאָעט, דעריבער זיינען זיינע טענער שטילע, ליריש. דעריבער באַנוצט ער זיך אויך מיט דער מעטאַ-פאָר און נעמט צו דעם פאַר אַ שותף די נאַטור, וואָס באַקומט אין זיין דיכטונג לעבן, ווערט אַנימיסטיש.

גרויס איז געווען דער אויפטו פון אַ. ליעסין און יהואש אין דער אידישער דיכטונג, — זיי האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אַנדערע און גאָר גיך האָבן זיך טאַקע אויך געמאָלדן דוד פּינסקי, ל. שאַפּירא און פּרץ הירשביין, — אויך זיי האָבן אַריבערגעוואַנדערט פון אייראָפּע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דאָך ניט דאָרט אָנצוהייבן, נאָר ממשיך צו זיין. דער אידישער שרייבער פון אייראָפּע איז געפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווייל ס'האָט געלאָקט אַהינצו די פרייהייט און די ברייטע מעג-לעכקייטן פאַר אַ אידישן קולטור-זיין, פאַר אַן אוממיטלבאַרער אידישער קולטור-אויטאָנאָמיע, אַ ניט-געשטערטע. אַדאַנק דעם האָט זיך אויך גע-שאַפן דער גלויבן, אַז דער אידישער ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן וועט איבערנעמען, וועט ווערן דער אָפּהיטער און טרעגער פון די דורות-דיקע אידישע טראַדיציעס, פון די עטישע און גייסטיקע אידישע ווערטן און אָט דאָס האָט אָנגערעגט דעם אידישן שרייבער און דיכטער צו ווענדן זיינע בליקן צו דער אידישער פאַרגאַנגענהייט, צו די אייביקע אידישע קוואַלן און ניט פאַרגעסן אויך אין דער אַלטער היים, אָט זי, די אַלטע היים מיט אירע מענטשן זאָל ווערן די טעמאַטיק פון זיינע שאַפונגען. און באמת: וואָס איז דען דוד פּינסקי אויסן געווען מיט זיין „אייזיק שעפטל“?

אויך דוד פּינסקי איז געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ גע-טראָגענער פון דער סאָציאַליסטישער אידעע, אויך ער האָט תחילת גע-שטעלט דעם טראָפּ אויפן פּראָלעטאַרישן, דאָך ניט אין אַזאַ שאַרפער אויסשליסלעכקייט, ווי עס האָט געטאָן אין זיינע דיכטערישע אָנהייבן אַ. ליעסין. דאָס סאָציאַליסטישע און דאָס פּראָלעטאַרישע האָבן אים נאָר

געדינט ווי אַ פאַרגרעסערונגס-גלאָז צום זען בולטער די טראַגעדיע, דעם דראַמאַטישן קאָנפליקט פונעם מענטש אין דער טאָג-טעגלעכקייט פון דער לעבנס-רעאַליטעט. מען געפינט עס אַפילו אין זיין „אוצר”, הגם ער איז אויסן אינעם דערמאָנטן ווערק נאָר צו געבן דאָס בילד פונעם קליינעם שטעטל אין איר סאָציאַלער דיפערענצירטקייט, אָבער די טראַגעדיע ווערט גראָד אין דעם ווערק נאָך שאַרפער, מחמת דער דראַמאַטישער קאָנפליקט האַלט ביים גאַרטל ניט נאָר דעם מענטש אַליין, נאָר אויך דאָס גאַנצע שטעטל.

דוד פּינסקי האָט אָנגעהייבן מיט דער טעמע פון דער אַלטער היים און איז געגאַנגען אַ כסדרדיקן וועג ביז ער איז אַריינגעוואַקסן אין דער אַמעריקאַניזאַציע, אָבער אויך די אַמעריקאַניזאַציע האָט אים געגעבן ניט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר טראַגעדיע און דראַמאַטישע קאָנפליקטן. עס איז אויסער ספק אַז אויפן אַמעריקאַנער באָדן האָט זיך דער אידישער מענטש געענדערט, זיך טראַנספאָרמירט און הגם מ׳איז שוין אַריינגעקומען אין נייע דורות, פולשטענדיק אויסגעוואַקסענע אויפן אַמעריקאַנער באָדן, פונדעסטוועגן איז דאָס הויז פון נח עדאָן נאָך אַלץ פול מיט דראַמאַטי־שע קאָנפליקטן און טראַגעדיעס.

און ל. שאַפּיראָ? און פּרץ הירשביין? זיי זיינען געגאַנגען דעם וועג פונעם ערשטן דור אין דער אידישער ליטעראַטור אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. זיי האָבן שוין באַוויזן זיך צו באַפרייען פונעם „פּרשת דרכים”, אויף וועלכן עס איז געבליבן שטעקן אַ. ליעסין, — זיי האָבן שוין גע-האַט פאַר זיך אָנגעצייכנטע וועגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אידי־שער ליטעראַטור און אויף גאַנץ ווייטע, ביז גאָר אויסגעברייטערטע פּערספּעקטיוון.

— 3 —

מ׳וועט קיינמאָל ניט האָבן אַ פולשטענדיקן בילד פון דער אידישער ליטעראַטור-אַנטוויקלונג און פון איר קאַמפּ אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, אויב מ׳וועט דערביי ניט דערמאָנען די ראָל פון די אידישע צייטונגען. אין אַלגעמיין איז עס אַ מערקווירדיקע דערשיינונג: אָנשטאָט אויסצובילדן און דערציען אַ אידישן לייענער-עולם, האָבן די אידישע צייטונגען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן גראָד געזוכט גאָר אָפּצואָווענדן דעם אינטערעס פונעם אידישן לייענער פון דער אידישער ליטעראַטור, און דער שאָדן איז געווען אַ צווייאיקער: פאַרן אידישן נאַציאָנאַלן באַ-וואוסטזיין און, אויך פאַר דער אידישער קולטור. אין דער ערשטער ריי האָבן די צייטונגען געבראַכט שאָדן דער אידישער שפּראַך מיט פאַר-

אַנגליציזירן זי, ממש ווי מ'זאָל געווען האָבן זיך געשטעלט אַן אויפגאַבע צו פּאַרמיאוסן זי און מאַכן פון איר אַן אָפּשטויסנדיקן זשאַרגאָן. איז עס געווען אַ באַוואוסטזיניקע שטרעבונג און האַנדלונג? שווער צו ענט-פערן אויף אַזאַ פראַגע, אָבער ס'האָט פּאָפּולאַריזירט אַסימילאַציע צווישן די אידישע לייענער. ס'איז אַלץ געווען דער צינז, וואָס מ'האָט געצאָלט דעם סאָציאַליזם, דער איינבילדונג אַז דער איד אין די פּאַראייניקטע שטאַטן וועט זיין דער וואָס וועט אינעם קאַפּיטאַליזירט-מעכאַניזירטן לאַנד איינפירן אַ סאָציאַליזם, בעת אין תוך און אין רעזולטאַט איז עס גאָר געוואָרן אַן אונטערשניידן די וואָרצלען, אויף וועלכע עס האָט זיך גע-האַלטן דאָס אידישע וואָרט. געווען זיינען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן נביאות געזאָגט, אַז אידיש האָט לעבן אויף גאָר אַ קורצן טערמין, אפשר נאָך אַ פערטל יאָרהונדערט, דעריבער איז ניט כדאי אויסצונוצן דעם גאַנצן פּולווער אויף אַ זאַך, וואָס איז פאַראורטיילט צו פאַרשווינדן. און די רייד זיינען געקומען גראָד ווען דער אידישער ישוב אין די פאַראיי-ניקטע שטאַטן האָט געהאַלטן אין וואַקסן, פון הונדערטער טויזנטער איז די אידישע באַפעלקערונג געשטיגן צו מיליאָנען און די דערמאָנטע ריי-דערייען האָבן פון איין זייט געעפנט אַ וועג צו אַסימילאַציע, און פון דער צווייטער, אַרויסגערופן אַ דעזאָריענטירונג. אַזוי אַרום איז אויך דער וועג פון דער אידישער ליטעראַטור-שאַפונג דאָרט געוואָרן אַ קאָמ-פּליצירטער און שווערער, און פּונקט ווי די ערשטע אידישע דיכטער-פּיאָנערן, אַזוי האָבן אויך זייערע ווייטערדיקע נאָכפאָלגער, באַקאַנט ווי די „יונגע" געהאַט, אויסצושטיין אַ שווערן, ממש ביטערן קאַמף. פונ-דעסטוועגן ניט קוקנדיק אויף דער „שוואַרץ-נביאישקייט" פון די אידיש-פאַראורטיילער איז דאָך אויסגעוואַקסן אַ גוואַלדיקער אוצר פון אַ אי-דישער ליטעראַטור-שאַפונג. עס איז געווען דעמאָלט ווען די אידישע סביבה איז נאָך ניט געווען פאַרסמט און האָט ניט געאָטעמט מיט פּאָלי-טישער שנאה, — עס איז געווען אַ נאַטירלעכער „קנאת סופרים", וואָס ברענגט נאָר נוצן, ניט קיין שאָדן, און אין דעם איז אויסגעוואַקסן און גע-שטיגן דער ליטעראַטור-שעפערישער פּראָצעס. אַ ווירקלעכע צייט פון שפע און די צייט מעג מען באַטראַכטן פאַרן רייכסט-שעפערישן פעריאָד פון דער אידישער ליטעראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ס'האָט אויך גע-האַט ווירקונג אויף דער אידישער ליטעראַטור-שעפערישקייט אין דער גאַ-רער וועלט. און ס'איז ניט קיין חטא צו אָנערקענען אַן אמת, אַז די אידישע ליטעראַטור פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די אָנהייבן פון אַ אידישער ליטעראַטור אין סאָוויעט-רוס-לאַנד. אינעם ווייטערדיקן האָט זיך טאַקע געשאַפן אַ טיפער תהום צווישן דער אידישער ליטעראַטור אין סאָוויעט-רוסלאַנד און דער אין די פאַר-אייניקטע שטאַטן, געווירקט דעריבער האָט ניט נאָר די נייע טעמאַטיק פון

דער סאָוועטישער ליטעראַטור, נאָר אויך דער פּאָליטישער מאָמענט, דאָך אינעם ברען פון דער גרויסער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, איז די אידישע ליטעראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווען די, וואָס האָט באַווירקט דעם „בראשית" פון א ספּעציעלער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור.

די „יונגע" האָבן אריינגעבראַכט נייע מאָטיוון, לחלוטין אנדערע ווי די, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק אין דער פריערדיקער ליטעראַטור און דיכטונג. די נייע מאָטיוון זיינען געווען אן אבסאָלוטער אָפּקער פון די סאָציאַליסטישע אידייען און טענדענצן, הגם אייניקע פון די „יונגע", ווי, צום ביישפּיל, יוסף אָפּאַטאָשו, האָבן נישט אויסגעמיטן דעם סאָציאַלן מאָטיוו, אָבער זיי האָבן דעם מאָטיוו באַנוצט נישט צום דערדוצירן א געוויסע אידייע, דאָס סאָציאַלע האָט זיך מער באַצויגן אויפן מענטש אין זיין סביבה, געזען אינעם ליכט פון א מין ספּעציפישער ראָמאַנטישער רעאַליטעט. אין זיינע ערשטע אמעריקאַנער דערציילונגען שטעלט פאָר אָפּאַטאָשו דעם אידישן מענטש אין זיין אמעריקאַניזירן זיך און ווערן אמעריקאַניזירט. ער, דער מענטש, דערשיינט אין זיינע דערוואַכטע און אויפגעפלאַקערטע ליידנשאַפטן. און ענלעך אויך די פרוי, וואָס באַווייזט זיך סיי אין אירע ליידנשאַפטן, סיי אין איר צניעות-דיקייט, אָבער ס'איז אַלץ געווען „בראשית" פון זיין שאַפן. אינעם ווייטערדיקן א מידער, און, מעגלעך, אויך א דערשעפּטער פון זיינע אמעריקאַנער פּערסאָנאַזשן, ווענדט יוסף אָפּאַטאָשו זיינע בליקן נאָר צו דער אידישער ניט-ווייטער פאַרגאַנגענהייט אין דער אַלטער היים. און ס'איז גאָרנישט קיין וואונדער, וואָס ער איז פון זיינע אמעריקאַנער פּערסאָנאַזשן אריבער צו דער פּויליש-אידישער סביבה. י. אָפּאַטאָשו ברענגט זיי ארויס אין זייער קעגנזייטיקער פאַרבינדלעכקייט. — עס איז דער פאָדים פון ליידנשאַפטן, וואָס בינדט זיי צוזאַמען, חוץ דעם, איז אויך געווען די שטרעבונג און ווילן צוצוגעבן דעם אידישן שאַפן א גאַנצקייט, פאָרשטעלן עס אין א ריכטיק-אומאונטערבראָכענעם המשך. מיט זיין גרויסן ראָמאַן, דאָס בעסטע פון זיינע שאַפונגען, „די פּוילישע וועלדער", האָט י. אָפּאַטאָשו ניט נאָר געשאַפן א היסטאָריש-דאָקומענטאַרישע ווערק פונעם חסידישן און הויפיש-רבישן לעבן אין פּוילן, נאָר אויך ארויסגעבראַכט דעם עוואָלוציע-פּראָצעס פונעם אידישן מענטש אין זיין פאָלקישקייט, הגם ער איז געגאַנגען אין א פאַרקערטער ריכטונג, — פונעם סוף צו אן אָנהייב. מיטן גיין פונעם סוף צו א אָנהייב איז פאַרבונדן זיין ווערק „א טאָג אין רעגנסבורג" און אין זיין לעצטן ראָמאַן „רב עקיבא" גייט ער פונעם ליידנשאַפטלעך מענטשלעכן צום נאַציאָנאַל-העלדישן, — עס איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון י. אָפּאַטאָשוס שאַפן און עס איז איינער פון די שטריכן וואָס רופן ארויס ביי אים א מהשבותן, אז די פאַראייניקטע שטאַטן אָדער דאָס אמעריקע האָט דאָך נישט געבראַכט

די דערוואַרטע גאולה דעם אידישן פאָלק, און ווי אַ סך אַנדערע אידישע שרייבער און דיכטער, האָט אויך ער, י. אָפּאַטאָשו, געהאַט אַזאַ גלויבן.

מ'האָט געלעבט מיט דער איבערטריבענער איינבילדונג, אַז אַמעריקע וועט ברענגען די גאולה, און געשען איז דער היפּוך. אַמעריקע האָט גאָר אַוועקגערויבט יעדן גלויבן און פּאַראַסימילירט דעם אידישן מענטש אויף אַזאַ שטייגער, אַז ער האָט פאַרלוירן זיין פּרצוף און אידישן „איך", — ער האָט אויפן וועג צו דער אַסימילאַציע פאַרלוירן דאָס טיפּיש-אידישע און איז ניט צוגעשוואומען צו קיינע אַנדערע ברעגעס און קיינער האָט עס אַזוי נישט אונטערגעשטראָכן ווי טאַקע י. אָפּאַטאָשו. דעריבער איז ער אַזוי גיך מיד געוואָרן פון זיינע אַמעריקאַנער פּערסאָנאַזשן און אַמע-ריקאַנער רעאַליזם, און, פּונקט ווי א. ליעסין, זיך געשטעלט מיטן פּנים צו דער אידישער פאַרגאַנגענהייט, וואו דאָס התלהבותדיקע האָט דער-הייבן דעם מענטש צום געטלעכן, אָדער אים גאָר געוואָרפן אין די אָרעמס פון אַ נעגאַציע-אַפּיקורסות. ער האָט עס אויסגעדריקט דורך זיינע פּערסאָ-נאַזשן, באַזונדערס אין „די פּוילישע וועלדער", וואו די פּערסאָנאַזשן ווערן פאַרגעשטעלט אין דער פאַרשיידנקייט פון זייערע גלויבנס און אי-דייען, — סאָציאַליסטן, נאַציאָנאַליסטן, משיחיסטן און סתם גאָט-זוכער. ער דריקט עס אויס אויך אין זיינע פרויען-פּערסאָנאַזשן, וואָס שטייען שטענדיק אויף דער משקולת צווישן צניעות און הפקרות. און מערקוויר-דיק פּאַראַדאָקסאַל: דורך אַזאַ פאָרשטעלן האָט י. אָפּאַטאָשו געוואָלט דערגרייכן די סיבה, פאַרוואָס אַמעריקע איז ניט געוואָרן דאָס לאַנד פון דער אידישער גאולה און איז געוואָרן מער קללה ווי ברכה פאַרן אידישן לעבן. איז דען זיין וואַלד-צדיק אינעם ראָמאַן „די טענצערן" ניט אַ טראַנספאָרמירטער ישראל דער באָרוועסער פון די „פּוילישע וועלדער"? און איז דען פּנחס פון דער „טענצערן" נישט אַ גלגול פון ר. איטשען? נישט אומזיסט פירט אָוועק אָפּאַטאָשו דעם וואַלד-צדיק צו דער נאַטור, — עס איז דאָס לויפן צו זיך אַליין, אין דער באַהעפטונג מיט דער נאַטור דערגרייכן דאָס העכסט-געטלעכע, אָבער אויך דער וואַלד-צדיק, מער ווי זיין זון פּנחס, איז פאַראורטיילט אומצוקומען אינעם פאַרשלינגענדיקן גיהנום פונעם אורבאַניזם. און דאָס איז אָפּאַטאָשום קללה: עס איז דער אַמעריקאַנער אורבאַניזם, וואָס ליידיקט אויס און צעפרעסט דעם אידישן מענטש. אין דער גלייכער צייט איז עס אויך די סיבה פאַרוואָס אָפּאַטאָשו גלאָריפיצירט די אידישע פאַרגאַנגנהייט: גייענדיק צו אירע טיפּסטע קוואַלן געפינט ער דאָרט דאָס אויטענטיש-העלדישע, וואָס האָט געהאַלטן מענטש און פאָלק אין זייער שלימותדיקייט.

דער אידישער שרייבער אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט האָט גע-האַלטן אַז ער האָט אויסצופירן אַ באַשטימטע מיסיע. די פּיאָנירן פונעם אידישן וואָרט און דיכטונג אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט זיינען געווען

איבערצייגט, אַז זייער מיסיע איז מחנך צו זיין דעם אידישן מענטש אין די תקנות פונעם סאָציאַליזם, מאַכן פון אים אַ רעוואָלוציאָנער און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין איינע פון די טעאָרישע אוטאָפּיעס, וואָס האָבן נישט געבראַכט קיינע פּראַקטישע נוצן און רעזולטאַטן. מ'האָט נישט פּראָבירט אפילו צו געבן זיך רעכענונג צי דער איד, אַן אַריבערגעפּלאַנצ-טער אויפן אַמעריקאַנער באָדן, איז שוין פּעאיק צו באַנעמען דעם זין און תמצית פונעם סאָציאַליזם אין זיינע אידייען און טאַטן. ווי שוין אָנגעוויזן, איז עס געווען איינער פון די פעלערן, וואָס האָט גורם געווען מער צו טראַגישקייט, ווי צו פרייד. גאַנץ אַנדערש וואָלט געווען ווען דער ערשטער וועג זאָל געווען האָבן געווען צו דערציען דעם איינגעוואַנדערטן צו אַ אידישן זיין און לעבן, אויפשמידן אין אים אַ אידישן באַוואוסט-זיין און אַ באַוואוסטזיין צום אידישן און דאָס אַליין וואָלט שוין געווים אויך געוואָרן זיין וועג צום סאָציאַליסטישן און רעוואָלוציאָנערן. און איינמאָל באַגאַנגען דעם פעלער, האָבן זיך אויך ניט איינגעגעבן די פּרואוון פון די אַנדערע, וואָס האָבן אין אויסזיכט שוין געהאַט דאָס נאַציאָנאַל-אידישע. ס'איז געווען אַ זריע, געוואָרפן אויפן ווינט, ווייל ס'האָט פאַר-שפּעטיקט די צייט, ווייל דער אידישער מענטש, תחילת אַ פּאַרוואָרלאָזטער, האָט שוין אַליין אויסגעווײלט און זיך אויסגעטראָטן אייגענע וועגן צו אַן אַמעריקאַניזירן זיך, צום אַסימילירן זיך, און, איינמאָל אַרויף אויף אַזאַ וועג, איז ער שוין איבערהויפּט פאַרלאָרן געגאַנגען פאַרן אידישן לעבן, — מיט אַנדערע ווערטער: ער האָט אויסגעווײלט דעם וועג פון אַסימי-לאַציע. אַזוי אַרום איז ער געגאַנגען פאַרלאָרן פאַר אידיש און צוזאַמען מיט אים איז שוין פאַרלאָרן געגאַנגען פאַר אידיש אויך דער צווייטער דור, — די יוגנט.

געווים האָבן דערביי געווירקט אויך אַנדערע סיבות. איינע פון די סיבות איז די מעכטיקע נאָרד-אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט און ציוויליזאַציע, וואָס האָט געהאַט פאַרן אידישן מענטש אַ באַזונדערע צוציאונגס-קראַפט, אויף וויפל ער איז אויסן געווען אַריינצופּאַסן זיך אין אַ נייער ווירקלעכקייט און נייעם שטייגער. דערצו האָט אויך ווירקונג די שפּראַך פון דער מערהייט, און צווייטנס, די קראַפט פון דער עקאָנאָמישער אַריינ-פּאַסונג און צופּאַסונג. ס'איז דאָך אַן אַלגעמיינער געזעץ, אַז די שפּראַך און קולטור פון דער מערהייט איז גובר די שפּראַך און קולטור פון דער מינדערהייט. פונדעסטוועגן איז דאָך געווען מעגלעך אויסצוגעפינען דעם מיטלפּונקט, וואָס זאָל טיילווייז שאַפן אַ גלייכגעוויכטיקייט צווישן די ביי-דע קולטורן פון דער אַמעריקאַנער מערהייט און דער אידישער מינדער-הייט. דאָס האָט געזאָלט זיין די עובדא און חוב פון דער אידישער לי-טעראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָט געהאַט, ווי עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, מקיים צו זיין אַ באַשטימטע שליחות.

מ'איז נאָך נישט געקומען אינעם אידישן לעבן צו דער דערקענטע־ניש, אַז דער בעסטער און אויטענטישסטער דאָקומענט פאַר דער געשיכטע פון אַ פאָלק איז זיין ליטעראַטור, — דער ראָמאַן, די דערציילונג, דאָס ליד. אָבער נישט יעדער דיכטער איז זוכה, אַז זיין שאַפן זאָל דינען און ווערן דער דאָקומענט אָדער גאָר אַ שליסל צו געשיכטע. ס'איז ניט נייטיק אָנצורופן קיין נעמען, אָבער אַזעלכע צוויי שרייבער ווי א. ראַבאָי און דוד איגנאַטאָוו פאַרנעמען אין דעם פּרט גאָר אַ חשובן אָרט, ווייל זיי אַנטפּלעקן אמתן וועגן אַ גרויסן אידישן ישוב, ווי ער האָט אָנגעהויבן און וואָס ער האָט פאַרגעשטעלט אין זיין אַנטוויקלונג. מערקווירדיק און באַמערקנסווערט זיינען די ליטעראַרישע שאַפונגען פון א. ראַבאָי. ער האָט אַריינגעבראַכט די אַראָמאַטן פונעם בעסאַראַבער שטעטל אין דער אַמע־ריקאַניש- אידישער ליטעראַטור, באַוויזנדיק, פון איין זייט, דער דראַנג צו אַ נייעם לעבן, צו ערד, און, פון דער צווייטער, ווי ער זאָל וועלן אַנט־פּלעקן פאַר אַלעמען, אַז עס איז פאַראַן אַ סמיכות-הפּרשות צווישן דעם בעסאַראַבישן שטעטל און דער גרויסער נאָרד-אַמעריקאַנער שטאָט. און ניט נאָר מיט דער גרויסער נאָרד-אַמעריקאַנער שטאָט, נאָר אויך מיט דער נאָרד-אַמעריקאַנער פּרעריע. אָט איז ער, דער הער גאָלדענבערג, — ווער איז ער דען? עס איז דער איד פונעם בעסאַראַבישן שטעטל, וואָס שלאָגט וואָרצלען אויפן אַמעריקאַנער באָדן. געוויס האָט ער פאַרלאָזט דעם גרויסן כרך ניו-יאָרק, ווייל ער האָט געבענקט נאָך פעלד און שווע־רער ערד-פּראַצע,— די ריחות פונעם פעלד שמעקן אים ליבער און בעסער ווי דער רויך פון דער גרויסער שטאָט. דאָך באַטראַכט ער עס ניט ווי זיין אַן ענדגילטיקע גאולה, עס איז פאַר אים ניט מער ווי א שליאַך, אָדער טראַקט, אויפן וועג קיין ארץ-ישראל, — זיינע רעיונות זיינען געווענדעט צו ארץ-ישראל און עס איז אויך זיין לעבנס-אידעאַל.

א. ראַבאָי האָט אַנדערש ניט געקענט, ווי נאָר אַרויסצוברענגען דעם אמת אין זיינע ווערק, אפילו דאָרט, וואו ער שטעלט פאָר דעם יונגערמאַן וועמען די שטאָט פאַרטרייבט אויף שווערער אַרבעט אין דער פּרעריע, אָדער דאָרט, וואו ער מאָלט און דערציילט וועגן דעם אידישן קאָו־בוי. די מעלה זיינע איז די, וואָס ער איז נישט געקומען קיין „גרייטער" פון זיין אַלטער היים, נאָר דעם דראַנג צו שאַפן האָט ער דערשפּירט שוין זייענדיק אויפן אַמעריקאַנער באָדן. דעריבער טאַקע האָט ער געזען די רעאַליטעט גאַנץ אַנדערש, ווי עס האָבן די רעאַליטעט אויפגענומען די שוין „גרייטע". א. ראַבאָי האָט די רעאַליטעט געזען אַ סך שאַרפער און בולטער, אמתדיקער, ווי די אַנדערע. ער האָט געזען און דערציילט דעם אמת וועגן דעם „שאַפ", און, פּונקט אַזוי ווי ער האָט געזען דעם „באָס" פונעם „שאַפ", אַזוי האָט ער אויך ניט איבערטריבן אידעאַליזירט דעם עקספּלואַטירטן אינעם שאַפ, ווי ער זאָל געוועזן האָבן געשפּירט און האָבן

געזען, אַז עס איז ווייט נישט אַזוי, ווי מ׳האָט עס געוואָלט האָבן פונעם אידישן „שאָפּ"-מענטש. און פאַר א. ראַבאָי׳ן איז ער געווען גאָר אַ שאָפּ־מענטש און ניט דער אַרבעטער און ניט דער פּראָלעטאַריער. און אָט „איז געקומען אַ איד קיין אַמעריקע", — קיינער האָט אַזוי ניט געמאָלן און אַרויסגעבראַכט די סביבה און אומשטענדן, ווי א. ראַבאָי.

א. ראַבאָי האָט אין דער אידישער ליטעראַטור אַריינגעבראַכט אַי־דייע און קאָנצעפּט און אַדאַנק דעם געווינען אייניקע פון זיינע ווערק געשיכטלעכע ווירקונג און ווערדיקייט. ער איז דער ערשטער צווישן די אידישע שרייבער וואָס האָט געזען דעם מענטש אין אַ מער־ווערט, פון דער סביבה און האָט אויסגעמיטן צו שאַפן אילוזיעס. „זה ראה וקדש", — דאָס איז דער זין פון זיין שאַפן. ער האָט זיך נישט איינגעבילדעט, אַז עס איז שוין פאַראַן די לייזונג, — פאַר אים איז עס געווען נאָר אַן עטאַפּ, ניט וויניקער און ענלעך ווי עס איז געווען דאָס בעסאַראַבישע שטעטל.

אָבער דערפאַר איז שוין געקומען מיט אַ גלויבן דוד איגנאַטאָוו. ער איז יאָ געקומען מיט דער אידייע פון אויסלייזונג. ער האָט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון ענדערונגען, ווי ער זאָל געווען האָבן געגלויבט אי־נעם „משנה מקום, משנה מזל", דאָך האָט ניט גענומען לאַנג, אַז אויך ער זאָל זיך אַנטוישן. טיילווייז האָט ער ניט געוואָלט זען דעם אמת, ווי עס האָט אים געזען א. ראַבאָי, ער האָט זיך געשאַפן אַ וויזיע פון פּאַריי־ניקן די אידישע תורה מיט קאַרל-מאַרקס-סאָציאַליזם. ער האָט געטרוימט וועגן אַ ריינעם סאָציאַליזם אָן וועלכע עס איז פשרות, אָבער קיין נחת האָט ער ניט געהאַט. עס איז מער נישט וואָס דורך זיינע אַנטוישונגען איז ער געקומען צום שאַפן אַ פילאָזאָפיע וועגן דעם מענטש אויפן אַמעריקאַנער באָדן, ווי ער דריקט עס אויס דורך זיין פּערסאָנאַזש בערמאַן אין זיין ראָמאַן „אויף ווייטע וועגן". געווייס זיינען געווען וועגן, אָבער וועגן ניט צום דערגרייכן אַן ענדע און אַ ציל. אויף דעם ווייטן מהלך האָט דוד איגנאַטאָוו דורכגעמאַכט זיינע טראַנספאָרמאַציעס פון רעאַליטעט צו פילאָזאָפישער מעדיטאַציע און איז געבליבן באַ דער וויזיע. און וויזיע איז ניט מער ווי אַ וועלן זיך פאַרגעסן אין זיך אַליין, זיך באַטויבן אָדער גאָר פאַרגלעטן אַן אייגענע אַנטוישונג.

ווי מ׳זאָל ניט וועלן באַטראַכטן די אידישע ווירקלעכקייט, וועט מען פאָרט מוזן אָנערקענען אַז דער אידישער ליטעראַטור איז געגעבן געוואָרן אויסצופירן אַ באַזונדערס גרויסע שליחות אינעם זיין און לעבן פונעם אידישן פאָלק. און עס איז מעגלעך, אַז דער אידישער שרייבער און דיכ-טער האָבן געהאַט אַ גרויסע מיסיע, אַ סך אַ גרעסערע ווי דער אַמאָלי־קער אידישער נביא. דער אידישער נביא איז געווען נאָר אַ מוסר-זאָגער, דער מוכיח צווישן מענטש און גאָט, בעת דער אידישער שרייבער און דיכטער האָבן באַדאַרפט זיין די שעפער און טרעגער פון אַ נאַציאָ־

נאָלן פּערמענטירן, און גראָד אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט נאָך מער, ווי אין די אַמאָליקע אַלטע היימען. און איז די מיסיע אויסגעפירט געוואָרן? ס'איז געווען דער וואונטש, די שטרעבונג און די אָנשטרענגונג, אָבער נאָר ביי יחידים, וואָס האָבן באַטראַכט זייער שאַפן, ווי אַן אינסטרומענט פאַר אַ נאַציאָנאַלער דעטערמינירונג. באַזונדער נייטיק איז עס געווען אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. דאָך איידער מ'גייט איבער צו אַ ווייטערדיקן אַנאַליזירן, איז כדאי צו וואַרפן אַ בליק אויף דעם, וואָס ס'איז געשען מיט דער אידישער ליטעראַטור און דיכטונג אין די אַלטע היימען, דערהויפּט אין דער צווישנצייט פון איין וועלט-קריג און דעם צווייטן.

— 4 —

נאָכן ערשטן וועלט־קריג הייבט זיך אָן אַן אויפשוואונג אינעם אידישן ליטעראַרישן שאַפן. צו יענער צייט צעשפּרייט זיך די אידישע ליטעראַטור איבער פאַרשיידענע קאָנטינענטן. אויך באַווייזן זיך דיפערענצירונגען און ריכטונגען, דערצו ניט נאָר פון אַ סאָציאַלן, נאָר אויך פון אַ ריין-פּאָליטישן כאַראַקטער. און ס'זיינען די פּאָליטישע ריכטונגען, וואָס באַווירקן און באַאיינפלוסן דאָס ליטעראַרישע שאַפן, הגם אייניקע ווערק פון אַ באַדייטנדיקן ווערט און כאַראַקטער שטייען אויסער יעדער פּאָליטישער ווירקונג. אייניקע פון די ווערק שפּיגלען אָפּ דעם גייסט פון דער צייט, די אַנדערע ווידער די אידישע פאַרגאַנגענהייט אין איר היסטאָריאָציסטישקייט. באַזונדערס צייכנט זיך אויס אין דעם פּרט די אידישע ליטעראַטור אין פּוילן. אַזעלכע מאָנומענטאַלע ווערק, ווי עוזר וואַרשאַווסקיס „שמוגלערס", וואָס גיבן אַ ריכטיק בילד פון די צייטן נאָכן ערשטן וועלט-קריג, דעם גאַנצן אידישן פאַנאַנדערפאַל און דעקאַדענץ, איז אַ ווערק וואָס מאַכט געשיכטע און וועט אויך דינען דעם שרייבער פון דער אידישער געשיכטע ווי אַן אילוסטראַציע צום גייסט פון אַ צייט, וואָס האָט געלייגט אַ חותם אויפן אידישן לעבן. און עס איז אויך מערקווירדיק דער פאַקט, וואָס מיט דעם ווערק, האָט עוזר וואַרשאַווסקי כמעט אָפּגעשלאָסן דעם פּראָצעס פון זיין שאַפן, מעגלעך דערפאַר ווייל דאָס ווערק איז אַ העכסטפּונקט פון אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן שאַפן.

אין דערזעלבער צייט וויקלט זיך אויס מיט אַ באַזונדערער קראַפט דער שאַפונגס־פּראָצעס פון שלום אש. אויך שלום אש האָט פּרובירט מאַכן געשיכטע מיט זיין טרילאָגיע „פּעטערבורג ־ מאָסקווע ־ וואַרשע", אָבער ס'איז געווען נאָר אַן אומזיסטע אָנשטרענגונג, ערשטנס, ווייל ער האָט שלעכט באַנומען און ניט געקענט פאַרשטיין דעם עצם פון אַזאַ אידישן לעבן, ווי עס האָט זיך אויסגעבילדעט אין שטעט, וואו אידן האָבן ניט

געטאָרט לעבן, און, צוּוויטנס, ווייל אין די ווערק האָבן אים מער אינטע־רעסירט צוגעטראַכטע קוריאָזן און ניט דער עצם פון אַן עפּאָכע. דער אויסנאַם איז נאָר טיילווייז זיין „וואַרשע", וואו ער ברענגט אַרויס פּער־סאָנאַזשן־פּסיכאָלאָגיע. דעריבער גרייכט ניט זיין טרילאָגיע צו דער פון י. י. זינגער. י. י. זינגערס דריי ווערק „יאָשע קאַלב", ברידער אַשכּנזי" און „משפחה קאַרנאָווסקי" נעמען אַרום גאַנצע דורות פון אידישן לעבן אין פּוילן און אין דייטשלאַנד אין זייער געשיכטלעכער עוואָלוציע פונעם מיטלאַלטערלעכן צום מאָדערנעם. י. י. זינגערס ווערק זיינען ריכטיקע קולטור־געשיכטע. עס איז די געשיכטע פון אידישן פאַנאַטיזם און אידי־שער מיסטיק, פון אידישער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער רעאַליטעט, גאַנצע דורות ווערן אַנטפּלעקט אין זייער אַנטוויקלונג צו סאָציאַלע די־פערענצירונגען, וואָס האָבן אָנגעצייכנט דעם וועג פון דער אידישער היס־טאָרישקייט, ס'איז אַ טרילאָגיע פון גוואַלדיקן פאַרנעם און ס'איז ניט אי־בערגעטריבן צו זאָגן, אַז די דריי ווערק זיינען דער ריכטיקער אוןווירק־לעכער ראָמאַן פונעם אידישן גייסטיקן און סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן אין פּוילן און אויסער די גרענעצן פון פּוילן, — די טרילאָגיע איז אַ באמת־דיק־געשיכטלעכע עפּאָפּייע.

און ווידער גיט דאָס אידישע פּוילן דעם טאָן אין דער פּראָזע. ניט נאָר דאָס אידישע שטעטל האָט אָנגעהייבן אונטערצוגיין, נאָר אויך דער אידישער מענטש האָט זיך געענדערט: פונעם עטישן צו אַבסאָלוטער דעקאַדענץ. דער אידישער שרייבער אין פּוילן האָט מיט אייגענע אויגן געזען און איבערגעלעבט דעם פאַנאַנדערפאַל און האָט ניט געקענט בלייבן גלייכגילטיק. ער שפּיגלט עס אָפּ אין זיינע ווערק, ווער אויף אַ סאָציאַלן און ווער אויף אַ פּסיכאָלאָגישן שטייגער, דאָך ניט מיט מוסר אויף די ליפּן, נאָר מיט אַ באַדויערן, וואָס דאָס שלעכטע האָט גענומען די אוי־בערהאַנט איבערן גוטן און קיינער איז פון דעם ניט ניצול געוואָרן, — ס'איז אונטערגאַנג ניט נאָר פון אַ קלאַס, נאָר פון אַ גאַנצער עדה. אַזוי האָבן געזען דאָס אונטערגייענדיקע שטעטל, ווי שוין אָנגעוויזן, עוזר וואַרשאַווסקי און אַזוי האָבן די דערשיינונג אויפגענומען שמעון האָראָנ־טשיק און ישראל ראַבאָן. י. פּערלע האָט געזען די אידן פון אַ גאַנץ יאָר און ש. בורשטין האָט געזען דיזעלבע אידן אויף די חורבות פון זייערע שטעטלעך. און ווי דערביי אויך ניט דערמאָנען יואל מאַסטבוים, וואָס האָט אויף אַ וויזיאָנערישן שטייגער באַוויזן שטעטל און מענטשן פון פאַר־מילחמהדיקע צייטן און ז. סעגאַלאָוויטש, וואָס האָט אויפן פאָן פון אַזאַ לעבן אַרויסגעבראַכט זיין „איך"־מיזאַנטראָפּיע?

עס זיינען געווען די ערשטע שפּראָצן באַלד נאָכן ערשטן וועלט-קריג און גלייך מיט דעם אויפן פאָן פון שטעטלשן פאַנאַנדערפאַל האָבן זיך אָנגעהייבן אויך די פּאָליטישע דיפערענצירונגען. פּאָליטישע דיפערענצי־

רונגען זיינען אַלע מאָל געווען אַ געזונטע דערשיינונג, אָבער ס'האָט נאָר געהאַט ווירקונג אויפֿן באַרייכערן די טעמאַטיק און ניט דעם תוך פֿונעם אידישן לעבן, וואָס איז אַריינגעפֿאַלן אין אַ ווירקלעכן תהום. דאָך, פֿאַרן אַנאַליזירן די דיפֿערענצירונגען, פֿאַרדינען דערמאָנט צו ווערן נאָך איינצלנע ווערק און דיכטער, וועמענס דערשיינען אין דער אידישער ליטעראַטור האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן פֿון וויזיע און זוכענישן. אַן איינגאַרטיקער נוסף איז געווען די ליטעראַרישע שאַפֿונג פֿון משה קולבאַק. סיי זיינע לידער, סיי זיין „מאָנטיק” אָדער „משיח בן אפרים” זיינען צו יענער צייט געווען אַן איינגאַרטיק נייער קלאַנג אין דער אידישער דיכטונג. אויב מ'נעמט ניט אַריין משה קולבאַק צו וועלכער עס איז דיפֿערענצירונג איז עס צוליב דעם, ווייל ער איז אין די אָנהויבן פֿון זיין דיכטן געווען דער „צווישן”, — צווישן די עלטערע און די איינגערע. בעת נאַכער האָט זיין דעפֿינירן זיך פּאָליטיש דערהויפּט געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן. באַמערקנסווערט זיינען די שאַפֿונגען פֿון ש. בורשטיין, באַשעוויס האָט זיך אומגעקערט צו דער טעמע פֿון פֿאַלש־משיחישער באַוועגונג און האָט אין זיין „שאָטן פֿון גאָראַי” געמאַכט אויפֿלעבן די עפּאָכע פֿונעם אידיש־משיחישן מיסטיציזם, „די אידן פֿון קאָלאָמייע” זיינען אין פֿולן זין פֿון וואָרט אַ וויכטיק־היסטאָרישער ראָמאַן און צוזאַמענגענומען האָט די אידישע פּראָזע אין פּוילן צווישן צוויי מלחמות אַרויסגעבראַכט ווערק פֿון גרויסן געשיכטלעכן באַטייט. וואָס שייך די דיפֿערענצירונגען קומט אין באַטראַכט די גרופּע „יונג־ווילנע”, הגם די דיפֿערענצירונג איז געווען מער פֿאַר אַ קאָנסטרוקטיווער דיכטונג, און דיכטערישע גרופּירונגען קומען אויף אויך אין וואַרשע און אין לאָדזש. בלויז די „יונג־ווילנע” האָט ניט געשטעלט דעם טראָפּ אַפֿן פּאָליטישן, בעת וואַרשע און לאָדזש און צו זיי אויך אייניקע דיכטער פֿון גאַליציע האָבן זייער דיכטונג געשטעלט אויף אַ פּאָליטישער באַזע.

אין דערזעלבער צייט זיינען געשאַפֿן געוואָרן וויכטיקע ראָמאַנען פֿון אַ היסטאָרישן באַטייט, אָבער מ'קען ניט זאָגן, אַז עס זיינען ווערק פֿון אַזאַ גרויסן פֿאַרנעם, מסוגל צו שאַפֿן אָדער צו ווערן דער צייכן פֿון אַן עפּאָכע. אין אַ געוויסן מאָמענט, האָט מען גערעכנט, אַז י. אָפּאַטאָשו מיט זיין ווערק „די פּוילישע וועלדער” וועט מאַכן עפּאָכע. עס האָט געזאָלט ווערן אַ גאַנצע טרילאָגיע. אָבער די אַנדערע צוויי ווערק וואָס זיינען געקומען נאָך די „פּוילישע וועלדער” — „1833” און „די טענצערן” — האָבן ניט באַרעכטיקט די השערות. אָפּאַטאָשוס שאַפֿונג אין דער טרילאָגיע איז געוואָרן אַ מין ממשיך זיין די ליניע, וואָס י. י. זינגער האָט אָנגעהייבן. י. י. זינגער האָט געגעבן דאָס בילד פֿון אַ ניעשאַווער צדיק, אַן עולם־הזהניק, אַ ריכטיקער אידישער „העברי דער אבטער”, האָט אָפּאַטאָשו אַרויסגעבראַכט דאָס געשטאַלט פֿונעם אידישן אַסקעט,

פונעם ריכטיקן אידישן נזיר, וואָס ווערט פאַרצערט אין זיינע אייגענע
ספקות. אָפּאַטאָשוס קאָצקער איז מער ווי זינגערס „ניעשאַווער״, ווייל
דער קאָצקער איז אַ שטיק אידישע קולטור-געשיכטע, אָבער ביידע, סיי
אָפּאַטאָשו, סיי זינגער האָבן באַוויזן אַן אייפער צו פיגורן פון דער אי-
דישער פאַרגאַנגענהייט, אַרויסברענגען אַן עפּאָכע, אין וועלכער דער
אינדיוויד איז געשטאַנען איבערן פאָלק, אַגב ווייזן זיי ביידע אַרויס
מער באַציאונג צום יחיד ווי צום פאָלק און שטעלן פאָר זייערע פערסאָ-
נאַזשן אין אַזאַ ליכט און שטייגער, ווי זיי אַליין וואָלטן געוואָלט די
מאַסע זאָל זיך אויפלייזן אין דער יחידישקייט פונעם אַזוי געראופענעם
צדיק.

פונדעסטוועגן האָט די ראָמאַן- און דערציילונג-ליטעראַטור דאָך ניט
געהאַט אַזאַ „גליק״, ווי די דיכטונג. דעמאָלט ווען די ראָמאַן- און דער-
ציילונג-ליטעראַטור איז געווען בצימצום, איז דאָס פעלד פון דער דיכ-
טונג געווען אַ סך ברייטער. די אידישע ליטעראַטור איז איבערהויפּט
מער אַ ליטעראַטור פון דיכטונג, ווי פון אַ פּראָזע-שאַפן און די דיפע-
רענצירונגען מערקן זיך מער אין דער דיכטונג. וואָס שייך פוילן זיינען
די ליטעראַטור-דיפערענצירונגען, אָדער ריכטיקער געזאָגט, שטרעמונגען,
געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכע דערשיינונג, אַרויסגעדרונגען פון דער פוילי-
שער פּאָליטישער רעאַליטעט פון איין זייט, און פון דער צווייטער האָט
געהאַט אויף דעם אַ געוויסע ווירקונג דאָס גרענעצן זיך מיט סאָוויעט-
רוסלאַנד. און אַן אמת ניט צו פאַרלייקענען: די אָרגאַנישסטע דיפערענ-
צירונג, איז דאָך געווען די, וואָס האָט זיך געשטעלט אויף דער באַזע
פון אידעאָ־פּראָלעטאַרישקייט. ס'איז נאַטירלעך שווער צו אורטיילן און
מ'דאַרף ניט אַריינפאַלן אין עקסטרעמען וועגן דעם, ווי עס וואָלט אויס־
געזען דער גורל פון די פאַרשיידענע ליטעראַרישע שטרעמונגען, ווען עס
זאָל ניט געווען האָבן געשען די גרויסע קאַטאַסטראָפע מיטן פוילישן
אידנטום, דאָך קען מען מאַכן געוויסע אויספירן. דאָס הויפּט־געוויכט
האָט מען געלייגט אויף דער גרופּע „יונג־ווילנע״. די גרופּע האָט פאָר־
געשטעלט די פעאיקסטע אידישע דיכטער, אויך איז זי געווען אויסגע־
צייכנט אין איר ליטעראַריש־דיכטערישער שעפערישקייט, אָבער דער רוב
פון דער גרופּע זיינען געווען גאַנץ ווייט פון באַנעמען און באַהעפטן זיך
מיטן גייסט פון גרויסן דיכטערישן פאַרנעם און היסטאָרישן ווערט, ווי
עס איז, צום ביישפּיל, חיים גראַדעס „מוסרניקעס״. עס איז אַ ווערק
אייגנאַרטיק אין אַלע פּרטים, און, הגם עס ברענגט אַרויס אַ טיפּ אידישע
מענטשן, וואָס זיינען געווען ווייניק באַקאַנט אין דער אידישער ליטע־
ראַטור, האָט עס צו טאָן פאָרט מיט דער פאַרגאַנגענהייט, אָן דעם, אַז
דער דיכטער זאָל אַריינדרינגען אין דער רעאַליטעט פונעם צייט־גייסט און
זיינע אויסווירקונגען.

חיים גראַדע, אלחנן וואָגלער, לייזער וואָלף, אברהם סוצקעווער און אַלע אַנדערע פון דער גרופּע „יונג-ווילנע" האָבן אַריינגעבראַכט אַ רעליעפן שטריך אין דער אידישער דיכטונג פון צווישן צוויי וועלט-קריגן. ביי אייניקע פון די דיכטער איז די וויטערדיקע דיכטערישע דערקענטעניש אַוועק אין דער ריכטונג פון ראַטנפאַרבאַנדישקייט, בעת ביי אַנדערע איז די דיכטונג אַוועק אין דער ריכטונג פונעם אַזוי גערופענעם ליבעראַלן דעמאָקראַטיזם, עס איז געווען די ווירקונג פון דער גרויסער אידישער קאַטאַסטראָפע בעתן צווייטן וועלט־קריג און פונעם היטלעריזם אין אייראָפּע, וואָס האָט באַזונדערס געדריקט אויפן אידישן לעבן און אידישן זיין. ביי אייניקע איז דער וועג געוואָרן צום אידיש־נאַציאָנאַלן, ביי אַנדערע ווידער אין אַ וועג אויף רעכטס און דאָס האָט באַשטימט דעם גורל פון יעדן איינעמס דיכטונג אין די נאָכמלחמה־צייטן, פּאָזיטיוו אויסשליסלעך ביי אַ. סוצקעווער מיט זיין עולה זיין קיין ישראל, און וויניקער פּאָזיטיוו ביי חיים גראַדע מיט זיין אָפּזעצן זיך אין ניו־יאָרק.

די אַנדערע צוויי ריכטונגען באַצייכנט מען מיט אַ כיוון ווי די פון וואַרשע און די לאָדזשער. עס מיינט צו זאָגן די, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דער ליטעראַרישער „וואָכנבלאַט", אַרויסגעגעבן פונעם „בונד" אין פּוילן און די צווייטע אין דער לאָדזשער „טריבונע", וואָס איז געווען נאָענט צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן. אין דער ערשטער זיינען אין רוב געווען אָנהייבער, וואָס האָבן ניט אַריינגעבראַכט קיין באַדייטנדיקס אין דער אידישער דיכטונג, בעת די לאָדזשער זיינען געווען אַ ווירקנדיקע גרופּע דיכטער און בעלעטריסטן, ווי משה שולשטיין, בנימין שלעווין, דוד מיצמאַכער, בינעם העלער, כלאַוונע קאָהאַן, א. ל. טאָפּ, קלמן ליס, נחמן בליץ, א. ד. ספּאַרד, דוד אַשענדאָרף, הערץ בערגנער, יאַנקל שפּאַן, ב. פּלאַם, מ. א. קנאַפּהייז, יעקב שודריך, לייזער פעלזנער, בער שנאַפּער, חיים סעמיאַטיצקי, מ. עליאָט און אַנדערע. די מערהייט זיינען אומגעקומען אין דער גרויסער אידישער קאַטאַסטראָפע, חיים סעמיאַטיצקי, בער שנאַפּער און מ. עליאָט האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער סאָוועטישער דיכטונג, הערץ בערגנער האָט געפונען פאַר זיך אַן אָרט אין אויסטראַליע, בנימין שלעווין און משה שולשטיין אין פּאַריז, און בינעם העלער און אַנדערע דיכטן ווידער אינעם נייעם פּוילן. אויך פּאַריז איז צווישן דיביידע וועלט-קריגן געוואָרן אַ וויכטיקער צענטער פון אידישער קולטור און אידישער שאַפונג. פּאַריז איז אויך געווען דאָס אָרט, וואו עס איז פאַרגעקומען אין 1937טן יאָר דער אַלוועלטלעכער אידישער קולטור-קאָנגרעס, פון וואָס עס איז אַרויסגעוואַקסן דער „איקוף" מיט זיינע פאַרצווייגונגען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, אַרגענטינע און אורוגוויי. ס'איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך וועגן וואָס עס וועט נאָך אויסקומען צו רעדן, אָבער דאָ אויף דעם אָרט דאַרף מען אונטער־

שטרייכן, אַז ס'האָט געהאַט אַ געוויסע ווירקונג ניט נאָר אויף דער ווייטערדיקער אָרגאַניזאַציע פון דער אידישער קולטור, נאָר אויך אויפן אידישן ליטעראַריש-דיכטערישן שאַפונג-פּראָצעס.

און אומקערנדיק זיך צום אידישן פּוילן מוז מען דערמאָנען אפרים קאַהאַנאָווסקי, ווי דעם מייסטער פון דער קורצער דערציילונג אין אַ מאָ-פּאַסאַן-טאָן, די דיכטונגען פון אַברהם זאַק, די געציילטע פּאָר ווערק פון ה. ל. זשיטניצקי, יעקב מעסטל, וואָס האָט דער ערשטער אריינגעבראַכט דאָס אַזוי-גערופענע סאָלדאַטישע ליד אין דער אידישער דיכטונג און די גרופּע פון די דריי, וואָס האָבן פון דעם אידישן ליד געוואָלט מאַכן אַ נאַקעטע דיכטונג. ס'איז די „כאַליאַסטרע" באַשטאַנען פון אורי צבי גרינבערג, מלך ראַוויטש און פּרץ מאַרקיש. ערשט דאָס ווייטערדיקע האָט באַוויזן, אַז ס'איז געווען טאַקע ניט מער ווי אַ „כאַליאַסטרע" און וועלכן ס'איז צוזאַמענבונד צווישן זיך. אורי צבי גרינבערג האָט לחלוטין בוגד געווען אין אידיש, איז אַוועק קיין ארץ־ישראל און געוואָרן דאָרט דער העברעאישער דיכטער פון עקסטרעם-רעאַקציאָנערע טענדענצן, מלך ראַוויטש פריער אין אויסטראַליע, בלאָנקעט זיך אַרום מיט זיינע „מחשבות" אין קאַנאַדע און פּרץ מאַרקיש איז אַוועק עקסטרעם־רעוואָלוציאָנער, האָט זיך געהאַט אָנגעשלאָסן אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור און אגב זייער פּרוכטיק. און צום דערגאַנצן דאָס אַלגעמיינע בילד קען מען ניט ניט דערמאָנען די צוויי אייגנאַרטיקע דיכטערינס רחל קאָרן און קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, ביידע פאַרשיידענע אין זייער סטיל און פאָרם פון דיכטן. אָבער ביידע אייגנאַרטיק, קערנדיקע און זאַפטיקע אין זייער דיכטערישן שאַפן.

צווישן די ביידע וועלט-מילחמות איז דער אייראָפּעאישער קאָנטינענט ווידער געוואָרן אַ יש אין דער אידישער ליטעראַריש-דיכטערישער שאַפונג. אין רומעניע האָבן זייער ווירקונג געהאַט דער פאַבל-שרייבער י. שטיינבאַרג, דער בעלעטריסט משה אַלטמאַן און יעקב שטערנבערג מיט אַ גרופּע פון אַנדערע וויניקער וויכטיקע. פון רומעניע איז אַרויסגעוואַקסן אויך איציק מאַנגער, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין דער אידישער דיכטונג אַ נייעם טאָן און דעם זשאַנר פון דער באַלאַדע, ווי אויך דעם הומאָר- און סאַטירישן שטריך אינעם דיכטערישן. אין לאָנדאָן אָרגאַניזירט י. שטענצל די גרופּע אידישע דיכטער וואָס געפינען זיך דאָרט און באַמיען זיך ווידער אויפלעבן אַ אידיש־באַזע, אויסגעדריקט אין זייער „לאָנדאָן־אידיש". אַן אָרגאַניזירונג פון אַ אידישער דיכטונג האָט זיך אויך באַוויזן אין ליטע. אַ גאַנצע ריי נעמען האָבן דאָרט געשיינט מיט פּראָזע און דיכטונג, ווי מאיר יעלין, יעקב גאָטליב, עליאזר היימאַן, ד. וו. מייעראָוויטש, חיים יעלין, יהושע לאַצמאַן, דוד אומרו, לאה רודניצקי, עדאַ קאַהאַן, יעקב יאַסאַדע,

שמואל מאַטיס, ישראל קאַפּלאַן. מ׳ווייסט ניט דעם סך־הכל, וועד עס ווירקט ווייטער און וועד עס איז אומגעקומען, אָבער עס באַשטעטיקט, אַז ווען ניט די אידישע קאַטאַסטראָפע וואָלט די אידישע דיכטונג און ליטעראַטור געווען האָבן געהאַלטן אין וואַקסן און שטייגן. די אי־דישע קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע האָט אונטערגעשניטן און אויסגע־וואָרצלט אַ שטאַרקן און מעכטיק־צעצווייגטן בוים פון דער אידישער שאַפונג און נאָר אַדאַנק דעם זיינען די פּאַראייניקטע שטאַטן געבליבן דער גרעסט־וויכטיקסטער צענטער פון דער אידישער ליטעראַטור אין די טיילן פון דער וועלט, וואָס זיינען אויסער די גרענעצן פון סאָוויעט־רוס־לאַנד. ווי־זשע האָט אין אַלגעמיין אויסגעזען די אידישע דיכטונג אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אינעם צייט־אָפּשניט צווישן די צוויי וועלט־מילחמות?

אויך אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט האָט זיך נאָכן ערשטן וועלט־קריג אָנגעהויבן אַ ליטעראַריש־דיכטערישער אויפשוואונג, הגם אין דער צייט איז דער איינוואַנדערונג־שטראָם שוין געווען ביז גאָר אַ רעדוציר־טער. דעריבער קען מען אָננעמען, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ריין־אינערלעכער פּראָצעס פון שאַפן, פאַרבונדן שוין מער מיט קאָנסאָלי־דירטקייט און איינגעזעסנקייט פון ישוב. אָט דאָס טאַקע האָט געגעבן גרויסע האָפענונגען, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן קענען ווערן דאָס „צו־געזאָגטע לאַנד" פונעם אידישן ליטעראַריש־דיכטערישן שאַפן. אין אָנהייב האָט מען טאַקע געהאַט אַזאַ איינדרוק. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבע־דיק־דינאַמישער אויסטויש צווישן די צוויי קאָנטינענטן, — צווישן אי־דיש־נאָרד־אַמעריקע און אידיש־אייראָפּע און עס זיינען בלי־ספק געווען קעגנזייטיקע ווירקונגען און איינפלוסן. ווי מ׳זאָל ניט וועלן נעגירן ווירקונגען און איינפלוסן זיינען זיי דאָך אַ פאַקט און ס׳ברענגט אויך ניט קיין שאָדן, גאַנץ פאַרקערט: עס דינאַמיזירט דעם פּראָצעס פון די גייס־טיקע שאַפונגען, באַרייכערט מיט טעמאַטיק און אידעע און עס האָט געווירקט, אַז אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, פּונקט ווי אין אידיש־אייראָפּע, זאָלן זיך פאָרמירן ריכטונגען, שטרעמונגען און ליטעראַרישע טענ־דענצן, דערצו גאַנץ בולטע און שאַרף־אָפּאָזיציאָנעלע. געווען אַ ריכטונג, וואָס האָט לחלוטין אויסגעשלאָסן דעם פּאָליטישן מאָמענט אין דער דיכ־טונג. אייניקע אָפּצווייגן פון דער ריכטונג האָבן קולטיווירט נאָר דאָס עסטעטישע, אַ צווייטע האָט דאָך ניט אויסגעמיטן די סאָציאַלע מאָ־מענטן, אָבער טיילווייז פאַרבינדן מיט ריין־אינדיווידועלע און אינדיווי־דואַליסטישע שטימונגען, אַ צווייטע שטרעמונג ווידער האָט אָנגענומען די אידייע־דערקענטעניש, אַרויסגעדרונגען פון דער אָקטאָבער־רעוואָלו־ציע, קולטיווירנדיק פּראָלעטאַרישע דיכטונג. עס איז געווען די גרופּע „פּראָלעט־פּען" און צווישן די צוויי וועלט־מילחמות האָט די ריכטונג

פאַרנומען אַ גרויסן אָרט אינעם ליטעראַריש־דיכטערישן שאַפן פון די פּאַראַייניקטע שטאַטן. דאָך קען מען ניט פאַרניינען אויך די ריכטונג, וואָס האָט געבילדעט די גרופּע פון די אַזוי גערופענע „אינזיכיסטן", — הגם אַ רעדוצירטע גרופּע האָט זי דאָך געלייגט אַן אָנזעעוודיקן חותם אויף דער אידישער דיכטונג ניט נאָר פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, נאָר אויף דער אידישער דיכטונג אין אַלגעמיין.

ס'איז איבעריק זיך אָפּצושטעלן באַזונדער אויף יעדן איינעם פון דער גרופּע „אינזיכיסטן", כאַראַקטעריזירן דעם מהות פון זייער דיכטונג און ווערט פאַר אידישן קולטור־זיין, אָבער מ'מוז אָנערקענען, אַז זיי האָבן אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן אין דער אידישער דיכטונג, געשטעלט אויפן ריטמיש־פּלאַסטישן און עסטעטישן. עס איז אויך אמת, אַז די פאָרם איז פאַר זיי געווען העכער פונעם אינהאַלט, אָבער אין אַ געוויסן מאָמענט איז עס געווען אַפילו נייטיק. און צווישן דעם זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס זיינען געגאַנגען אַן אייגענעם וועג און געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן ליטעראַריש־שעפערישן. הגם יחידים און יחידיש אין זייער דיכטונג, דאָך פאַרדינען זיי אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס און טאַקע אויך צוליב דעם, ווייל די באַזע פון זייער דיכטונג איז געווען דאָס יוישרדיקע, הגם פאַרגעשטעלט אַבסטראַקט. וועלכע זיינען דען די מאָטיוון פון ה. לייוויקס דיכטונג? זיינע מאָטיוון דרינגען אַרויס פון אינדיווידועלע איבערלעבונגען און שטימונגען, ער איז אַ טיפּישער דיכטער פונעם אינדיווידואַליסטישן, אין דער וויזיע פון „דערלייזונג דורך ליידן". ליידן זיינען אַן אָנרעגונג צו קאַמף, אָבער מ'קען עס ניט אָנווענדן אויף לייוויקן. ביי אים איז עס אַן אָנרעגונג מער צו רעזיגנאַציע, דאָך איז פאַראַן אין דער רעזיגנאַציע עפּעס אַזעלכעס, וואו דער יסוד איז יושר און אמת, ווי דאָס בילד פון מענטש און וועלט, מען קען עס זען ווי אַן אידייע פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד און אין לייוויקס דיכטונג ווערט עס דערהויבן צו אַ העכסטער מדרגה פון ווילנדיקער מענטשישקייט.

ה. לייוויק געהער צו די געציילטע אידישע דיכטער וואָס האָבן אין אָנהייב געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער אידישער דיכטונג. תחלת אַן אָנערקענטער פון די אַלע, וואָס האָבן אים און זיין שאַפנדיקן פּראָצעס נאָכער אַמשאַרפסטן קריטיקירט, האָט ער זיין אָנגעזעענעם אָרט אין דער אידישער דיכטונג און אין דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור. זיין דיכטעריש וואָרט פאַרמאָגט די קראַפט צו באַהערשן די געמיטער און אַממערסטן מיט זיין טעמאַטיזירן די אידעע פון משיח און משיחישקייט. דורך ליידן צום משיחישן, ס'איז לייוויקס אַ קאָנצעפּט, אָבער דער משיח גופא מוז זיך אויך לייטערן אין ליידן, ווייל דאָס משיחישע איז דערהויפּט דער וועג פון ליידן. עס איז ה. לייוויקס וועג

אין דער אידישער דיכטונג און אזא וועט ער אין איר בלייבן מיט זיין „גולם" און „גאולה קאָמעדיע", ווי אין אַלגעמיין מיט זיין דיכטונג. סיי זיין ליד, סיי זיינע דראַמעס זיינען וואַריאַציעס פון דער משיחישקייט-אידעע, געהייליקט אין די ליידן פונעם מענטש. אין אַלץ זעט ער די מענטש-ירידה, די גייסט-ירידה פונעם מענטש און איז אויסן צו לייטערן דעם מענטש אינעם משיחישן, געשטעלט אויף אַ מדרגה פון העכסטער עטישער קאַטעגאָריע און באַגריף.

דאָס איז ה. לייוויקס פּאָטענץ אין דער דיכטונג און דער נייער קאָנצעפּט וואָס ער האָט אין איר אַריינגעבראַכט. געוויס קען מען עס שאַרף קריטיקירן און אַפילו פאַראורטיילן, ווייל ס'צילט צום פאַרניינען דאָס קאָנקרעט-פּאָזיטיווע לטובת דעם אַבסטראַקטן, אָבער מ'קען ניט נעגירן, אַז דווקא אַדאַנק זיינע קאָנצעפּטן האָט ער דערהויבן די דיכטונג צום מענטשישן און אוניווערסאַלן.

און קומט מען צום אוניווערסאַלן אין דער אידישער דיכטונג קען מען דאָך ניט אַראָפּלאָזן פון אויג א. לעיעלעסן, הגם זיין דיכטונג איז אין אַלע פּרטים הוילע אַבסטראַקציע, אַבסאָלוטע מיסטיק און טיילווייז אויך אַ מין מיסטעריעזע אומפאַרשטענדלעכקייט. ס'איז אַלץ דאָס „אייגנס" פון זיין דיכטן, אָבער ער האָט בלי ספק טייליק גענומען ביי ניט-אידישע דיכטער, אַזעלכע ווי סטעפאַן געאָרג, ביי וועמען דער עיקר איז געווען די עסטעטיק פונעם וואָרט און פּראַזע. און ניט נאָר סטעפאַן געאָרג קומט אין פראַגע, פאַרשיידענע איינפלוסן קען מען געפינען ביי ה. לעיעלעסן, — מ'געפינט אין זיין דיכטונג עלעמענטן פון ריינאַר מאַריאַ רילקע, די עקסטראַוואַגאַנטקייט פון כריסטיאַן מאָרגענשטערן. אויס דעם איז אויך מעגלעך, אַז זיין דיכטונג זאָל ניט איבערלאָזן קיין גרויסע זאַכן פאַר דער געשיכטע פון דער אידישער דיכטונג און ליטעראַטור. זיין דיכטונג קען באַטראַכט ווערן ווי אַ „טעמפּעראַרישע", וואָס שפּיגלט אָפּ אַ מאָמענטאַנע גייסט-שטימונג און מעדיטאַציע. אָבער אַנדערש איז שוין די דיכטונג פון משה לייב האַלפּערן. משה לייב האַלפּערן איז ניט נאָר אַן איינציקסטער פון די אייגנאַרטיקסטע אידישע דיכטער, נאָר אויך אַווירקלעכער טיטאַן פון דער אידישער דיכטונג. זיין דיכטונג פאַרמאָגט אַלץ: אָריגינאַליטעט פון אינהאַלט, טעמאַטיק, פאָרם און סטיל. זיינע מאָטיוון, אַבסאָלוט סאָציאַלע, זיינען שאַרף און פּיקחותדיק אין זייערע אָנפילונגען און דאָס מערקווירדיקסטע פון זיין דיכטונג איז, וואָס ער האָט באַוויזן דאָס אינדיווידואַליסטישע אַרויסברענגען אויף אַ סאָציאַלן שטייגער און דעם געבן אַ סאָציאַלן כאַראַקטער. צייטנווייז האָט מען דעם איינדרוק ווי ער זאָל געווען האָבן געהאַט זשאָנגלירט מיט שטימונגען, און גראַד דאָס איז אַ חן-פּינטל אויפן אוצר פון זיין דיכטערישקייט, — עס איז ביי אים אַ צושפּיל אַזא און אמאָל אַ „וויוואַט" צום

סאָציאַלן, דערהויפּט ווען פאַרן צענטער פון זיינע דיכטעריש-סאָציאַלע באַטראַכטונגען און מעדיטאַציעס האָט ער גענומען אַ פּערסאָנאַזש. און צווישן דעם אַלעמען איז משה לייב האַלפּערן דאָך ניט געווען דער אידישער דיכטער פון דער אידישער אַמעריקאַנישקייט, ער איז מער דער דיכטער פון דער טיפּישער אידישער אויסגעוואָרצלטקייט, אַ רעפלעקס פון עקסטעריטאָריאַליטעט, פאַרגעשטעלט אין איר אוניווערסאַלער זיניקייט. און ווער ס'איז יאָ געוואָרן דער טיפּיש־אַמעריקאַנישער דיכטער און אריינגעבראַכט דאָס טיפּיש-אַמעריקאַנישע אין דער אידישער דיכטונג איז י. י. שוואַרץ, באַזונדערס מיט זיין גרויסן ווערק „קענטאַקי". עס איז דאָס ערשטע אידישע ווערק, וואָס דערציילט און דעקט אויף דעם פּראָצעס פונעם אידישן באָדנדיקן איינוואָרצלען זיך אין דער אַמעריקאַנער רעאַליטעט, זיך פאַראַסימילירן אין איר זיין און מנהגים. עס איז דאָסווירקלעכע ווערק פון דער אידישער באָדנקייט אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט און דער ריכטיקער „בראשית" פון דעם אידישן איינגלידערן זיך אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער סביבה. און ניט נאָר דאָס אַליין: י. י. שוואַרץ באַווייזט ווי דער איד האָט אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט געשלאָגן טיפע וואָרצלען, וואָס ברייטערן זיך אויס אין שטח, און אויף די וואָרצלען שאַפט און באַפעסטיקט זיך די אידישע משפחהדיקייט אין אַלע אירע טראַנספאָרמירונגען, אין אַ געמיש פון אַסימילאַציע און ספּעציפישער אידישקייט, ווייט פון אידישער טראַדיציע און אַמאָליקער אידישער נאַציאָנאַלער שורשדיקייט.

און איבעריק איז צו דערמאָנען זישע לאַנדוי, ניט נאָר צוליבן צמצום פון זיין דיכטונג, נאָר ווייל ער האָט איבערהויפּט ניט געהאַט קיין איינפלוס אויף איר און פאַרנעמט ניט אויך אַ באַזונדערן אָרט, הגם זיין פאָרם און סטיל פאַרדינען אינטערעס. מער איז שוין מאַני לייב, אָבער ווער עס ציט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט איז זישע ווײַנפּער, וואָס האָט באמת אריינגעבראַכט דעם אידיש-פאָלקסטימלעכן טאָן אין דער אַמעריקאַנער אידישער דיכטונג. און עס איז גאָרנישט קיין וואונדער: ער, דער וואָלינער, האָט געדיכטעט וואָליניש, קרנדיק, פשטותדיק און זוניק-פריידיק, ווי עס זיינען די טייכלעך, וועלדער און פעלדער פון וואָלין. פשטות איז אַלע מאָל דער אויסדרוק פון אַ געזונטער רעאַליטעט און ביי זישע ווײַנפּער קומט עס צוליב צוויי פאַקטאָרן: ערשטנס דער גלויבן אינעם אידישן וואָרט, אויסגעדריקט דורכן אידישן ליד, און צווייטנס, צוליב זיין גוואַלדיקן פאַרליבט זיין, ממש ביז רעליגיעזקייט, אין דיכטונג. דערום טאַקע איז זיין ליד אַזוי רייך אין ריטם און זינגעוודיק. אָפטמאָל באַקומט זיין ליד כאַראַקטער פון אַ תפילה, פון אַ ריכטיקן געבעט.

זישע ווײַנפּער האָט אריבערגעבראַכט אויפן אַמעריקאַנער באָדן דעם וואָלינער פּייזאַזש מיט זיינע נאַטור-שטימונגען און ס'איז די סיבה,

פּאַרוואָס זיין דיכטונג פּאַרמאָגט אַ שלל מיט געמיטלעכקייט. און עס איז אויך די געמיטלעכקייט, וואָס האָט אים באַפרייט פון אַזעלכע זאַכן און דערשיינונגען, ווי צו זיין „אינטראָספּעקטיוו", אָדער „רעטראָספּעקטיוו", — ער איז אין זיין ליד אַבסאָלוט רעאַליסטיש-אימפּרעסיוו. אימפּרעסיוו און ניט „אימפּרעסיאָניסטיש" און מיט דעם טיילט ער זיך אויס צווישן דער גאַנצער פּלעיאַדע נאָרד-אַמעריקאַנער אידישע דיכטער און שרייבער, וואָס זיינען געגאַנגען, אַזוי צו זאָגן, אַן אייגענעם וועג, ניט אָנשליסנדיק זיך אין קיינע ליטעראַרישע ריכטונגען, אָדער וועלכע עס איז ליטעראַרישע גרופּעס. דאָך בעת די אַלע האָבן גענומען דעם וועג אויף איינזאַמקייט און ירידה-שטימונגען, איז זישע וויינפּערס וועג געווען צום פרייידיקן אין אַ פאָלקסטימלעכן טאָן, אויף אַזאַ וועג איז ער אויך געקומען צום אידעאיש-פּראָגרעסיוון און עס איז געוואָרן די ברכה פון זיין שאַפערישן פּראָצעס, — אדאנק דעם איז זיין דיכטונג געוואָרן נאָך מער קרעפטיק, אימפּרעסיווער, ווי ס'זיינען די דיכטונגען פון זיין „איקוף"-פּעריאָד, באַזונדערס באַקרעפטיקט אין זיין מייסטערווערק „ביים גרענדקעניאָן".

אין זין פון דיכטונג וועט די אידישע דיכטערישע שאַפונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרנעמען דאָס ערשטע און אָנגעזעענסטע אָרט, אָבער ס'איז נישט שייך זיך אָפּצושטעלן אויף יעדן דיכטער באַזונדער. אַממערסטן אינטערעסירן די, וואָס האָבן באַווירקט די דיכטונג און ווער ס'האָט דיכטעריש געשאַפן און מיטגעהאָלפן, איז א. דילאָן, וואָס האָט ווירקלעך פון אַ „מאין"-שפּראַך געשאַפן „יש"-דיכטונג, — הגם אויסערסט רעדוצירט אינעם שפּראַכלעכן, איז זיין דיכטונג דאָך רייך אין ליריש-אימפּרעסיוון. און אויך וועגן י. י. ראָלניקן קען מען זאָגן, אַז ער איז דער דיכטער פון דער טיפּיש-אַמעריקאַנער איינזאַמקייט. י. י. ראָלניק האָט געקענט זיין אַ סך שעפערישער ווי ער איז, נאָר, ווי עס זאָל ניט אויסזען פּאַראַדאָקסאַל, האָט די איינזאַמקייט אוועקגערויבט ביי אים די מוזע. גאַנץ פיינע פּרואוון האָט געמאַכט אליעזר גרינבערג מיט זיין פּאָעמע „פישערדאָרף", בעת אין זיינע ווייטערדיקע לידער מערקט מען שוין נישט קיין באַזונדערן דיכטערישן שטייגן, נאָר דיכטערישע געוויינלעכקייט. שטיל גייט זיין וועג דער מענטשלעך-סקעפּטישער ב. לאַפּין; אַלע זיינע געזאַנגען זיינען נאָר צום מענטש, און, ווי דער מענטש גופא, זיינען זיינען טענער שטילע, צאַרטע, לירישע. מיט שטילע טענער האָט אויך אָנגעהייבן ביאַלאָסטאָצקי, אָבער קוים האָט ער דערגרייכט דיכטערישע רייפקייט, ווי ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אינעם דיכטעריש-שאַפערישן.

מאַכט מען אַ שטיקל סך הכל פונעם ליטעראַריש-שאַפערישן אין די פאַראייניקטע שטאַטן מוז מען קומען צום אנערקענען, אַז די אַלע יעניקע

שרייבער און דיכטער, ווען מען שאפן איז געווען נאָר צוליב שאפן, אָן וועלכער עס איז אידייע אין פּערספּעקטיוו; אַט די אַלע דיכטער וואָס האָבן ניט גענומען די דיכטונג: צילמעסיק, נאָר אויסשליסלעך ווי אַ מין אינדיווידועל-עסטעטישע אויסלאָדונג, זיינען גאָר גיך געקומען צו דיכטערישער אויפהערנדיקייט, האָבן פאַרלאָרן דעם יסוד און דיכטעריש-שאַפערישן אָטעם, בעת די יעניקע דיכטער, וואָס האָבן געהאַט וויזיע-אידייע און געדיכטעט אין אידייע-דערקענטעניש, די אַלע זיינען געשטיגן אינעם דיכטערישן. און אויס אַ פּשוטקייט: מיט אידייע איז פאַרבונדן די דינאַמיק פון פראָגרעס און מענטשלעכן דענקען, אידייע באַרייכערט מיט זין דאָס געזעלשאַפטלעכע זיין און ס'ווירקט צום אויסברייטערן די האָריזאָנטן פונעם דיכטערישן, עס שאַפט די אָנרעגונג צום דיכטערישן און ס'דרינגט אַרויס פונעם פאַרגלייך צווישן אַזעלכע צוויי דיכטערישע שטרעמונגען, ווי עס זיינען געווען פון איין זייט דער „אינזיכיסט" און פון דער צווייטער דער „פּראָלעטפּען".

איז דער „אינזיכיזם" דערהויפּט געווען אַ באַוועגונג אָדער דיכטערישע ריכטונג? יעדע באַוועגונג אָדער טענדענץ אין דער ליטעראַטור מוז האָבן און אַרויסדרינגען פון וועלכער עס איז אידעישער באַזע און דער „אינזיכיזם" איז ניט געווען געבונדן מיט קיין אידייע, — „אינזיכיזם" דער אידישער אינזיכיסט איז מער אָן אויסדרוק פון אינדיווידועלע שטימונגען, וואָס האַלטן זיך אויף אַ ראַדיוס פון הוילער אַבסטראַקטער עסטעטיק און פון אַזאַ אינטראָספּעקטיווקייט, וואָס האָט זעלטן אַפילו צו טאָן מיטן פּסיכאָלאָגישן. דער אידישער „אינזיכיזם" איז געווען אַ מין ספּעציפיש־קולטיווירטע קינסטלעכקייט, וואָס האָט זיין יניקה געצויגן פון צוויי קוואַלן, — איינער אַן אייראָפּעישער און דער צווייטער אַן אַמעריקאַנער. אויף דער אייראָפּעישער ליניע זיינען עס געווען דער פאַרמלחמה־דיקער רוסישער פוטוריזם און מערב־אייראָפּעישע דעקאַדענץ־דיכטונג פון אַ כריסטיאַן מאָרגענשטערן, סטעפאַן געאָרג און טיילווייז אויך ראַינער מאַריאַ רילקע, און אויף דער אַמעריקאַנער ליניע קומען אין באַטראַכט דיכטער ווי ט. עליאָט, עזרא פאַונד און אַנדערע צו זיי ענלעכע. עס זיינען דיכטער, וואָס האָבן סופּער־אינדיווידואַליזירט דעם „זיין" אין אַלע זיינע אַבסטראַקטע פאָרמען. דער אינדיווידואום ווערט אויפגעלייזט אין זיין מעדיטאַציע, שוועבט אין מיסטישע פאַרנעפּלטקייטן, האַלט פאַרמאַכט די אויגן אַף דער רעאַליטעט און לייקנט די רעאַליטעט זאָל זיין דער שעפער און פאַרבינדלער פון באַשטימטע סאָציאַלע דערשיינונגען און אַנטוויקלונגען. דער אידישער „אינזיכיזם" האָט אויף זיך אַרויפגענומען די אַלע „איינגשאַפטן", און זיי געמאַכט פאַר אַ קענשטאַנד פונעם דיכטן, דעריבער האָט ער ניט באַוויזן אַריינצוואַוואַקסן און זיך איינוואָרצלען אין דער אידישער דיכטונג, — דער „אינזיכיסט" איז געבליבן

פרעמד דער אידישער דיכטונג, איז געבליבן ניט מער ווי א דעקאדענץ־איבערגאנג, טאקע ווייל ער איז געווען נאר א קינסטלעכע דערשיינונג, און וועלכן עס איז טראפן נאטירלעכקייט, אבסאלוט פרעמד דעם אידישן גייסט. און די צייט גופא מיט אירע קאנסטרוקטיווע פראבלעמען פונעם אידישן לעבן האט געמאכט א סוף צום „אינזיכיזם", און ער איז געווארן די ריכטיקע עקרה אין דער אידישער דיכטונג, און וועלכער עס איז מינדסטער ווירקונג און שארית-הפליטה.

ס'איז קלאר, אז די גרויסע רעוואלוציע אין רוסלאנד, באזונדערס אין איר צווייטער פאזע, די אקטיאבער-רעוואלוציע, האט גורם געווען צו א גרויסן איבערשאצן ווערטן אין דער גארער וועלט און ענלעך אויך אינעם אידישן ליטעראַרישן שאפן. באזונדערס האט עס באווירקט יונגע דיכטער, וואס האבן דיכטונג און ליד אויפגענומען ווי א באשטימטע אידייע-צילמעסיקייט און אזא באטראכטן דאס דיכטערישע האט גורם געווען צו א רעאקציע קעגן די פריער-עקזיסטירטע פארמען פון דיכטונג און באזונדערס קעגן דעם „אינזיכיזם". אויס דעם רעאקציאנירן איז ארויסגעוואקסן די דיכטערישע טענדענץ און ריכטונג, וואס האט געווענדעט פון איין זייט דעם בליק צו דער סאוועטישער ווירקלעכקייט און פון דער צווייטער צו דער הארעפאשנער מאסע, צום פראלעטאריער. די ריכטונג האט ניט אזוי גיך געפונען איר ארגאניזאציע. דאס ערשטע איז געווען דער „יונגער ארבעטער־שרייבער־פאריין", וואס האט געלייגט דעם יסוד פאר א טיפיש־פראלעטארישער דיכטונג אין די פארייניקטע שטאטן. כאראקטעריסטיש איז אויך געווען דער אריבערגאנג צום ארגאניזירן א פראלעטארישע שרייבער־גרופע „יוניאן־סקווער" ביז ס'איז געקומען צו דער ארגאניזאציע פון „פראלעטפען", — וואס האט געגעבן ריכטונג און באשטימט דעם אינהאלט פון א אידישער נייער פראלעטארישער דיכטונג אין די פארייניקטע שטאטן. ס'איז געווען אן ענטפער אויף דעם אינדיווידואליסטישן און פאראינדיווידואליזירן די דיכטונג. די יונגע גרופע „פראלעטפען" האט גענומען א ביישפיל פון דער סאוועטישער רעאליטעט, פונעם איבערבראך וואס איז פארגעקומען אין דער סאוועטישער אידישער דיכטונג און דענקען און א ענלעכן מאסשטאב האבן זיי אנגעווענדט צו דער נארד-אמעריקאנער פראלעטארישער און סאציאלער רעאליטעט, שעפנדיק פון דעם די טעמאטיק פאר זייער דיכטונג. אין געוויסע פרטים איז עס אויך געווען אן אומקער און אן אויפלעבן די דיכטערישע טראדיציעס פון איידלשטאט, באוושאווער און ראזנפעלד פון איין זייט, און, פון דער צווייטער, האבן זיי געהאט דעם נייעם טאן, וואס ס'האט אריינגעבראכט אין דער אידישער דיכטונג דער אומגעקומענער אידישער דיכטער אשר שווארצמאן. די דיכטונג האט גענומען אין באטראכט אויסשליסלעך די סאציאלע טעמע, און די הערשנדיקע פארהעל-

טעניש, וואָס דרינגען אַרויס פון דעם געזעלשאַפטלעכן רעאַליטעט־קאַמף. זיי שטרייכן אונטער שאַרף די קלאַסן־ליניע אין זייער דיכ־טונג און אַזעלכע דיכטער ווי מ. א. סול, י. א. ראָנטש, ל. מילער, טייל־וויז אויך מעינקע קאַץ, משה שיפרים, תהילת מיט די בירגערלעכע שריי־בער און נאָכהער איבעררייסנדיק אום אָנצושליסן זיך אין „פראָלעט־פען", ווערן זיי די, וואָס דרינגען דורך זייער דיכטונג מיט סאָציאַלע און פראָלעטאַרישע מאָטיוון. און דער נייער מאָטיוו ווערט טרעפלעך באַ־גרינדעט אין איינעם פון די לידער פון י. פּאָמעראַנץ: „מיר האָבן ערשט אָנגעפאַנגען, מיר זיינען נאָך יונג, אָבער מיר וואַקסן און גלייבן, אַז מיר וועלן נאָך זאָגן א ניי וואָרט, אונדזער וואָרט", און פונקט ווי די פריער־דערמאָנטע נעמען אָן אַ ענלעכן טאָן די דיכטער י. פּאָמעראַנץ, יאָסל קאָן, ב. פענסטער, אייזיק פּלאַטנער, הייזלער, פרינץ, — אַלע צוזאַמען בילדן זיי דעם פּראָלעטאַרישן כאָר און ווירקן ווירקלעך מיט זייער נייעם טאָן, וואָס זיי ברענגען אַריין אין דער דיכטונג.

און ענדלעך האָט אויך דאָס פּראָזע־שאַפן, די בעלעטריסטיק אָנ־געשלאָגן אַ נייעם טאָן, הגם די פּראָזע האָט נישט דערגרייכט די גרויס פון דער דיכטונג. פון שרייבער וואָס האָבן געשריבן גרעסערע בעלעט־ריסטישע ווערק קאָן מען דערמאָנען כאַווער־פּאַוועך, אָבער אפילו מיטן גאָר באַגרענעצטן אין דער פּראָזע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דער גרופּע „פּראָלעטפען", האָט דער נייער טאָן אין דער דיכטונג און פּראָזע אויסגעברייטערט די האָריזאָנטן פון דער אידישער שאַפונג אין די פּאַ־ריינֿיקטע שטאַטן, ס'איז געוואָרן אַ נייע ווענדונג, וואָס האָט דורכגעלייגט אַ בריק צו ענלעכע גרופּעס אין פּוילן און אין די אַנדערע לענדער פונעם אידישן שאַפן, באַזונדערס צו דער סאָוועטישער אידישער ליטעראַטור, וואָס פאַרנעמט אַ גאַנץ באַזונדערן אָרט אין דער געשיכטע פון דער אי־דישער ליטעראַטור און אידישער שאַפונג.

— 5 —

אַ באַזונדערע דערשיינונג אין דער געשיכטע פון דער אידישער לי־טעראַטור איז דאָס אידישע ליטעראַרישע שאַפן אין ראַטנפאַרבאַנד. דרייסיק יאָר האָט עקזיסטירט אַ סאָוועטיש־אידישע ליטעראַטור און וואָס שטעלט זי פאָר פאַר דער אַלגעמיינער אידישער ליטעראַטור? געבוירן און אַנטשטאַנען אינעם צייכן פון דער סאָוועטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז זי מיט טאַט און וואָרט געווען באַהעפט מיט דער רעוואָלוציע און מיט דער טראַנספאָרמאַציע, וואָס האָט געפירט פון אַ צאַריסטישער מאָ־נאַרכיע צו אַ פאַרבאַנד פון סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליקן. איר ערשטער אידישער דיכטער אָשר שוואַרצמאַן, וואָס האָט זיין לעבן אַוועק־

געגעבן דער רעוואָלוציע, האָט אין איין סטראָף אָנגעצייכנט דעם וועג פאַר דער ליטעראַטור —

„מיט ביקס אין האַנט,
מיט וואָרעם בלוט אין האַרץ, —

ניט אַ ליטעראַטור פון אַ „שטיללעבן”, פון עלעגיעס און אידיליעס, נאָר פון דורכויסעדיקן קאַמף און אויב דאָס וואָרט דאַרף זיין רעוואָלוציאָנער און קעמפעריש,, מוז צו דעם אויך זיין צוגעפּאַסט דער כאַראַקטער פונעם ליד —

צום ליד, וואָס טוט שוין שאַלן,
ווי טויזנט וואַסער-פאַלן,
וואָס הימלען טרייסלען אויף”.

מיטן דיכטער אָשר שוואַרצמאַן הייבט אָן די געשיכטע פון דער סאָוועטישער אידישער ליטעראַטור און מ׳דאַרף זי נעמען אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט און אין אַ גאַנץ אַנדערער ווירקלעכקייט, ווי מ׳נעמט די אַלגעמיינע אידישע ליטעראַטור. זי איז מער אַ ליטעראַטור אויף אידיש, ווי אַ אידישע ליטעראַטור, זי איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער מולטי־נאַציאָנאַלער ליטעראַטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און איר אַנטוויקלונג־גאַנג האָט זי געמאַכט האַנט ביי האַנט מיט דער אַנטוויקלונג פונעם סאָוועטן-פאַרבאַנד, און, אויף וויפל זי איז דורכאויס פאַרבונדן מיט דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט, איז זי געוואָרן אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון דער נייער רעאַליטעט און פונעם סאָוועטישן מענטש אין איר.

די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור איז אַ ליטעראַטור פון נייע אינהאַלטן, זי איז ניי אין דער טעמע, אין אירע מאָטיוון, מיט אירע נייע מענטשן און אויך איר אידישקייט איז אַ גאַנץ אַנדערע, אין דער ערשטער ריי אַ געזעלשאַפטלעך־צילגעווענדעטע, אַזאַ שטייגער האָט באַשטימט איר כאַראַקטער, און צו דעם האָט זי צוגעפּאַסט אירע אינהאַלטן, פאָרם און מעטאָדן.

די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור האָט ניט געהאַט קיין אַנדער ציל, ווי נאָר צו באַווייזן דעם מענטש אין די אומשטענדן פון דער נייער סאָוועטישער בויאונג, אינעם ליכט און שפּיגל פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם. אָט די דערמאָנטע עלעמענטן האָבן באַשטימט אירע מאָטיוון, וואָס זיינען געוואָרן אַ גאַמע פון מענטשלעכע געפילן און שטימונגען, אַ צוזאַמענבונד פון אידייען און פּראָבלעמען, דורכגעוועבט מיט געשטאַלטן, פּערסאָנאַזשן און פיגורן. פאַר דער אידישער ליטעראַטור זיינען די טעמעס געווען ניי, די מאָטיוון ניי און ס׳איז ווירקלעך געווען צום ערשטן מאָל ווי אין דער אידישער ליטעראַטור איז אריינגעבראַכט געוואָרן אַ טעמאַטיק פון רעוואָלוציע און בירגערקריג, — די אידישע ליטעראַטור האָט גענומען אָפּשפּיגלען דעם הייסן אָטעם פון דער צייט, דאָס גרויס-נייע פון

א עפּאָכע, אַרויסשטעלנדיק אין די פֿעדערשטע רייען דעם טראַנספּאָר-מירטן בויענדיקן אַרבעטסמענטש. און ס'האָט אויך אַנדערש ניט געקענט זיין, מחמת די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָט, באַגלייך מיט אַלע אַנדערע פֿעלקער, באַפֿרייט אויך דעם אידישן מענטש און ס'איז געוואָרן דער היס-טאָרישער פֿאַקט, וואָס האָט באַשטימט די גרונט-טעמע און כאַראַקטער פֿון דער אידישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

דעריבער איז די טעמע פֿון דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור פֿאַרשיידנאַרטיק פֿון דער טעמאַטיק פֿון דער אַלגעמיינער אידישער ליטע-ראַטור. די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור האָט ניט באַדאַרפֿט צו טאָן האָבן מיט אידישער עקאָנאָמישער באַדנלאָזיקייט אָדער אידישער נאַציאָ-נאַלער רעכטלאָזיקייט. די סאָוועטישע ליטעראַטור די אידישע האָט שוין באַדאַרפֿט טראַקטירן פֿראַגן פֿון אידישער עקאָנאָמישער אויפֿריכטונג און מלוכה'ש-מענטשלעכער גלייכבאַרעכטיקונג. זי האָט געהאַט פֿאַר זיך אַ מעכטיקן פּראָדוקטיוויזאַציע-פּראָצעס פֿון די אידישע מאַסן, אַמאָל פֿאַר-שקלאַפֿטע און אין די סאָוועטישע אומשטענדן אַבסאָלוט-באַפֿרייטע; זי האָט געהאַט פֿאַר זיך דעם אידישן אָנטייל אין דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע און די אַנטשטייונג פֿון אַ אידישן קאָלווירטישן פֿויערטום,— ניט גרינג זיינען געווען די פּראָצעסן, ס'איז אויך נאָך אויסגעקומען צו פֿירן אַן אויפֿקלערונג און קאַמף אויסצואָוואָרצלען די אַלטע און פֿאַרעל-טערטע פֿאָראורטיילן, — די אויפֿגאַבן זיינען געווען שווערע און קאָמ-פּליצירטע און ווייל דער סאָוועטישער אידישער שרייבער האָט דעם נייעם פּראָצעס פֿון איד. און אַלגעמיינער איבערשיכטונג געזען מיט קלאָרע אויגן, האָט ער איבערוועגן ניט נאָר די טעמע, נאָר אויך די נייע אינהאַלטן. און ס'איז פֿאַרשטענדלעך, אַז צו דעם איז שוין אויך דער פֿערסאָנאַזש געווען און געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערער. ס'האָט שוין ניט געקאָנט זיין אַ פֿראַגע פֿון באַדנלאָזע לופֿט־מענטשן, נאָר פֿון נייע שוין סאָוו. אידן. איציק פֿע־פֿערס „יאַטן", מאַרקישעס „ברידער", שלוימע-בער און אַזריעל, קושני-ראָווס „קינדער פֿון איין פֿאָלק", דאַניעלס יוליוס און אַנאַ באָגדאַנאָ-וויטש, אָרלאַנדס אינזשיניר גאָרן, בערגעלסאָנס ברייטע געשטאַלטן, קוויטקאָס „רויטער שטורעם", ראָסינס „בערל בעקער און אַנטאָן מאָט-דאָס" און נאָך אַנדערע זיינען געשטאַלטן וואָס האָבן זיך פֿעסט איינגע-בירגערט אין דער אַלגעמיינער סאָוו. ליטעראַטור און זיינען געוואָרן די נייע געשטאַלטן ניט נאָר אין דער סאָוועטיש-אידישער, נאָר אויך אין דער אַלגעמיינער אידישער ליטעראַטור. די אַלגעמיינע אידישע ליטעראַטור איז דורך דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור באַרייכערט געוואָרן מיט נייע פּאָזיטיווע געשטאַלטן, אַזעלכע וואָס פֿאַרקערפּערן נייע טיפּישע שטריכן פֿון העלדנמוטיקע בויענדיקע און שאַפֿנדיקע מענטשן.

אין אזא שטייגער איז געגאנגען די אנטוויקלונג פון דער סאָוועטי־שער אידישער ליטעראַטור. א שטייגנדיקער איז געווען איר אנטוויקלונג־וועג און פון מאָל צו מאָל האָט זי זיך באַרייכערט מיט נייע טעמעס, נייע זשאַנרן און נייע געשטאַלטן. עפּיק און ליריק, דראַמאַטורגיע און היסטאָ־רישער ראָמאַן, דאָס סאָציאַלע און פּאָליטישע ליד,— אויף אַלעם און איבעראַל איז געפּאַלן דער בליק פונעם שרייבער און געטריי רעאַליסטיש האָט ער עס אויפגענומען אין זיין שאַפונג־פּראָצעס.

די אָקטיאַבר־רעוואָלוציע איז געוואָרן דער שעפערישער יסוד פון דער סאָוועטישער אידישער ליטעראַטור און ס'איז געווען צום ערשטן מאָל אין דער אידישער ליטעראַטור, אז לעבן זאָל זיך באַגעגענען מיט קונסט און האַרמאָניש זיך פאַרבינדן צווישן זיך. די רעוואָלוציע איז געוואָרן א קוואַל פון באַגייסטערונג, אָבער ווי דער שרייבער איז נישט געווען באַ־גייסטערט, ממש עקזאַלטירט, איז ער דאָך ניט געקראָכן און נישט געקלע־טערט צו די הימלען, נאָר געבליבן ערדיש־קאָנקרעט, איינגעוואָרצלט אי־נעם לעבן און אוממיטלבאַר פּאָלקסטימלעך־פּשוט. שוין אָשר שוואַרצמאַן האָט באַוויזן וואוהין עס גרייכט די קראַפט פון דיכטער און ליד ווען אַלעם גייט אויף דער ליניע פונעם פאָלקסטימלעך־פּשוטן און ס'האָט אויך אַנדערש ניט געקענט זיין דאָרט, וואו עס איז פאַראַן און וואו די לופט איז אָנגעפילט מיט רעוואָלוציע. מיט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט דאָס אידישע וואָרט באַקומען גאַנץ אַנדערע לונגען און דערשפּירט א גאַנץ נייע, אבסאָלוט־פרישע און אָפּפרישנדיקע לופט. אָשר שוואַרצ־מאַנס ליד האָט געאָטעמט מיט א נייעם קעמפערישן הומאַניזם, מיט א נייען סאָציאַלער ליידנשאַפט, ווייל ער האָט דערהערט „דעם אויסגע־שריי פון דורות און פון צייטן", דוד האָפשטיין באַוואונדערט די הויכע מענטשלעכע אמתן, וואָס די רעוואָלוציע האָט אנטפּלעקט און קוויטקאָ דערזעט אין דער רעוואָלוציע א רויטן, זיך באַוועגנדיקן זייל, אַן אוצר פון פאַרביקע פּאָלקס - געפילן, דורכגעדרונגענע מיט אידייען, מיט נייע הומאַניסטישע באַגריפן, בעת פּרץ מאַרקיש זינגט אויס די רעוואָ־לוציע אינעם לעבן פונעם יחיד, וואָס האָט מיטאַמאָל דערשפּירט אז ער איז פריי און אויסגעלייזט. דער דיכטער גופא האָט דערשפּירט, אז ער אַליין האָט זיך אראָפּגערעגנט פון א כמארעדיקן הימל מיט א „פרימאָרגן אויפן האַרצן" און מיט אַן ענלעכן ברויזנדיקן אימפּעט איז געקומען צו דער רעוואָלוציע אויך קושניראָוו, די רעוואָלוציע איז פאַר אים א באַפאַנ־צערטער צוג, אָנגעפולט און דורכגעדרונגען מיט יוגנטלעכן דראַנג און דורך איר זעט ער דעם ריכטיקן באַפרייטן פּראָמעטעוס און ס'רעגט אָן דעם דיכטער, אַז זיין דיכטערישער לעבנס־פּראָגראַם זאָל ווערן „צו שטו־רעמס זיך ווענדן". און עזרא פינינבערג? תהילת נעמט ער אויף די רע־וואָלוציע ווי א היסטאָריש־עטישע פּאָזיציע. פאַר אים איז זי דאָס העכס־

טע און ריינסטע פון דער מענטשלעכער געשיכטע, דעריבער חוזקט ער אויס דעם „זיידנס מיטוואָך" און רעדט שאַרף קעגן דעם אָפּגעלעבטן שטייגער פון דער אייגנטימערישער וועלט, וואָס האָט נישט געלאָזט דעם מענטש זיין פריי, האָט אים געשטערט אין זיין מי, שאַפן און ליבע.

די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם אופן דענקען און פילן אויך אינעם לעבן פון די אידן אין סאָוויעטן-פאַרבאַנד. ס'איז געוואָרן דער גרויסער איבערבראָך צום רעוואָלוציאָנערן, פונעם אמאָל-סטאַטישן צום קעגנווערטיק-דינאַמישן און אין דעם האָט דער רוסישער איד דערפילט ווי טייער עס איז אים דער סאָוועטישער באָדן, דאָס פרייע סאָוועטישע רוסלאַנד. דער דיכטער ש. האַלקין זאָגט עס אַרויס אין זיין אַ פערז „פרייער איז אונדז יעדער הייב פון דיין האַנט" און ער האָט דער-הייפּט געמאָלדן „מיר געהערן, ראַטנרוסלאַנד, דיר" און האָט זיך נישט נאָר געשטעלט אין קאָנטאַקט, נאָר זיך באַהעפט מיט דער רעוואָלוציע. איציק פעפער ווידער איז תחילת געווען אַ באַהעפטער מיט דער רעוואָ-לוציע, ווייל ער אַליין איז געווען אַן אָנטיילנעמער אין אַלע שלאַכטן פון דער רעוואָלוציע, איז געגאַנגען זיין וועג צוזאַמען מיט אַלע רעוואָלוציאָ-נערע מאַסן-קעמפער און די רעוואָלוציע גופא איז געוואָרן פאַר אים אַ גרויסער יום-טוב, הגם ער באַזינגט עס ווי „טעג פון פראָסטן וואונדער" און טאַקע אין די טעג פון פראָסטן וואונדער דערשפּירט זיך דער פּאָעט געבונדן מיט דער מאַסע, פילט די פולשטענדיקע און אבסאָלוטע האַר-מאָניע צווישן וואָרט און רעוואָלוציאָנערן טאַט. אויף אַזאַ שטייגער האָט ער זיך באַפרייט פונעם אַלטן נעכטן, האָט זיך באַפרייט פונעם יחידיש-פּעסימיסטישן און גאָר אַנטפּלעקט אַ קוואַל פון פאָלקסטימלעכער פשטות.

פונקט ווי אין דער אַלגעמיינער סאָוועטישער ליטעראַטור האָט אויך די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור אָנגעהייבן מיטן עפּאָס, מיטן עפּישן. אויף דער שטופע פון קאַמף איז דאָס עפּישע די ריכטיקע אויסדרוק-פאָרם פאַר דער דיכטונג און בהרדגהדיק איז מען פון דער עפּיק אריבער צו דער ליריק, וואָס האָט אין איציק פעפער געפונען איר אמתדיקן און אוי-טענטישן אויסדרוק. אָבער באַזונדערס וויכטיק איז דער נייער טאָן, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער אידישער דיכטונג. מיט זיין פּאָעמע „עליעס טויט" שאַפט ער די פאָרם פאַרן סוזשעטיש-ראָמאַנטישן און דיכ-טעט דערהייפּט מיט קאָנקרעטע אינהאַלטן. און ענלעך איז אויך ראָסין. דאָס סוזשעטישע געפינט מען אין זיין פּאָעמע „בערל בעקער" און אינ-טערעסאַנט שטעלט פאַר דעם בירגערקריג עזרא פינינבערג אין זיין פּאָע-מע „ביים דניעפּער".

דער בירגער-קריג פאַרנעמט דערהייפּט אַ גרויסן אָרט אין דער סאָ-וועטיש-אידישער ליטעראַטור. אייגנטלעך האָט זי מיט דעם אויך אָנגע-

הויבן, טאַקע ווייל דער בירגערקריג האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער אַרע-נע אַ נייעם אידישן מענטש, ווי ליב קוויטקאָ שטעלט אים פאָר אין זיין פּאָעמע „יונגע יאָר". אויך אין דער פּאָעמע געפינט מען דאָס סוזשעטיש-שילדערישע, — די צוויי הויפּט-העלדן פון דער פּאָעמע זיינען די צוויי יונגען כיסטן און שימקע און ביידע זיינען זיי געקומען פון די שטאָטישע הינטערגעסלעך צום ווערן ניט נאָר די מענטשן פון העלדישע שלאַכטן און קאַמף, נאָר אויך דער נייער מלוכהשער מענטש פון פאָלקס-איניציאַ-טיוו. און באַזונדערס צייכנט זיך אויס מיט זיין עפּאָס פרץ מאַרקיש. פרץ מאַרקיש איז געקומען אַ ביסל שפּעטער צו דער רעוואָלוציע, אָבער ער האָט גלייך געכאַפּט איר אָטעם און זי פאַרגעשטעלט אין אַ נייעם עפּאָס. אין דעם פּרט צייכנט זיך אויס זיין פּאָעמע „ברידער. מיט גע-הייבענע קעפּ טראָגן זיך שלמה-בער, עזריאל, די נייטערן נחמה, בענ-טשיק און אַנדערע איבער דער „רוסלענדישער ערד" און מ'פילט ווי זיי ווערן געטראָגן פון דער פרייד פון באַפרייערישע שלאַכטן. גאַנץ ריכטיק זאָגט איינער פון פרץ מאַרקישעס פערסאָנאַזשן: „אַ פריילעכע וועלט קומט אָן, וועסטו זען...". אין זיין „דור-איין, דור-אויס" פאַרבינדט פרץ מאַר-קיש די טעמע פון דער רעוואָלוציע מיטן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. זיין הויפּט-פּערסאָנאַזש מענדל פאַרטרויט זיך דער רעוואָלוציע דורך זיינע נאַציאָנאַל-היסטאָרישע און עטישע קאַטעגאָריעס. די אַלטע וועלט איז גע-ווען אַן אומגערעכטע, האָט רק שלעכטס געטאָן דעם אידישן פאָלק מיט דערנידערונגען, פּאָגראָמען, — די רעוואָלוציע מאַכט אַ סוף צו אַזאַ וועלט, באַנעמט מענדל אַז זיין זון עזרא געהערט צו אַ נייעם אויפקומענ-דיקן דור, בענטשט ער אים אויפן וועג צו דער רעוואָלוציע. אויך דוד בערגעלסאָן האָט מיט זיין ראָמאַן „מדת הדין" זיך געשטעלט מיטן פּנים צו דער רעוואָלוציע און בירגערקריג, דאַניעלס פּערסאָנאַזש אין דער דער-ציילונג „אויפן שוועל" — דער מאָלער ראשאל האָט רק געמאָלן פּיי-זאַזשן, בעת דער מענטש איז געווען פאַר אים אַ פאַרנאַכטיקער שאָטן און אויפן שוועל פון דער רעוואָלוציע האָט ער שוין אויך דעם מענטש דערזען און די רעוואָלוציע ווערט פאַר אים אליין אַ דערפרישנדיקער קוואַל. די רעוואָלוציע און בירגערקריג האָבן אַנטפּלעקט דעם פאָלקס-מענטש אין זיין פּסיכיק, אויפגעבונדן אים אין אַלע זיינע איינגנשאַפטן און פעאיקייטן, גאַנץ פיין דערציילט וועגן דעם נוח לוריע אין זיינע נאָ-וועלן וועגן בירגער-קריג, אויך אַליעווסקי אין זיין בוך דערציילונגען „אָנהייב לעבן" און אין דער טעמע פון רעוואָלוציע און בירגער-קריג איז געקומען די זעלבסטבאַשטימונג פון דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור און פונעם סאָוועטישן אידישן שרייבער.

דער ערשטער פּעריאָד פון דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור איז געווען איר איינבירגערן זיך אין דער אַלגעמיינער סאָוועטישער ליטעראַ-

טור. מען דאַרף דערביי אויך דערמאָנען קיפּניסעס „טעג און נעכט", א. מייזלס דערציילונגען, ש. גאָדינערס „דער מענטש מיט דער ביקס", אַן עוולה וואָלט געווען פאַרגעסן און דורכלאָזן איזי כאַריקן מיט זיין גרויסער פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס", ער האָט זיין אָרט און מ'וועט אים נישט קענען אויסשטרייכן סיי פון דער סאָוועטיש-אידישער, סיי פון דער אַלגעמיינער אידישער ליטעראַטור און די אַלע שאַפונגען אַנטפּלעקן דאָס אידישע איינגלידערן זיך אין אַ גרויסן היסטאָרישן פּראָצעס פון רעוואָ־לוציאָנערע ענדערונגען און פאַרענדערטקייטן, אונטערשטרייכנדיק ווי עס ענדערט זיך די פּסיכאָלאָגיע פונעם אידישן מענטש אינעם אָנבליק פונעם היסטאָריש-רעוואָלוציאָנערן און ווי עס איז געשען די טראַנספאָר-מאַציע פונעם פּאַסיוו-הכנעהדיקן צום אַקטיוו-קעמפערישן. ס'בינדט זיך מיטן קאָנסטרוקטיוון און רעאַליסטישן כאַראַקטער פון דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור און איר כוח איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט זיך גלייך אַנטפּלעקט אינעם זין פון איר זיין.

די גרויסע מעלה פון דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור באַ-שטייט אין דעם וואָס זי האָט זיך ניט איזאָלירט פון די ליטעראַטורן פון די אַנדערע סאָוועטישע פעלקערשאַפטן, נאָר איז געגאַנגען מיט זיי דעמ-זעלבן וועג, באַרירנדיק אַלע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן סאָוועטישן אויפבוי און די אחריות און ראָל וואָס דער אידישער מענטש האָט דערביי מקיים צו זיין. דער אידישער מענטש ווערט נישט אויסגע-טיילט פונעם כלל, ער ווערט אַ באַשטאַנדטייל פונעם זעלבן און די סאָ-וועטיש-אידישע ליטעראַטור ווייזט אים אין פאַרשיידענע פאַזן פון זיין איבערקאָנסטרואירן זיך פּאָליטיש, סאָציאַל, עקאָנאָמיש און גייסטיק, דער אידישער מענטש ווערט באַוויזן אינעם ליכט פון זיין נייער פּסיכאָלאָ-גישקייט און מיט זיין פּאָזיטיוון אָנטייל אינעם גרויסן אויפבוי-פּראָצעס פונעם סאָוועטישן היימלאַנד. ס'איז אַ ליטעראַטור פון קאָנקרעטע קאַטע-גאָריעס. דעריבער איז זי געווען רעאַליסטיש, פריי פון יעדן מיסטיציזם און מיסטישקייט, פון סימבאָליסטישע פּאַראַורטיילן און איינבילדונגען, — אין באַטראַכט האָט זי גענומען נאָר דאָס רעאַליסטישע און רעאַלע טאַטן, שטעלנדיק אינעם צענטער די שעפערישע פעאיקייטן פונעם יחיד אויפן פּאָן פון אַ קאָלעקטיווער בויאונג. און האָט מען דען געקענט ניט באַווירקט ווערן פון אַזאַ גיגאַנטישן פּראָצעס? ס'איז דער כוח פון דער גרויסער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און אינטערעסאַנט, אַז זי האָט געהאַט אַ פּרוכטיקע ווירקונג אויך אויף אייניקע פונעם דור עלטערע שרייבער, ווי משה טייטש, יודל יאָפע, ליפמאַן-לעווין, ז. ווענדראָף, ידדיה מאַרגולים און אַנדערע.

די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע עטאַפּן, צוגעפּאַסט צו דער סאָוועטישער אַנטוויקלונג, און, פּונקט ווי זי

האָט באַוויזן דעם אידישן מענטש אין רעוואָלוציע און בירגער-קריג, אַזוי האָט זי אים אויך באַוויזן אין די אומשטענדן פון אַ נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק „נעפּ", אינעם פּראָצעס פון דער אידישער אַגראַריזאַציע אויף די קרימער פעלדער, אינעם זיין באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער אינדוסט-ריאַליזאַציע פונעם סאָוועטן-לאַנד, אינעם אויפבוי פון דער אידישער אויטאָנאָמער געגנט בּיראָבּידזשאַן, וואָס האָט געזאָלט ווערן אַ קערן און יסוד פון אַ אידישער סאָוועטישער רעפּובליק. אידיש איז די סאָווע-טיש-אידישע ליטעראַטור אין טאָן, אָבער אין אַ פולשטענדיקער האַרמאָ-ניע מיט דער אַלגעמיינער סאָוועטישער ליטעראַטור. באַזונדערס איז עס געקומען צום אויסדרוק בעתן צווייטן וועלטקריג און אַ שטיקל צייט אויך אינעם נאָכמלחמה׳דיקן פּעריאָד פונעם זיג איבערן נאַציזם, ווען דאָס סאָוועטישע לאַנד איז ווידער אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר שווערע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון ווידעראויפבויען דאָס צעשטערטע דורך דעם שונא.

דער אָקטיאַבער-פּעריאָד אָדער עטאַפּ האָט געלייגט אַ חותם אויף דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור. ס׳איז אויך געווען וויכטיק אָנצו-ווייזן אויף די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פונעם ערשטן דור סאָוועטי-שע שרייבער, אָבער ניט מיט זיי אַליין ווערט אויסגעשעפּט דער גאַנצער עפעקטיוו פון די אידישע שרייבער אין סאָוועטן-פאַרבאַנד. עס איז גע-ווען אַ פּראָצעס פון אַ פּערמאַנענטן צופלוס און באַנאַנד מיטן שוין אויסגערעכנטן דור שרייבער קומען צו אָרלאַנד מיט זיין ווערק „הרעב-ליעס", אַלבערטאָן מיט זיין „בּיראָ-בּידזשאַן", מ. אַראָנסקי און א. קאַ-האַן מיט זייערע ראָמאַנען, פּערסאָוו מיט זיינע דערציילונגען, חנה לע-ווין מיט אירע לידער און פּראָזע. און נאָך זיי קומט דער יונגער דור אידיש-סאָוועטישע שרייבער דיאַמאַנט, אליהו קאָהאַן, גאָנטאַר, האַרצ-מאַן, זעלדין, פּאָליאַנקער, אליהו גאָרדאָן און נאָך אַ סך אַנדערע, — אַלע מיט זייער שאַפן, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ די שרייבערשע אינדיווידואַליטעט און די סאָוועטיש-בויענדיקע ווירקלעכקייט.

ס׳וואָלט געווען אייגנטלעך וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אפשר גענוי אויף די באַדייטנדיקסטע ווערק פון דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור, ווי אויך אויף יעדן פּעריאָד באַזונדער, אָבער ניט דאָס איז עיקר, — דאָס הויפּטזעכלעכע איז אונטערצושטרייכן און קאָנסטאַטירן די יש׳דיקייט און זין פון דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור, וואָס איז געקומען מיט אַ גאַנץ נייער טעמאַטיק, מיט פולשטענדיק-נייע פּערסאָנאַזשן, — פרייע מענטשן, וואָס בויען, שאַפן און ס׳איז קלאָר, אַז ס׳האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן און נייע שטרעמונגען אין דער אַלגעמיינער אידישער ליטע-ראַטור, געהייבן איר ווערט און איר צוגעגעבן מער אָנזען, מער חשיבות. דערצו איז זי ניט געוואָרן אַ ליטעראַטור פון פאַרגליווערטקייט, נאָר זי

האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר דינאַמיק, מיטן רעאַגירן אויף יעדער טאַט און דערשיינונג אין דער נייער ווירקלעכקייט, — זי איז געווען אַ ליטעראַטור, וואָס באַזינגט בויאונג. אָקערשט האָט זיך פּאַרענדיקט דער בירגערקריג, ווי איציק פעפער קומט מיט זיין וואָרט-ליד וועגן דעם דניעפּר-בוי, עס זיינען די פונקטן, וואָס וועלן פאַרטרייבן די פינצטער-ניש, די נויט און באַזונדערס שטרייכט ער אונטער וויאַזוי די נאַטור גיט זיך אונטער דער קראַפט פונעם אַרבעטנדיקן מענטשן. דער דניעפּר-בוי איז דערהויפּט געוואָרן אַ טעמע און אויך פּרץ מאַרקיש ווידמעט דעם זיין „אויפגאַנג אויפן דניעפּר״. און ניט נאָר דאָס אַליין. ווען האָט דען די אידישע ליטעראַטור געזונגען און באַזונגען שאַכטעס? איציק פעפערס „פּלאַסטן״ זיינען דאָס געזאַנג פון און צו די שאַכטעס, אַלבערטאָן און אָליעווסקי שרייבן וועגן שאַכטעס, ווייל צום ערשטן מאָל אין דער גע-שיכטע קומט אַריין אין דער שאַכטע אויך דער אידישער יוגנטלעכער, מיט עקשנותדיקער קראַפט פאַרוואָרצלען זיי זיך אין דער נייער אַרבעט. עס שטייט אויף אַ נייער אידישער אַרבעטס-מענטש, שוין אַ פאַרבונדע-נער מיט דער שווערער און גרויסער אינדוסטריע און אַזוי אויך מיט דער אַגריקולטור. אליהו גאָרדאָן האָט מיט זיינע צוויי דערציילונגען „ווילד-גראָז״ און „אינגול באָיאַר״ דערשפּירט ווי ס׳האָט אויפגעוואַכט די סטעפּ אינעם האַרץ פונעם אָרעמען אידישן פויער. אָנשטאָט צו פּאַופּעריזירן זיך, ווי עס איז געווען אין די פּאַר-רעוואָלוציאָנערע צייטן, הייבט אָן דער אידישער מענטש אין די אומשטענדן פון דער סאָוועטישער אָרדענונג זיך צו פּויעריזירן, ער גייט צו דער ערד, ווי מ׳גייט צו אַ גוטער מוטער און לאָזט זי שוין מער ניט רוען. גאָרדאָן ווידער האָט געשילדערט דעם ערב-פּראָצעס פון דער אידישער איינאָרדענונג אויף ערד און אַנטדעקט ווי גרויס עס איז געווען דער אידישער סטיכישער דראַנג איינצואָרדענען זיך אויפן באָדן: מען גייט מיט אַ באַוואוסטזיין און מיט אַ פרייד, ווייל מ׳באַנעמט דעם כוח פון דער מאַמע-ערד פאַרן אידישן מענטש, וואָס איז פון קנעכטשאַפט אַרויס צו פרייהייט. דערזעלבער טעמע איז אויך געוויד-מעט פּרץ מאַרקישעס דראַמע „ניט געדאיגעט״.

אינדוסטריאַליזאַציע און אַגראַריזאַציע פונעם אידישן מענטש אין סאָוועטן-פאַרבאַנד זיינען געוואָרן אַ גרויסער עטאַפּ אינעם אידישן לעבן און ס׳האָט אויך באַקומען אַ תיקון אין דער סאָוועטיש-אידישער דיכטונג און פּראָזע. די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור האָט אָפּגעשפּיגלט דעם פּראָצעס פון דעם עקאָנאָמישן און סאָציאַלן איבערבוי פונעם אידישן לעבן אין סאָוועט-רוסלאַנד. פאַרן אידישן אַרבעטנדיקן מענטש אין סאָ-וועט-רוסלאַנד האָבן זיך געעפנט און אַנטפּלעקט נייע האָריזאָנטן, די לי-טעראַטור איז געוואָרן די דאָקומענטאַציע פון די אַלע ענדערונגען און אַנטפּלעקטע נייע האָריזאָנטן און אַ באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע באַדיי-

טונג האָט די שילדערונג פונעם פּראָצעס באַקומען אין די ווערק, וואָס האָבן פאַר זייער טעמע גענומען ביראָ-בידזשאַן. דאָ איז שוין אריינגע-קומען די לייזונג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פראַגע אין די סאָווע-טישע אומשטענדן און ווירקלעכקייט און ס'איז ניט געווען קיין אידישער פּראָזאַאיקער און דיכטער אין סאָוועט-רוסלאַנד וואָס זאָל זיך ניט געוועןן האָבן געווענדעט צו דער טעמע. ס'איז גענוג אָנצואווייזן אויף אַזעלכע ווערק ווי מ. גאָלדשטיינס „ביראָבידזשאַנער אויפן אמור", בערגעלסאָנס „ביראָבידזשאַנער", אַלבערטאָנס „ביראָבידזשאַן" און אַנדערע, און אין דערזעלבער צייט האָט אָנגעהייבן בליען אַ אידישע פּראָזע און דיכטונג אין ביראָבידזשאַן גופא. פּונקט ווי וועגן ביראָבידזשאַן, אַזוי איז אויך געקומען אַ אידישע ליטעראַטור פון ביראָבידזשאַן, ווי דער שוין דער-מאָנטער מ. גאָלדשטיין, דאָבינס „בינשטאָקן", מילערס ביראָבידזשאַנער דערציילונגען, קאָזאַקעוויטשעס „שלום און חוה", אָליעווסקיס ביראָביד-זשאַנער לידער, ווערגעליסעס „ביים קוואַל" און אַנדערע שאַפונגען, וואָס קומען שוין דירעקט פון ביראָבידזשאַן, און, היות ביראָבידזשאַן האָט געזאָלט ווערן אַ קאָנקרעטע און רעאַלע דערשיינונג אינעם אידישן לעבן, ווערט עס אויך דער קאָנקרעט און רעאַלקייט פון דער סאָוועטיש-אידי-שער ליטעראַטור.

אויף אַזאַ שטייגער איז די טעמאַטיק פון דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור געווען ניט קיין אַבסטראַקטע, נאָר אַ קאָנקרעט-רעאַלע, ארויס-געדרונגען פון די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו-אַנטוויקלונגען פון סאָוועט-רוסלאַנד און צוזאַמען מיט דעם אויך מיט דער היסטאָרישער פּערספּעק-טיוו-אַנטוויקלונג פונעם סאָוועטישן אידנטום. דער סאָוועטיש-אידי-שער שרייבער ווערט דער וואָס פאַרנאָטירט, דאָקומענטירט און באַשטע-טיקט דעם אַנטוויקלונגס-פּראָצעס, ווייל דער אידישער שרייבער איז נישט געווען אויסגעטיילט פונעם אַלגעמיינעם פּראָצעס, נאָר פּונקט ווי יעדער בירגער אין סאָוועטן-לאַנד, פּונקט ווי יעדער איד אין סאָוועטן-פאַרבאַנד, איז אויך דער אידישער שרייבער געווען דער דירעקט-באַטיי-ליקטער אין דער בויאונג, און, אגב מיט מער אחריות, ווי ווער אַנדערש. אדאַנק דעם געווינט די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור אַ געשיכטלעכן זין, אָבער זי איז אין דערזעלבער צייט אויך אַ געווער צו שאַפן געשיכ-טע און ארויספירן דעם סאָוועטיש-אידישן מענטש אויף די וועגן פון דער געשיכטע, דערצו ניט איזאָלירט, נאָר צוזאַמען מיט אַלע סאָוועטישע פעלקערשאַפטן. איציק פעפער, אַ. קושניראָוו, מ. כאַשטשעוואַצקי, עזרא פינינבערג, פּרץ מאַרקיש, ש. האַלקין, לייב קוויטקאָ, ע. קאָזאַקעוויטש און אַנדערע אינעם ליד, ש. גאָדינער, מ. דאַניעל, נאָטע לוריע, אליהו קאָהאַן, מ. קיפּניס און אַנדערע אין דער פּראָזע זינגען אויס און באַשרייבן דעם היסטאָרישן פּראָצעס און דורכוים אין אַ פריידיקן טאָן, ווייל זיי האָבן

נעהאט דערפילט א פעסטן באַדן אונטער זייערע פיס. די בליקן זיינען געווען געווענדעט צו דער גרויסער פרייער צוקונפט, און, פונקט, ווי דער סאָוועטישער אידישער מענטש פילט זיך א טייל פונעם גרויסן סאָוועטישן קאָלעקטיוו, אזוי האָט אויך דער אידישער דיכטער און שרייבער זיך געפילט א טייל פונעם זעלבן קאָלעקטיוו און מיט אַן ענלעכן גייסט זיינען אויך נעווען דורכגעדרונגען זייערע שאַפונגען. דער עיקר און תמצית פונעם שאַפנדיקן איז געווען דער סאָציאַליסטישער אינהאַלט פונעם סאָוועטישן אויפבוי-ווערק און דאָס סאָציאַליסטישע זאָל האַרמאָניזירן און זיין באַהעפט מיטן נאַציאָנאַלן. סאָציאַליסטישער אינהאַלט און נאַציאָנאַלע פאָרם, — אַזאַ איז געווען דער כאַראַקטער פון דער אַלגעמיינער סאָוועטישער ליטעראַטור, און אויף וויפל עס איז געווען חל אויך אויפן אידישן שאַפן, איז די אידיש-סאָוועטישע ליטעראַטור געוואָרן אַ יש פון אַ סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

ווי שוין אָנגעוויזן, איז דאָס פּראָקלאַמירן בּיראָבּידזשאַן פאַר אַ אידישער אויטאָנאָמער געגנט געוואָרן אַ באַזונדערע דערשיינונג. דער היסטאָרישער פאַקט האָט גלייך באַקומען אַן אָפּרוף אין דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור. די אידישע ליטעראַטור אין דיכטונג און פּראָזע האָט גענומען שילדערן ווי עס גייט דער אויפבוי-פּראָצעס, ווי דער אידישער מענטש אָרגאַניזירט דאָרט זיין נייעם לעבן און ס'בילדעט זיך זיין נייע פּסיכאָלאָגישקייט פון אַ פילן זיך אויף אַן אייגענעם באָדן, אין פילן זיך פריי און גלייכבארעכטיקט צו בויען אייגנס, וואָס זאָל דינען צום וואויל פונעם יחיד און כלל.

און ווי די אַלגעמיינע סאָוועטישע ליטעראַטור, האָט אויך די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור דורכגעמאַכט אַ מאָמענט פון טרויער, אָבער ניט פון פאַרצווייפלונג. ס'איז געווען בעתן צווייטן וועלטקריג און גראָד אין אַזאַ שווערן מאָמענט האָט די ליטעראַטור באַלד געפונען איר וועג און ריכטונג. דער אַלטער כלל, אַז בעת קריג שווייגן די מוזעס האָט אין די סאָוועטישע אומשטענדן פאַרלאָרן יעדע גילטיקייט. מ'האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָרט קען אויך זיין אַ מעכטיקער און שאַרפער געווער אינעם קאַמף קעגן אַ ווילדן שונא. און פון די אַלגעמיינע סאָוועטישע האָט אויך די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור געהאַט פאַר זיך איין טאַט און אידעע: האַסיקער קאַמף קעגן דעם שונא און אומבאַגרענעצטע ליבע צום פאָטערלאַנד. עס האָט געשפילט אַ גאָר גרויסע ראָל און איז געוואָרן דער כוח פונעם סאָוועטישן זיג איבער די פינצטערסטע כוחות פון דער וועלטגעשיכטע. און אין דערזעלבער צייט האָט מען אויך ניט פאַרזען די ליידן פונעם אידישן פאָלק אונטער דער מאַכט און יאָך פונעם פאַשיזם. אין דעם פּרט איז באַזונדערס באַמערקנסווערט די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור פון דער מלחמה-צייט. שוין אין די ערשטע טעג פונעם קריג

האָט מען אין דער סאָוועטיש־אידישער ליטעראַטור דערהערט דעם רוף „פאַרן היימלאַנד, אין שלאַכט!" און עס איז געוואָרן די צענטראַלע אי־דעע און דער העכסטער מאָטיוו פון דער גאַנצער סאָוועטיש-אידישער דיכטונג און פּראָזע. א. קושנעראָוו, וואָס איז אַוועק דירעקט אין קריג אויפן פראָנט, קומט מיט זיינע ערשטע פאַרצייכענונגען, מיט זיינע מיל־חמה-לידער, אין וועלכע ער אַנטפּלעקט דעם מוטיקן קאַמף פונעם סאָוועטישן מענטש פאַר זיין היימלאַנד. אים אינטערעסירט ניט די שלאַכט גופא, נאָר דער סאָוועטישער קעמפער, וואָס באַווייזט זיך אין זיין באַזונדערער מאָראַלישער שיינקייט און קראַפט. עזרא פינינבערגס לידער „פון שלאַכטפעלד" און „אין ריזיקן פייער" דערציילן ווי צוזאַמען מיט אַנדערע מיליאָנען סאָוועטישע שלאַכטמענער האָט אויך ער זיך באַטייליקט אינעם הייליקן קריג, גייענדיק אין סאַמע פייער, ווי ער איז „אריין אין צאָרנדיקע שטראָמען, אין דער לעבעדיקער עפּאָפּייע, אין דער עפּאָפּייע פון מילחמה". און די הויפּט־אידייע פון זיינע לידער איז „לאַנד און ליב־שאַפט", דערפירט צו אַ העכסטן פּאַטאָס פון אַ מענטש, וואָס ווייסט ניט פון קיין אַנדערער ליבע, ווי נאָר די צו זיין סאָוועטישן היימלאַנד.

אַלע אידישע שרייבער האָבן פאַר זייער טעמע גענומען דעם צווייטן וועלטקריג און דעם קאַמף פונעם סאָוועטישן פאָלק סיי פאַר דער פריי־הייט פון זייער היימלאַנד, ווי אויך צו באַפרייען די וועלט פון דער „ממשלת זדון". עלטערע און יונגערע שרייבער און דיכטער נעמען עס פאַר זיין טעמע. די דערציילונגען פון ה. ראָבין וועגן די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן, פון י. פאַליקמאַן וועגן די מענטשן פון „מיין לאַנד", די שאַ־פונגען פון י. דאָבין, דוד בערגעלסאָן, דער ניסתר, נוח לוריע, מ. קיפּ־ניס און שירקע גאָמען שילדערן די מונטערקייט און העלדישקייט פונעם סאָוועטישן מענטשן, וואָס גייט מיט אין שלאַכט ניט אויס מורא און פחד, נאָר אויס געוויסן און באַוואוסטזיין.

י. פאַליקמאַן אַנטפּלעקט אין זיינע דערציילונגען די שיינקייט פון די סאָוועטישע מענטשן. אין איינער פון זיינע דערציילונגען שרייבט ער: „אין יעדן מענטשן, אין יעדן פון אונדזערע מענטשן איז דאָ אַ פּערל, מע דאַרף אים קענען געפינען, דערגרונטעווען זיך צו אים, און עס איז אַ גרויסע פרייד, ווען מע געפינט דעם דאָזיקן פּערל אינעם מענטשן". אין רוב האָט פאַליקמאַן אין זיינע מילחמה-דערציילונגען געשילדערט דאָס פראָנט-לעבן, דעם רוימאַרמייאישן שטייגער, בעת דאָבין דעקט אויף די איינצלהייטן פונעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף אין די ווייסרוסישע וועלדער, אינעם הינטערלאַנד פונעם שונא. אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט שענקט ער אויך דעם אידישן לעבן אין געטאָ, וואו עס וואַקסט דאָס געפיל פון נקמה ביים געטאָ-איד און וואו עס איז געגאַנגען די פאַרבינדונג צווישן דעם געטאָ און פּאַרטיזאַנישן וואַלד. די האָפענונג פונעם געטאָ-איד איז

דער פּאַרטיזאַנער און אַזוי ציען זיך די מענטשן פונעם געטאָ צום וואַלד צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער צו קעמפן פאַר באַפרייאונג און פרייהייט. אין זיין דערציילונג „גרינע שאָטנס" דערציילט ע. קאָזאַקעוויטש וועגן דעם העלדנמוט פון די סאָוועטישע שלאַכטלייט און ענלעך איז אויך די טעמע ביי די יונגע, בײַ אַזעלכע ווי מאַלטינסקי, גרוביאַן, ווערגעליס, טייפון, טעלעסין, דריז, באָרוכאָוויטש, קערלער, גאָלדשטיין און בראָנפּ-מאַן, — דיכטער אַרויסגעוואַקסענע שוין דירעקט פון דער סאָוועטישערווירקלעכקייט.

י. קערלער האָט גלייך אָנגעהייבן מיט מילחמה-לידער. ס'איז געווען זיין אָנהייב, זיין אַריינמאַרשירן אין דער סאָוועטיש-אידישער דיכטונג און שוין אין די לידער שפּירט מען דעם אָטעם פון אַ פולבלוטיקן דיכ-טער. מ. טאַלאַלאַיעווסקי ווידער האָט אויף אַ פּאָעטישן שטייגער פאַר-נאָטירט מילחמה-כראָניק, — ס'איז דאָס פראָנט-לעבן פון אַ דיכטער, אַליין אויך אַ סאָלדאַט, וואָס דערציילט דאָס געשעענע ביי ראָסטאָוו אויפן דאָן, אין לוואָוו, אין פוילן, אין טשעכאָסלאָוואַקיע, דערהויפּט אומעטום וואוהין דער גורל האָט אים געפירט. ער האָט אומעטום און איבעראַל געזען די אַכזריותן פונעם שונא און איז גליקלעך און שטאָלץ מיט דעם, וואָס אים איז געווען באַשערט ניט אָפּצושטיין אין שלאַכט פון די, „וואָס האָבן מיט דער שאַרפער שווערד פאַראייביקט זייער שווערע מי". מ. גאָלדשטיין, אויך פון די יונגע, הייבט אָן מיט דער מילחמה-טעמע, דערביי מיט אַ געוויסן אויסדרוק פון אַ בענקשאַפט-געפיל, — ער דער-מאָנט דאָס פרידלעכע לעבן אין זיין היים, זיין צוגעבונדנקייט צו דער מאַמעניו-ערד און פון דעם שטראָמט אַרויס אויך זיין ליבע צום היימ-לאַנד און פּאַטריאָטישער זעלבסטבאַוואוסטזיין.

אַ גאָר אָנגעזעענעם אָרט פאַרנעמט אין דער יונגער סאָוועטישער דיכטונג מ. גרוביאַן. „דאָס געזאַנג וועגן מוט" איז די טעמע פון זיין דיכטן, דורכגעדרונגען מיט אַ פאָלקסטימלעכן טאָן. אין אַ פאָלקסטימ-לעכער האַרציקייט דערציילט ער וועגן מילחמה, ברענגט שטימונגען און איבערלעבונג און מע זעט אין אים דעם אידישן סאָלדאַט, וועמען עס רירן אָן שטאַרק די ליידן פון זיין אידישן פאָלק, אָבער אין דערזעלבער צייט באַהעפט ער עס מיטן מוט פון די סאָוועטישע שלאַכטלייט און מיט דער פרייד פונעם גרויסן ניצחון.

כמעט אַלע יונגע סאָוועטיש-אידישע דיכטער האָבן געגעבן זייער צושטייער צו דער מילחמה-טעמע אין דער סאָוועטיש-אידישער שאַפונג. א. ווערגעליס מיט זיינע שאַרפע מאָלערייען פונעם מילחמה-לעבן, ב. מאַל-טינסקי מיט זיין אָפּטימיסטישן און אָרגאַנישן פאָלקס-שמייכל, מיט זיין פשוטן וואָרט און בילד, אי. באָרוכאָוויטש מיטן שילדערן אויף אַן אומ-מיטלבאַרן שטייגער זיינע איבערלעבונגען אויפן פראָנט און זיין ברכה

פארן סאָוועטישן פאַטערלאַנד. ז. טעלעסין מיט זיין פרישן קאָלאָריט און געמיטלעכער פאָלקסטימלעכקייט, מ. טייפון מיט זיין דערציילעריש-סיו־זשעטישן ליד, — ס׳איז געווען דער גאַנג פון א נייעם דור, אַן אויסגע־וואקסענער שטאָלץ־באַוואוסטזיניק אין דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט, אָנצופילן און באַרייכערן די קוואַלן פון דער סאָוועטישער אידישער לי־טעראַטור, ווער מיט ליד און ווער מיט פּראָזע, מיט ליבע צום סאָוועטישן היימלאַנד און אוממיטלבאַרער דערקענטעניש פארן פאָלקסטימלעכן פּו־נעם סאָוועטיש־אידישן מענטש.

און פונקט ווי דער קריג, אַזוי האָט אויך אין דער סאָוועטישער אי־דישער דיכטונג א גרויסן אָרט די איבערלעבונגען און ליידן פונעם אי־דישן פאָלק אינעם אָנבליק פון די שרעקלעכע פאַרברעכנס פון די נאַציס־טיש־פאַשיסטישע רוצחים. און קיינער האָט אַזוי טיף ניט געשילדערט די ליידן פונעם אידישן פאָלק, ווי נאָר די סאָוועטיש־אידישע שרייבער, דאָך האָט עס ניט געטריבן צו יאוש, נאָר די גרויסע טראַגיק איז דווקא באַשיינט געוואָרן אויס א פּערספּעקטיוו, וואָס ברענגט ליכט. גאַנץ ריכ־טיק האָט עס פאָרמולירט דוד האָפּשטיין אין איינעם פון זיינע לידער, זאָגנדיק „און ווייי און מוט איצט קאָן איך ניט צעטיילן" און ווייל דער וויי איז געגאַנגען דאָך האַנט ביי האַנט מיט מוט, מיט האָפענונג און גלויבן, האָט די סאָוועטיש־אידישע ליטעראַטור זיך ניט פאַרנומען סתם מיט אידעאַליזירן דעם קידוש־השם, נאָר גאָר ארויסגעבראַכט דעם טאָן פון העלדישן ווידערשטאַנד, וואָס אידן האָבן ארויסגעוויזן ניט נאָר אין די סאָוועטישע אַרמייען, נאָר אויך אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנישע גרופּעס און אין געטאָ. אַזאַ זען זאַכן אין זייער רעאַליטעט און ניט אריינפאַלן אין יאוש־שטימונגען איז ביים סאָוועטיש־אידישן שרייבער געווען פאַרבונדן מיט זיין טיפן און איבערצייגנדיקן גלויבן, אַז מ׳וועט באַזיגן און זיגן איבערן שונא. די אידישע דיכטער האָבן עס דורכווים אויסגעדריקט אין זייערע שאַפונגען און עס איז ווידער געווען סיי די טעמע, סיי דער טיטל פון זייערע ווערק. ביי ש. האַלקין „אונדזער גלויבן", ביי דוד האָפּשטיין „איך גלויב", פּלאַטנער „מיט ליבע און גלויבן", פּרץ מאַרקישעס „פאַר פאָלק און היימלאַנד" מיטן איבערצייגנדיקן גלויבן וועגן דעם קומענדיקן „יום־טוב אויף אונדזער גאַס".

די וויכטיקסטע מאָטיוון אין דער דיכטונג זיינען „פאָלק, לאַנד און וועלט" און ביים סאָוועטיש־אידישן שרייבער איז עס געווען פאַרבונדן מיט אייגענע דערמאָנונגען און אויך באַשטימטן חשבון־הנפש. ס׳איז דער טראַגישער ווייטיק וועגן די אומגעקומענע אידישע היימען, וועגן חרוב געוואָרענע אידישע שטעט. אין זיין דערציילונג „אויפן הויכן באַרג" דערציילט גאָנטאַר וויאַזוי גליקלעך ס׳האָט אַמאָל געלעבט זיין שטאָט און אַצינד שפּרייט זיך פאַר זיינע אויגן איר חורבן. אין זיינע „איבער טויזנ־

טער ווערסטן" אנטפּלעקט דער שרייבער ליפשיץ זיין הייסן ליבע-געפיל צו זיין ווייסרוסישן שטעטל און היים. רחל בוימוואַל זינגט אויס אין איר לידער „ליבשאַפט" די בענקשאַפט-געפילן פון דער סאָוועטישער פרוי, זי שטאַלצירט מיט דער העלדישקייט פון איר זון, פון איר געליבטן און איבעראַל איז עס פאַרבונדן מיט אַ שאַרפן נאַציאָנאַלן געפיל, אָבער דאָס נאַציאָנאַלע געפיל ווערט אויפגעפאַסט ניט „אַן און פאַר זיך", נאָר ווי אַ טייל פון דער אַלגעמיינער פּראָבלעם וועגן דעם זיג איבערן שונא.

די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור האָט אַלע מאָל אָפּגעשפּיגלט און זיך אָפּגעגעבן מיט די צייט-פּראָבלעמען און מיטן מענטש אין דער אומגעבונג פון די פּראָבלעמען. דער צווייטער וועלטקריג ווידער האָט אריינגעבראַכט אין דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור אַ נייעם גייסט און אַ געענדערטע טעמאַטיק. ס'איז געוועזן אַ רעאַגירן אויף אַ צייט-פּראָבלעם, וואָס איז אין עיקר געוועזן אַ טרויעריקער פּראָבלעם און פאַר דער איד. נאַציאָנאַליטעט אפילו אין סאָוועטנלאַנד מער ווי פאַר וועלכער עס איז אַנדערער: די סאָוו.־אידישע ליטעראַטור בעתן צווייטן וועלטקריג האָט זיך געשטעלט מיטן פּנים צום איד. פאָלק, ניט נאָר צו דעם טייל אידן, וואָס געפינט זיך אין די גרענעצן פון סאָוועט־רוסלאַנד, נאָר צום איד. פאָלק אין דער גאָרער וועלט. „איך בין אַ איד", — ווערט אַ טאָן אין דער סאָוועטיש-אידישער דיכטונג און אויך אין דער פּראָזע: פּונקט ווי די דיכטונג און פּראָזע האָבן געוואוסט זייער פליכט אין באַצוג צו דעם היימלאַנד, האָבן זיי דערשפּירט אַז זיי האָבן אויך אַ פליכט מיטן אידישן פאָלק און ס'האָט אָנגענומען אַ כאַראַקטער פון אַן אמתדיקן דין-וחשבון. איינמאָל געשטעלט זיך מיטן פּנים צום פאָלק צייכנט זיך אויס דער פּעריאָד פון דער אידיש-סאָוועטישער ליטעראַטור מיט איר פאָלקסטימלעכן און פשטותדיקן טאָן. טיילווייז ווערט עס אויך נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק און צום ערשטן מאָל ווערט אריינגעפירט אין דער סאָוועטיש-אידישער ליטעראַטור דער טאָן פונעם נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט פונעם אידישן פאָלק. איציק פעפער פירט עס אריין אין דער דיכטונג און דוד בערגעלסאָן אין דער פּראָזע. אַ גאַנצע סעריע זיינע נייע דערציילונגען, ווי „אין שיין פון שייטערס", „דער סקולפּטאָר" און אַנדערע און זיין דראַמע „ראובני", צייכענען זיך אויס מיט זייער פּאַרטיפּטקייט, מיטן באַהאַנדלען די מילחמה און נאָכמילחמה-צייט, און דער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט פונעם אידישן פאָלק ווערט ביי אים אַ צענטראַלער מאָטיוו. אין די דערציילונגען, ווי אויך אין זיין נייעם ראָמאַן „צוויי וועלטן", פון וועלכן עס זיינען דערגאַנגען נאָר איינציקע קאַפּיטלען, געפינט מען אַ נייעם דוד בערגעלסאָן, וואָס ציט די ליניע פון „מדת הדין", — דאָס ווערק פון זיין אייגענער טראַנספאָרמאַציע, פונעם בירגערלעכן צום סאָוועטישן. אמאָל האָט די רעוואָלוציע אויפגעדעקט פאַר אים נייע פּערספּעקטיוון, הגם מ'קען

ניט אָפּטיילן דור בערגעלסאָנס תהילתדיקע ווערק פון זיין אַלגעמיינעם ליטעראַריש-שעפערישן פּראָצעס און גאַנג, אָבער בעת אין די ערשטע ווערק איז ער טיילווייז רמזימדיק, איז ער אויף זיין נייעם ליטעראַרישן וועג באַהעפט דורכוים מיט סאָציאַליסטיש רעאַליזם, וואָס מאַכט זיין שאַפן ווירקנדיקער און תכליתדיקער. און ענלעך איז אויך געשען מיטן ניסתר. אין זיין „מישפּחה מאַשבער" דערשיינט ער ווירקלעך אַ נייער, אַ גאַנץ אַנדערער, ווי דער ניסתר, וואָס איז געווען אין די אָנהייבן פון זיין ליטעראַרישער שאַפונג. תחילת דער אַבסטראַקט-סימבאָלישער האָט אים די אַקטיאַבער-רעוואָלוציע געעפנט און געוויזן דעם וועג צום קאָנקרעט-רעאַליסטישן. זיין „מישפּחה מאַשבער" איז אַ ווענדן זיך צו אַ רעאַלער טעמאַטיק און עס איז ווי ער אַליין זאָגט וועגן זיין ווערק, אַז ס'האָט דעם ציל „צו באַקענען דעם יונגן דור מיט דעם גוואַלדיקן מהלך וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט פאַר אַזאַ קורצן צייט-אָפּשניט, וואָס טייקט אָפּ אונדזער ווירקלעכקייט פון יענער". און נאָך מער קאָנקרעט-רעאַליסטיש איז ער אין זיינע מילחמה- און נאָכמילחמה-דערציילונגען. אין די דערציילונגען איז ער שוין דורכוים מיט דער צייט-טעמע, מיט אַ קאָנקרעטן בליק אויפן יחיד אין זיין פּאַרוועבט זיין אין דער מאַסע און עס איז די אַלגעמיינע שטימונג, וואָס באַווירקט און דרינגט אַדורך די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור.

אויף אַזאַ אופן האָט די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור אָנגעהייבן איר גאַנג צום פאָלקסטימלעך-פּשטותדיקן מיט אַן אָפענעם און קלאָרן בליק אויפן אידישן מענטש, ווי אויף אַ טייל און אָנגעהעריק צום אידישן פאָלק מיט אַלע זיינע דראַמאַטיש-פּסיכאָלאָגישע קאָנפליקטן, אַרויסגעקומענע מיט אַ באַזונדערער קראַפט אין די אומשטענדן פונעם קריג, ווען אַ געפערלעכער שונא האָט זיך פאַרמאָסטן אויפן טאָטאַלן אומברענגג פונעם גאַנצן אידישן פאָלק. נוח לוריע פאַרפאַסט אַ גאַנצע סעריע דערציילונגען, וואָס שילדערן די דייטשע אַכזריותן און אַנטפּלעקן ווי הויך און ווערדיק עס איז געווען די מאָראַלישקייט פונעם ליידנדיקן און געליטענעם אידישן און אַלגעמיין-סאָוועטישן פאָלקס-מענטש. ענלעכע מאָטיוון געפינט מען אויך בא ראַבינען. ער שילדערט האָרעפּאַשנע אידישע מישפּחות, פאַרוואָרצלטע אינעם אַלגעמיינעם פּראָצעס פונעם סאָוועטיש-קאָנסטרוקטיוו-פרידלעכן לעבן און אָט איז געקומען אַ ווילד-פאַרברעכערישער שונא און ניט נאָר ער צעשטערט דאָס לעבן, נאָר ער האָט אויך די האָרעפּאַשניקעס אומגעבראַכט. עס איז קלאָר, אַז די סאָוועטיש-אידישע ליטעראַטור האָט ניט געקענט אויסמיידן די טראַגישע מאָטיוון, דער אידישער שרייבער און דיכטער גופא האָט זיך אויף זיי אָנגעשטויסן, אָבער די טראַגישע מאָטיוון האָבן זיי אויפגענומען ניט מיט אַ נאָטע פון פאַרצווייפלונג, נאָר מיט אַ גלויבן, אַז זיגן וועלן דאָך די גערעכטע

און מאָראַליש־ווערדיקע. דיזעלבע טעמאַטיק געפינט מען אויך אין די דערציילונגען פון לייזער קאַצאָוויטש, פון י. שרייבמאַן און אויך ביי אַנ־דערע פּראָזע־שרייבער. באַזונדערס טיילט זיך אויס י. שרייבמאַנס דער־ציילונג „דריי זומערס", וואו עס ווערט שוין באַרירט דער מאָטיוו פון ניצחון און דער באַוואוסטזיין פונעם אידישן מענטש זיך צו וואַרפן אין אַ נייער אַרבעט פון ווידעראויפבוי, צום פאַרקניפּן די קייט, וואָס דער שונא האָט איבערגעריסן.

נאָכן צווייטן וועלטקריג האָט אויפגעלעבט ווידעראַמאָל די ביראָ־בידזשאַנער טעמאַטיק אין דער סאָוועטיש־אידישער ליטעראַטור. ש. גאָר־דאָן פאַרפאַסט זיין „ביראָבידזשאַנער תושבים" און ס'דערשיינט אַ ספּע־ציעלער אַלמאַנאַך „ביראָבידזשאַן" מיט אויסשליסלעכער דיכטונג און פּראָזע וועגן דער אויטאָנאָמער אידישער געגנט. חיים מאַלטינסקי שרייבט זיין פּאָעמע וועגן דעם העלד יוסף בומאַגין, איציק פעפער דיכטעט וועגן דעם טייך בירע און ישראל עמיאָט פאַרפאַסט זיין ליד צום איבערוואַנ־דערער. ליובאַ וואַסערמאַן שיקט „אַ גרוס דיר, מיין געגנט!", אין אַן ענלעכן כאַראַקטער דיכטן אויך אייזיק פּלאַטנער, הערשל קאַמענעצקי און איציק בראָנפמאַן, אין דער פּראָזע איז די אויטאָנאָמע געגנט אַ טע־מע פאַר יוליאַ שאַסטאַקאָוואַ און אַנדערע. דער ניסתר ווידמעט דעם זיין רעפּאָרטאַזש „עשעלאָנען גייען", אָבער באַזונדערס צייכנט זיך אויס די דערציילונג פון ב. מילער „ביראָבידזשאַן", וואו עס ווערט געשילדערט דער נייער אידישער שטייגער, געשאַפן אין ביראָבידזשאַן. ביראָבידזשאַן איז געוואָרן נאָכן קריג אַ קאָנצענטריר־פּונקט פון אידישער דיכטונג. אויסער די שוין דערמאָנטע שרייבער און דיכטער געפינט מען דאָרט די דיכטער און שרייבער ראַבינקאָוו, סלוצקי, באָרזשעס און אַנדערע. די סאָוו.־אידישע ליטעראַטור האָט אויך געהאַט אַרויסגעבראַכט אַ נייעם שע־פערישן צוזוואוקס, צווישן וועלכע עס צייכענען זיך אויס אַנאַ סטעלמאַך און שירקע גאַמאַן. אַנאַ סטעלמאַך ברענגט אַריין אַן אַבסאָלוט נייע טעמאַטיק און צייכנט זיך אויס אינעם שילדערן כאַראַקטערן, צייכנט זיך אויס מיטן קענען אַריינקוקן און אַנטפּלעקן די אינערלעכע וועלט פונעם מענטש. שירקע גאַמאַן ווידער איז כאַראַקטעריסטיש מיט איר פּרעציז־קייט און פאַרמאָגט די פעאיקייט צו קענען מאָלן בילדעריש די געשטאַלטן, וואָס זי שילדערט. דערצו איז פּאָלקסטימלעך דער טאָן פון איר שפּראַך, אַדאַנק וואָס עס ווייעט פון אירע דערציילונגען מיט פרישקייט און זאַפ־טיקייט. מערקווירדיק וואָס ביידע זיינען פרויען, שוין געבוירענע און אויסגעוואַקסענע אין דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט. און אין אַלגעמיין קען מען רעזומירן, אַז פאַר די דרייסיק יאָר פון איר זיין האָט די סאָוועט־טיש־אידישע ליטעראַטור צו פאַרצייכענען גרויסע און זייער וויכטיקע דערגרייכונגען, אויסערסטע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. פרעמד זיינען געווען

דער סאָוועטיש־אידישער ליטעראַטור וועלכע עס איז פּעסימיסטישע שטי־מונגען און טאַקע צוליב דעם, ווייל זי האָט זיך פעסט און זיכער געהאַלטן ביי דער רעאַליטעט פונעם לעבן, און, אַנווענדנדיק דעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם, האָט זי געגעבן דעם מענטש אַ ריכטיקן און אַבסאָלוטן ראַזיין־תיקון אין אַ גרויסן און ווערדיקן קאָנסטרוקטיוו־בויענדיקן פּראָצעס, און די סאָוועטיש־אידישע ליטעראַטור וואָלט געווים נאָך געווען האָבן אַרויס־געבראַכט גרויסע און וויכטיקע, מעגלעך אויך אידיש־נאַציאָנאַלע ווערק, ווען מ'זאָל זי ניט געווען האָבן אונטערגעשניטן אינעם סאַמע בליען פון איר שאַפן.

— 6 —

צווישן די ביידע וועלט-מילחמות איז אויסגעוואַקסן אַ אידישע לי־טעראַטור אויך אין אַרגענטינע. סימנים און אָנהייבן פון אַ אידישער לי־טעראַטור זיינען שוין אייגנטלעך געווען נאָך פאַרן ערשטן וועלטקריג, גלייך כמעט מיט די אָנהייבן פון דער אידישער איינוואַנדערונג, אָבער ריכטיק האָט דער פּראָצעס פון אַ אידישער ליטעראַטור אָנגעהויבן צווישן די יאָרן 1924—1930. עס זיינען געווען די יאָרן פון אַן אינטענסיוון ליטעראַרישן שאַפן און די מעלה פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַר־גענטינע באַשטייט אין דעם, וואָס דער רוב אַרגענטינער אידישע שריי־בער זיינען אַ פּראָדוקט פון אַרגענטינע, אויסגעוואַקסענע אין זייער שע־פערישקייט אויפן אַרגענטינער באָדן. מ'איז ניט געקומען ניט מיט קיין סטאַזש, ניט מיט קיין ליטעראַרישער אָנגעלאָדנקייט פון די אַלטע היימען, פון איראָפּע, נאָר מ'האָט אָנגעהויבן דעם וועג אין אַרגענטינע. עס איז אויך אמת, אַז מ'האָט ניט געפונען קיין אייגענעם וועג, אָבער איניקע סימנים פון אייגנקייט זיינען דאָך פאַראַן און ס'האָט אויך געלייגט אַ חותם אויפן גאַנצן אַרגענטינער אידישן ליטעראַרישן און דיכטערישן שאַפן.

די אַרגענטינער אידישע ליטעראַטור האָט ניט אָנגעהויבן אין פריידן. געקומען אויף אַ נייעם און פרישן באָדן, אָן וועלכער עס איז עקאָנאָמי־שער זיכערקייט, האָט דער אידישער איינגעוואַנדערטער מענטש אין אַר־גענטינע גלייך דערשפירט אומעט און היימווי. נאַטירלעך האָט עס זיך אויך אָפּגעשפיגלט אין די שאַפונגען, טאַקע ביי די, וואָס האָבן ערשט אין אַרגענטינע דערשפירט אַ דראַנג צום דיכטערישן און דערציילערישן שאַפן. היימווי, אומעט, בענקענישן געפינט מען אין די ערשטע דיכטונ־גען פון י. אייזנשטיין און י. שטרייכער און נאָך מער און באַזונדערס אין די דערציילונגען פון ישראל העלפמאַן. אַרן בראָדסקי איז געווען דער ערשטער אוועקצושטעלן אויפן נייעם באָדן פון דער אידישער איינוואַנ־

דערונג דאָס פּראָבלעם פון די אידישע קינדער אויפן פּאָן פון אַ נייער ווירקלעכקייט און אין די ערשטע צייטן פון דער איינוואַנדערונג איז עס געווען זייער אַן ערנסטער און ביז גאָר וויכטיקער ענין.

אויף אַזאַ שטייגער האָט מען תּחילת אָנגעהייבן מיט רעאַליסטישע מאָטיוון. אין די אָנהייבן האָט מען זיך געשטעלט מיטן פּנים צו זיך אַליין, צו דער נייער ווירקלעכקייט און דער אומעט, היימווייִ און בענקענישן זיינען געווען אַ פּועל־יוצא פון ניט קאָנען זיך איינבירגערן אין דער נייער רעאַליטעט. ס׳איז אָבער אויך באַמערקנסווערט דער פאַקט, וואָס אַ לאַנגע צייט האָט די גאַנצע אידישע וועלט געשאָנקען זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס און אפשר אויך קיין אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס אַ נייעם אידישן ישוב אין זיין אויפגיין. ערשט ווען אין אייראָפּע באַווייזט זיך דער ערשטער באַנד פון מרדכי אַלפּערסאָנס „די געשיכטע פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע”, האָט מען גענומען עפּענען די אויגן און געאורטיילט, אַז עפּעס גייט אויף אינעם אידישן אַרגענטינע. מ׳האָט דערזען די אידישע קאָלאָניזאַציע, אויך דאָס אויפגיין פונעם שטאָטישן אידישן ישוב און אַזוי אַרום האָט בהדרגהדיק זיך גענומען פאַרבינדן אַ קאָנטאַקט צווישן אַרגענטינע מיט דער איבעריקער אידישער וועלט. גראַד דער קאָנטאַקט האָט געהאַט ווירקונג אויפן אויפשוואונג פונעם אידישן דיכטערישן און דערציילערישן שאַפן אין אַרגענטינע. אויך פון אייראָפּע האָבן גענומען קומען שרייבער און דיכטער, ווער צו בלייבן אויף שטענדיק און ווער נאָר צייטווייליק, אָבער פאַר דער צייט פון ווייַלן אין אַרגענטינע, ווער מער און ווער ווייניקער, האָט יעדער איינער עפּעס בייגעטראָגן פאַר דער אידישער שאַפונג. צו אַזעלכע געהערן יעקב רייזפעדער און א. מלאך, אָבער בעת דער ערשטער האָט גאָרניט צו טאָן מיטן אַרגענטינער אידישן ליטעראַרישן שאַפן, איז א. מלאך געקומען צו זיין שרייבערישער רייפקייט און אנערקענונג ערשט אין אַרגענטינע. איינע פון זיינע פּיעסן „איבערגוס” האָט געמאַכט עפּאָכע אינעם אידישן לעבן אין אַרגענטינע, זי האָט געשילדערט און אָפּגעשלאָסן דאָס קאַפּיטל קאַמף מיט די אַזוי גערופענע „טמאים”, וואָס האָבן געהאַט פאַראומווערדיקט דאָס אידישע לעבן אין אַרגענטינע. און אויך זיין גרויסער ראָמאַן „דאָס דאָמינגאָס קרייצוועג”, הגם די האַנדלונג האָט אַ שייכות צו בראַזיל, איז דאָך מער אַן אַרגענטינער ווי אַ בראַזיליענער ראָמאַן. משה פּינטשעווסקי, נאָכהער אַן אָנגעזעענער דיכטער אין דער סאָוועטיש-אידישער דיכטונג, האָט זיינע ערשטע דיכטערישע פּרואוון געמאַכט אין אַרגענטינע און איז אין אַרגענטינע אויך דיכטעריש רייף געוואָרן.

יעדער איינער פון די דיכטער האָט איבערגעלאָזט שפּורן אין דער אַרגענטינער אידישער ליטעראַטור און דיכטונג און טאָקע צוליב דעם קען מען זיי ניט אויסשליסן פון דער געשיכטע פון דער אַרגענטינער אידישער

ליטעראַטור, דאָך אַ ריכטיקער עטאַפּ פון דער אַרגענטינער אידישער לי־טעראַטור־שאַפונג הייבט זיך אָן ערשט צווישן די ביידע וועלטקריגן. 1926 איז געווען אַ ווירקלעכער אויפלעב אינעם אידישן ליטעראַרישן שאַפן אין אַרגענטינע. ס׳שיילן זיך אויס אַ גאַנצע ריי יונגע דיכטער און בעלעטריסטן און ס׳באַווייזן זיך אויך ליטעראַרישע ריכטונגען און טענ־דענצן. דער סאָציאַלער מאָטיוו איז אַלע מאָל געווען דער ווירקנדיקער אין דער אַרגענטינער אידישער ליטעראַטור. „זעגלען" אָדער „ביי די ברעגן פון פּלאַטאַ", „דרום־אַמעריקע" און „אַרגענטיניש", „פּאַר גרויס און קליין" און אַנדערע אויסגאַבעס, פּרעזענטירט פון שרייבער־גרופּעס, האָבן געהאַט דעם ציל צו אָרגאַניזירן די אידישע ליטעראַטור־שאַפונג אין אַר־גענטינע און זיך שטעלן מיטן פּנים צום אַרגענטיניש־אידישן לעבן. צום באַדויערן האָט עס זיך ניט אינגאַנצן איינגעגעבן, ניט אַלע האָבן אויפגע־נומען די אַרגענטינער טעמע, הגם מ׳האָט זיך אויך ווייניק באַקענט צו טעמעס פון דער אַלטער היים. געבליבן איז אין די ערשטע צייטן דער היימווייַ און דער היימוויי האָט געווירקט, אַז איייניקע דיכטער און בעלעט־ריסטן זאָלן בלייבן שטעקן מיט זייער שאַפן אינעם אינדיווידועל־פּסיכאָ־לאָגישן.

אַ באַזונדערע און ווירקנדיקע ראָל האָבן געשפּילט אין דער אַנט־וויקלונג פון דער אַרגענטינער אידישער ליטעראַטור די ריכטונגען „ניי־וועלט" און „אין גאַנג", — צוויי ריכטונגען, וואָס האָבן זייער אַ סך ביי־געטראָגן פאַרן וואוקס און כאַראַקטער פון די ליטעראַרישע און דיכטע־רישע שאַפונגען. דער רוב בעלעטריסטן און דיכטער זיינען געווען אָנגע־שלאָסן אין די צוויי ריכטונגען, — די דיכטער בלאָשטיין, משה קויפּמאַן, יאָסל גאָלדבערג, יוסף ראַבינאָוויטש, א. פּלאַפּאַן, ד. מאַרגאָלין, משה גאָלדשטיין, איזי שאַפּער און אַ סך אַנדערע. דער פירער פון דער ערשטער גרופּע איז געווען דער דיכטער בלאָשטיין, ביז זיין אַוועקפאָרן קיין סאָ־וויעט־רוסלאַנד. בלאָשטיין איז געווען דער מייסטער פון פערז, אָבער זיין דיכטונג האָט ווייניק געהאַט אָטעם. מ. קויפּמאַן האָט זיך תחילת פּרעזענ־טירט ווי דער קרעפטיקער סאָציאַלער און פּראָלעטאַרישער דיכטער. דאָך האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און ניט ביינעשטאַנען דעם נסיון. ער האָט אי־בערגעריסן סיי מיט דער גרופּע, סיי מיט דער אידייע, וואָס האָט אים תחילת אָנגערעגט אין זיין דיכטן. דער אויסגעצייכנטער אין דער גרופּע איז גע־ווען יוסף ראַבינאָוויטש, סיי מיט זיין דיכטונג, סיי מיט זיין פּראָזע. זיין בוך לידער „קאָנוועטיזשעס" איז טיפּיש און אויטענטיש אַרגענטיניש און אַזוי זיינען אויך זיינע דערציילונגען, ער איז דערהויפּט דער שע־פעריש׳סטער פון אַלע אַרגענטינער אידישע דיכטער, אויסער ווי אין אי־דיש האָט ער אויך באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן עטלעכע בענד דערציילונגען פון אידישן לעבן אויף שפּאַניש. אַ קרעפטיקער און אייגנאַרטיקער בע־

לעטריסט איז געווען א. פלאַפּאַן, צו פּרי איז איבערגעריסן געוואָרן זיין שאַפן, ווייל צו יונג האָט אים דער טויט אַרויסגעריסן פונעם לעבן. משה גאָלדשטיין האָט אָנגעהייבן זיין שרייבערישן וועג אין אַרגענטינע און פאַרענדיקט אין סאָוועט-רוסלאַנד, וואו ער איז געפאַלן אויפן פראָנט אי-נעם צווייטן וועלטקריג. ער איז געווען דער ערשטער אויפצונעמען די בירא-בידזשאַן-טעמע און זיין ביכל דערציילונגען „בירא-בידזשאַנער אַפּן אַמור" איז באַזונדערס געלויבט געוואָרן פון דער סאָוועטיש-אידישער קריטיק.

די אַרגענטינער אידישע שרייבער און דיכטער האָבן זיך אין אַלגע-מיין באַמיט צו האָבן אַן אייגענעם טאָן אין זייערע שאַפונגען. ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן האָט דער אידישער שרייבער אין אַרגענטינע זיך באַמיט צו געפינען אַן אייגענעם וועג. אין רוב האָט מען אויסגעמיטן די טעמע וועגן דער אַלטער היים און דער איינציקער וואָס האָט פּראָ-בירט צו פאַרבינדן די אַלטע און די נייע היים איז געווען י. באָטאָשאַנסקי מיט זיין אַ בוך דערציילונגען „פון ביידע זייטן ים". בערל גרינבערג וואָס איז שוין אַ טיפּיש-אַרגענטינער פּראָדוקט, — ער האָט זיין ליטעראַרישן שאַפן אָנגעהויבן אין אַרגענטינע, — דאַרף מיט רעכט פאַררעכנט ווערן פאַר איינעם פון די בעסטע און פעאיקסטע דערציילער, אָריגינעל אין דער טעמע, אין סטיל און פאָרם פון זיין שאַפן, באַווייזט ער זיינע פּערסאָ-נאַזשן ווי אַזוי זיי שמעלצן זיך איבער אין דער אַרגענטינערווירקלעכ-קייט און באַקומען אַן אַנדערע, פאַרשיידן פון זייער אַמאָליקער, פּסיכאָ-לאָגישקייט. צוזאַמען מיט אים גייט פּנחס ביזבערג, — כמעט דער איינ-ציקער אידישער שרייבער וואָס האָט זיינע פּערסאָנאַזשן גענומען פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. זיין ערשטלינג דערציילונגען אין אַרגענטינע „נייע היימען" זיינען טעמעס פונעם לעבן פון אידישע קאָ-לאָניסטן, ער האָט אַ שאַרף אויג אויפצוכאַפּן די רעאַליטעט און ווייזט דעם אידישן קאָלאָניסט אויפן פאָן פון דער ווירקלעכקייט. אין דער דיכטונג האָט עס געטאָן אברהם מאָשקאָוויטש, — די טעמע פון זיינע לידער זיי-נען די אידישע קאָלאָניע און קאָלאָניסט אין אַרגענטינע. ברוך בענדערס-קי, אַ אידישער קאָלאָניסט, וואָס זיצט אַלע זיינע יאָרן אויפן באָדן, ברענגט אַרויס אין אַ דערציילערישער פאָרם דאָס לעבן פון רמשים דווקא אויף אידישע פעלדער, געזען מיט אידישע אויגן און אידישן אויפ-נעמען נאַטור-באַשעפענישן. אָריגינעל אין זיין שאַפן איז משה גראַניט-שטיין, האַלב בעלעטריסטיש, האַלב פילאָזאָפיש אין זיינע ווערק; און די אַרגענטינער טעמע אין דער דראַמאַטורגיע האָט אַריינגעבראַכט שמואל גלאַזערמאַן. דער ערשטער מיט אַ דראַמע פונעם אידישן שטייגער-לעבן אין בוענאָס-אײַרעס איז געווען דער דיכטער א. בראָדסקי, אויפן געביט

פון דראמע האָט זיינע פאַרדינסטן אויך י. באָטאָשאַנסקי און אויך פּ. ביזבערג און ז. וואַסערצוג.

געווען אַ צייט ווען די אידישע שרייבער אין אַרגענטינע האָבן זיך באַטראַכט פאַר אַ פּערטן צענטער פון דער אידישער ליטעראַטור און האָבן וועגן דעם דיסקוטירט, אַז נאָך ניו־יאָרק, וואַרשע און מאָסקווע, קומט בוענאָס־איירעס. ס'איז געווען אַ מאָמענט ווען מ'האָט געזוכט און געשטרעבט צו געפינען דעפיניציעס פאַר דער אידישער ליטעראַטור. ס'איז אויך געווען אַ פראַגע „וואוהין מיטן פּנים" און מ'האָט געאורטיילט, אַז מ'מוז זיך שטעלן מיטן פּנים צו זיך אַליין, זען און אויפנעמען די אַר־גענטינערווירקלעכקייט, אָבער מיט דער פּערספּעקטיוו פון אַ באַ־שטימטער אידייע. אַלזאָ: דאָס הויפּטזעכלעכע זאָל זיין די אַרגענטי־ניש ־ אידישע ווירקלעכקייט, דאָס זאָל זיין די טעמע פון דער לי־טעראַרישער שאַפונג און ס'איז געוואָרן אַן ענין ניט פון דיסקוסיע, נאָר פון דעפיניציעס. און גראָד אינעם ברען פון די דיסקוסיעס און דעפיניציעס איז געקומען אַן אומדערוואַרטעטער איבעררייס, נישט צוליב וועלכע עס איז חטאים פון די אידישע שרייבער, נאָר צוליב אַ געקומענער פּלוצים פּאָליטישער רעאַקציע, וואָס האָט אין דער ערשטער ריי גענומען אונטער־דריקן אידיש, פאַרבאָטן צו באַנוצן זיך מיט אידיש ביי עפנטלעכע אַרויס־טריטן, האַלטן פאָרטראָגן אויף אידיש און אַזוי ווייטער. און ס'איז גע־וואָרן אַ דירעקטע שטערונג אויף פאַרן אידיש־ליטעראַרישן שאַפן, אָבער איינמאָל זיך איינגעווינט מיטן רעאַקציאָנערן, אימוניזירט קעגן אַלע שטערונגען, באַווייזט זיך אין אַרגענטינע אַ נייער טיפּ אידישער שרייבער און אַן אַנדער טיפּ אידישע ליטעראַטור. פון איין זייט הייבט זיך אָן אַן אויפשוואונג פון אַ ליטעראַטור־שאַפונג פאַר קינדער און פון דער צוויי־טער באַווייזן זיך פרויען־דיכטערנס. ש. פריילעך, אביגדור שפּריצער, שנייער וואַסערמאַן, ש. טשעסלער, ש. פּיערט, זעליק מאַזור, פּ. קאַטאָוו־סקי און אַנדערע ווערן די שעפער פון אַזאַ ליטעראַטור, דעם ערשטן טאָן האָט געגעבן ש. פריילעך אין דער דערציילונג און ש. טשעסלער איז דער אָריגינעלער אין זיינע דיכטונגען פאַר קינדער. ש. פריילעך האָט זיך אויס־געצייכנט מיט דער רעאַליסטישער פאָרם און סטיל פון זיינע דערציילונגען אויף סאָציאַלע מאָטיוון, אביגדור שפּריצער האָט געמאַכט אַ פּרוּאוו געבן פאַר קינדער דעם חומש אין מעשהלעך און די גאַנצע אידישע ליטעראַ־טור פאַר קינדער נעמט אָן אַ רעאַליסטישן און סאָציאַלן טאָן, — דעם טראָפּ האָט מען געשטעלט אויסשליסלעך אויפן סאָציאַל־רעאַליסטישן און תחילת האָט עס געגעבן פיין־פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

די צווייטע דערשיינונג זיינען פרויען־דיכטערנס, כמעט אַלע אויסגע־וואַקסענע און אויפגעוואַקסענע אין אַרגענטינע. אויך זיי זיינען אַן אַר־גענטינער פּראָדוקט, — ערשט אין אַרגענטינע האָבן זיי דערשפּירט אַ

דראַנג צו שאַפן. די פּריאָריטעט קומט מימי פינזאָן, וואָס האָט אָנגעהייבן
מיט דערציילונגען פון אַרגענטינער ווירקלעכקייט- און געשיכטע-שטייגער.
אַממערסטן גיט זי זיך אָפּ מיט ביכער-קריטיק, אָבער פון צייט צו צייט
„כאַפּט זי אַריין אויך אַ ביסל בעלעטריסטיק. שרה בירנבוים איז אַ וואַר-
שעווער, זיך אויפגעכאָוועט דיכטעריש אין ש. ווייסנבערגס סביבה, —
אירע לידער זיינען פּרוואַישע שפּילעוודיקייט, אָבער ערשט אין אַרגענ-
טינע איז איר ליד ריכטיק דיכטעריש רייף געוואָרן. און אַנדערש ווידער
זיינען שוין די דערציילערן גאָלדע קרימער און די דיכטערנס ראַשעל
אַלפּעראָוויטש, מערי גאָלד, ירדנה פיין און רחל מינצעס, — זיי קומען
אָקאָרשט צו דער אידישער דיכטונג און וואַרטן נאָך אויף זייער דיכ-
טערישן תיקון.

מיט לידער פּראָבירן אויך י. זאַקוסקי און משה קאָנסטאַנטינאָווסקי,
מיט בעלעטריסטיק אויך שמואל ראָזשאַנסקי, און אין אַלגעמיין איז ניט
גרויס די צאָל אידישע דיכטער און בעלעטריסטן אין אַרגענטינע, דאָך
איז די אַרגענטינער אידישע ליטעראַטור אַ גאַנץ פיינער בייטראָג צו דער
אַלגעמיינער אידישער ליטעראַטור. באַזונדערס איז זי וויכטיק מיט דעם,
וואָס זי האָט אַנטפּלעקט פאַר דער אידישער וועלט אַ נייעם אידישן ישוב
אין זיין ענערגישער שפּרודלדיקייט, אין זיין „וואָס—זיין, ווער—זיין און
וואָר—זיין". דאָס אייגנאַרטיקע פונעם אידישן ליטעראַרישן שאַפן אין
אַרגנטינע באַשטייט אויך אין דעם, וואָס די שאַפונג איז געגאַנגען האַנט
ביי האַנט מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פונעם ישוב, — די
אידישע ליטעראַטור אין אַרגענטינע איז די אָפּשפּיגלונג און געשיכטע
פונעם אידישן לעבן און דאָזיין, הגם די אינגסטע אין דער אַרגענטינער
אידישער דיכטונג האָבן אַריינגעבראַכט אַנדערע, ווייט ניט קיין אַרגענ-
טינער טענער, — קעהאָס קליגער, דער דיכטער פונעם אידישן וואָלין און
שמחה סנע פון דער אייראָפּעאישער שארית הפליטה דיכטן אויף אַלגע-
מיינע טעמעס. קעהאָס קליגער גייט איבער בהדרגהדיק פונעם וואָלינער
צום אַרגענטינער מאָטיוו, בעת שמחה סנע וועט געוויס בלייבן ביי דער
אַלגעמיינער טעמע און וועט ניט אַזוי גרינג זיך באַפרייען פון דער דיכ-
טעריש-פּסיכאָלאָגישער נע-ונדקייט.

— 7 —

רייך איז געווען דער פּאַרזיי פון דער אידישער ליטעראַריש-דיכטע-
רישער שאַפונג. זי איז פאַראַן אומעטום, וואו אידן געפינען זיך און
קיינע אומשטענדן האָבן ניט געקענט שטערן איר אַנטוויקלונג-פּראָצעס.
פון אייראָפּע גרייכט זי אַזש ביז אויסטראַליע, וואו אַ אידישער ישוב ווערט
אַליין סאָלידער און שטעלט זיינע טריט צו דער אידישער ליטעראַטור מיט

דער ברכה פונעם באַגאַבטן נאָוועליסט הערץ בערגנער; אַ אידישע ליי־טעראַטור, הגם ניט קיין גרויסע, איז געווען אין רומעניע און בעסאַראַ־ביע, פּערזאָניפיצירט באַזונדערס אינעם דריילינג משה אַלטמאַן, י. שטיינ־באַרג און י. שטערנבערג און אַ אידישער דיכטערישער שאַפן האָט אויפ־געבליט אויך אין ארץ־ישראל. נאָכן קריג און מיט דער פּראָקלאַמירונג פונעם שטאַט ישראל איז דער קרייז פונעם אידישן שאַפן געוואָרן דאָרט רייכער און ברייטער. שוין אַזאַ דיכטערישע קראַפט ווי אַ. סוצקעווער איז אַ גרויסע פעולה פאַרן אידישן וואָרט אין ישראל, אָבער אינטערעסאַנט און וויכטיק איז די פאַרגאַנגענע מאַנדאַט־צייט פאַר אידיש אין ישראל. די דאָרטיקע אידישע שרייבער האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרפיקסירן עס אין ביכער, האָט די שאַפונג געפונען אַ תיקון דורך פאַר־שיידענע זאַמלהעפטן. און ריכטיק האָבן זיי איינעם פון זייערע זאַמלהעפטן באַטיטלט מיטן נאָמען „אונדזוערס”. אַרום דעם קאָנצענטרירט זיך דער רוב שרייבער, וואָס דיכטן אין אידיש, וואָס האַלטן אָן דאָרט דאָס אי־דישע וואָרט און די מאַמע אידיש־לאָשן. י. נייפעלד, יעקב שטאָל, רחל קראַם, אברהם לעוו — אין לידער, אַ. ריוועס און יואל מאַסטבוים אין פּראָזע און באַזונדערס י. פּאַפּיערניקאָוו מיט זיין דיכטערישער שעפע־רישקייט.

אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, וואָס די אידישע דיכטונג אין ארץ־ישראל איז דורכגעדרונגען מיט דער ארץ־ישראל־טעמע, מיט דער אויפ־גייענדיקער אידישער היים און מיט זיין אידיש ליד רעאַגירט דער דיכ־טער אויף אַלע געשעענישן. אויב אברהם לעוו האָט באַזונגען די קבוצה, האָט י. פּאַפּיערניקאָוו אָפּגעשפּיגלט אין זיינע לידער די פּאַלעסטינע־געשעענישן בעתן ענגלישן מאַנדאַט און ביי די פאַרשיידענע אַראַבישע פּאָגראָם־איבערפאַלן אויפן אידישן ישוב און יעקב שטאָל האָט געכאַפּט די שטריכן פון די אַראַבישע מנהגים, אַרויסברענגענדיק און פאָרשטעלנ־דיק זיי אין זיין ספּעציעלן ווערק „אַ חתונה אין קאַטרע”.

ווי מ׳זאָל ניט וועלן באַטראַכטן אַ אידישע דיכטונג אין ישראל, פּאָזיטיוו אָדער גאָר נעגאַטיוו, וועט מען מיט דער צייט זי מוזן אַריינ־נעמען אינעם העברעאישן דיכטערישן האָב און גוטס, טאַקע ווייל זי איז דורך און דורך געבונדן מיט דער ארץ־ישראלדיקער טעמע און שפּיגלט אָפּ די ארץ־ישראלדיקעווירקלעכקייט אין די פאַרשיידענע פאַזן פון אַנט־וויקלונג, דאָס אַלעס שטרייכט אונטער די קאָנטינואיטעט פון דער אידיש־דיכטערישער שאַפערישקייט ניט נאָר אין רוים, נאָר אויך אין צייט. און דער באַוויז זיינען די אידיש־דיכטערישע שאַפונגען אין די אומשטענדן פון געטאָס, קאָנצענטראַציע־לאַגערן און גאַז־אויוונס. געוויס איז עס אַ טרויעריקע ירושה, אָבער עס איז אויך אַ ווערדיקער און גרויסער ענט־פער דער גאָרער וועלט וועגן דער קראַפט און קרעפטיקייט פונעם אידישן

גייסט און די דעמאָנסטראַציע פון אידישער קולטור-שעפערישקייט אפילו דעמאָלט ווען די שווערד הענגט איבערן קאָפּ און דער חלף ליגט אויפן האַלדז.

און דאָך איז מאָדנע: ווען אויפן זאַטן אַמעריקאַנער קאָנטינענט האָט מען בעת דער אייראָפּעאישער מהפכה און אידן-אומברענג געזונגען טרויער און רעזיגנאַציע, האָט מען אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן גאָר געזונגען מוט און קאַמף. ס'זעט אויס צו זיין אַ פּאַראַדאָקס, אָבער דער אמת ווערט פאַרזיגלט אין אַ גוואַלדיקער פאָלקס-דיכטונג, אין אַ נייעם, גאַנץ נייעם געטאָ-פאָלקלאָר און צווישן די זיינען פאַראַן לידער, וואָס זיינען שוין אַריין ממש אין דער אייביקייט, ווי אַ הימן פון האָפענונג און קאַמף. הערש גליקס „זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג" איז אַ מוטיקער ענטפער אויף י. גלאַטשטיינס „אַ גוטע נאַכט דיר וועלט". ס'איז ווירקלעך געווען דער „נס אין געטאָ", וואָס האָט געלאָזט הערן אַזעלכע ווערטער, ווי „אונדזער ליד איז פול מיט טרויער, דרייסט איז אונדזער מונטער גאַנג!". דעם נס שילדערט אויך א. סוצקעווער אין זיין „געהיימשטאָט" און דער קאַמף אין וואַרשעווער געטאָ איז אַ גאַנצע עפּאָפּייע ניט נאָר אין דער אידישער געשיכטע, נאָר אויך אין דער אידישער ליטעראַטור. איציק פעפער ברענגט עס אַרויס אין זיין „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ" און א. סוצקעווער האָט צווישן אַנדערע באַרייכערט די עפּאָפּייע מיט זיין ליד וועגן דער לערערן מירע און דערהויפּט מיט זיינע לידער, וואָס געהערן צו דער צייט און מיט זיין קאַפּיטאַלן ווערק „חורבן ווילנע". צו דעם דאַרף מען מוסיף זיין דוואָרזשעצקיס „ירושלים דליטא", מרדכי שטריגלערס „מאַידאַנעק", קאַטשערגינסקיס „פּאַרטיזאַנער גייען" און נאָך אַזעלכע ענלעכע ווערק. דאָס זיינען דאָקומענטן ניט נאָר צו דער געשיכטע פון דער אידישער מאַרטיראָלאָגיע, נאָר אויך אַ רייכע ליטעראַטור אין אַ צייט פון מרידה און קאַמף קעגן גייסט. קעגן דעם האָט דאָס אידישע פאָלק באַוויזן, אַז דער אידישער שעפערישער גייסט איז ניט נאָר אייביק וואָך, נאָר פאַרמאָגט אויך מוט, ענערגיע און אַזאַ ווידערשטאַנדפעיקייט, וואָס ווייסט נישט פון קיין רעזיגנאַציעס.

ס'איז דער אונטערשייד צווישן צוויי קאָנטינענטן: אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז מען געווען זאַט, און מ'האָט געטרויערט, בעת אויפן אייראָפּעאישן קאָנטינענט, האָט מען געהונגערט, געווען פאַרשפּאַרט אונטער גראַטעס און דאָך האָט מען גערופן צו מוט און צו קאַמף, דורך וואָס די טעזע „עם ישראל חי" האָט באַקומען איר ריכטיקן תיקון.

אין דערזעלבער צייט האָט זיך באַזונדערס אַנטפּלעקט דער העבּרעאישער און אידישער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן. זיין דורכאויס אומשטערבלעכע, אייביקע פּאָעמע „דאָס ליד פונעם אויסגעהרגעטן פאָלק", אַן „איכה" פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואָס שטייגט איבער אין אַלע

פּרטים דעם „איכה ישבה", — עס איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט און אַ ליטעראַרישער מאָנומענט פון אַ אומגעקומענעם גרויסן דור. די איבער־לעבונגען פון דער צייט האָבן איבערהויפּט אַריינגעבראַכט נייע שטימונ־גען אינעם אידישן ליטעראַרישן שאַפן. אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט האָט מען רק געיללהט און מ'האָט שוין ניט געלאָזט קיין אָרט פאַר דער מינדסטער האָפענונג. די רעזיגנאַציע איז געגאַנגען אויף אַלע פראָנטן און אין אַזאַ טאָן איז אויך געגאַנגען דאָס אידישע ליד, בעת אין דער סאָוועטיש־אידישער ליטעראַטור האָט מען אָנגעהויבן אַריינקוקן אין דער געשיכטע פון דער אידישער פאַרגאַנגענהייט און אונטערשטרייכן דעם נאַציאָנאַל־אידישן מאָמענט. דוד בערגלסאָן נעמט פאַרן נאַציאָנאַלן העלד פונעם אידישן לעבן ראובנין, ווי אַביישפּיל פון אַ קעמפער פאַר דער באַפרייאונג פונעם אידישן פאָלק, עזרא פינינבערג ווענדעט זיינע בליקן צו דער אידישער ביבל, וואָס איז פאַר אים דאָס האַרציקסטע בוך פון טרייסט און האָפענונג, איציק פעפער דערקלערט „איך בין אַ איד" און שטרייכט אונטער די פאַרבינדלעכקייט פון און צווישן אידן אויף וועלכע קאָנטינענטן זיי זאָלן זיך ניט געפינען און פרץ מאַרקיש דערזעט דעם אידן אין אָרעאָל פון זיין פאָלק און אין דער ליכטיקייט פון זיין גע־שיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט. צוליב דעם רופט ער אָן איינע פון זיינע פּאָעמעס „גור אריה" און דורכן אידישן גור־אריה זעט ער דאָס אידישע פאָלק אין פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. דער סאָוועטיש־אידישער דיכ־טער האָט דורך דער פאַרגאַנגענהייט באַלויכטן דעם וועג פון דער אי־דישער צוקונפט. און אַנדערש איז געווען אויפן אַמעריקאַנער קאָנטי־נענט. אויך אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט האָט מען געזונגען די אידישע פאַרגאַנגענהייט, אָבער נאָר ווי אַ זכר, ווי מ'זאָל איר שטעלן אַ מצבה.

אפרים אויערבאַך האָט געוואָרפן אַ קוק אויף „יעקבס געצעלטן" און בליקט ווי „לויטער איז דער אַלטער קוואַל", בעריש וויינשטיין פאַר־הייליקט די געשטאַלטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, י. י. שוואַרץ שילדערט „אַ ליטווישן רב", — מ'ווענדעט זיך צו דער פאַרגאַנגענהייט טאַקע זי צו גלאָריפיצירן, אָבער ס'האָט געשאַפן שטימונג פון אַ „מזכיר נשמות", מ'האָט ניט באַוויזן אַ וויזיע פאַר אַ ווייטער זיין, פאַר אַ צוקונפט, נאָר מ'האָט געזען גאָר די פאַרגאַנגענהייט דורך אַ קעגנוואַרט, וואָס איז אַ לעצטער ישוואַנען־ליד.

אָבער ניט אַלע אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט זיינען געבליבן די פאַרטרויערטע אין רעזיגנאַציע און אין זינגען אַ שוואַנען־ליד פון אַ לעצטן מאָהיקאַנער. פונקט ווי איניקע דיכטער האָבן אַרויסגענומען די פאַרגאַנגענהייט מיט איר צו לייגן אַ חותם אויף דער קעגנוואַרט וואָס וועט שוין ניט האָבן קיין ווייטערפלאַנצונג, אַזוי האָבן אַ טייל אַנדערע דיכטער גענומען די קעגנוואַרט און זי געמאַכט פאַר אַ שיינוואָרפער

פון א נייער אידישער צוקונפט, א ליטעראַרער און קעמפערישער. אזוי באַקומט דער אַמאַליקער „פּראָלעטפּען" אַ נייעם תיקון און שטייט אויף צו אַ נייעם תחית־המתים דורכן „אידישן דיכטער־קלוב" אין ניו־יאָרק, וואָס אָרגאַניזירט און מאָביליזירט די אידישע דיכטונג, וואָס ווייסט ניט פון קיין אונטערגאַנג, נאָר לעבט שטענדיק אין דער אידייע און רעאַליטעט פון אַ ווייטערגאַנג. נעמען באקאַנטע אין דער אידישער דיכטונג וועבן ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדעם פון אידישער האָפענונג, וואָס פירט דורך קאַמף צו באַפרייאונג; אין דער דיכטונג: ל. מילער, א. מ. סול, י. א. ראָנטש, אהרן קוריץ, מלכה לי, דאָראַ טייטלבוים, שרה באַרקאַן, מאַר־טין בירנבוים, אל. פּאָמעראַנץ, בער גרין, שרה פּעל-יעלין, מעינקע קאַץ, כאַנע סאַפראַן, דוד פּעלצער, ד. קאָרמאַן און נאָך אַנדערע; אין דער בע-לעטריסטיק: ש. דייקסעל, כאַווער-פּאַווער (גערשן איינבינדער), דוד קע-שיר, מ. קראַוויעץ, ש. אַפּטער, אברהם ביק, בלומע לעמפּל, חיים דאַ-ווידזאָן מאַרגוליעס, חיים פּלאָטקין און אהרן ראַפּאָפּאָרט, — די אַלע האַלטן אָן דעם ווייטער-גיין און אַוואַנגאַרד פון דער אידישער ליטע-ראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אייניקע מאַכן דורך זייער קריסטאַ-ליזירונג-פּראָצעס צום שאַפן אַ באַדן פאַר אַ ווייטערדיקן נאַכוואוקס. די אַלע אויסגערעכנטע נעמען אויף די אידישע ליטעראַטור אין איר דיכ-טונג און פּראָזע אין קאָנקרעטע רעאַליסטישע קאַטעגאָריעס מיט אַ קלאָרן בליק פאַר דער קעגנוואַרט און באַוואוסטזיין פאַר איר צוקונפט.

אייניקע דיכטער ווידער גייען נאָך אַלץ אַ באַזונדערן וועג, ווי אליעזר גרינבערג, א. ביאַלאָסטאָצקי, בעת אנדערע ווידער האָבן פון איי-ראָפּע זיך אַריבערגעטראָגן אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ווי חיים גראַדע, נחום באָמזע, רחל קאָרן, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, אָבער מ׳דאַרף באַמערקן, אַז גראַד אויפן אייראָפּעאישן באָדן האָט זייער דיכטונג גע-האַט מער זאַפטיקייט ווי אויפן אַמעריקאַנער. אין לאָנדאָן גייען אָן מיט זייער דיכטונג נחום שטענצעל, משה אויוועד, אין פּאַריז א. שול־שטיין אין דער דיכטונג און ב. שלעווין אין דער פּראָזע, דאָך וואָס עס געהער צו די באַמערקנסווערטע דערשיינונגען איז דער מאָמענטאַנער אויפשטייג פון אַ רייכן אידישן שאַפן אינעם נייעם דעמאָקראַטישן פּוילן. מיט דער צייט איז עס רעדוצירט געוואָרן, אָבער עס געהער ווירק־לעך צום וואונדער פונעם אידישן לעבן. נאָכדעם ווי פון אַריבער דריי מיליאָן אידן אין פּוילן איז די צאָל רעדוצירט געוואָרן צו אַ פּאָר צענדליק טויזנט. פּראָפּאָרציאָנעל איז אינעם נייעם פּוילן דער אויפשטייג געווען אַ סך אַ גרעסערער ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אויפן גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. ווידער באַווייזן זיך מיט זייער דיכטע-רישן וואָרט די באַקאַנטע דיכטער בינעם העלער, י. אַשענדאָרף, אברהם זאַק, די לעצטע צוויי האָבן פאַרלאָזט פּוילן און האָבן אַריבערגעוואַנדערט

קיין פּאַריז און צו די קומט צו אַ גאַנצע פּלעיאַדע אויסגעצייכנטע דיכטער און פּראָזאַיקער. נאָר איניקע פון זיי וועט מען דערמאָנען. פון די דער־ציילער י. אָקרוטני, ה. סמאָליאַר׳, ד. האָפּנונג, ל. אָליצקי, שאיע שפּיגל; פון די דיכטער לייב מאָרגנטוי, יצחק גוטערמאַן, רייזל זשיכלינסקי, גוטע גוטערמאַן, פּ. בינעצקי, לייבל קופּערשמיד, נחמן ראַפּ, רחל אויערבאַך; אַ גרויסע צאָל דיכטער און דראַמאַטורגן פון פּאָלק, פון צווישן אַרבע־טער, — ס׳איז געווען זריעה און גרויסער שניט, אָבער נאָר אויף אַ מאָ־מענט, מחמת פּאָליטישע אומשטענדן האָבן דער רוב שרייבער און דיכ־טער פאַרלאָזן פּוילן. דאָס נייע פּוילן איז ניט געוואָרן קיין נייער צענטער פון אידישן דיכטערישן שאַפן, דאָך גראָד דער אויפשטייג פון אַ נייער אידישער דיכטונג און פּראָזע איז דער באַווייז פון דער מעכטיקייט און פּאָטענציאַליטעט פונעם אידישן שעפערישן גייסט, וואָס שלאָגט זיך אַדורך דורך אַלע גרענעצן און שטעלט אויף אַ גרויסן בנין פון אַן אייגנטיקער אידישער קולטור, מעכטיקער און ווידערשטאַנדספעיקער אומעטום דאָרט, וואו זי גייט אַוועק אויף די וועגן פון נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיסטישער און אידייען אַנטוויקלונג.

* * *

אַ גאַנץ באַזונדער׳ע דערשיינונג אין דער אידישער ליטעראַטור איז די פרויעשע דיכטונג און פּראָזע. אין תוך גענומען איז די צאָל פרויען־דיכטערנס כמעט אַ סך גרעסער, ווי די צאָל מענער־שרייבער און דיכטער, דאָך מיטן אונטערשייד, וואָס די פרויעשע דיכטונג איז אין רוב ניט קיין אָרגאַניזירטע און ניט קיין כסדרדיקע. ווער פון די פרויען־דיכטערנס איז שוין דערשינען מיט איינעם, צוויי און מער ווערק און וועמענס לידער זיינען נאָך ווי בלאָנקענדיקע נשמות אין פאַרשיידענע זשורנאַלן און צייטשריפטן, אָבער אַלע צוזאַמען בילדן זיי אַן אָרגאַנישן טייל פון דער אידישער ליטעראַטור. די פרויען־דיכטערן און פרויען־שרייבערן איז ממש אַ מזל־ברכה אין דעם זין, וואָס עס באַווייזט ווי דורכדרינגלעך און ווי קרעפטיק עס איז דאָס אידישע וואָרט, אַז עס רעגט אָן אויך די פרוי צום דיכטערישן, וואָס איז גאָרניט אַזאַ אָפטע דערשיינונג ניט אין דער העברעאישער ליטעראַטור און ניט אין דער ליטעראַטור פון די אומות־העולם.

מיט פולן רעכט קען מען זאָגן, אַז די אידישע פרויען־דיכטערן ציט דעם גאָלדענעם פּאָדעם פון שרה בת־טובים און גליקל פון האמעלן. עס איז אַ מין מיסטעריעזע השפּעה, וואָס האָט זיך צעבליט מיט רייכן צוויט און איז דער חן און ליבע פונעם אידישן שאַפן און שעפערישן וואָרט. מעגלעך, אַז תחילת איז עס איבערגעליפערט געוואָרן צו דער

אידישער פרוי אין דער פאָרם פונעם פאָלקסליד, וואָס איז געווען אַנאָ־נים, האָט ניט געהאַט קיין מחבר און ניט קיין קאָמפּאָזיטאָר. און קיינער האָט ניט אויפגענומען אַזוי די קאָלעקטיווע און אַנאָנימע שאַפונג ווי עס האָט עס אויפגענומען די אידישע פרוי, און עס איז ניט אויסגע־שלאָסן, אַז פונעם אידישן אַנאָנימען פאָלקסליד איז די אידישע פרוי געקומען צום אינדיווידועל־דיכטערישן. אויך דאָס איז אַ המשך, וואָס הייבט אָן מיטן טייטש־חומש; דער טייטש־חומש איז דער אומגעזעענער יסוד, וואָס האָט אַריינגעבראַכט די אידישע פרוי אינעם אידישן וואָרט. תחילת האָבן עס אויפגענומען די באָבעס און די מאַמעס און פון זיי האָט עס משפיע געווען אויף די דיכטער, וואָס האָבן שוין דאָס טייטש־חומשע דערהויבן צו געזאַנג, ליד און דיכטונג.

אָבער קען מען ביי דעם דען אויסשליסן די אַלגעמיינע השפעה, וואָס האָט זיך מיט אידיש־שעפערישקייט אַריבערגעטראָגן אויך אויף דער אידישער פרוי? און די פרויען־דיכטונג האָט דורכגעמאַכט דעם זעלבן אַנטוויקלונג־וועג: זי האָט אָנגעהייבן ניט אין קיין פּאַלאַצן און ניט אין די רייכע הייזער צווישן די אַריסטאָקראַטן, נאָר אין דעם אידישן באַלעבאַטישן אָדער גאָר אָרעמען הויז, אינעם אידישן ניי־וואַרשטאַט, אָדער גאָר אין די „שעפער", — די אידישע פרויען־דיכטונג איז געקו־מען פונעם פאָלק צו זיין פאַרן פאָלק.

אוים דעם איז אויך ניט קיין וואונדער, וואָס די אידישע דיכטערן האָט גאַנץ ווייניק געשריבן אָדער געדיכטעט וועגן ליבע, נאָר האָט באַ־רירט סיי אין דער פּראָזע, סיי אין דער דיכטונג אידישע פּיין און ליידן, אינדיווידועל און פאָלקיש; האָט דערציילט וועגן די טאַטעשע היימען און וועגן די קינדער־נויטן, באַרירנדיק דערהויפּט דאָס מישפּחהשע און אַלגעמיין־סאָציאַלע לעבן, פּראָבלעמען און איבערלעבונגען. אין רוב איז די אידישע פרויען־דיכטונג אַ דיכטונג פון איבערלעבונגען, אָבער צוזאַ־מען מיטן פילנדיקן פעלט אויך ניט דאָס דענקערישע, — די נויט און איבערלעבונגען האָט געפירט די אידישע דיכטערן צו אַ געזונטן סאָ־ציאַלן דענקען און מע געפינט עס סיי אינעם ליד, סיי אין דער פּראָזע, אָבער ווי דער שטייגער איז, נעמט די דיכטונג די אויבערהאַנט איבער דער פּראָזע. אין דער פּראָזע זיינען פאַרטראָטן גאַנץ ווייניק פרויען, אָבער דערפאַר איז די דיכטונג אַ צעוואַקסענע און די גרעסטע צעוואַקסנדי־קייט האָט געגעבן, ווי דער שטייגער, דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט, בעת דער איירָאָפּעאישער, נאַטירלעך דער מזרחדיקער טייל, האָט געגעבן אַ רעדוצירטע צאָל פרויען, פאַרטראָטענע אין דער אידישער דיכטונג און פּראָזע.

און גרויס איז די צאָל פרויען פאַרטראָטענע אין דער אידישער ליטעראַטור, אין פּראָזע און אין דיכטונג: חייקע אייבלסאָן, ראַשעל

וועפּרינסקי, מלכה לי, רחל זשיכלינסקי, חנה ראָזנפּארב, ראָזע ניומאַן־וואָלינסקי, נחמה לאָנדאָן, אַנאַ באָגין, ראָזע פּאַלאַטניק־שאַפּראָן, פלאָראַ פרידמאַן, שרה זשאַקלין האַמער, הינדע בערגער, חוה ראָזענפּארב, רחל אויערבאַך, רחל קאָרן, ראָזע גוטמאַן, ברכה קודלי, יודיקאַ, שרה קינדמאַן, הנה סטאַפּראָן, ראָזע גלאַז־פּענסטער, בעסיע הירשפעלד־פּאָמעראַנץ, הדסה רובין, ארנאָ בערג, רבקה גאַלין, אַנאַ סטעלמאַך, חנה לעווין, פריידל צעפּלאָוויטש־דארסקי, חנה שטיינבארג, אידאַ גלאַזער, צילי דראַפּקין, אַנאַ מארגאָלין, אסתר שומיאַטיטשער, כאַסיע קופּערמאַן, מינאַ באַרדאָ־ריב־קין, אַנאַ זאַרעצקי, אַניטאַ גליקסמאַן, ראָזע ניעוואָדיאַוסקע, ברכה קאַפּ־שטיין, רייזל לאַנדוי, דאָרע טייטלבוים און נאָך אייניקע אַנדערע. אַלע קאָנטינענטן זיינען דאָ אָפּגעשפּיגלט, אָבער ניט אַלע נאַטירלעך האָבן זוכה געווען צו פאַרנעמען דעם גרויסן און אָנגעזעענעם אָרט אין דער אידישער דיכטונג, נאָר אייניקע האָבן די זכיה און האָבן אויך געמאַכט און מאַכן געשיכטע אין דער אידישער ליטעראַטור — רחל קאָרן און קאַדיע מאָלאָדאָווסקי האָבן אַריינגעבראַכט אייגנאַרטיקן סטיל אין דער אידישער דיכטונג און באַזונדערס איז אינטערעסאַנט די דיכטערישע טעמאַטיק פון רחל קאָרן. אסתר שומיאַטיטשער האָט איבעראַשט מיט אירע דיכטונגען, וואָס זיינען געקומען פונעם קאַנאַדער קאָנטינענט, — זי האָט דעם קאָנטינענט ממש געעפנט פאַר דער אידישער ליטעראַטור. דאָס טיפּיש־פּרויעשע אין דער דיכטונג שטעלט פאָר מלכה לי און דאָרע טייטלבוים האָט באַוויזן וואָס עס באַטייט דער סאָציאַלער באַוואוסטזיין פאַר דער פרויעשער דיכטונג. פון די פּראָזאַיסטנס טיילט זיך אויס שרה זשאַקלין־האַמער, הגם זי באַרירט די טעמע פונעם אַמעריקאַנער מענטש און בלויז אייניקע טעמעס האָט זי פון דער אַלטער היים, פונדעסטוועגן פילט מען אין אירע דערציילונגען דאָס שרה בת־טובימשע און אַ ריכ־טיקן סטיל, געירשנט פון דער באָבעשער צאינה־וראינה.

געוויס זיינען אויך פאַראַן אַ סך צופעליקייטן אין דער פרויעשער דיכטונג, אַזעלכע וואָס זיינען אַדורך נאָר מיט אַ פּאָר לידער און זיינען פאַרשווינן געוואָרן, פונדעסטוועגן פאַרדינען זיי דערמאָנט צו ווערן און דאַרפן בלייבן פאַרנאָטירט צום באַווייז, ווי ווייט און ווי טיף עס האָט געגרייכט און דערגרייכט דאָס אידישע דיכטערישע וואָרט. און אין אַל־געמיין וועט די פרויעשע דיכטונג און דערהויבט די פרויעשע ליטעראַ־רישע שאַפונג בלייבן אַ פיינער און רייכער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור, אינעם אידישן דענקען און קולטור־ווערטן.

דאָרט וואו עס איז פאַראַן אַ ליטעראַטור־שאַפונג מוז אויך
זיין איר באַגלייטערן די ליטעראַטור-קריטיק און ס'איז אויך אַ דערשיי-
נונג אינעם אידישן ליטעראַרישן שאַפן. די אידיישע ליטעראַטור-קריטיק
האָט געשפּילט און שפּילט אַ גרויסע ראָל אינעם צעמענטירן, פאַמענטירן
און געבן ריכטונג דער אידישער דיכטונג און פּראָזע. פּונקט ווי די אי-
דישע דיכטונג און פּראָזע, אַזוי האָט אויך איר געשיכטע די אידישע לי-
טעראַטור-קריטיק, וואָס האָט תחילת אָנגעהויבן ניט באַזונדערס גינסטיק
און דווקא אין דער רוסישער און ניט אידישער שפּראַך. אמת, ס'האָט
ניט קיין שייכות צו דער פאָרמירונג פון דער אידישער ליטעראַטור-קרי-
טיק, אָבער ס'איז איינער פון די עפּיזאָדן, וואָס מוזן דערמאָנט ווערן און
וועלן אויך מוזן האָבן זייער אָרט אין דער געשיכטע פון דער אידישער
ליטעראַטור. און ס'איז גאָרנישט קיין וואונדער, וואָס אנשטאָט קריטיק
איז דער עפּיזאָד גאָר אַ געשיכטע פון אַ פּאַמפלעט אויף אידיש און אידיש־
ליטעראַרישן שאַפן. דער פּאַמפלעט געהערט דער פּען פון שמעון דובנאָוו,
וואָס האָט אינעם רוסיש-אידישן זשורנאַל „וואָסכאָד" געשריבן אונטערן
פּסעוודאָנים „קריטיקוס". עס זיינען געווען די ערשטע שפּראָצן פון
דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור און „קריטיקוס" האָט אויסגע־
חוזקט די, וואָס האָבן געהאַט בדעה אויף „זשאַרגאָן" שאַפן אַ ליטעראַ-
טור פאַרן פאָלק. דער פּאַמפלעט האָט געצילט קעגן מענדעלען און שלום-
עליכמען, און, ווי עס ווייזט אויס, האָט „קריטיקוס" דעמאָלט נאָך ניט
אויפגעכאַפּט דעם אָריגינעלן הומאָר וואָס שלום-עליכם האָט אַרויסגע-
בראַכט דווקא אין דער „זשאַרגאָנישער" שפּראַך. ס'איז געווען ש. דוב-
נאָוום אַ „חטאת נעורים", מיט דער צייט האָט ער שוין באַנומען גאַנץ
ערנסט דעם ווערט און באַטייט פון אַ אידישן ליטעראַטור-שאַפן, אָבער
דער פּאַמפלעט גופא, הגם עס זיינען שוין פאַרלאָפן אַ סך יאָרן, וועט
בלייבן אַ פאַקט, וואָס קען ניט אויסגעשטריכן ווערן: ס'איז כאַראַקטע-
ריסטיש פאַר די אומשטענדן וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט אין דער
אידישער אינטעליגענטישער סביבה און ווי אַזוי די סביבה האָט אויפגע-
נומען די אידישע שפּראַך אין דער רעאַליטעט פון איר שאַפונג-ווערט און
שאַפונג-שטרעבונגען.

דער ריכטיקער קאָריפיי פון דער אידישער ליטעראַטור־קריטיק איז
געווען בעל־מחשבות (דר. י. י. עליאַשעוו). נאָך אים איז געקומען ש.
ניגער (ש. טשאַרני). בעל־מהשבות'עס ווירקן אין דער אידישער ליטע־
ראַטור־קריטיק איז געווען ניט פון לאַנגן דויער צוליב זיין פריעדיקן
טויט. פונעם מעדיקער האָט ער געמאַכט דעם וועג צו אידישער ליטעראַ־
טור־קריטיק און אריינגעבראַכט גליך שיטה. קיין באַזונדערס גרויסע אר־

בעטן האָט ער ניט איבערגעלאָזט, אָבער ער איז אויסגעצייכנט אינעם פּרעציזן, קורצן עסיי. באַאיינפלוסט פון דער מערב־אייראָפּעאישער ליטעראַטור־קריטיק, האָט ער אַזאַ גייסט אָנגעהאַלטן אין זיינע עסייען און געוויזן צו בינדן דאָס עסטעטישע מיטן סאָציאַלן. ער האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויפן אוטיליטערן פּרינציפּ פונעם ליטעראַרישן ווערק, אָבער אַז ס׳זאָל אויף דעם חשבון ניט געמינערט ווערן דער עסטעטישער ווערט פונעם געשאַפענעם. און געוויסע פאַרדינסטן האָט ער אויך פאַר דער שפּראַך פונעם ליטעראַרישן עסיי. בעל־מחשבות׳עס טעזע איז געווען: ליטעראַטור־קריטיק דאַרף זיין אַ העמשך פונעם געשאַפענעם ווערק, די אַרבעט פונעם קריטיקער איז אויסברייטערן דאָס ווערק פירנדיק עס פונעם אַנאַליטישן צום סינטעז, און צו דעם זאָל אויך צוגעפּאַסט ווערן דאָס שפּראַכלעכע.

אַנדערש איז ש. ניגער. אין ש. ניגערס ליטעראַריש־קריטישע עסייען פילט מען אַפילו טיילווייז די ווירקונג פון דער רוסישער ליטעראַרישער קריטיק, באַזונדערס די פונעם גרויסן רוסישן קריטיקער ווִיסאַריאָן ביעלינסקי, וועמענס עסטעטישע טעאָריע ש. ניגער אימיטירט, דאָך האָט ש. ניגער ניט באַוויזן צו דערהויבן דאָס עסטעטישע צו אַזאַ הויכער מדרגה, ווי וו. ביעלינסקי האָט עס באַוויזן. ביעלינסקי האָט זיין עסטעטישע טעאָריע באַזירט אויפן סאָציאַלן, ביעלינסקי האָט געהאַלטן, אַז דאָס סאָציאַלע מוז זיין אַ באַדינגטקייט פון יעדן ליטעראַרישן ווערק, אַנדערש האָט עס ניט קיין ווערט פאַר דער ליטעראַטור, בעת ש. ניגער פאַרלייקנט לחלוטין די ווירקונגען פון די סאָציאַלע עלעמענטן אין אַ ליטעראַרישן ווערק, — ניט נאָר ער נעגירט, נאָר ער האָט בכלל מורא פאַרן סאָציאַלן, ווי פאַר אַ רויטן טוך. נאַטירלעך לייגט עס זיך שווער אויף זיין גאַנצער ליטעראַטור־קריטיק, און דאָס איז אויך די סיבה פאַרוואָס זיין ליטעראַטור־קריטיק איז געבליבן ביי גאָר אַ קליינעם באַטייט און ווערט. מיט זיין ליטעראַטור־קריטיק איז ש. ניגער געבליבן שטעקן אין אַן עסטעטיזירנדיקער אינדיווידואַליסטיק וואָס האָט ווייט ניט פאַרכאַפּט קיין באַזונדערס גרויסע גרענעצן. זיין מורא פאַרן סאָציאַלן גייט אַזוי ווייט, אַז אַפילו ביי די קלאַסיקער מענדעלע, שלום־עליכם און י. ל. פּרץ האָט ער ניט געוואָלט באַמערקן די סאָציאַלן מאָטיוון. אויס דעם איז קלאָר, פאַרוואָס ער האָט ניט באַמערקט די ברייט־אַנטוויקלטע מאָדערנע אידישע סאָציאַלע דיכטונג פון צווישן דיביידע וועלט־מילחמות, אַ דיכטונג וואָס האָט באמת געמאַכט עפּאָכע און וואָס האָט זיך פעסט און זיכער איינגעבירגערט אין דער אידישער ליטעראַטור. און נאָר ווייל אַזאַ באַגרענעצטקייט און קורצזיכטיקייט אינעם באַנעמען און אָפּשאַצן דעם ליטעראַריש־שעפערישן פּראָצעס, האָט ער אויך ניט געשאַפן קיין שיטה און קיין שול מיט תלמידים, וואָס זאָלן אים נאָכפאָלגן. און מסתמא

וועט ש. ניגער שוין אַזוי בלייבן אין דער אידישער ליטעראַטור־קריטיק, — ווייטער וועט ער ניט גרייכן און אין בעסטן פאַל וועט ער איבער־בלייבן דער „הויף־קריטיקער“ פון די אידישע שרייבער, וועמען ער אַליין זעט אין אַ ליכט פון „רבי מכבד עשירים“.

אינעם ווייטערדיקן האָט די שיטה — פון בעל־מחשבותן — געפונען אַ תיקון ביי משה אָלגין. און מען מוז אנערקענען אַז אמת: דער שטייגער פון ש. ניגערס ליטעראַטור־קריטיק האָט געלערנט מ. אָלגינען אויסצובויען אַ שיטה פון אידעאַלישקייט אינעם ליטעראַרישן שאַפן. און דאָס איז זיין פּאַרדינסט: זען דאָס ליטעראַרישע ווערק אויס אַן אידעאישער רעאַליטעט און עס בינדן מיט דער נוצלעכקייט פאַר דער סאָציאַלער ווירקלעכקייט. אָבער זיין שיטה האָט ניט געגעבן קיין באַזונדער־גרויסן נאָכוואוקס אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אַן ענלעכע שיטה האָט מען אויך געקענט מערקן אינעם פּוילן פון צווישן דיביידע וועלט־מילחמות, אויך דאָ זיינען געוועזן דיזעלבע שיטות ווי אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, אָבער אַ נייער טאָן אויפן געביט פון דער אידישער ליטעראַטור־קריטיק איז געקומען פון סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָך איידער מען גייט אַריבער צו דער אידישער ליטעראַטור־קריטיק אין סאָוויעט־רוסלאַנד און אין די אַנדערע לענדער פונעם אידישן ליטעראַטור־שאַפן איז נייטיק באַזונדער זיך אָפּצושטעלן אויף דער פּערזענלעכקייט פון ב. ריווקין, טאַקע ווייל ער האָט אַריינגעבראַכט אַן אייגנאַרטיקן טאָן אין דער אידישער ליטעראַטור־קריטיק. ער איז אַפילו ניט געווען באַזונדערס פּרוכטיק אויפן געביט פון אידישער ליטעראַטור־קריטיק, זיינע אורטיילן און אויספירן זיינען אַ סך קאָנצענטרירטער און ער האָט אויך די אידישע ליטעראַטור געזען גאַנץ אַנדערש. ב. ריווקין האָט ניט איינגעראַמט די אידישע ליטעראַטור אין עסטעטישע ראַמען און דאָס אוטיליטערע אין איר האָט ער געזוכט אין אַ גאַנץ אַנדערער ריכטונג, — ער האָט געהאַלטן, אַז די אידישע ליטעראַטור האָט אויסצופירן אַ גרויסע מיסיע אינעם לעבן פונעם פאָלק, ער האָט זי געזען און באַטראַכט אויס איר היסטאָריציסטישער שלימותדיקייט און אַזוי האָט ער אויך געזען און באַטראַכט דעם אידישן דיכטער און פּראָזאיקער, ווי די טרעגער און אויספירער פון דער מיסיע.

די אידישע ליטעראַטור האָט געהאַט אויסצופירן אַן אידעאָלאָגישע שליחות און באַזונדערס די ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויפן אַמעריקאַנער באָדן. ב. ריווקין געהער צו די געציילטע און אפשר איז ער אויך דער איינציקער וואָס האָט געהאַט אָנגעוויזן אויף דער נייטיקייט פון אַ מחותנושאַפט צווישן די אידישע ליטעראַטורן פון די פאַרשיידענע קאָנטינענטן מיט דער אידישער ליטעראַטור פון סאָוויעט־רוסלאַנד. און ניט צוליב פּאָליטישע אָדער וועלכע עס איז אַנדערע אידעאָלאָגישע

טעמים, נאָר טאַקע אויס נאַציאָנאַלע. ער האָט פאַרטראָטן די אידייע, אַז די אידישע ליטעראַטור האָט אויסצופירן די מיסיע פון אַ טעריטאָריע פאַרן אידישן פאָלק, אַ טעריטאָריע אין אימאַזש. טעריטאָריאַלע גאַנצקייט איז פאָלק־גאַנצקייט און דאָס האָט, לויט זיין אויספיר, באַדאַרפט פירן צו אַ פאַרבינדונג מיט דער סאָוועטישער אידישער ליטעראַטור.

די אידישע ליטעראַטור-קריטיק איז געגאַנגען טריט ביי טריט מיט דער אידישער ליטעראַטור-שאַפונג, פונדעסטוועגן האָט זי ניט דערגרייכט אַן אָרגאַניזירנדיקן כאַראַקטער אפילו אין פוילן, וואָס איז געווען צווישן דיביידע וועלט-מלחמות און אויך פאַר דעם אַ ריכטיקע „עיר ואם בישראל" פון דער אידישער ליטעראַטור. די אידישע ליטעראַטור-קריטיק, אויסער דער סאָוועטיש-אידישער, האָט קיינמאָל ניט געטראָגן קיין לאָ-קאַלן כאַראַקטער. די אידישע ליטעראַטור-קריטיק האָט געווירקט אין אַן אַלגעמיינעם מאַסשטאַב, דאָך ניט אויסשליסנדיק, אַזוי צו זאָגן, דאָס געאָ-געאָגראַפישע, און אין געאָגראַפישן זין קומט אין אַ באַזונדערן באַטראַכט נחמן מייזל אין פוילן, וואָס האָט איינגעפירט דעם מעטאָד און סיסטעם פון אַ ליטעראַטור-קריטישער ביבליאָגראַפיע. אין דעם פּרט האָט ער גוואַלדיק גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אידישער ליטעראַטור. זיין פאַר-דינסט באַשטייט אויך אין דעם, וואָס ער האָט זיך באַמיט צו סיסטעמאַ-טיזירן דעם אַנטוויקלונגס-גאַנג פון דער אידישער ליטעראַטור. עס איז געווען זיין עובדה אין פוילן, און, נאַכהער, נאָכן צווייטן וועלטקריג, אין די פאַריינינקטע שטאַטן, — זיינע ליטעראַטור-קריטישע און ביבליאָ-גראַפישע אַרבעטן זיינען אַ ריכטיקער וועגווייזער אין דער אידישער לי-טעראַטור און ניט נאָר פאַרן אידישן לייענער, נאָר אויך פאַר יעדן, וואָס וועט וועלן שרייבן די אַלגעמיינע געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור.

מיט ליטעראַטור-קריטיק האָט טיילווייז זיך אָפּגעגעבן אויך י. י. טרונק, באַזירט מער אויפן וויסנשאַפטלעך-פּסיכאָלאָגישן און פילאָזאָפישן. ליטעראַטור־קריטיק טראָגט אַן אַנאַליטישן כאַראַקטער. מיט ליטעראַ־טור־קריטיק האָבן זיך באַשעפטיקט אין גאָר אַ קליינער מאָס יעקב אַפּט, שלמה מענדלסאָן, מלך ראַוויטש, ז. ריינאָוויטש, ש. זאַראָמב און אינעם נאָכמילחמהדיקן פוילן פילן אויס די פונקציע ב. מאַרק און א. ד. ספאַרד, ביידע מיט אַ סטאַזש פון דער פאַרגאַנגענהייט. די איינציקע אי־דישע ליטעראַטור־קריטיק וואָס האָט געטראָגן אַן אָרגאַניזירנדיקן כאַראַק־טער איז געווען די סאָוועטיש־אידישע ליטעראַטור־קריטיק. לויט איר כאַראַקטער איז זי אַ שטרענג-לאָקאַלע, און דורכאויס מיטן טראָפּ אויפן אָרגאַניזירנדיקן. זי האָט ניט אַזוי מקפּיד געווען אויף דער פאָרם, ווי אויפן אידעאָלאָגישן. דאָס אידעאָלאָגישע איז פאַר איר געווען דער „סינע קווא נאָן" און דער טראָפּ איז געשטעלט געוואָרן אויסשליסלעך אויפן רעאַליסטישן אין רוים און צייט. זי האָט כמעט נעגירט די גאַנצע אידישע

ליטעראטור פון די אַנדערע קאָנטינענטן, דאָך האָט זי געשאָנקען אַ גרוי-
סע אויפמערקזאַמקייט דער קלאַסישער אידיישער ליטעראטור, באַזונדערס
מענדעלען און שלום-עליכמען, בעת י. ל. פּרצן האָט מען שוין גענומען
אונטער אַ שאַרפן אידעאָלאָגישן חלף. ב. אויסלענדער האָט געמאַכט אַ
גרינטלעכן שטודיום וועגן דעם רעאַליזם אין דער אידישער קלאַסישער
ליטעראטור, מ. ווינער האָט דורכאַנאַליזירט מענדעלען אין זיינע אינ-
האַלטן און ליטעראַרישער פאָרם און זיינע צוויי בענד וועגן דעם זיינען
אַן אויסערסט וויכטיקער בייטראָג ניט נאָר פאַר דער מענדעלע-פאָרשונג,
נאָר אויך פאַר דער אַלגעמיינער געשיכטע פון דער אידיישער ליטעראַ-
טור. וויכטיק איז דאָברושינס אַ ביאָ-ביבליאָגראַפישע ארבעט וועגן דוד
בערגעלסאָן. מיט אידישער ליטעראטור-קריטיק האָבן זיך באַשעפטיקט
דוניעץ, א. גורשטיין, א. בראָנשטיין, ב. אָרשאַנסקי, י. נוסינאָוו און די
ערשטע אָנרעגונג צו דער סאָוועטישער אידיישער ליטעראטור-קריטיק
האָט געגעבן משה ליטוואַקאָוו מיט זיינע צוויי בענד „אין אומרו", הגם
טיילווייז איז זיין ליטעראַטור־קריטיק געווען מער אַ פאַמפלעט, ווי
ריכטיקע ליטעראטור-קריטישע אָפּשאַצונג, דערהויפּט ווען ער האָט גע-
רעדט וועגן די מאָדערנע אידישע דיכטער און דערציילער וואָס לעבן אוי-
סער די גרענעצן פון סאָוויעט-רוסלאַנד.

מיט ליטעראַטור־קריטיק גיבן זיך אָפּ אויך חיים ליבערמאַן אין די
פאַר. שטאַטן, שלמה ביקל און י. שטערנבערג אינעם אַמאָליקן פאַר־
מלחמהדיקן רומעניע, יעקב באָטאָשאַנסקי, דר. ל. זשיטניצקי און שמואל
ראָזשאַנסקי אין אַרגענטינע און מיט דעם ווערט נאָך נישט אויסגעשעפּט
דאָס גאַנצע צעטל פון די אַלע, וואָס זיינען געגאַנגען אין מאַרש פון דער
אידישער ליטעראטור-שאַפונג, דאָך מוז מען אנערקענען אַז די אידישע
ליטעראטור-קריטיק האָט ניט אינגאנצן פארענטפערט די הצטרכותן פון
דער אידיישער ליטעראטור-שאַפונג און איז ניט אין אַלעם געווען איר
שטענדיקער מדריך, — זי האָט מער קריטיקירט און ווייניקער באַלערנט,
דערהויפּט אינעם פּראָצעס פון דער מאָדערנער יונגער דיכטונג, — אַנ-
שטאָט צו ווערן איר וועגווייזער האָט מען אין א סך פאַלן זי אַוועקגע-
מאַכט מיט דער האַנט. און מערקווירדיק: דעם שאָדן האָט געליטן ניט
די יונגע אידישע דיכטונג, זי האָט זיך דורכגעלייגט איר אייגענעם וועג,
בעת דער שאָדן איז געווען פאר דער ליטרעאטור-קריטיק גופא, וואָס האָט
צוליב אַזאַ באַציאונג ממש פאַרשפּעטיקט אַ גאַנצן נייעם ליטעראַרישן
וועלט־אויפגאַנג.



און רעדט מען וועגן אידישער ליטעראַטור און אידישער ליטעראַטור-
קריטיק, מוז מען אויך דערמאָנען די פאָרשונגען וואָס זיינען געמאַכט

געוואָרן אויפן געביט פון דער אַלט־אידישער ליטעראַטור. די אָנרע־גונג צו פאָרשן די אַלט-אידיישע ליטעראַטור איז געווען ניט אַ צופעליקע, נאָר פאַרבונדן מיט אַ דערשיינונג וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַן אויפלעב-גייסט אינעם אידישן לעבן: עס איז געווען דאָס אַנטשטיין און אָרגאַני-זאַציע פונעם אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט „איוואָ", תּחילת אין ווילנע און נאָכער מיט זיינע אָפּצווייגן אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אין די היינטיקע צייטן איז שוין ניט שייך צו רעדן וועגן „איוואָ" אין ווילנע, — ווי די געשיכטע פונעם „איוואָ" אין ווילנע איז ניט געווען גרויס און ווערטפול, איז אַ סך מער טרויעריק די געשיכטע פון זיין אונ-טערגאַנג, ריכטיקער געזאָגט, פון זיין אומגעבראַכט ווערן. אויף אַזאַ שטייגער האָט אַלע פונקציעס זיינע געמוזט איבערנעמען דער „איוואָ" אין ניו-יאָרק אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס איז אויך בעל-כרחך גע-וואָרן אַ צענטראַלע אין אַלגעמיין און די צענטראַלע פון די וויכטיקסטע אידיישע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. אָבער מ'קערט זיך אום צו די אָנהייבן, וואָס צייכענען די דאַטע פון 1925 ווען נחום שטיף האָט פאָרגעבראַכט די אידעע פון אַ אידיש-וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. און אידעע און אָר-גאַניזאַציע זיינען געוואָרן אַן אָנרעגונג צו פאָרשן די אַלט־אידישע ליטעראַ־טור, שאַפן אַ פילאָלאָגיע פון דער אידישער שפּראַך וכדומה. נעמען וואָס זיינען שוין ניט פאַראַן מער צווישן די לעבעדיקע און וועמענס טויט איז געווען ביז גאָר אַ טרויעריקער האָבן געשטעלט די ערשטע טריט אין דער פאָרשונג און מיט גאָר וויכטיקע רעזולטאַטן. באַזונדערס מוז דערמאָנט ווערן דער נאָמען פון מאַקס עריק מיט זיינע פאָרשונגען וועגן דעם אַלט-אידישן ראָמאַן און זיין וויכטיקע אַרבעט וועגן דער אַלט-אידישער לי-טעראַטור און אידישער ליטעראַטור-וויסנשאַפט, אַ צווייג וואָס וואַרט נאָך אויף אַ תּיקון, מאָנומענטאַל איז אויך זיין פאָרשונג וועגן דער השכּלה-עפּאָכע, הגם אין תּוך שוין אַביסל טענדענציעז, דאָך איז דאָס ווערק אין אַלגעמיין אַ גרויסער ביטראָג און צוזאַמען מיטן ווערק פון דר. רפאל מאַהלער איז עס אַ יסוד פאַר די ווייטערדיקע פאָרשונגען וועגן דער אידישער הכּשלה, וואָס וואַרט נאָך אויף איר וויסנשאַפטס־מאַן. אַ גרויסן אָנטייל אין די פאָרשונגען האָט געהאַט זלמן רייזין, אַ זייל פונעם „איוואָ" אין ווילנע, מיט באַזונדערע פאַרדינסטן פאַר דער אידישער שפּראַך־פאָרשונג. גרויס זיינען די לייסטונגען פון מאַקס וויינרייך, יודא יאָפע, דר. שאַצקי, — די פאָרשונגען וועגן דער אַלט-אידישער ליטעראַ-טור זיינען נאָך אין סטאַדיע פון אַנטוויקלונג און דער געביט פאָדערט נאָך אַ גרויסן און אַלזייטיקן שטודיום, הגם דער רוב ווערק זיינען אויס-שעפּנדיקע און פאַרענדיקטע.

אַן אָנהייב פאַר אידישער ליטעראַטור-וויסנשאַפט האָבן געמאַכט אין אַ סעריע עסייען דער פאָרשטאָרבענער מאַקס עריק און משה גראָס און

אַ קאַפּיטאַלע אַרבעט אויף דעם געביט האָט אָפּגעטאָן לייבוש לערער מיט זיין ווערק „די פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור". צוזאַמען מיט דעם זיינען אויך שוין געלייגט געוואָרן די יסודות פאַר אַ אידישער פילאָלאָגיע און אידישער שפּראַך-פאָרשונג. אויף דעם געביט האָבן אַ סך אויפגעטאָן מאַקס ווײַנרייך און יודל מאַרק און אַ ספּעציעלע שיטה פאַר אַ אידישער פילאָלאָגיע שאַפט יודאַ יאָפע, אָבער דער פּרימאַט קומט דעם פאַרשטאָר-בענעם נוח פּרילוצקי. ביי דער געלעגנהייט איז אויך כדאי צו דערמאָנען די אַרבעטן אויף דעם געביט וואָס זיינען געטאָן געוואָרן אין סאָוויעט-רוסלאַנד, וואו עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די נעמען פון ע. ספּיוואַק, מ. גורעוויטש, מ. מיידאַנסקי, אַ. זאַרעצקי, ה. שקליאַר און אַנדערע. וויכטיקע פאָרשונגען אויפן געביט פון אידישן פאָלקלאָר האָבן דורכגעפירט ש. אַנ-סקי, ע. ספּיוואַק און י. ל. כהן און ס'איז אויך אַ גרויסער פאַרדינסט פון „איוואָ" אָנצוהייבן אַ סיסטעמאַטישע אַרבעט און פאַרצייכענונגען פון אַ אידישער ביבליאָגראַפיע, וואָס וועט געוויס מיט דער צייט ווערן און זיין אַ גרויסער הילפס-מאַטעריאַל ביים שרייבן און צוזאַמענשטעלן אַן אַלגעמיינע געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור, פאַרבונדן מיט דער עוואָלוציע און אָרגאַניזאַציע פון אידיש, אידישן וויסן און אידישער וויסנשאַפט.

און צוזאַמען מיט דעם זיינען אויך וויכטיק דערשיינונגען און גע-שעענישן, דירעקט פאַרבונדענע מיט אידיש און אידישער ליטעראַטור. עס זיינען די געשעענישן פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אינעם אידישן לעבן. אין דער ערשטער רייע קומט אין באַטראַכט די טשערנאָוויצער קאָנ-פערענץ, נאָכער דער אַלוועלטלעכער אידישער קולטור-קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּאַריז אין 1937, פון וועלכן עס איז אַרויסגעקומען די „איקוף"-אָרגאַניזאַציע, דער קולטור-קאָנגרעס פון די אייראָפּעאישע לענ-דער, פאָרגעקומען אין פּאַריז אין 1948, וואו עס איז געשאַפן געוואָרן די „ייקפּא" פאַר די אייראָפּעאישע לענדער, נאָכער די קאָנגרעסן פון „ציקאָ" און קולטור־קאָנגרעס, אין ניו־יאָרק אין 1948. עס זיינען טערמי־נאַלע געשעענקייטן און דעטערמינירנדיקע פּונקטן פאַרן אידישן שאַפן, פאַרן כאַראַקטער און אַנטוויקלונג פון דער אידישער קולטור.

וואָס שייך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ דאַרף זי באַטראַכט ווערן ניט נאָר ווי אַ היסטאָרישע דערשיינונג פונעם אידיש-שאַפנדיקן גייסט, נאָר אויך ווי אַן אַבסאָלוטע רעוואָלוציע וואָס האָט דערהויבן אידיש צו ווערן די שפּראַך פונעם איד. פאָלק. ס'איז אויך געווען טיילווייז אַן ענטפער אויף דער רעאַקציע, וואָס האָט באַקעמפט און געוואָלט דעם אונטערגאַנג פון אידיש, האָט רעדוצירט די אידיש-שפּראַך צו אַ „זשאַרגאָן", — אין דעם פּרט איז די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ געווען אַ גרויסע און מעכ-טיקע דעמאָנסטראַציע קעגן די קברנים פון אידיש און איר באַיאָונג, ווי

אַ נאַציאָנאַלער תיקון פון די אידישע פאָלקס-מאַסן. די שפּראַך האָט גע־שלאָגן טיפע וואָרצלען אינעם לעבן פון די אידישע מאַסן און האָט באַ־קומען איר תיקון אין די שאַפונגען פון מענדעלע, שלום עליכם, י. ל. פּרץ, אייזיק-מאיר דיק, יעקב דינעזאָן און אַנדערע, — אין די ווערק האָט מען אויך דערפילט דעם פּולס און נשמה פונעם פאָלק און ס׳האָט נאָר געפעלט מ׳זאָל צוטיילן דער שפּראַך איר נאַציאָנאַלע בירגערשאַפט און שאַפן אידעע תקנות. און דאָס איז געווען די פּעולה פון דער טשער־נאָוויצער קאָנפערענץ. דער פעלער פון דער קאָנפערענץ איז נאָר באַשטאַ־נען אין דעם, וואָס זי האָט ניט געשאַפן אַ פּערמאַנענטן אָרגאַן, וואָס זאָל וואַכן איבער אידיש, איבער דער פאָלקס-קולטור און אירע שאַפונגען. דער אָנהייב, דער „בראשית" איז געווען אַ גוטער, אַ טרעפלעכער, אָבער מ׳האָט ניט געזאָרגט וועגן דער אָרגאַניזאַציע, פונדעסטוועגן האָט די קאָנ־פערענץ איבערגעלאָזט גרויסע היסטאָרישע שפּורן, האָט געשאַפן די חשי־בות פון דער אידישער שפּראַך און פונעם אידישן ליטעראַרישן שאַפן. די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ האָט אויסגערופן פאַר דער וועלט, ערשטנס, אַז אידיש איז אַ שפּראַך און ניט אַ „זשאַרגאָן"; אַז אידיש איז די נאַ־ציאָנאַלע קיום-שפּראַך פון די אידישע פאָלקס-מאַסן, און, צווייטנס, דע־מאָנסטרירט פאַר די שונאים פון אידיש, אַז די שפּראַך איז ניט נאָר אַ לעבנדיקע, נאָר אויך דער אויסדרוק און דעטערמינירונג פונעם אידישן קולטור-שאַפערישן גייסט.

צו גרויס איז געווען דער איבערדריים זינט דער טשערנאָוויצער קאָנ־פערענץ ביזן אַלוועלטלעכן קולטור-קאָנגרעס אין פּאַריז אין 1937. גאַנצע צוואַנציק יאָר זיינען אַדורך און דאָס אידישע ליטעראַרישע שאַפן און קולטור זיינען געווען אָן אַן אָנפירנדיקער אָרגאַניזאַציע, דאָך איז דער קולטור-קאָנגרעס אין 1937 אין פּאַריז פאָרגעקומען אין אַ ריכטיקער צייט, ער איז אַרויסגעוואַקסן אויס דער נויט און געפאַר פאַר וועלכער עס איז געשטאַנען די אידישע קולטור און דאָס גאַנצע אידישע זיין. אויב די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט צו דערקלערן די בירגער׳שאַפט פון אידיש, אַזוי איז דער קולטור-קאָנגרעס פון 1937 אין פּאַריז געקומען אין אַ ריכטיקן מאָמענט צום אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג און ווידערשטאַנדס-פעאיקייט פון דער אידישער קולטור אין אָנבליק פון דעם שטורעם, וואָס האָט זיך גענומען טראָגן איבער איי־ראָפּע און איבער דער וועלט און דער ערשטער זיך געוואָרפן מיט חורבן און פאַרניכטונג אויפן אידישן לעבן. אין אַ געווויסן פּרט איז דער קולטור־קאָנגרעס, מיט זיין המשך דעם „איקוף", געוואָרן אַ ריכטיקער שיינוואַר־פער פאַר דער אידישער קולטור און ניט ווייניקער אויך פאַרן נאַציאָנאַל־קעמפערישן זיין פונעם אידישן פאָלק. אין תוך איז דער פּאַריזער קול־טור-קאָנגרעס געווען אַנדערש און פאַרשיידן פון דער טשערנאָוויצער קאָנ־

פערענץ, אָבער ער איז געווען איר ריכטיקער המשך. די טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ איז געווען די באַיאָאונג פֿון אידיש־שפּראַך און אַ דעמאָנסטראַציע פֿאַר דער לעבעוודיקייט פֿון דער שפּראַך קעגן די אַלע וואָס האָבן רק גערעדט און אַרויסגעקוקט אויף איר אונטערגאַנג, — די טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ איז געווען אַן ענטפֿער די אינעווייניקסטע שונאים פֿון אידיש, בעת דער פּאַריזער קולטור־קאָנגרעס האָט געשאַפֿן די פֿעסטונג און קאַמף־אָרגאַניזאַציע קעגן די דרויסנדיקע שונאים, וואָס האָבן זיך פֿאַרמאָסטן אומצוברענגען די אידישע קולטור צוזאַמען מיטן אידישן לעבן. מ'איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ גרויסן נסיון און פֿאַר אַ נאָך גרעסערער אחריות. ס'איז געווען אַ פּשוטע פֿראַגע פֿון „קיום העם" און תחילת האָבן עס פֿאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט אַלע פֿאַרשיידענע ריכטונגען און גרופּירונגען אינעם אידישן לעבן. דער פּאַריזער קולטור־קאָנגרעס אין 1937 האָט זיך אָנגעהויבן אונטער אַ פּאָן כמעט פֿון אייניקייט, ווייל מ'האָט פֿאַרשטאַנען אַז „קיום העם" שטייט העכער פֿון וועלכע עס איז חילוקי־דעות און ויכוחים און באַזונדערס העכער פֿון וועלכע ס'איז פּאַרטיי־אינטערעסן, אָבער צום גרויסן באַדויערן האָט די גאַנצקייט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. ווער איז שולדיק אין דעם? וועגן דעם וועט אורטיילן די געשיכטע, אָבער עס איז געווען דער אויפטו פֿונעם פּאַריזער קולטור־קאָנגרעס דאָס אַנטשטיין פֿון דער „איקוף"־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך פֿאַרצווייגט כמעט איבער אַלע קאָנטינענטן פֿונעם אידישן זיין. דער צווייטער וועלטקריג מיטן ווילד־באַרבאַרישן נאַציזם האָבן חרוב געמאַכט דאָס אידישע לעבן אין אייראָפּע, באַזונדערס אין די מיזרח־אייראָפּעאישע געביטן, האָט דער „איקוף" געמוזט קאָנצענטרירן זיין גאַנצע אַרבעט אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אַרגענטינע און אורוגוויי, טיילווייז אויך אין בראַזיל, און, מ'קען ניט לייקענען, אַז דער „איקוף" זאָל ניט געווען האָבן געוואָרן דער פֿאַקטאָר, וואָס האָט ניט נאָר אויפֿגעהאַלטן דאָס אידישע קולטור־שאַפֿן אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, נאָר אויך דעם געגעבן ריכטונג און אָרגאַניזאַציע. דערצו האָט ער נאָך אַ צווייטן פֿאַרדינסט: ווייל ער איז געוואָרן די אָרגאַניזאַציע און ריכטונג פֿונעם אידישן קולטור־שאַפֿן, האָט ער באַאיינפֿלוסט אויך אַנדערע סעקטאָרן אין אידישן לעבן, באַזונדערס די, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין אָפּאָזיציע צום „איקוף", אַז זיי זאָלן דענקען וועגן אַ צווייטער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל ריכטן אַ קולטור־אַרבעט צווישן די, וואָס האָבן ניט אָנגענומען דעם אָנבאָט פֿון גאַנצקייט און אייניקייט, וואָס דער „איקוף" האָט פֿאָרגעשלאָגן.

אויך די „ציקאָ" האָט געטאָן אַ פּאָזיטיווע אַרבעט. ווי אַ צענטראַלע אידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע האָט זי אין געוויסע סעקטאָרן אָרגאַניזירט די אידישע קולטור־אַרבעט. אין איר רשות איז אַריבער דער זשורנאַל

„צוקונפט“, זי האָט אויך איבערגענומען דאָס ווייטערדיקע אַרויסגעבן די אידישע ענציקלאָפּעדיע, וואָס האָט אָנגעהייבן אירע צוגרייטונג-אַר־בעטן אין אייראָפּע, אין פּאַריז, און האָט אָרגאַניזירט איר אַ פאַרלאַג צום דערמעגלעכן דאָס דערשיינען פון ווערק פון אידישע דיכטער און פּראָזאַאיקער. דער „איקוף“ ווידער האָט אויך אָרגאַניזירט דאָן אַן יזיי־גענעם פאַרלאַג, גאַנץ צייליק אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס; דער זשורנאַל פון „איקוף“, „די אידישע קולטור“, הגם נאָך יונג, האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסע לייענערשאַפט און געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דער אידישער קולטור-סביבה. צו דעם אויפטו פון „איקוף“ געהער אויך דער אַרגענ־טינער „איקוף“ מיט זיין זשורנאַל אונטערן זעלבן נאָמען און פאַרלאַג און דער אורוגווייער מיטן זשורנאַל „אונדזער קולטור“.

שוין בעתן צווייטן וועלטקריג איז געשטאַנען דרינגענד דאָס פּראָ־בלעם וועגן אָרגאַניזירן און גרייטן דעם המשך פון דער אידישער קולטור. אַזוי האָט געפאָדערט דער גרויסער חורבן פונעם אידישן אייראָפּע און נאָך שאַרפער איז געוואָרן דאָס פּראָבלעם נאָכן קריג, ווען דער שארית הפליטה האָט מיט מוט און ענערגיע זיך גענומען ווידער אויפצושטעלן אַ אידישן קולטור-לעבן אין אייראָפּע. פילנדיק און אָפּשאַצנדיק די אחריות פונעם מאָמענט איז ווידער געקומען דער פאָרשלאָג און אָנבאָט פונעם „איקוף“ וועגן אַ געאייניקטן קולטור-פראָנט, וואָס זאָל רעאַליזירן אַ צוויי־ענדיקן צוועק: ערשטנס, מאָביליזירן אַלע איבערגעבליבענע קולטור-כוחות אויפן אַמעריקאַנער און אייראָפּעאישן קאָנטינענטן, און, צווייטנס, דע־טערמינירן די וועגן אין וועלכע עס דאַרף גיין די ווייטערדיקע אַרבעט פאַר דער אידישער קולטור, אַז ס'זאָל דינען פאַר דער אויסבילדונג פו־נעם המשך. דער רוף האָט זיך באַצויגן אויף אַ געמיינזאַמען קולטור-קאָנגרעס, אָבער דער רוף פון אַ געאייניקטן פראָנט האָט ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג ביי דער צענטראַלער אידישער קולטור-אָרגאַניזאַציע „ציקאָ“. אין אָנבליק פון דעם האָט דער „איקוף“ אָפּגעלייגט די אידעע און געדאַנק פון אַן אַלוועלטלעכן קולטור-קאָנגרעס, אָבער אויף דער איני־ציאַטיוו פון „ציקאָ“ האָט זיך געבילדעט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט צו פאַררופן אַ סעפּאַראַטן קולטור-קאָנגרעס, אויסשליסנדיק די באַטייליקונג פון די „איקוף“-אָרגאַניזאַציעס. דער „ציקאָ“ האָט דורכגעפירט אין ניו־יאָרק זיין קאָנגרעס און דאָרט פּראָקלאַמירט די אַנטשטייאונג פונעם קול־טור-קאָנגרעס ווי אַ פּערמאַנענטע קולטור-אָרגאַניזאַציע.

און איז ניט געווען אַ מעגלעכקייט צו דערגרייכן אַ פאַראייניקטן אַל־געמיינעם קולטור-קאָנגרעס האָט דער „איקוף“ לחלוטין רענונסירט פון דער אידעע ביז אַזאַ מעגלעכקייט וועט דאָך געשאַפן ווערן. אויך האָט זיך מיט דעם גערעכנט די אייראָפּעאישע שארית הפליטה און דורכגע־פירט אַליין אין 1948-טן יאָר אין פּאַריז אַן אייגענעם אייראָפּעאישן קול־

טור-קאָנגרעס, אין וועלכן עס זיינען געווען באַטייליקט די אידישע קול-
טור-אָרגאַניזאַציעס פון פראַנקרייך, פּוילן, רומעניע און אויך פון אַנדע-
רע אייראָפּעאישע לענדער, שאַפנדיק די אָרגאַניזאַציע „ייקפאַ" מיט צוויי
צענטראַלע סעקרעטאַריאַטן, איינעם אין פּאַריז פאַר מערב-אייראָפּע און
איינעם אין וואַרשע, פּוילן, פאַר מיזרח-אייראָפּע. און דער קאָנגרעס האָט
געהאַט אַ באַזונדערע באַדייטונג, ווייל עס איז ניט נאָר גערעדט געוואָרן
וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער קולטור-ארבעט אויף די ערטער, נאָר
אויך וועגן דעם כאַראַקטער און ריכטונג פון דער קולטור-אַרבעט, וועגן
אירע אידעאָלאָגישע אינהאַלטן. די „ייקפאַ" אָדער אידישע קולטור-פע-
דעראַציע שטייט אין קאָנטאַקט מיטן „איקוף" אויפן אַמעריקאַנער קאָנ-
טינענט און ביידע צוזאַמען לייסטן זיי אַן ארבעט וויכטיק פאַר דעם
ווייטערדיקן גאַנג און אַנטוויקלונג פון דער אידישער קולטור און אידישן
ליטעראַרישן שאַפן.

און צו דעם אַלעמען דאַרף מען צורעכענען אויך די קאָנטינענטאַלע
און לאָקאַלע „איקוף"-קאָנגרעסן און קאָנפערענצן, — אין ניו-יאָרק צוויי
קאָנגרעסן אין 1947 און 1950, פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיט דער
באַטייליקונג פון 1200 דעלעגאַטן, צוויי קאָנגרעסן פונעם ארגענטינער
„איקוף" און אַ קאָנפערענץ פונעם „איקוף" אין אורוגוויי, — נעמט מען
צונויף די אַלע פאַקטן און געשעענקייטן מוז מען קומען צום אויספיר,
אַז זינט דעם קולטור-קאָנגרעס אין פּאַריז אין 1937 האָט דער „איקוף"
באַוויזן צו ווערן אַ ברייט-פאַרצווייגטע קולטור-אָרגאַניזאַציע מיט פּאָזי-
טיווע לייסטונגען און ווירקונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אידי-
שער קולטור און אויף אַ דירעקטן אופן האָט עס אויך געהאַט ווירקונג
אויף דער אידישער ליטעראַרישער שאַפונג אויפן אַמעריקאַנער קאָנטי-
נענט, און ס'איז אויסער יעדן ספק, אַז ווען ס'זאָל זיך דאָך געווען האָבן
איינגעגעבן צו בילדן אַ פאַראייניקטן פראָנט פון דער אידישער קולטור,
וואָלט עס געווען נאָר לטובת דער קולטור און אַ ברכה אויך פאַר דער
אידישער ליטעראַטור. ווען קומען אַזאַ מאָמענט? ס'איז אַ גאַנץ ערנסטע
פראַגע גראָד אין אַ מאָמענט ווען מ'גייט אריין אין דער צווייטער העלפט
פונעם יאָרהונדערט און ווען אידיש לעבן נעמט אָן נייע ריכטונגען און
ווענדונגען, באַזונדערס אויף צו פאַרזיכערן דעם אידישן המשך, איבער-
צונעמען די גרויסע ירושה, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער ערשטער
העלפט פונעם יאָרהונדערט. און די ירושה איז גאָרניט אַזאַ אָרעמע און
איז גאָר אַ גרויסער יחוס-בריוו פאַר אַ דור, וואָס האָט דורכגעמאַכט
איינעם פון די שווערסטע, פּיינלעכסטע און געפערלעכסטע מאָמענטן פו-
נעם אידישן זיין און אידישער געשיכטע. אויף איין מאָמענט האָט ניט
אויפגעהערט דאָס עקשנותדיקע וועבן אַלץ ווייטער און ווייטער דעם גאָל-
דענעם פאָדעם און שמידן די גאָלדענע קייט פונעם אידישן שאַפונגס-

נייסט: אידיש איז געוואָרן דער נאַציאָנאַלער צעמענט פונעם אידישן זיין און לעבן און אידישע ליטעראַטור אין איר פּראָזע און דיכטונג אין דער ווירקלעכקייט פון אַ אידישן קולטור-טאָן און קולטור-טאַט זיינען געוואָרן אַן אמתע כמו טעריטאָריע, אַ טעריטאָריע אין אימאַזש, אויפצוהאַלטן דעם נאַציאָנאַלן גייסט, כאַראַקטער און טראַדיציעס פון אַ פאָלק אין זיין צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט, — ס'איז דער גרויסער פאַרדינסט פונעם אידישן וואָרט, געקומען צום אויסדרוק דורך ליד, דערציילונג און ראָמאַן, דורך אַ אידישער ליטעראַטור אין דער פאַרשיידנקייט פון אַספּעקטן, פאָרמען און סטילן און אויב דאָס אַליין רעדט שוין וועגן איר גרויסן ווערט און באַדייטונג, קומט איר אויך אַ באַזונדערס גרויסער און חשיבותדיקער אָרט אין דער געשיכטע פונעם אידישן פאָלק אין זיין און ווערן, אינעם צעמענטירן דעם באַוואוסטזיין פון פאָלק צו נאַציע, אינעם רעהאַביליטירן, הגם צעזייט און צעשפּרייט, צו אַן אייגענער נאַציאָנאַלער סואווערעניטעט און מלוכהשקייט.

* * *

„אַ גוטע נאַכט דיר, וועלט!" האָט געזאָלט ווערן דער טאָן, וואָס יעקב גלאַדשטיין איז אויסן געווען אַריינצוברענגען אין דער אידישער דיכטונג אינעם מאָמענט פון דער שרעקלעכער בהלה און ליידן פאַרן אידישן פאָלק. און אויב דאָס אַליין איז געווען ווייניק, האָט עס נאָכהער ממלא געווען מיט דעם ווייטערדיקן אורטייל פון —

„אונדזער פרייד איז עול
אונדזער כוח — קול,
אונדזערע שמחות זיינען תעניתים,
אין אונדזערע שולן דאַווענען מתים".

און אַ צווייטער דיכטער ווידער, האָט מוסיף געווען, אַז אַנשטאָט פאָלק, אַנשטאָט גאַנצע אידן האָבן מיר „אַ דור אַ פּוסטן, אַן אויסגעטרייבערטן, אָן דער תמימות פון אַ גלויביקן און אָן דעם פּרימיטיוון מוט פון אַ קעמפער", ס'איז געווען אַ שטימונג פון אַ פולשטענדיקער רעזיגנאַציע, אַ געקומענע פון אַ קאָנטינענט, וואָס האָט גאָר באַדאַרפט אויפהאַלטן די האָפענונג און זיין אַ דערמונטערונג פאַר די, וואָס זיינען אינעם צווייטן טייל וועלט, אויפן אייראָפּעאישן קאָנטינענט געשטאַנען פאַר אייגעם פון די שווערסטע נסיונות, און אין אַ דירעקטן קאַמף פאַר זייער זיין און לעבן, פאַר זייער מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער ווערדע. און עס איז מערקווירדיק: בעת אויפן זאַטן און זיכערן אַמעריקאַנער

קאָנטינענט האָט מען געזונגען יאוש, רעזיגנאַציע און זיך געזעגנט מיט דער וועלט, האָבן די יונגטלעכע פּונעם וואַרשעווער געטאָ געלאָזט הערן גאָר אַנדערע טענער און לחלוטין אַנדערע שטימונגען, ווי ס'האָט אי־בערגעגעבן אין זיין אַ ליד דער דיכטער ש. קאַטשערגינסקי:

„אונדזער ליד איז פול מיט טרויער,
דרייסט איז אונדזער מונטער גאַנג!
כאָטש דער שונא וואַכט ביים טויער —
שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג!

יונג איז יעדער, יעדער, יעדער, ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַטייט,
אַלטע קאָנען, קאָנען, קאָנען אויך זיין קינדער
פון אַ נייער, פרייער צייט.
קלייבן מיר צונויף די גלידער
ווידער שטאָלן מיר די ריי,
גייט אַ בויער, גייט אַ שמידער, —
לאָמיר אַלע גיין מיט זיי."

גאַנץ פאַרשיידן זיינען געווען די שטימונגען ביי די, וואָס זיינען געשטאַנען אויג אויף אויג מיט פאַרלענדונג און די שטימונגען פון די, וואָס האָבן געלעבט נאָר מיט דער פאָרשטעלונג וועגן אומקום. די ערשטע, די קעמפנדיקע האָבן ניט אויפגעגעבן זייער האָפענונג און גלויבן, בעת די צווייטע האָבן תחילת גערופן צו איזאָלירן זיך און זיך מיאש זיין פון דער וועלט. דאָס זיינען די צוויי כאַראַקטעריסטישע שטריכן, וואָס האָבן דורכגעדרונגען די אידישע דיכטונג אין די שווערע צייטן פון די געטאָ־קאַמפן און גורל־אַנטשיידונג פאַרן אידישן זיין. און באַמערקונגס־ווערט איז דערביי אַ פּסיכאָלאָגישע ווירקונג: גראָד דער צווייג פון דער אידישער נאַציע, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ פרידלעכן און זיכערן קאָנטינענט האָט תחילת גאָר באַטראַכט דאָס טרייבן די אידן אין די גע־טאָס, ווי אַ דערלייזונג; אידישע איזאָלאַציע האָבן זיי אויפגענומען, ווי אַ תרופה. ערשט אינעם ווייטערדיקן זיינען זיי געקומען צום אויספיר, אַז געטאָ איז אומקום, איזאָלירט זיין פון דער גאָרער וועלט איז זיכער טויט, בעת דער אייראָפּעישער צווייג פון דער אידישער נאַציע האָט זיך געשטעלט אין אַ דירעקטן קאַמף ניט פאַר זיך און ניט אין זיך, נאָר פאַר און מיט דער גאַנצער דרויסנדיקער וועלט, —

„און ווען די לעצטע אידישע אויפשטענדלער פון וואַרשע האָבן מיט געווער אין די הענט געפּראַוועט דורכרייסן דעם פייער־רינג, וואָס האָט זיי אַרומגעצוימט פון אַלע זייטן, ווען זיי האָבן געפּראַוועט זיך אַרויסצורייסן פון דעם „אין זיך" צום „דרויסן", זיינען זיי געפאַלן אין העלדישן, אומגלייכן קאַמף".

עס זיינען די ווערטער פון אַן אויטענטישן באַריכט וועגן דעם אומ־קום פון אומפּאַרגלייכלעכע העלדן, פון אַ נייעם דור מכבייער, וואָס האָבן געקעמפט ניט פאַר זייער אייגענעם לעבן, נאָר פאַרן זיין און יש פון דער אידישער נאַציע. אין דעם פּרט איז ריכטיק ה. לייוויקס דעפיניציע וועגן דעם „נס אין געטאָ”. ס'איז דער נס, וואָס האָט אויסגעשמידט אַ נייעם אידישן גייסט, ווירקנדיק, אַז ס'זאָל אויף איין אויגנבליק ניט איבערגעריסן ווערן אין די געטאָס די גרויסע אַרבעט פון אומלעגאַלע אידישע שולן, די אַרבעט פון דער אידישער קולטור, דאָס שאַפן פון אידישע דיכטער און קינסטלער, אַלע דורכגענומענע מיט דער גרויסער אחריות פון נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. און נאָר אין אַזעלכע אומ־שטענדן האָבן געקענט זיך אַנטפּלעקן די וואונדערבאַרע געשטאַלטן, וואָס באַיאָט און באַפּעסטיקט די אידישע ניצחיותדיקייט. עס זיינען די גרויסע געשטאַלטן פון די אידישע צניעותדיקע טעכטער, וואָס גייען פרייוויליק צום טויט, אום ניט פאַראומווירדיקט צו ווערן פונעם שונא, זיי קומען אום מיט אַ געזאַנג אויף די ליפּן, אָן מורא און פחד. און אָט זיינען די געשטאַלטן פון די לערערינס מירא, וואָס זאַמלען צונויף אידישע קינדער פון די געטאָס ווייטער צו לערנען מיט זיי, זיי מחנך זיין אינעם אידישן גייסט דעמאָלט, ווען „מען יאָגט איבער חורבות אָן ברויט און אָן פייער”, אָט דעמאָלט, ווי עס זינגט דער דיכטער סוצ־קעווער, —

„דאָס ברויט איז אַ בוך, און דאָס ליכט איז אַ בלייער.
פאַרזאַמלט די קינדער אין חרובער דירה,
עס לערנט זיי ווייטער די לערערין מירע.”

און ניט גרינג איז געווען די אויפגאַבע פון דער לערערין מירע, ווען טאָג־איין, טאָג־אויס האָט געפעלט אַלץ מער צו דער ערשטער צאָל קינדער, ווייל דער שונא ברענגט זיי אום, רייסט זיי אַרויס פונעם לעבן. פריער פון אַלע האָט אויפגעוואַכט די לערערין אַליין צו דערוואַרטן אירע קינדערלעך, —

זיי קומען. זי ציילט. אָ, ניט ציילן זיי בעסער!
דורך נאַכט, האָט דאָ צוואַנציק פאַרשניטן דער מעסער...”
„איר הויט ווערט אַ שויב אין פאַרנאַכטיקע פלעקן,
נאָר סיטאָר זיי ניט מירע די קינדער אַנטפּלעקן.
פאַרבייסט זי אַ ליפּ און מיט גבורה באַנייטער
דערציילט זי פון לעקערטן, מונטערט זיי ווייטער.”

עס איז דער מאַרטירעריש־העלדישער וועג פונעם אידישן לערער, עס איז דער ליידנס־גאַנג פון דער אידישער קולטור, ווען די נויט האָט אַלעמען צוזאַמענגעשמעלצט אין איין קעמפערישער גאַנצקייט, דערצו מיטן וואָרט פונעם דיכטער אויף די ליפּן, ווי דער יונג־פאַרשניטענער

דיכטער גליק האָט אויסגעזונגען אין זיין אומשטערבלעכן „פּאַרטיזאַנער ליד". אויך דער דיכטער האָט ניט געשריבן אין זיך און פאַר זיך, נאָר פאַרן קעמפערישן פאָלק, —

„געשריבן איז דאָס ליד מיט בלוט און מיט בליי
ס'איז נישט קיין ליד פון אַ פויגל אויף דער פריי,
נאָר ס'האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט."

ס'איז דערשיטנדיקער אויסדרוק פון אַ שעפערישן בטחון, פון אַ טיפסטן גלויבן אין דער צוקונפט, אויב ניט פון דער יחידישער, איז פון דער קאָלעקטיווער, אויסשליסלעך־נאַציאָנאַלער, ווי ס'איז געשען דאָרט, אין די אידישע געטאָס פון גרויסן בטחון און מונטערן קאַמף. עס איז —

„דאָס אויפקומען פון אַ קאָלעקטיווער, איינהייטלעכער טיפער אידישקייט, אַ געמיינזאַמע טיפע אידישקייט ביי אָפּט ווייטע און אַפילו פיינטלעכע שיכטן פון אידישן פאָלק, — פון קאָמוניסטן ביזן חסי־דישן רבי, פון בונדיסטן ביז ציוניסטן, פונעם נאַציאָנאַליסט ביזן אַסימילאַטאָר".

ס'איז געווען מערקווירדיק פאַרן נייעם גייסט, וואָס האָט זיך גע־שאַפן ביים קעמפנדיקן מענטש, וואָס האָט ניט געלעבט מיט אימאַזשן, מיט פאָרשטעלונגען וועגן פחדים, נאָר ער האָט זיך געשטעלט אין פראָנט פון קאַמף מיטן פחד. אָט דער מענטש איז געווען אַפילו קעגן דעם, מ'זאָל באַווייגען די טויטע, און מ'האָט עס געהערט פונעם מויל פון די לעבנגעבליבענע, וואָס האָבן געטענהט:

„מיר האָבן געליטן, געקעמפט, מיר זיינען לעבן געבליבן, אָפּט דורך אַ נס און מיר ווילן ווייטער בויען אונדזער לעבן. און דאַריי־בער — באַקלאָגט אפשר וויניקער אונדזערע טויטע, באַזעלט גיכער מיט האָפענונג און גלויבן אונדזערע לעבעדיקע".

ריכטיק האָט געזאָגט וועגן דעם אַ. סוצקעווער, דער לעבנגעבליבע־נער דיכטער פונעם ווילנער געטאָ, אין זיין אַ ליד פונעם 5־טן פעברואַר 1944, —

„זינג ניט קיין טרויעריקס.
טו ניט פאַרשעמען
דעם טרויער.
ווערטער פאַרראַטן.
עס שטעלן זיך נעמען
קאַפּויער.
קוק אויפן שניי
און באַלייכט מיט זיין רו

דיין זיכרון:
ליכט איז די שפּראַך פון דיין האַרצן...
און רו —
ניי געבאָרן.
שטרעק דיינע פינגער צום שניי
צו די קאַלטע געוועבן.
אויסלייזן וועסט אין זיי
דאָס באַהאַלטענע
לעבן".

קאַמף איז האָפענונג, גלויבן, שטרעבונג און אַ פאַרווירקלעכונג פון אידעאַלן און דורך דעם אידישן קאַמף אין די געטאָס איז קלאָר געוואָרן די קראַפט, ראָל און ווירקונג פון אידיש. ס'איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז אידיש איז די שפּראַך פונעם אידישן גורל; די שפּראַך, וואָס מאָטיקט און האָט געמוטיקט צום קאַמף, פעסטיקט אַ גלויבן און מונטערט די האָפענונג. ס'האָט זיך באַשטעטיקט, אַז אידיש איז די גרויסע נאַציאָנאַלע צעמענטירונג פונעם אידישן לעבן; אַז אידיש איז דער אויסדרוק פונעם פאָלקס-גורל און דער ביישפּיל איז געווען דער העברעאיש-אידישער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן, וואָס איז אומגעקומען אין געטאָ דורך די נאַצישע רוצחים. ער האָט קלאָר באַגריפן, אַז נאָר מיט אידיש קען מען דערגרייכן און אַריינדרינגען אין דער נשמה פונעם פאָלק און ס'איז געווען זיין ווילן, ווען ער האָט אין זיין טראַגיש-ווירקנדיקן פּיין-ליד „זינג" געזאָגט זיין „איכה" דעם אידישן פאָלק:

„מיין פאָלק! האָסט מער געלויכטן! ביסט ליכטיקער געווען.
אָ, ווייז זיך מיר, מיין פאָלק, באַווייז זיך. שטרעק די הענט
אַרויס פון גריבער טיף און מיילן לאַנג און אָנגעפּראָפּט געדיכט,
שיכט אונטער שיכט, מיט קאַלך באַגאָסן און פאַרברענט.
אַרויף! אַרויף! שטייגט פון דער אונטערשטער, דער טיפסטער שיכט!
קומט אַלע פון טרעבלינקע, פון סאָביבאָר, פון אָשוויענטשים,
פון בעלזשעץ קומט, קומט פון פּאָנאַר, און פון נאָך, נאָך, פון נאָך,
פון נאָך!
מיט אויגן אויפגעריסן, פאַרגליווערט אַ געשריי, אַ גוואַלד און אָן אַ שטים,
פון זאַמדן קומט, פון בלאָטעס איינגעזונקען טיף, פון פוילן מאָך —
קומט, געטריקנטע, צעמאָלענע, צעריבענע, קומט שטעלט זיך אויס,
אין אַ קאַראַהאָד, אַ ראָד אַ גרויסן אַרום מיר, איין גרויסער רייף —
זיידעס, באָבעס, טאַטעס, מאַמעס מיט די קינדערלעך אין שויס —
קומט, ביינער אידישע פון פּראָשקעס, פון שטיקלעך זייף.
ווייזט זיך מיר, באַווייזט זיך אַלע מיר, קומט אַלע, קומט
איך וויל אייך אַלע זען, איך וויל אייך אָנקוקן, איך וויל

אויף מיין פאָלק, מיין אויסגעהרגעטן אַ קוק טאָן שטום, פאַרשטומט —
און איך וועל זינגען... יאָ... אַהער די האַרף, איך שפּיל!"

דער דיכטער האָט באַגריפן, וואָס ס'איז אידיש פאַר דער נשמה פונעם פאָלק. דאָס ליד איז פון באַזונדערס גרויסער וויכטיקייט, ווייל ס'איז ניט בלויז דער אויסדרוק פון אַ שטימונג, נאָר ס'אַנטפּלעקט דעם גרויסן גלויבן, וואָס דער דיכטער האָט געהאַט אינעם פאָלק. און ס'איז ניט אַ קלאָג־ליד, נאָר דער מעכטיקער פּראָטעסט, ווי דער דיכטער גופא זאָגט עס אין זיינע ערשטע סטראָפן, —

„ניט שריי צום הימל — ער הערט דיך, ווי די ערד, דער הויפן מיסט.
שריי ניט צו דער זון, ניט רייד צום לאָמפּ... און ווען איך קאָן
באַרלעשן זי ווי מען פאַרלעשט אַ לאָמפּ אין רוצחים־הייל דאָ וויסט."

אַ מעכטיקער פּראָטעסט־רוף, גרייט צו אַ מעכטיקן קאַמף, און אויב דער דיכטער איז געקומען צו זיין איבערצייגונג, איז עס מחמת דעם, ווייל עס האָבן זיך אים אַנטפּלעקט די אמתן, ווי רייך עס זיינען די שאַפונג־קוואַלן און שאַפונג־פּאָטענץ פונעם פאָלק, דערשינענע אין אַ ניי־אַנטשטאַנענעם גייסט, באַגלייט פון אַ פולשטענדיק נייער דיכטונג, פון אַ נייעם געטאָ־פאָלקלאָר, און, נאָך ריכטיקער געזאָגט, פון אַ נייעם און אייגנאַרטיקן מאַרטירער־עפּאָס. „געטאָ־פאָלקלאָר" איז נאָר אַ נאָמינעלער אויסדרוק, אין תוך איז עס אַ באַווייז, ווי מעכטיק עס איז דער גייסט פונעם פאָלק, אַז אַפילו אין אומשטענדן פון פאַרניכטונג און אומקום איז דאָס וואָרט געוואָרן דעם פאָלקס מעכטיקער געווער. און גאַנץ טרעפלעך האָט עס פאָרמולירט ש. קאַטשערגינסקי, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט געטאָ־ און פּאַרטיזאַנער־קאַמפן: „די דייטשע אָקופּאַציע מיט אַלע אירע סיסטעמען, מיט די געטאָס, קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פאַרניכטונג־לאַגערן — וועגן דעם איז אוממעגלעך צו געבן אַ וועלכע ניט איז פאָרשטעלונג מיט געוויינלעכע ווערטער אויף אַ געוויינלעכער מענטשלעכער שפּראַך. אַלע באַשרייבונגען, דאָקומענטן און בילדער וועלן דעם גרויל ניט קענען שילדערן אין זיין גאַנצן פאַרנעם. ווער עס איז דאָ אַליין ניט געווען וועט ניט קענען באַגרייפן מיט דעם פשוטן שכל, וואָס פאַר אַ בלוטיקער קאָשמאַר מיליאָנען מענטשן האָבן דאָ איבערגעלעבט".

און אויף דעם איבערלעבן האָט דאָס פאָלק געענטפערט מיט אַ נייעם דיכטן. עס באַווייזט זיך ווידעראַמאָל דער פאָלקס־דיכטער און אין דער דיכטונג גופא איז דער עיקר ניט די פאָרעם, נאָר דער אינהאַלט, דאָס אויסוויייטיקן די לאַגע, דעם פּיין, די נויט, די געפאַרן, וואָס לויערן. אויף אַזאַ אופן האָט זיך געשאַפן אַ שפּאָגל־נייע פאָלקס־דיכטונג. עס באַווייזן זיך נייע פאָלקס־דיכטער, ריכטיקע און אויטענטישע, וואָס האָבן אויסגעזונגען דעם פאָלקס־וויי און די פאָלקס־ליידן, הגם אין איינציקע לידער

זיינען פאַראַן אויך אינדיווידועלע מאָטיוון און הימווייִ. באַמערקונגס־ווערט אין דעם פּרט איז געווען אַ „זאַמלונג פון קאַצעט־ און געטאָ־לידער", געזאַמלט פון זאַמי פעדער און אַרויסגעגעבן אין אַ העקטאָ־גראַפירטער פאָרעם פונעם צענטראַלן אידישן קאָמיטעט אין בערגען־בעלזען. צוזאַמען מיטן נאָמען פון הירש גליק טויכן אויף אַ גאַנצע ריי נעמען פאַר דער אידישער דיכטונג, אַלע געקומענע פון די פאַרשיידענע געטאָס: רחמיאל בריקס, בלומע פאָגלגאַרן, חנה כייטין, מאַניע רעזניק, משה סאַנעק, עסקא באָיאַרסקאַ, זאַמי פעדער, יאשא ראַבינאָוויטש, אסתר שטוב, אסתר־רחל שענטאַל, מרים וואַקסמאַן, בערל פרידלער, בערל גאָלד־שטיין, יהושע קראַס, און אַ סך אַנדערע אומבאַקאַנטע נעמען, פון וועל־כע ס'איז געבליבן נאָר דאָס אַנאָנימע ליד, בעת דער מחבר אָדער די מחברים זיינען אומגעקומען. און ניט מיט דעם אַליין ווערט אויסגע־שעפּט די שאַפונג אין די געטאָס און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. עס איז אַן אויסגאַבע נאָר פון איין לאַגער, אָבער פון דער אויסגאַבע אַליין קען מען געניג לערנען, ווי גרויס און ווי מעכטיק עס איז געווען די פאָלקס־ענערגיע, די גייסטיקע פּאָטענץ פון אַ פאָלק, וואָס וויל, וועט און מוז לעבן. אָט וואָס איינער פון די דערמאָנטע דיכטער יאשאַ ראַ־בינאָוויטש האָט אויסגעזונגען אין זיין „צוואה":

„איך וויל אַזוי לעבן,
איך קאָן נאָך נישט שטאַרבן,
מען זאָל מיר אויף אויגן ניט לייגן קיין שאַרבן,
איך וויל נאָך דערלעבן די גליקלעכע צייט,
צו זען די ברידער פוןליידן באַפרייט.
די צייט איז נישט ווייט.
דאָס מוז באַלד געשען.
איך אָבער מוז פאַלן על קידוש־השם.
איך לאָז מיין צוואה אין קלינגענדע לידער,
פאַר מיינע געמאַטערטע שוועסטער און ברידער".

פאַראַן אין די לידער די טראַגיק פון אַ לעבן, פאַראורטיילט פאַר־שניטן צו ווערן, דאָך פילט מען ניט און מ'געפינט ניט אין די לידער קיין שפור פון יאוש אָדער האָפענונגלאָזיקייט. אָט, צום ביישפּיל, אַזאַ ליד, ווי „די מאַמע", וואָס שטאַמט פון קאָוונער געטאָ פון אַן אומבאַ־קאַנטן מחבר. אינעם ליד געפינט מען אַזאַ סטראָף:

מאַמע, דו האָסט גאָר קיין רו.
זעסט — אַלץ שוואַרץ, לייד און פיין
דריקט דיין האַרץ, מאַמעלע.
נאָר כיהאָב נאָך מוט.
ס'וועט זיין גוט,
זונענשיין לייכט דיר אַריין, מאַמעלע.

איינפאַך אין דער פאָרעם, גאַנץ פּרימיטיוו, אָבער ווי רייך אין אינהאַלט און ס'איז דער נוסח פונעם רוב לידער, הגם פון איינציקע לידער דערוויסט מען זיך וועגן די שפּלדיקע ברואים, וואָס זיינען געווען אין די געטאָס, — עס איז געווען אַ מין „עליטע", וואָס האָט אין די געטאָס געמאַכט אַ גוט לעבן אויפן חשבון פונעם ליידנדיקן פאָלק. כאַראַקטע־ריסטיש שילדערט עס דער דיכטער משה סאַנעק אין זיין ליד „די געטאָ־עליטע" פון לאָדזשער געטאָ:

„אין ליטצמאַנשטעטער געטאָ,
דאָס לעבן קאָכט און זידט,
דאָך אַ נישט גלייך,
אַ איד צו אַ איד.
די מאַמע דאָרט זי לעבט,
אין דחקות און אין קעלט,
נאָר די עליטע,
זי לעבט זיך אָפּ אַ וועלט.
די עליטע פונעם געטאָ,
מען דערקענט זי אויפן ערשטן אויגנבליק,
פּלייצעס ברייטע און באַקן פעטע,
און דער קאַרק איז רויט פון טשוויק".

דאָס ליד איז פאַרפאַסט אין אַ באַשולדיקונג־טאָן, דאָך פעלט ניט אויך דער הומאָר. און ס'איז ווירקלעך צו באַוואונדערן מיט וואָס פאַר אַ גייסט מ'האָט אויפגענומען די ווירקלעכקייט און די אומשטענדן. די דיכטערין אסתר שטוב זינגט:

„איינס, צוויי, דריי,
גלויבן מיר געטריי,
וואַרטן מיר און האָפן!
וואָס דו האָסט אונדז פאַרשפּראָכן.
עם ישראל חי!"

אָדער ווי ס'זינגט מרים וואַקסמאַן:

„איך בענק נאָך דער יוגנט, וואָס איז שוין פאַרביי,
איך בענק צו דעם לעבן, וואָס זאָל קומען אויפסניי,
איך בענק צו דעם לעבן אין פולן גלאַנץ און פּראַכט,
צו דער שיין פון מאָרגן, צום צויבער פון דער נאַכט."

און זיין ליד „קאַצעטן" פאַרענדיקט רחמיאל בריקס, —

„מיט קללות צום פיינט, וואָס זיין סוף איז נאָנט,
מיט האָפענונג און גלויבן, אַז די פרייהייט קומט אָן, —"

די מענטשן און דיכטער פונעם געטאָ האָבן זיך ווירקלעך ניט מיאש געווען און געלעבט מיט אַן איבערצייגנדיקן גלויבן, הגם זיי האָבן

געוואוסט, אַז דער אומקום איז אַן אומפאַרמיידלעכער. מערקווירדיק איז אויך דער פאַקט, וואָס ס'האָט זיך ביי די געטאָ־מענטשן אויסגעקריסטאַליזירט אַן אייגנאַרטיקער און פעסט־זיכערער באַוואוסטזיין, אַ גלויבן און האָפענונג, בעת אויפן פרייען און זאַטן קאָנטינענט האָבן דיכטער געלאָזט הערן גאָר הספדים, ווידוי־מאָטיוון אויפן אידישן פאָלק, ווי צום ביישפּיל —

„ווי מיר, ניטאָ, ניט קיינער שוין ... געווען אַ פאָלק.
געווען און שוין נישטאָ ! ... געווען אַ פאָלק,
געווען און שוין ... שוין אויס !"

דער דיכטער אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט האָט געזונגען אַנדערש, ווי ס'זינגט דער דיכטער פונעם פאָלק און דאָ ווערן בולט צוויי ריכטונגען, — איינע, אויסגעדריקט אין די געטאָ־דיכטונגען פון יצחק קאַצענעלסאָן, דאָס ווייטיקפולע וואָרט פון אַ פאַראורטיילטן, און אַ צווייטע ריכטונג, וואָס ברענגט אויך אומקום־מאָטיוון, אָבער דאָך צאַפּלדיק אין דער האָפענונג ווי ס'זיינען די לידער פון א. סוצקעווער, געדיכטעטע אין ווילנער געטאָ. זינגט דער דיכטער :

„אין לעצטן גורל זעטיק איך מיין גלויבן,
אַז מאָרגן וועלן זיבן זונען אויפגיין אין אַ טרער,
אַז ערגעץ נעמען שפּראָצן שוין אין אויסגעלאָזטע שטויבן
גיבורים־קערנער, נאַכטיקע מיט ווילן און באַגער".

די שאַפונגען און דאָס געשאַפענע וועלן בלייבן אַ היסטאָרישער מאָנומענט פון דער אידישער מאָדערנער מאַרטירעריי, וואָס האָט ניט אירם גלייכן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, — אַ מאַרטירעריי, וואָס איז אין דער זעלבער צייט אַ מערקווירדיקע העלדישקייט, וואָס האָט באַהויכט דעם אידישן מענטש־קעמפער, אַ דעציזיוון אין ווידערשטאַנד און אין קאַמף פאַר זיין אידישער און מענטשלעכער ווערדע. און איז עס נאָר אַ צופעליקייט די באַהויכטקייט צום העלדישן ? דעם מאָטיוו געפינט מען ביי א. סוצקעווער אין זיין ליד „די פעסטונג", — די שטים, וואָס טראָגט זיך דורך דורות, —

„איך הער זייער קול :
ניט פאַרזאָם, ניט פאַרזאָם,
רייניק דעם שטאָל,
פאַראייניק דעם שטאַם,
אַ וואַנט קעגן שרעק, און אַ וואַנט קעגן טרויער,
און דאָס אייגענע לייב אין דער פעסטונג פאַרמויער.

און ווייטער :

„נאָר טיף אונטער אייזן און ליים
נעמען די שיכטן צעפאַלן,

מע בויערט, מע בויערט אין געהיים
עס ציען זיך ליכט דורך קאַנאַלן...
דאָ גראָבט מען אַ פעסטונג אַ צווייטע —
אין שטיינערנעם צאָרן — אַ שאַכט.
און קנויטן פיבערן גרייטע
אַ צונד זיך צו געבן אין שלאַכט."

ס'איז מערקווירדיק ווי דער איד־מענטש האָט אויסגעשמידט זיין באוואוסטזיין אין קאמף, אפילו דעמאָלט ווען ער איז געשטאַנען אויג אויף אויג מיט פאַרלענדונג און אומקום. שטעלן אַ וואַנט קעגן טרויער, אַ וואַנט קעגן שרעק, — זוייל ניט מיט טרויער און ניט מיט שרעק קען מען פירן אַ קאמף און אפילו יצחק קאַצענעלסאָן גופא, וואָס האָט געשאפן דעם „איכה" פון דער מאָדערנער אידישער צייט, איז אין זיינע דיכטונגען מער פּראָטעסט און באַיאָאונג, ווי טרויער אָדער שרעק. זיין דיכטונג איז, ווי שוין געזאָגט, ריכטיקער פּראָטעסט אויף קעגן דעם גאָט און די הימלען:

„איר האָט קיין גאָט אין זיך ניט! עפּנט אויף די טויערן
איר הימלען, עפּנט זיי ברייט,
און לאָזט די קינדער אַלע פון מיין אויסגעהרגעטן, פאַרפּייניקטן,
מיין פאָלק אַריין,
עפּנט אויף זיי צו דער גרויסער הימלפאָרט, גאַנץ אַ פאָלק
געקרייציקט שווער אין לייד
דאַרף אין אייך אַריין... אָ, יעדער איינער פון די קינדער מיינע
אומגעבראַכט קען אַ גאָט זיין.

און ערשט אין די אומשטענדן פון פיין און לייד דערפאַרט ער די גרויס פונעם היינטצייטיקן אידן אין פאַרגלייך מיטן אמאָליקן, —
„זיי זיינען בעסער, נאָך מער אויסגעליטן, אויסגעלייטערט
מער אין גלות דאָ, אָ וואָס באַטייט
אַ איד אַ גרויסער אַן אַמאָליקער, אַנטקעגן קליין איצטיקן
אַ פשוטן, אַ דורכשניטלעכן איד־
אין פוילן, ליטע, אין וואָלין, אין יעדן גלות, פון יעדן
קלאָגט און שרייט,
אַ ירמיהו אַרויס, אַן איוב אין יסורים גרויס,
אַ מלך אַן אַנטוישטער מיט אַ קוהלת־ליד..."

און ניט נאָר דער מאַן גייט זיין מאַרטירער־ און קאמף־וועג, נאָר אויך די פרוי איז דער שותף און די מיטבאַטייליקטע אין די מסירת־נפשדיקע קאמפן. און ס'איז ניט אַ אקמף פאַר אייגענער, פאַר יחידישער עקזיסטענץ, נאָר עס איז דער ריכטיקער קאמף פאַר דער ווערדע און

קיום־האומה. אַט ווי הירש גליק האָט געזונגען וועגן דעם אין זיינעם א צווייטן „פּארטיזאַנער ליד״:

„אַ מויד, אַ פּעלצל און אַ בערעט,
אין האַנט זי האַלט פעסט אַ נאַגאַן, אַ נאַגאַן,
אַ מויד מיט אַ סאַמעטענער צורה,
האַלט אָפּ דעם שונאס קאַראַוואַן.
ביינאַכט, ווען אַלץ איז נאָך געשלאָפן,
געצילט, געטראָפן אַזוי וואויל, אַזוי וואויל,
אַן אויטאָ אַ פולינקן מיט וואָפן,
פאַרהאַלטן האָט זי מיט איין קויל.
פאַרטאָג פון וואַלד אַרויסגעקראָכן
מיט שניי־גאַלאַנדאָס אויף די האָר,
גוטמוטיק פון קליינינקן ניצחון,
פאַר אונדזער גרויסן, ליבן דור—"

דאָס זיינען די מאָטיוון פון דער דיכטונג, געשאַפן אין די אומ־שטענדן פון א געטאָ־לעבן, קאָנצענטראַציע־לאַגערס, פּארטיזאַנער־קאַמפן און אָפענע ווידערשטאַנדן קעגן א ביז די ציין־באַוואָפנטן שונא. ס׳איז געווען א גיין ניט נאָר אויף קידוש־השם, ס׳איז געווען דער קאַמף פאר א ריכטיקן קידוש־האומה און טאַקע פון דעם נייעם גייסט פון די געטאָ־קעמפער ציט זיך אַן אָנזעעוודיקער פאָדים צום נייעם גייסט, וואָס האָט זיך געהאַט באַוויזן ביים אידישן מענטש אינעם ראַטנפאַרבאַנד. אין דער רעאַליטעט פון די פאָלקס־לײדן האָט מען דערהערט א נייעם טאָן, נייע מאָטיוון אויך אין דער סאָוועטיש־אידישער דיכטונג. שטענדיק מיטן פאָלק און פארן פאָלק טויכט אויף אין דער דיכטונג דער אידיש־נאַציאָנאַלער מאָטיוו, און מע האָט זיך געווענדעט צו די קוואַלן פונעם אידישן המשך. איציק פעפער האָט געווענדעט זיין ליד צום אידישן פאָלק, פּראָקלאַמירנדיק „איך בין א איד״:

„דער וויין פון דורותדיקן דויער
האָט מיך געשטאַרקט אין וואַנדער־וועג,
די בייזע שווערד פון פיין און טרויער
קאָן ניט פאַרניכטן מיין פאַרמעג —
מיין פאָלק, מיין גלויבן און מיין בליען,
זי האָט מיין פרייהייט ניט געשמידט.
אונטער דער שווערד האָב איך געשריען:
איך בין אַ איד!
דאָס ווידערקול פון חיפהר האַפן
הילכט אָפּ, ווען סיטוט אַ קלאַנג מיין קול,
די אומבאַמערקטע טעלעגראַפן

דערטראָגן מיר דורך ים און טאָל
דעם שלאָג פון האַרץ אין בוענאָס־איירעס
און פון ניו־יאָרק אַ אידיש ליד,
דער שוידער פון בערלינער גזירות, —
איך בין אַ איד."

אזא איז געווען דער נייער טאָן פון דער סאָוועטיש־אידישער דיכ־טונג, וואָס האָט ליידער ניט געהאַט קיין לאַנגן קיום. עזרא פינינבערג האָט געווענדעט זיינע בליקן צום קוואַל פון דער אידישער געשיכטע, די ביבל איז פאַר אים געוואָרן דאָס הארציקסטע בוך, וואָס טרייסט און גיט האָפענונג. „החריבו כל צבאה", (דאָס גאַנצע חייל איר פארטי־ליקט), — באַהויכט מיט דעם מאָטאָ פון ירמיהו פאַרפאַסט ער זיין פּאָעמע „פון הארציקן בוך", אין וועלכער ער דערציילט די געשיכטע ווי בבל איז חרוב געוואָרן און פאַרענדיקט מיט די ווערטער, —

„אין ווייען עס טרייסלט זיך בבל,
און סיפרייען אין וועלט זיך פעלקער...
אַזוי איז אויף אייביק פאַרשריבן
אין בוך, וואָס וועט אייביק ניט וועלקן."

דוד בערגעלסאָן פאַרפאַסט זיין פּיעסע „לא אָמות, כי אחיה", און כ'לעבט אויף ביי אים דער געבאָט פון דער אידישער עטיק „יהרג ולא ישקר", („ליבער שטאַרבן, איידער פאַרראַטן"). אין זיין צווייטער פּיע־סע פון אידישער געשיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט, אין „פרינץ ראובני" מאַכט ער אויפלעבן די אייגנאַרטיקע געשטאַלט פונעם אידישן טרוימער צו באַפרייען דאָס אידישע פאָלק דורכן שאַפן אַן אייגענע אידישע אַר־מיי. אין דער פּיעסע ניגונט אוים דער פערסאָנאַזש רב שלמה מיט אַ קבלה־ניגון:

„„די וועלט איז אַ וואָגשאָל,
אויף איין עק קראַפט,
אויפן צווייטן עק — חסד!
קראַפט איז עמלק!
קראַפט איז אָדום!
קראַפט איז המן!
קראַפט איז רוים!
קראַפט איז די אינקוויזיציע!
חסד זיינען די אידן.
אויף אידן ווערן אויסגעפּרואווט — די פעלקער!
אויף אידן עס ווערט אויסגעפּרואווט די וועלט!

און צו די ווערטער איז מוסיף ראובני גופא ווען ס'קומט די רעדע וועגן משיחן:

„ער זאָגט: נאָך ווייטער גיין? אָט דאָ
אויפן אָרט מוז קומען די אויסלייזונג,
און גלייך מוז קומען די רעטונג!"

אויסלייזונג אומעטום, אויף יעדן אָרט וואו אידן זיינען פאַראַן, אַן אויסלייזונג אַן אינטעגראַלע, אַ גאַנצע, — אַזאַ איז געווען דער נייער מאָטיוו פון דער סאָוועטישער אידישער דיכטונג. ענדלעך האָט אויך די סאָוועטישע אידישע דיכטונג דערזען, אַז דאָס פאָלק איז דער עיקר און אַז עס איז פאַראַן איין גאַנץ אידיש פאָלק, דער בליק גייט אין דער צוקונפט, אָבער אָן אַ פאַרניינען דעם עבר, ווי פּרץ מאַרקיש פאַר־מולירט אין זיין פּאָעמע „גור אריה", —

„איז דען אויף שפּאַניער ערד ניט אויפגעגאַנגען אונדזער גייסט
צעצווייגטער, העכער פון די איילבירטן און שייטערס?
און ביי דעם ברעג פון ריין און אין דער נייער וועלט
זיינען ניט אויפגעגאַן קיין פּרוכט פון אונדזער מי דען?
צי האָט אין רוסלאַנד בליאונג אונדז פאַרפעלט?
צי האָט דאָס גליק פון אַלע זיינע פעלקער אונדז געמיטן?
ער האָט די קייט די גאָלדענע געצויגן פון אַמאָל
נאָר ניט פאַרפענטעט זיך געלאָזט פון איר גאולה:
צי זיינען מיר אין נייע לענדער הינטערשטעליק אין דער צאָל,
ווי אין די בעסטע צייטן פון אוראַלטן יהודה?"

אויך פּרץ מאַרקיש האָט געזען דעם אידן אינעם אָרעאַל פון פאָלק און זיין אייגנאַרטיקער פאַראַנגענהייט און אינעם זיין אין דער וועלט, אַרויסגעבראַכט אין דער דערמאָנטער פּאָעמע:

„איר האָט דערגרייכט די ליכטיקע מדרגה עכט,
אַז עס זאָל דער נאָמען „איד" אויף שטערנס זיין געקרייציקט;
כיהאָב זיי געזען אין אַלע געטאָס פון דער ערד,
ביי יעדן בראָך־גראָבן געזען כיהאָב ברענענדיקערהייט זיי!
דאָס האָלץ פאַר זיך אַליין געטראָגן האָבן זיי
און אויף די שייטערס, ווי אויף קרוינשטאָלן, אַרויפגעגאַן געפענטעט.
כיבאַגריס דיך, עקל, מיט דיין ווינד און וויי,
מיט מיליאָנען פיל געקעפּטע און פאַרברענטע!
ס'האָט אין דיין אייגן לאַנד קיין מת דיר זיין זיך ניט געוואָלט,
איז לעבן! אַ שכן ביי דער וועלט.
און לויט איר וואונטש באַצאָל איך
ניט נאָר אַליין — דאָס גאַנצע פאָלק
אַרויס פון דער גרוב, ווי שטערן אין די צאָלן..."

„נאָר ס'קאָן די וועלט ניט קוקן אין די אויגן דעם,
וואָס אויפגעטאָן האָט עפּעס פאַר איר אויפשטיין,

כדומה, ווי דער וואָלף דעם בושל פאַר זיין נאָבעלן באַנעם...
צי איז עס דען ניט פון גערעכטיקייט דער זעלבער פראווושטיין?
פאַר דער געפעליקייט — דעם בושל אויפפרעסן האָט ער געוואָלט,
ניט נאָר דערפאַר, ווייל ס׳איז דער וואָלף אַ וואָלף,
נאָר אויך דערפאַר, ווייל ס׳האָט דער בושל ניט קיין נעגל!"
פרץ מאַרקישעס אויספיר איז דער, אַז —
„עס גילט קיין טענה, וואָס אַנטפלעקט זיך איז געוויין,
ס׳האָט די גערעכטיקייט קיין ווערט, ווען טרעון זיך באַוועגן;
אויף איבערצייגן דאַרף דער יושר ציין!
אויף איבערצייגן דאַרף דער יושר נעגל!"

אין אַזעלכע טענער האָבן געדיכטעט בעתן קריג און אין דער נאָכ־קריג־צייט די סאָוועטיש־אידישע דיכטער. דאָס צענטראַלע אָרט אין דער דיכטונג פאַרנעמט דאָס אידישע פאָלק, די אידישע נאַציע ווערט די העכסטע קאַטעגאָריע, געזען אין קאַמף. און איז דען ניט פאַראַן אַ סמיכת־הפרשות צווישן פרץ מאַרקישעס אויספיר וועגן יושר מיט דעם, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפן באָדן פון ארץ־ישראל, וואו אידן, די אידישע יוגנט האָט געקעמפט מיט ציין און נעגל קעגן די עוולות, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן? און ווי האָט רעאַגירט אויף דעם די אידישע און העברעאישע דיכטונג אין ישראל? תחילת זיינען אייניקע דיכטער געבליבן ביי זייערע אינדיווידועלע שטימונגען. משה טבנקין, צום ביי־שפּיל, האָט זיך געהאַלטן ביי אינדיווידואַליסטישע מאָטיוון און גאָר גע־זונגען וועגן דעם שיידן זיך מיט דער געליבטער, —

„...כיזאַמל די פעדים פון צעשויבערטער האָפענונג,
און קלויב דאָס שפּינוועבס פון צעריסענער לוסט,
כיוואַרט איבער צעבראָכענע חלום־ברעקלעך
און שלייף פאַרטערטע אומעט־פּערל.
— — — — — — — — — — — — — — — —
איך שפּין מיין חלום מיר אַליין
איך שפּין מיין חלום ווי אַמאָל — — —"
(איבערז. פון העברעאיש)

און אַנדערש איז געווען דאָס געזאַנג פון שכנא נאָשקעס. אין זיין ליד „צערייסט די הימלען" אינעם זאַמלבוך „מבפנים" געפינט מען ווייַ־טערדיקע סטראָפן:
„און אַ טאָג קומט ווען דער מענטש וועט שרייען
פון די שטריק אויף זיין לייב
און פון די טיפענישן אין בלוט זיינעם
וואָס רינט ווי אין אַ קראַן — — —
און ער וועט אויסשטרעקן זיין צונג,

ווי אַ פּאָן פאַר די אויגן פון דער זון
און ווי אַ צייכן אויף אַלע וועגן, —
— — — — — — — — — — — — — — — — —
און תפילה... און ווייטיק... און יאוש און זעאוונג,
אַלץ אַנטלויפט ווען סישיינט אויף דאָס בלוט — — —"
און נאָך עפּעס האָט געפרעגט דער דיכטער, —
„איז נאָך פאַראַן דער טאָג פון באַצאָלונג —
ווען פאַרפלאָנטערטע צייטן האָבן פאַרהאַלטן אין וועג
פאַר אויגן אין וועלכע די טרער איז פאַרלאָשן
און פאַר פינצטערניש געזייט אין ליכטיקע טעג?"

ס׳שפּירט זיך קאַמף־מאָטיוו אינעם ליד, אַרויסגעבראַכט מיט קראַפט פון באַוואוסטזיין־איבערצייגונג און גרייטקייט צו קאַמף און נאָך שטאַרקער איז געווען יעקב פיכמאַן אין זיין ליד „ימים רבים״:
„וועלכע וועט זיי, נידערטרעכטיקע, דערגרייכן?
אַז אין יעדער שפּאַרע האָט זייער שאָטן געטונקלט!..."

די לידער געהערן צו די צייטן, ווען דער שונא איז געשטאַנען נאָענט צו די טויערן און אויף די וועגן צו ארץ־ישראל, אָבער ס׳איז געווען דער פּראָטעסט־גייסט קעגן דעם וואָס ס׳ווערט געטאָן צו די אידן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אין די געטאָס. יעקב פיכמאַן האָט געלערנט די „תורה פון נקמה״ און ביי אביגדור המאירי זאָגט דאָס קינד צו דער מוטער —
„פאַרוואָס לערנסטו מיך שפּילן קלאַוויר —
ריין זיין און תפילה טאָן מיט ריינינקע העזט?
בעסער... דערצי מיך מיט ציין צו קריצן —
אָ, ווי אַ פּאַנטערע ברומען — ווען איך וואָלט געקענט."
יעקב כהן ווידער זינגט אין זיינע לידער וועגן „ראו את הרשע״, —
„דאָס זיינען זיי, די פעלקער־פאַרגלייכער!
דאָס זיינען זיי די גרויסהאַלטער!
פאַרוואָס וויינט ניט די ערד וואָס האָט זיי געטראָגן?
די וואָס האָט זיי גרויסגעצויגן? — — —"

אויך די ארץ־ישראלדיקע דיכטונג האָט באַנומען די גרויסע אַנטפלעקונג, דעם גאַנצן „יון מצולה״ פונעם אידישן פאָלק און האָט געלאָזט הערן איר טאָן דעמאָלט, אַבסאָלוט אַ נייער פאַר דער העברעאישער דיכטונג, און ענלעך זיינען אויך געווען די מאָטיוון פון דער אידישער דיכטונג אין ארץ־ישראל. א. לעוו האָט תחילת אין אַ געמיטלעכן טאָן געזונגען וועגן זיין פּרדס, קומט ער נאָכהער מיט זיין פּאָעמע „לייבל חלוץ״, —

„ס׳איז לייבל נאָך יונג, מיט הייסן בלוט אין לייב,
ער וויל אַליין נאָך לעבן און געניסן...
דער שטומער ווייטיק טיף אין אים ער שרייט
און לאָזט אין זיין נשמה איבער ריסן.
ער איז נאָך יונג און כוח איז נאָך דאָ
אַ וועלט אַ גאַנצע איבערקערן..."

אָבער וואָס ביי א. לעוו איז געווען שטימונג, איז ביי א. פּאַפּיער־ניקאָוו געוואָרן אַ רוף צו ביילן די פויסטן:

„דעם בלוטיקן האַס פון גערעכטן
וואָס מאָנט און פאָדערט און צאָרנט,
איך וויל זיך נישט לאָזן פאַרקנעכטן,
און — ביילט זיינע פויסטן און וואָרנט — — —"

איבערהויפּט האָט די ארץ־ישראלדיקע העברעאישע און אידישע דיכטונג אין די אומשטענדן פון קריג און נאָכקריג־צייט דורכגעמאַכט צוויי עטאַפּן. אינעם ערשטן איז נאָך געווען די אינדיווידועלע שטימונג, אָבער בהדרגהדיק אונטערן דראַנג פון די געשעענישן ענדערט זיך דער טאָן אין אַלגעמיין און פאַרבינדן מיט דעם, וואָס ס׳געשעט מיטן אי־דישן פאָלק. אין אַזאַ שטייגער האָט געדיכטעט תנחום בערמאַן זיין ליד „אצוה", וואָס גייט פאַר די „לקדושי השרון" און אויב אין דעם ליד איז פאַראַן דער סאָציאַלער מאָטיוו, פעלט אויך ניט דער רעוואָלוציאָ־נערער און האָפענונג־מאָטיוו, אַז —

„ביז ס׳וועט אויפשטיין אויף די חורבות פון דער וועלט אָנגעזעטיקט מיט טרערן און בלוט
אַ נייער דור, וואָס וועט זיך לערנען האַלטן הייליק דאָס לעבן פון אַ מענטשן
מיט דער אַרבעט פון זיינע הענט, אין זיין גייסט און טאַטן
און וועט זיין פון הימלען העכער און מלאכים גאָטס דערהויבענער."

און נאָך שאַרפער דריקט ער אויס דעם זעלבן מאָטיוו אין זיין אַ צווייטן ליד „מהר עולם חדש יבנה", —

„מאָרגן וועט געבויט ווערן אַ וועלט אַ נייע,
לויט דער זעאונג פון מיינע נביאים,
פון הייליקן דאָרן פונעם פייער,
אפשר מאָרגן, פולשטענדיק וועט אַוועק די נאַכט,
אויך פאַר מיין זון וועט אַ ליכט אַ נייעס אויפשטיין ?
פונעם ליכט פון מאָרגן — וועט אויך די טאָכטער מיין געניסן ?"

אויך יוסף פּטאַי ענדערט דעם טאָן פון זיינע לידער, ער זינגט וועגן שיפן, וואָס בלאָנקען איבער די ימים, פונקט ווי תנחום בערמאַן הייבט אויף זיין פּראָטעסט קעגן דער גאָרער וועלט, וואָס האָט ניט אויפ־

געהויבן איר שטים צו אַ „הערט אויף" קעגן דעם אידן. מ'האָט גאַר אַריינגעכאַפּט דעם אידן, ווי אַ שעפעלע צווישן וועלף און יעדער איינער רייסט און רייסט... ס'איז שוין געווען דער טאָן פון דער דיכטונג אין די אומשטענדן פון אידישן קאַמף אין ארץ־ישראל און ניט אומזיסט רייסט זיך אַריין אינעם ליד דער רעוואָלוציאָנערער מאָטיוו, באַזונדערס שאַרף אינעם ליד „שיר העליה", וואָס איז געהאַט געווען פאַרבאָטן פון דער ענגלישער מאַכט בעתן מאַנדאַט פאַרצוברעננגען דאָס ליד אין ארץ־ישראל. מערקווירדיק איז דער אינהאַלט פונעם ליד, איבערגעגעבן אין אידישער איבערזעצונג:

„צווישן גרענעצן, אויף ניט־אויסגעטראָטענע וועגן, אין
שטערנלאָזע נעכט, —
אַ קאַראַוואַן ברידער באַגלייטן מיר אין היימלאַנד.
פאַרן קינד וועלן מיר עפענען די טויערן, פאַרן שוואַכן און זקן
זיינען מיר אַ שוץ־וואַנט.
אויב דער טויער איז פאַרשלאָסן, —
יעדע באַפעסטיקטע וואַנט וועלן מיר דעם טויער צעברעכן,
צעשמעטערן —
יעדע באַפעסטיקטע וואַנט וועלן מיר דורכברעכן,
דורך יעדע שאַפרונע, וועלן מיר אַריינקומען, פאַרן קינד...
קאַראַוואַנען, ניט וויינען, ניט טרויערן!
שפאַר זיך אָן אויף מיין אָרעם, אַלטער זיידע!
אויך פאַר דעם וואָס האָט פאַרשלאָסן דעם טויער —
וועט קומען אַ טאָג פון נקמה און שטראָף, פאַרן קינד..."

אין אַזאַ שטייגער האָט עוואָלוציאָנירט די העברעאישע דיכטונג אין ארץ־ישראל, מיט איר נייעם מאָטיוו איז זי געוואָרן נענטער דעם אידישן לעבן אויסער די תחומים פון ארץ־ישראל. ס'האָט זיך גענומען שאַפן אַ פאַרבינדונג צווישן איר מיט דער אידישער דיכטונג פון דער גאָרער וועלט. אָבער אויך די אידישע דיכטונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז ניט געבליבן שטיין אויפן זעלבן אָרט, ווי זי האָט אָנגעהייבן ביים אָנהייב פונעם קריג און אין די אומשטענדן פון אידישעליידן. די אידייע פון „אַ גוטע נאַכט דיר, וועלט" איז צערונען געוואָרן אין דער רעאַליטעט פון אַ נייער אידישער העראָיק, אָבער האָט מען אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט ניט געקענט באַנעמען און באַזינגען די הערויק, האָט מען זיך געווענדעט צו דער „ירושה פון דורות". אפרים אויערבאַך האָט געוואָרפן אַ קוק אויף „יעקבס געצעלטן", האָט געבליקט ווי „לויטער איז דער אַלטער קוואַל", אָבער נאָך מער פאַרדינען אויפמערקזאַמקייט בעריש וויינשטיינס קאַפּיטלען „צוויי הייליקע געשטאַלטן", „שטאָט און פעלד" און „די מאַמע" פון זיין אייגנאַרטיקער פּאָעמע

„א ירושה פון דורות". מיט אַלע רעכטן דאַרף די פּאָעמע באַטראַכט ווערן ווי אַ מאָדערנער אידישער עפּאָס און אַזאַ איז אויך י. י. שוואַרצס „א ליטווישער רב", אַ טייל פון אַ פּאָעמע, אויסן צו פאַראייביקן געשטאַלטן, וואָס האָבן נאָך ניט באַקומען און וואַרטן אויף זייער תיקון אין דער אידישער דיכטונג. און האַנט ביי האַנט מיט דעם איז געגאַנגען דאָס סאָציאַלע ליד פון דאָרע טייטלבוים, מאַלקע ל'ס „קינות", שלום שטערנס „אינדערפרי", — לידער, וואָס האָבן גערופן צו האָפענונג און צום שמידן דעם גייסט פון קאַמף.

אין באַצוג צום אידישן שאַפונג־גייסט און שאַפונג־ענערגיע קען מען ריכטיק אָנווענדן אַ פאָרמולירונג, וואָס ס'האָט געהאַט געמאַכט דער סאָוועטישער שרייבער לעאָניד לעאָנאָוו אין זיין ווערק „די צוריקדערגרערונג פון וועליקאָשומסק". דער שרייבער האָט פאָרגעבראַכט די טעזע: „אַ פאָלק דאַרף מען קענען לערנען ניט אין זיינע פאַרווײַלונגען, נאָר אין די אומשטענדן פון קריג־ניסיונות, ווען די געשיכטע קוקט אַריין שאַרף אינעם געזיכט פון דער נאַציע, אָפּמעסטנדיק צי זי איז ראַו און טויגנדיק פאַר אירע גרויסע צילן", — לערנט מען דעם גייסט פון דער אידישער נאַציע דורך דער ווירקלעכקייט פון דער אידישער דיכטונג, געשאַפן אין אומשטענדן פון פאַרלענדונג און אומקום, פון אומגלייכן קאַמף מיט אַ ווילדסטן פון אַלע ווילדסטע שונאים, דערפאַרט מען, ווי דאָס אידישע פאָלק איז בייגעשטאַנען און האָט אויסגעהאַלטן דעם שווערן ניסיון. דער גייסט איז געוואָרן דער מעכטיקסטער אויפהאַלט־געווער פונעם אידישן פאָלק איז בייגעשטאַנען און האָט אויסגעהאַלטן דעם שווערן ניסיון. דער עס אַמאָל אין די צייטן פון אַ מענטשלעכער דייטשער קולטור געהאַט פאָרמולירט יאָהאַן וואָלפגאַנג געטע, —

„אַ צעטיילט לעבן, ווער פאַראייניקט עס ווידער?
אַ פאַרניכטעטן לעבן, ווערט שטעלט עס אויף ווידער?
דער גייסט!
דער גייסט פונעם מענטש, וועמען עס גייט ניט פאַרלאָרן
וואָס ער פאַרמאָגט פון זיינע ווערטן, מיט זיכערקייט
אויפגעהאַלטן!"

די אידישע דיכטונג אין קריג און אין דער נאָכקריג־צייט האָט בולט אַנטפּלעקט, ווי מעכטיק און דעציזיוו ס'איז דער אידישער גייסט, ווי ער קען ביישטיין די געפערלעכסטע ניסיונות און וויאַזוי ער האָט געקענט און באַוויזן אויפצוהאַלטן זיין נאַציאָנאַלע ווערדע, האַלטן הייליק און אָפּהיטן זיינע דורך דורות פּיין און ליידן עגשאַפענע און אויפגעזאַמלטע ווערטן.

# ח. נ. ביאַליק — דער דיכטער פון נאַציאָנאַלן רעוואָלט

שמש אחד במרום
ושיר אחד ללב ואין שני...

דער פערז פּאַסט זיך פאַר ח. נ. ביאַליקס גאַנצן שטייגער דיכטן און לעבן. „איין זון אין הימל און איין געזאַנג אין האַרץ און קיין צווייטער", און דער גרויסער דיכטער פון נאַציאָנאַלן רעוואָלט איז דעם געבליבן געטריי אינעם גאַנצן גאַנג פון זיין דיכטערישן שאַפונגס-פּראָצעס, און אַנדערש האָט ער אויך ניט געקענט, ווייל זיין דיכטן און זיין ליד זיינען געקומען פון האַרץ, פון דער אויסגעוויטיקטער נשמה. זינגט דאָך ח. נ. ביאַליק אין איינעם פון זיינע לידער —

„לא זכיתי מן ההפקר
ואף לא בא לי בירושה מאָבי,
כי מסלעי יצורי נקרתיו,
חצבתיו מלבבי, —

פון האַרץ האָט דער דיכטער אויסגעפּעלזט זיין ליד און ס'איז געוואָרן זיינע אָן אָרגאַנישקייט, ווייל גאַנץ אייגנאַרטיק איז פאַרלאָפן דער גאַנצער וועג, וואָס האָט אים געפירט צו ווערן דער „משורר בישראל": פון איין זייט איז ער געווען דאָס קינד פון דער נאַטור, אַן איבערגעלאָזטער אין זיינע קינדער-יאָרן אויפן אייגענעם קינדישן באַראָט, און, פון דער צווייטער, האָט ער אויף זיין אייגענעם זיין געפילט דעם גאַנצן עול פון אָרעמקייט און דחקות, דורכמאַכנדיק צוזאַמען מיט זיינע עלטערן אַ לעבן פון הוילע עלנט און נויט. און ווער ווייס ווי עס וואָלט געקלונגען דעם דיכטערס ליד, ווען ער זאָל ניט געווען האָבן געוואַקסן אַ פאַרוואָרלאָזטער אויפן שויס פון דער נאַטור, ווען ער זאָל ניט געווען האָבן איינגעזאַפּט אין זיך די זוניקייט און ריחות פון די פעלדער און לאָנקעס? ווי יעדער קינד האָט ער תחילת ניט געוואוסט, וואָס אַזוינס זיינען ליידן, וואָס עס באַטייטן ליידן, אָבער באַלד האָט זיך גענומען שפּרייטן פאַר זיינע אויגן אַ קאַליידאָסקאָפּ פון פאַרשיידענע נויט-בילדער און דעמאָלט האָט ער שוין ריכטיק באַגריפן, וואָס עס הייסט

לײדן נויט אין לעבן. כמעט נאָך אַ קינד האָט ער געמוזט פאַרלאָזן דאָס דאָרף און אַריבערפאָרן אין שטאָט. ער איז אָנגעקומען אין דער אוקראַיני־שער שטאָט זשיטאָמיר, וואוהין זײן פאָטער, דער בעל־תורה און תלמיד חכם, איז געפאָרן צו זוכן יניקה פאַר זײן הויזגעזינד און געמוזט דאָרט ציען חיונה פון האַלטן אַ שענק. אין אַזעלכע אומשטענדן האָט דער דיכטער פאַר זיך געזען רק שיכורע פּויערים און עס האָט געווירקט שטאַרק אויף זײן קינדישן געמיט. דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים דער גרויסער קאָנטראַסט צווישן דער צניעותדיקער נאַטור פונעם דאָרף און דער שטאָט מיט איר שפלדיקייט. און עס איז אויך געבליבן אין זײן דיכטונג, אין וועלכער ער האָט באַזונגען די שײנקײט פון דער נאַטור און באַקלאָגט די געפאַלנקייט, די שיפלות פונעם מענטש.

אַזעלכע זײנען געווען דעם דיכטערס ערשטע שול און אוניווערזיטעטן, וואו ער האָט באַקומען זײן ערשטע „לערע". אויף אײביק איז עס גע-בליבן אײנגעקריצט אין זײן זיכרון. אַ גרויסער און ווערדיקער בײשפּיל איז פאַר אים געווען זײן פאָטער, וועגן וועמען ער האָט געשריבן אין אײנעם פון זײנע אויטאָביאָגראַפישע בריוו, דאַטירט מיטן יאָר 1902: „אין קוואַלן פון טאַבאַק, רויך, אין דער בײזקייט פון אַלקאָהאָל-רויש שטייט ער הינטערן שענקטיש אונטער דער פאַראַכטונג פון נידעריקע נפשות, פון וועמען ער האָט חיונה, און אַרײנגיסנדיק אין צוויי גלעזער, כאַפּט ער אַ קוק אין דער משנה וואָס ליגט פאַר אים אָן אָפענע". און ווײטער זאָגט ביאַליק וועגן זײן פאָטער: „אַ דערנידעריקטער קדוש".

און אײנמאָל זיך באַקענט מיט דער נויט, אויסגעוואַקסן אין לײדן און דורכגעמאַכט דעם וועג פון פּײן, ווערן ח. נ. ביאַליקן אײגן די סאָציאַלע מאָטיוון, וואָס האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף זײן דיכטערישער און לעבנס-רײפקייט. דער פאַרשאַרפטער לעבנסקאַמף פונעם פאָטער און זײן ווערן פאַרהאַרטעוועט אינעם קאַמף, זײנען געוואָרן פאַר אים אַ גרויסע לערע און אַן אומפאַרגעסלעך בילד, — אין קײנע אומשטענדן האָט דער פאָטער ניט פאַרלאָרן זײן מענטשלעכן און גײסטיקן גלײכגעוויכט. און אויך זײן מוטער איז געווען פאַר אים אַ גרויסער בײשפּיל פון אומדער-מידלעכער פלײסיקייט און קדושה־פרומקייט. ער האָט עס געזען אין די וואָכעדיקע טעג און געהאַט פאַר די אויגן אין די שבתדיקע און יום־טוב־דיקע טעג, — די שבתדיקע זמירות האָט מען געזונגען בײ אַ הונגעריקן טיש און לײדיקע מאָגנס און אָט דאָס האָט שוין אין די יונגע יאָרן זײנע אַנטוויקלט אין אים אַ געפיל פון רעליגיעזן רעוואָלט. עס איז אויך דער אויגנבליק ווען ער דערשפּירט אין זיך דעם דיכטער, — ח. נ. ביאַליק האָט מיט אַ באַזונדערער דיכטערישער מײסטערשאַפט און דורכדרינג-לעכער האַרצלײדנקייט עס אויסגעזונגען אין זײן באַרימטן ליד „התרע

מאין נחלתי את שירתי" (וויסטו וואו ביי מיר האָט דאָס ליד זיך גע-נומען):

„ביים טאַטן אין הויז איז אַ זינגער געקומען,
אַן עלנט-באַשיידענער זינגער, באַהאַלטן
אין ווינקלען פאַררוקטע, אין פינצטערע שפּאַלטן;
בלויז איינעם, אַ ליד, האָט דער זינגער געוואוסט,
אַן איין-און-איינציק ליד, מיטן זעלביקן גוסט.
און ווען סיפּלעגט מיר דאָס האַרץ פון ווייטיקן שטומען,
מײַן צונג פּלעגט זיך צוקלעפּן שמערצלעך צום גומען,
און סיפּלעגט דאָס געוויין אין מיין האַלדז בלייבן שטעקן —
פּלעגט ער אויפן ליידיקן מאָגן מיר וועקן.
דער גריל איז געווען דאָס, דער זינגער פון דלות.

אזוי דערציילט דער דיכטער ווי עס האָט אויסגעזען דער שבת אין זיין פּאָטערס הויז, דער שבת איז געווען ניט ווייניקער טרויעריק ווי די וואָך, ווייל אויפן טיש איז גאָרניט געווען, ניט קיין וויין, ניט קיין חלות, אפילו די לייכטער זיינען געווען פאַרמשכונט, די צוויי מאָגערע ליכטלעך האָבן געצאַנקט, אַריינגעשטעלטע אין ליים, ביים טיש זיינען געזעסן זיבן קינדערלעך, אַלע טויט-הונגעריקע און פאַרשלאָפענע, מיטן שטומפּיקן מעסער שניידט אויף דער פּאָטער דעם שוואַרצן ברויט און דעם עק פון הערינג, מ׳קייעט די סעודה און מ׳פילט דעם עלנט נאָך גרע-סער. אַלע פילן זיך ווי עפּעס פאַרשעמטע, אָבער אַז עס קומט צו זמירות זינגט מען אַלע אין כאָר מיטן פּאָטער און דערמאָלט —

„...פּלעגט זיך צום כאָר אויך באַהעפטן דער גריל
און גרילצן זיין זמירות מיט האַרץ און געפיל".

שווער איז געווען דאָס לעבן אין טאַטנס הויז, מ׳איז צעריבן גע-וואָרן אינעם דרוק פונעם מיאוסן דלות, אַלץ האָט געפעלט, — אַ גרויפּ, אַ קויל, אַ שטיקל ברויט איז ניט געווען די נשמה אין אָרעמען גוף צו דערהאלטן, —

„דאַן האָט זיך דער גריל פון זיין שפּעלטל אַנטפּלעקט,
זיין וויסט טרוקן ליד אַלץ געזעגט און געזעגט,
און סיליד האָט אין האַרצן געביסן, גענאָגט, —
סיאיז בייז ניט געווען, ניט געטרייסט, ניט געקלאָגט,
אַפילו פון שעלטן און פלוך נישט געוואוסט —
געווען איז דאָס ליד זיינס נאָר חרב און פוסט,
און וויסט ווי דער טויט, ווי פון לעבן די שטראָף,
אבלותדיק וויסט, אָן אַן אָנהויב און סוף".

:: :: ::

זעלטן וועמען די מוזע דערשיינט אין דער פאָרעם און געשטאַלט פון א גריל, באַזונדערס נאָך ווי ח. נ. ביאַליק האָט עס געזען און איבער־לעבט. ביי וועמען די מוזע איז אַן אימאַזש, אויפגעהעלט אין שיינקייט און ביי ח. נ. ביאַליקן איז עס געווען די טרויעריקע ווירקלעכקייט אַליין. ניט ווייניק אַנטוישונגען האָט אים געבראַכט די ווירקלעכקייט, אָבער ניט ווייניק האָט זי אויך אין אים פאַרזייט גייסט־אומרואיקייט און ספקות, אַט קומט ער קיין זשיטאָמיר, קומט מיט א האָפענונג פאַרן בעסערן, דאָך אומזיסט, קיין פרייד האָט אויף אים דאָרט ניט געוואַרט. אין זשי־טאָמיר באַקענט ער זיך צום ערשטן מאָל מיט דער אידישער השכלה און שוין ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט הייבט ער אָן צווייפלען צי אירע וועגן זיינען די ריכטיקע. זי באַפרידיקט אים ניט די השכלה און ער זאָגט זיך אָפּ פון איר. ער פאָרט קיין וואָלאָזשין און ערשט דאָרט דערשפּירט ער דעם אמתדיקן גייסט־אומרו, ער ווערט אַוועקגעשטעלט פאַר אַן אייגענעם קאַמף צווישן חסידות און אפיקורסות און ווידער אַן אומצופרידענער קערט ער זיך אום צוריק אין דאָרף, וואו ער פאַר־ברענגט זיינע לעצטע קינדער־יאָרן, — ער איז אויפן שוועל פון יוגנט, און שוין מיט א פאַרמירטן באַוואוסטזיין.

ביאַליק און די יוגנט! ס'איז באמת א קאַפּיטל פון א גרויסן נשמה־רעוואָלט. ער באַגרייפט אַז לערנען איז אַן ענין פונעם מענטש גופא און ער מוז ווערן זיין אייגענער מורה־דרך. און אויב ער האָט מזכה געווען דעם אוצר פון דער דיכטונג מיט זיין „מתמיד", איז עס דאָס ליד און די פּאָעמע וועגן זיך אַליין, וועגן זיין אייגענער התמדה אינעם לערנען. און וויאַזוי איז דאָס לערנען פאָרגעקומען? קיינער האָט ניט אַריינגעקוקט אַזוי טיף אינעם לעבן פונעם בית־המדרשניק, ווי ביאַליק. זיין א בית־המדרשניק האָט געהייסן ממש זיך אָפּזאָגן פונעם לעבן, סע איז א ספּע־ציפישער אופן פון אידישער נזירות, א פאַרשליסן זיך אין די ד' אמות פונעם בית־המדרש און ניט זען פאַר זיך די ליכטיקע שיין, אָבער דער דיכטער ח. נ. ביאַליק איז געקומען צו א גאַנץ אַנדער דערקענטעניש:

„...יש עולם טוב שכלו חג
יש מרחב — יה ולך הוא צר, — '

און אין אַזאַ דערקענטעניש פאַרלאָזט ער ניט דעם בית־המדרש. ער באַטראַכט זיך פאַרן „בנה יחידה של השכינה", הגם סע פּייניקט אים דער באַוואוסטזיין, אַז עס איז פאַראַן א גרויסע שיינע וועלט און ער פרעגט ביי זיך אַליין —

„מי שכחני כאן ולמהו? —

און קומט צום טרויעריקן אויספיר, אַז

„כלם נשא הרוח, כלם פרחו להם,
ואותר לבדי, לבדי..."

און ווידער איז ביאַליק אויף אַ „פרשת דרכים". פונקט ווי זשיטאָמיר מיט דער השכלה האָבן אים נישט באַפרידיקט, אַזוי האָט אים אויך ניט באַפרידיקט דאָס לערנען ביחידות. דער אומרואיקער גייסט האָט אים געצויגן אין דער גרויסער און ברייטער וועלט און אָט שטייט ער פאַר דער פראַגע: וואוהין זאָל זיין דער וועג? — קיין בערלין וואו עס האָט געהערשט די אַסימילירנדיקע השכלה, אָדער ווידער קיין וואָלאָזשין? און אויסגעוויילט האָט ער וואָלאָזשין. דאָך גיט ער אָן אַ סיבה, ניט פאַרבונדן מיטן הינטערזאָג פונעם באַוואוסטזיין. די ווירקונג איז געווען אַ ריין פּסיכאָלאָגישע. און דהיינו: אין אַ פיינעם טאָג האָט אינעם ליטווישן בית-המדרש אין זשיטאָמיר וואו ביאַליק האָט געלערנט, זיך באַוויזן אַן אורח, אַן אמתדיקער יפת-תואר, און דער אורח האָט גערעדט מיט אַזאַ באַגייסטערונג וועגן וואָלאָזשינער ישיבה, אַז ח. נ. ביאַליק האָט שוין נישט געזען פאַר זיך קיין אַנדערן וועג, ווי נאָר דער וואָס פירט אַהינצו. דער זיידע זיינער, ביי וועמען ח. נ. ביאַליק האָט פאַרבראַכט די יאָרן פון זיין יתום'שאַפט, איז געווען קעגן זיין פאָרן קיין וואָלאָזשין, ווייל די דאָרטיקע ישיבה האָט געהאַט אַ שלעכטן שם מיט איר כלומרשטער ניט-פרומקייט, אָבער לסוף האָט דער זיידע געמוזט נאָכגעבן דעם אייניקל, ווייל צו גרויס און אַנטשלאָסן איז געווען דעם דיכטערס וואונטש, אָבער פאַרן פאָרן האָט דער זיידע אים געגעבן עטלעכע פרוטות, ניט אַז ער זאָל האָבן אויף הוצאות־הדרך, נאָר צום טיילן דאָרט צדקה צו מקיים זיין דעם זאָג, אַז „שליחי מצוה אינן נזיקון". און געשען איז עס דעמאָלט, ווען ח. נ. ביאַליק האָט קוים דערגרייכט דעם עלטער פון זיבעצן יאָר.

:: :: ::

וואָלאָזשין... ס'איז אַ באַזונדער קאַפּיטל אינעם אידישן לעבן אין אַלגעמיין און באַזונדערס אין דער אַנטוויקלונג פונעם אידיש־רעליגיעזן גייסט. דאָרט, אין וואָלאָזשין, איז געשאַפן געוואָרן אַן אַנדער מין חסידות, ניט קיין געוויינלעכע, און דאָרט האָט ביאַליק דערפילט דעם פרילינג פון זיין יוגנט. נייע האָריזאָנטן; נייע אַנטפּלעקונגען האָבן זיך געשפּרייט פאַר אים און אין די נייע האָריזאָנטן און אַנטפּלעקונגען איז אַלץ אומרואיקער געוואָרן זיין גייסט. עס קומט פאַר אין אים אַ ריכטיקער „שינוי ערכין"; אַן איבערשאַצונג פון ווערטן, און דער יונגער ח. נ. ביאַליק ווערט באַהערשט פון אַ מחשבותן: צי דאַרף מען טאַקע פאַרטאַכליעווען אַזוי דאָס לעבן, ווי ער פאַרטאַכליעוועט עס? צופעליק פאַלן אריין אין זיינע הענט פרוגס דיכטונגען און דאָ געשעט מיט אים וואונדער איבער וואונדער:

ער דערשפּירט אין זיך דעם דיכטער! צוזאַמען מיט דעם קומט זיין ערש־טער ריכטיקער חשבון הנפש און ער באַשליסט ענדערן זיין לעבנסוועג. צו יענער צייט געהערן זיינע באַרימטע ווערטער:

„התחסדתי, התמשכלתי,

התנגדתי",

און „הייתי משכיל וחוקר, חסיד ומתנגד ביחד", — ווערטער, צוגעפּאַסטע ניט נאָר צו זיינע יענעצייטיקע שטימונגען, נאָר אויך צו זיין גרויסן נשמה־בונט, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט. און אפשר איז עס אויך אין אור־ניסאָן צו דעם, וואָס ס'האָט גענומען אָפּצושפּילן זיך אינעם אידישן לעבן? געוויס איז עס געווען פאַרבונדן מיט די נייע ווינטן, באַזונדערס מיט דער היסטאָרישער און פּסיכאָלאָגישער דערשיינונג פון חבת-ציון. די נייע ווינטן האָבן דערגרייכט אויך קיין וואָלאָזשין און דאָרט געפּו-נען זייער אָפּקלאַנג, אָבער ווידער אויף אַ גאַנץ אַנדערן, אויף אַ טיפּיש-וואָלאָזשינער שטייגער: אין וואָלאָזשין אַנטשטייט די ערשטע ציונים-טישע אַגודה „נצח ישראל" און גייט אין די וועגן, אָנגעצייכנטע פונעם געשיכטע-פּראָפעסער זאב יעבץ, און זאב יעבץ האָט געלערנט, אַז דער עיקר איז די גלויה, די אַנטפּלעקונג, די ראָמאַנטיק, וואָס איז פאַראַן אי-נעם קיום המצוות. ס'איז די טיפּישע אידישע מיסטיק, מעטאַפיזיק און אַבסטראַקציע, בעת דער חבת-ציון איז באַגלייט געוואָרן פון אחד-העמס טעאָריע, וואָס איז אַגב אויך געווען מעטאַפיזיק, אָבער אויף אַן אַנדער שטייגער און פריי פון מיסטישקייטן: אויפהאַלטן אידישקייט דורכן דער-ציען דעם גייסט. און ווידער שטייט ח. נ. ביאַליק פאַר אַ דילעמע: בלייבן מיטן גייסט פון וואָלאָזשין, מיט דער טעאָריע פון זאב יעבץ, אָדער זיך נאָר אָנשליסן אין אחד העמס פילאָזאָפיע פונעם אויפהאַלטן אידישקייט דורך אַ דערציען דעם גייסט? און פונקט ווי אַמאָל קיין בערלין, אַזוי האָט אים אין וואָלאָזשין גענומען ציען קיין אָדעס, וואו עס האָט זיך גע-האַט צעבליט אַ נייע אידישע וועלט, מיט אַ נייעם לעבן און גייסט. דאָרט זיינען געווען מענדעלע און די אַנדערע אידישע גאונים און ח. נ. ביאַ-ליק גופא האָט באַטראַכט מענדעלען פאַרן זיידן פון דער העברעאישער ליטעראַטור. מענדעלע דער ערשטער, דער וואָס האָט געשאַפן אַ נייע שפּראַך-פאָרם און האָט אויסגעחוזקט דאָס העברעאיש פונעם ציטאַטן-סטיל און מליצה. מענדעלע דער פאַרבינדער פון העברעאיש און אידיש, דער שילדערער פונעם געטאָ מיט קריטיש-איראָנישער ליבע. דאָרט איז אויך געווען י. לעווינסקי, דער שרייבער פון אייגנאַרטיקע און טיפזיניקע פעליעטאָנען, און הויפּטזעכלעך אחד העם און י. רבניצקי מיט זיין באַ־רימטן „פּרדס". דער יונגער ח. נ. ביאַליק האָט שוין געהאַט אַן אייגע-נעם בליק אויף זאַכן, בהדרגהדיק האָט ער געפונען זיין אָריענטאַציע, און, פּונקט ווי אַמאָל צו וואָלאָזשין, האָט ער דערשפּירט מיטאַמאָל אַ

צוציאונג-קראַפט צו אַדעם. אַ געטראָגענער פון אַ נייער אומרואיקייט פאַרלאָזט ער וואָלאָזשין און פאָרט קיין אָדעס. ער קומט אַהינצו אָן אַ פּרוטה, אָבער דערפאַר פירט ער זיין ערשטן פאַרמעגן, — זיין ערשטע דיכטונג, וואָס האָט באַשטימט זיין גורל צו זיין דער משורר בישראל: ער האָט געפונען דעם ריכטיקן וועג צו דער דיכטונג, אין וואָס זיין ווייטערדיק לעבן זאָל געפינען זין און תיקון.

:: :: ::

„אל הצפור", — „צום פייגעלע" איז געווען דאָס ערשטע ליד, מיט וועלכן ח. נ. ביאַליק איז אַריינגעקומען אין דער העברעישער דיכטונג און דאָס ליד איז כאַראַקטעריסטיש נישט נאָר פאַר ח. נ. ביאַליקס דיכטערישער התחלה, נאָר אויך פאַר די שטימונגען פון דער צייט. צוזאַמען מיט רעאַליטעט און שטימונג איז דאָס ליד אין אַ געוויסן פּרט אויך סימבאָל. דאָס פייגעלע האָט זיך אומגעקערט אַהיים און איז באַהערשט פון בענקעניש נאָכדעם ווי ס'האָט געזען די באַפרייטע ברידער אין ארץ-ישראל. און מערקווירדיק ווי דער דיכטער פאַרבינדט אינעם ליד ציון און די נאַטור. ח. נ. ביאַליק דער ישיבה-בחור, גיסט אויס זיינע בענקענישן פאַרן פרייסטן פון אַלע באַשעפענישן, — פאַרן פייגעלע. פונעם פענצטער אַרויס זאָגט ער צו דעם:

„גוטליב דיר דיין קומען, דו פייגעלע טייערס,
פון וואַרימע לענדער צוריק, —
אַ ווינטערלאַנג האָב איך געבענקט נאָך דיין זינגען,
געגאַרט נאָך די טרעלן פון גליק.

מיט פאַרשיידענע פראַגן ווענדעט ער זיך צום פייגעלע, פרעגט נאָך וועגן זיינע ברידער אין לאַנד, —

„צי דאָרט אינעם זוניקן לאַנד אין דעם שיינעם
איז אויך גרויס דאָס אומגליק און שאַנד?"

ער וויל האָבן אַ גרוס פון זיינע ציון-ברידער, צי ווייסן זיי, ווי גרויס עס איז די צאָל פון די שונאים און ווי שטאַרקער אַלץ ווערן די פיינט. אַלעם וויל ער וויסן, ער וויל וויסן ווי עס זעט דאָרט אויס אינעם לאַנד און בינדט עס מיטן נאַטור-געפיל, וואָס דרינגט אַרויס פון זיינע בענקענישן. דאָך ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די פרייד פון דעם אַלעמען וואָס דאָס פייגעלע דערציילט, קען עס דאָך ניט פאַרטרייבן זיינע טריבע שטימונגען, —

„צי זיינען נאָך אַלץ ניט פאַרוועלקט יענע בלומען,
וואָס איך האָב געפלאַנצט דאָרט שוין לאַנג?

ווי זיי, האָב איך איינמאָל געבליט אין מיין יוגנט,
נאָר איצט בין איך אַלט שוין און קראַנק", —

ווען ח. נ. ביאַליק האָט דאָס ליד געשריבן, באַזונדערס דעם לעצטן פּערז, איז ער אַלט געווען ערשט אַכצן יאָר! פונדעסטוועגן דאַרף דער פּערז, הגם אַ געגוג טרויעריקער, ניט אויפגענומען ווערן ווי אַ מין עקס־פּרעסיע פון אַ וועלטשמערץ, — עס איז דער טרויער פון אַ אַנטוישטער, פאַרטאַכליעוועטער יוגנט, און אַנדערש האָט ער געווים נישט געקענט, ווי נאָר מיט אַזאַ שטימונג אָנהייבן זיין דיכטונג־פּראָצעס, אָנהייבנדיק תחילת מיט אַ שטריך, וואָס קען באַטראַכט ווערן ווי דאָס כאַראַקטעריס־טישע פון זיין ווייטערדיקער דיכטונג. און באַמערקנסווערט: דער גרעס־טער טייל פון ביאַליקס לידער זיינען אַ „פענצטער־ליריק", אפשר מחמת דעם ווייל ח. נ. ביאַליקס אָרט איז שטענדיק געווען דאָס ד' אמותדיקע פונעם צימער. דער פענצטער פאַרנעמט דערהויפּט אַ גרויס אָרט אין זיין דיכטונג:

„איך קוק דורכן פענצטער: אַ זון, און ניט מער,
נאָר זיי זיינען שוין מער צו מיר ניט געקומען" —

אָדער:

„באַגינען, איך שלאָף נאָך אַנטשוויגן און שטום —
זיי איילן צום פענצטער און קלאַפּן זיך: קום! —

אַזוי זינגט דער דיכטער אין זיין פּאָעמע „דאָס ליד פון ליכט" און פענצ־טער ווערט פאַר אים אַן אָנרעגונג צו פרייד אָדער טרויער, ווייל דער פענצטער אַנטפּלעקט אים דעם זין און ווערט פונעם ליכט, —

„סישטראָמען ליכטער אַריין דורך מיין פענצטער און פּליסן,
און דער דיל און די ווענט און די ווינקלען פאַרגיסן,
גיסן ריינגאָלד אין איטלעכן שפּעלטל אַריין;
וואָלסטו, גאָט, זונען זיבן אין הימל צעהאָנגען,
וואָלסטו אלץ נאָך ניט שטילן נאָך ליכט מיין פאַרלאַנגען,—
מערער שיין, גרויסער גאָט, מערער שיין!"

אַזוי פילט און מחשבות'ט דער דיכטער „ביים אָפענעם פענצטער", און עס איז איינגאַרטיק פאַרן דיכטערס זינגען, — באַהעפטן זיין אייגע־נעם טרויער מיט די שיינקייטן פונעם נאַטורבילד, איבער וועלכן עס פלאַטערן די גאָלדענע זון־שטראַלן און די זון דעם חן פון אירע ליכטער, — דער דיכטער זעט עס דורכן פענצטער פון זיין צימער און ס'ווערט פאַר אים, —

„מיין חלום דער שענסטער און האַרציגסטע ליד,
מיין ליכטיקע זעונג, — אַ שפּריץ פון איר שטראַל,
געלייטערט און קלאָר, און געבענטשט פון איר קוואַל".

ס'רעדן נאָך אַרויס פון אים אַלץ זיינע אַכצן יוגנטלעכע יאָר און שוין איז ער באַהערשט פון אַ טיפן טרויער, און זיין טרויער איז געווען אַ ריין אידישער ניט קיין וועלט־שמערצלעכער, — ס'איז געווען דער טרויער פון אַ פאַרלאָרענער, אין גאָרנישט־פאַרשוואונדענער יוגנט, אָבער ס'האָט דאָך געהאַט אויף אים אַ פּאָזיטיווע ווירקונג: דער טרויער איז גע־וואָרן דער קוואַל און אָנרעגונג פון זיין דיכטן.

און מערקווירדיק: ווען טרויער פירט צו אַנטוישונגען, און ביי ביאַליקן איז עס גאָר געוואָרן דער אויסדרוק פון אַן אומרואיקן גייסט, וואָס געפינט ניט פאַר זיך קיין אָרט. דעריבער איז נישט קיין וואונ־דער, וואָס זיין קומען אינעם אידישן אָדעם האָט אים אויך ניט באַפרי־דיקט, און, אַ ניט־באַפרידיקטער אין אָדעם, פירט אים זיין וועג ווידער קיין זשיטאָמיר. ס'איז אומרואיקייט פאַרבונדן מיט בענקעניש, וואָס ציען אַלע מאָל צום אָרט, וואו מ'איז תחילת געווען. אין זשיטאָמיר שטויסט ער זיך צונויף ווידער מיט נויט און עלנט. שווער זיינען זיינע איבערלעבונגען, ווידער טרעפט ער זיך צונויף מיט דער אמאָליקער אָרעמ־קייט אין דער היים. די לעצטע סטראָפן פון זיין ליד „בתשובתי", גיבן איבער זיין שטימונג:

„לא שניתם מקדמתכם,
ישן נושן, אין חדשה,
אבאָ, אזי, בחברתכם !
יחד נרקב עד נבאשה".

ח. נ. ביאַליק האָט זיך קיינמאָל ניט אַרויסגענומען פון עם כלל, הגם מ'האָט אַלע מאָל דעם איינדרוק ווי ער זאָל זיין דער דיכטער פון אינדיווידואַליסטישע נייגונגען. עס איז ווייט ניט אַזוי. אין אַלץ האָט ביאַליק זיך אידענטיפיצירט מיטן פאָלק, דעריבער האָט ער אין זיין דיכ־טונג אָנגענומען אַ טאָן פון אַ מוכיח, פון אַ שטראָפער. הגם אַ לעבן אין אָרעמקייט, האָט ער דאָך געוואָלט זען אַנדערש דעם אידישן מענטש, ווי ער האָט אים געזען אין דער ווירקלעכקייט. כאַראַקטעריסטיש דער־ביי איז אויך זיין רעאַליזם, אַ ספּעציפישער ביאַליקישער רעאַליזם, אַ גרויזאַמער, אָפטמאָל אַ ברוטאַל־אומרחמנותדיקער און דער רעאַליזם ווערט ביי אים אַרויסגעבראַכט און כאַראַקטעריזירט ניט נאָר אין דער אָנשויאונג פונעם מענטש, נאָר אויך דורך דער הויז־חיה, וואָס איז גע־ווען ספּעציפיש פאַרן אידישן הויז, פאַר דער אידישער אָרעמקייט :

„און נאָך שפּינט פונעם הויז די קאַץ,
לאָזט זיך טרוימענדיק ניט פאַרדריסן,
מיט דער מויז, — פונעם אויבן־פּלאַץ,
און אָפּמאַך אַ פרידלעכן צו שליסן".

קיינער פון די אידישע אָדער העברעאישע דיכטער האָבן ניט באַ־מערקט, אַז די קאַץ איז געווען אַ מין באַגלייטונג צום אידישן דלות, איז געווען אַ צושפּיל צו דער אידישער אָרעמקייט. דער איינציקער און ער־שטער איז געווען ח. נ. ביאַליק און דורך דער קאַץ כאַראַקטעריזירט ער וואָס ס'איז געוואָרן פונעם אידישן מענטש אינעם תחום־לעבן. די קאַץ, ווי אַ אידישע הויז־חיה איז פאַר אים ניט אַ זאַך פון אַ משל, נאָר דאָס באַשעפעניש פון אַ ספּעציפיש־אידישער סאָציאָלאָגישער מיטאָלאָגיע: אָרעמקייט, געשטאַלטן אין די פינצטערע צימערן פון די עלנטע הייזער אין זייער פאַנטאַסטישער אויסדריקלעכקייט.

ס'זיינען אַלץ געווען שטימונגען און טרויערדיקייט פונעם דיכטער וואָס האָט אין זיינע קינדער־יאָרן ניט נאָר געזען, נאָר אַליין אויף זיין אייגענעם זיין געפילט די לאַסט פון פּיין און ליידן. און וואָס האָט דער דיכטער דען ניט געהאַט אויסצושטיין אין זיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן? ווי דער שטייגער פון יעדן אידישן בחור האָט ח. נ. ביאַליק חתונה גע־האַט און געמוזט אין זינען האָבן חיונה. ער האָט געהאַנדלט, ער איז געוואָרן אַ לערער, ווען אין האַנדל איז ניט געגאַנגען גוט, פונדעסטוועגן האָט עס ניט דערדריקט און ניט צעשטויבט זיינע דיכטערישע אַספּיראַ־ציעס. אין די שווערסטע עקאָנאָמישע אומשטענדן האָט זיין גייסט דאָך געשוועבט אינעם דיכטערישן און גראָד אין די שווערסטע עקאָנאָמישע אומשטענדן האָט ער באַוויזן צו באַקומען מער דערפאַרונג און אויך לערנען מער. זיין אוניווערזיטעט איז געווען דאָס לעבן אַליין און גראָד אין די צייטן פון שווערער נויט, פון אַ ניט־געלונגענעם האַנדלען און ליידנדיקער לערעריי שאַפט ער אַ גאַנצע ריי באַדייטנדיקע דיכטונגען און דערציילונגען. זיין הויפּטזעכלעכע שטרעבונג איז צו זיין אומאָפּהענגיק, ווייל אַזוי פאָדערט זיין גייסט און ער קען אַנדערש ניט פילן, ווי נאָר צו זיין פריי, — ער וויל זיין אומאָפּהענגיק פון מענטשן, ער וויל מיט אים זאָל מקוים ווערן דאָס, וואָס דער רמב"ם האָט געזאָגט צוריק מיט הונדערטער יאָרן: „אַ נשיא מוז זיין געזונט, קלוג און רייך". אין אוי־ניסאָן צו דעם שאַפט ער זיין ליד „די האָפענונג פונעם אָרעמאַן". און וואָס וויל דען דער אָרעמאַן? צו וואָס זיינען געווענדעט זיינע האָפענונ־גען? לייזער מענדל דער מלמד וויל האָבן ניט מער ווי זיין טעגלעכן ברויט און קענען לעבן רואיק.

* * *

דער ערשטער פעריאָד אין ח. נ. ביאַליקס שאַפן איז דערהויפּט דער פעריאָד פון אָרעמקייט־לידער. דער דיכטער איז אויסן געווען צו באַ־

ווייזן דעם צושטאַנד און די סביבה, וואו זיין מוזע האָט דערוואַכט צו שאַפן און וואַנען זי האָט תחילת געשעפּט איר דיכטערישע יניקה.
ער דערציילט וועגן דעם אין זיין באַרימטן ליד „התדע מאין נחלתי את שירתי", דאָס כאַראַקטעריסטישע פונעם ליד איז וואָס דער דיכטער זעט און ברענגט אַרויס די נעבעכדיקייט פונעם אָמאָליקן אידישן שטעטל אין תחום אויפן פאָן פונעם נאַטור־בילד. דאָס בילד האָט דערוועקט אין אים פאַרשיידענע רעיונות, וואָס חזרן זיך איבער אָפּט אין זיינע ווייטערדיקע לידער. די רעיונות גופא זיינען גרויזאַמע, ניט וויניקער אויך טראַ־גישע און טרויעריקע, —

„דורך מויער־שפּאַלטן הוילנד דרינגט דער ווינט,
ער מאַכט פאַרפרוירן יעדעס בלוט, —

אַזוי האָט געפילט דער דיכטער, אַזוי האָט ער מחשבותט און ניט מגזם געווען. אינעם טרויעריקן בילד פונעם שטעטל, אינעם חשכת פון דער נאַכט, זעט ער אַ ליכט אין איינעם פון די פענצטער: אַ פרומער איד האָט זיך אויפגעהויבן צו חצות און דאָס אַנטפּלעקט פאַר אים דאָס אַל־געמיינע בילד פונעם דעמאָלטיקן אידישן לעבן:

„די שלאָפנדיקע שילטן טרוימענדיק דעם מאָרגיקן
און היינטיקן טאָג, פינצטער וויקלט זיי איין דער יאָך:
אָ, ךו דאָך, פאָלק פון אייביקע שנאָרער,
וועמען עס איז פאַרזאָגט אַפילו אַ חלום אַ גוטער".

אין אַ געוויסן פּרט איז דאָס ליד דער אויסדרוק פון ח. נ. ביאַליקס דיכטערישער אידעע, אייגן פאַר זיין גאַנצן דיכטערישן שאַפן. ווי הייבט ער אָן דען דאָס ליד? ער הייבט אָן מיטן שילדערן אַ נאַכט־רעגן, ווי ער זאָל וועלן האָבן זאָגן, אַז דאָס אידישע שטעטל איז שטענדיק געווען פאַררעגנט, איינגעוויקלט אין אַ חשכתדיקייט און עס איז ווי געווען אָנ־געמאָסטן פאַר די אַמאָליקע שטעטלשע אידן. ביאַליק האָט דערהויפּט געה־האַסט דאָס אידישע שטעטל מיט די מענטשן דאָרט, אַפילו ווען ער אַליין איז געווען אַ זומערדיקער, הגם אין דעם פּעריאָד פון זיין שאַפן האָט ער ניט איבעריק אויפגענומען אויך די אַנדערע צייטן פונעם יאָר. דער דיכ־טער שטרייכט אונטער, אַז ער ווייסט די נוצן, וואָס דער רעגן ברענגט, — מ'מוז אים האָבן פאַר דער פּרוכטיקייט, ווי אויך פאַר דער פרישקייט פון דער נאַטור, פונדעסטוועגן ווען ער זעט דעם רעגן אינעם אידישן שטעטל, רופט עס אַרויס ביי אים אַ ווידערווילן און איבערדריסיקייט.

— 2 —

עפּעס אַ באַזונדערער כוח איז געווען אין דעם וואָס ס'האָט געצויגן ח. נ. ביאַליקן רק קיין אָדעס. מעגלעך טאַקע מחמת דעם ווייל אָדעס איז

צו יענער צייט געווען דער צענטער פון דער אידישער השכלה און אי־דישן וויסן, די שטאָט פון גרויסע אידישע גייסטער, וואָס האָבן געמאַכט איר. געשיכטע און געלייגט דעם יסוד פאַר דער נײַ־העברעאישער ליטע־ראַטור און דיכטונג, דערהויפּט פאַרן העברעאישן און אידישן שפּראַכ־לעבן רענעסאַנס. ערשט ביי ביאַליקס צווייטן מאָל קומען קיין אָדעס הייבט זיך אָן דער צווייטער און ריכטיקער פּעריאָד פון זיין דיכטערישן שאַפן און לעבן. און מערקווירדיק: אין אָדעס ענדערט ח. נ. ביאַליק זיין באַ־ציאונג אפילו צו דער נאַטור. און עס איז וויכטיק צו באַטאָנען די סיבה: בעת די נאַטור דינט מיט איר פּראַכט נאָר דעם וואויל פונעם פאַרמעג־לעכן, איז זי פאַרן אָרעמאַן אַן איינפאַכע מאַטעריעלע סובסטאַנץ. פאַרן אָרעמאַן איז די חמימה אַ חמימה און ניט די ליבע זון־העלקייט און דערפרישנדיקע ליכט־קלאָרקייט. און אַזוי אויך קעלט און פראָסט. אין דעם פּרט האָט ביאַליק זיך סאָלידאַריזירט מיט מענדעלען, ווי מענדעלע באַטאָנט אין זיין „פישקע דער קרומער״: „מיר טרויערן ווען די נאַטור פרייט זיך״. ח. נ. ביאַליק פראַזירט עס אויך אין זיין „משא נמירוב״ ·

„אַזוי איז עס געווען, צוזאַמען מיטן שעכטן
האָט גאָט דעם פרילינג געשיקט:
די זון האָט געגליט, די אַקאַציע האָט געבליט,
און דער מערדער האָט געמאָרדעט".

אפילו די באַרימטע פּאָגראָם־געשעענישן אין 1904־טן יאָר אין דער בעסאַראַבישער הויפּטשטאָט קישינעוו זעט דער דיכטער די רעאַליטעט דורך דעם בילד פון דער נאַטור. אַריינקומענדיק אין קעלער פון די דער־מאָרדעטע אידן זאָגט ער:

„און דו שפּרינגסט אַריין און אַרויס
און געפינסט די ערד, ווי שטענדיק,
די זון פאַרשווענדעט, אויך ווי נעכטן
איר פרוכטלאָזן ליכט".

דער דיכטער איז אויסן אונטערצושטרייכן דעם גרויסן קאָנטראַסט וואָס איז פאַראַן צווישן דער נאַטור און די אידישע ליידן. ער ברענגט אַרויס דאָס בילד פונעם דעמאָלטיקן אידישן שטעטלשן לעבן: די היי־זער פאַרקרומטע, איינגעבויגענע, די ווענט אָט באַלד פאַלן זיי אום. אין אַ וויטערדיקער סטראָף פאַרגלייכט ער די הייזער צו יתומים, וועמען די „פילאַנטראָפיע״ האָט אָנגעטאָן אירע אַלטע קליידער. דאָ גייט שוין אַריבער די דיכטונג אין אַ סאָציאַלן פּאַטאָס, באַקרעפטיקט פון אַזעלכע טיפּישע פאַרגלייכן ווי —

„די מאָרגנווינטן שפּילן, ווי די צוויגן פון אַ קינד, —
„די זון־פלעקן זעען אויס, ווי גאָלד־מטבעות, —
און אַזוי ווייטער.

און ס'איז ניט קיין וואונדער וואָס ח. נ. ביאַליק באַנוצט זיך מיט אַזעלכע פאַרגלייכן, וואָס ער באַנוצט אין זיינע פאַרגלייכן דאָס נאַטור־בילד. ס'איז אגב טאַקע אויסגעוואַקסן אויפן אידישן באָדן, דורכויס אויפן פאָלקסטימלעכן און דווקא ניט אויפן ליטעראַרישן. ביי די אומות־העולם איז דער פּראָצעס געווען אַ פאַרקערטער: אין אָנהייב איז געקו־מען דאָס נאַטור־בילד און נאָכער מענטש־בילד, בעת ביים אידישן פאָלק איז דער ערשטער געווען דער מענטש, ווי דאָס ווערטיקסטע פון דער נאַטור און נאָכער איז געקומען די נאַטור גופא, ענלעך ווי אין אָנהייב איז געווען די ביבל און נאָכער איז ערשט געקומען די אגדה.

ווען ח. נ. ביאַליק רעדט וועגן דעם מענטשלעכן קען ער ניט אויס־מיידן די מענטשלעך־אידישע טרערן. אין איינעם פון זיינע לידער באַ־טאָנט ער:

„קיינער זאָל ניט אַוועקמאַכן די שווערע טרערן
פונעם איינזאַמען, ווייל דאָס פאָלק וועט נאָך
אַרויסברענגען אַ נביא, וואָס וועט מיט זיינע
טרערן מאַכן אויפציטערן דעם הימל".

אָבער אויך ח. נ. ביאַליקס טרערן, — ס'איז די באַזונדערע גרויס און שיינקייט פון זיין דיכטונג, — ס'זיינען די אידישע טרערן, די טרערן פון דער אידישער מאַמע, פונעם אידישן קינד, פונעם אידן וואָס קלאָגט זיין „חצות" און אויך די טרערן פון „הזורעים בדמעה". און מערקוויר־דיק: די טרערן, הגם זיי זיינען אַ סתירה צום ליכט, ווערן גאָר דער אָנ־זאָג פון די פונקען, וואָס וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פלאַם, וועלן צינדן אַ גרויסן פייער. אויך דאָ ווירקט דער ביאַליקישער נאַטור־פאַר־גלייך און ס'איז אַ באַזונדערע אייגנשאַפט פון זיין דיכטונג: ווי ער זאָל ניט דיכטן וועגן דער נאַטור, קומט אַלע מאָל ביי אים צום שלום דער מענטש. ס'איז ווי ער זאָל אָנהאַלטן אין זיין דיכטונג אַן „אַנטאָגענעטי־שע עלעמענטן־סכעמע": נאַטור, הויז־חיה, מענטש. אַזאַ עלעמענטן־סכע־מע גייט אין הסכם מיט דער ביבלישער „מעשה יצירה" און באַזונדערס ברענגט ער עס אַרויס עקספּרעסיוו אין זיינע „ווינטער־לידער".

* * *

ס'איז דער פּעריאָד צווישן 1891—1898 און אין דער צייט — אין 1895 — פאַרפאַסט ח. נ. ביאַליק זיין פּראָזע־ווערק „אריה בעל גוף". ס'איז די געשיכטע פון אַ אידישן וואַלד־הענדלער און פּראָצענטניק. אַן עם־הארץ, וועגן זיין גייציקער פרוי און זיינע דריי בנים. וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייערע שלעכטע מידות, דאָך באַציט זיך ח. נ. ביאַליק צו זיי מיט אַ געוויסער סימפּאַטיע. דאָך, — וואָס האָט באַוואויגן ח. נ.

ביאַליקן פון דיכטונג פירן זיין פען צו פּראָזע? ס'איז געווען דער ווילן צו שילדערן אַ אידישן אויסנאַם־טיפּ, וואָס ווערט „פאַרגוויישט", ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז מקיים אַלע רעליגיעזע פאָרשריפטן און היתחיבותן, אויסגעדריקט אין דעם, וואָס יעדן מאָרגן טוט ער אָן און קושט די ציצית פונעם טלית און תפילין און שפּייט אויס ביי „עלינו". אויס אבערגלויבן שיקט ער דעם רבין פדיון, בעת אַליין האַלט ער גאַנץ וויניק פון די אידישע בני־תורה. די פּויערים זיינען אים נעענטער, ווייל ער קען זיי באַשווינדלען אויף אַ גאַנץ היימישן אופן, — אריה בעל־גוף איז אַ טיפּ פון יענע מיני אידן, וואָס ווערן מיט דער צייט לחלוטין אַסי־מילירט, אָדער ער ווערט אין בעסטן פאַל דער מין וואולגאַרער ציוניסט, טאַקע ווי דער דיכטער שטרייכט אונטער, — ח. נ. ביאַליק זעט אין אים דאָס נעגאַטיווע פונעם אידישן נאַציאָנאַלן לעבן, און, אויב ער סימפּאַ־טיזירט מיט אים, איז עס אויס דעם, ווייל ער באַדויערט דעם אריה בעל־גוף, און האָט מען מיט וועמען מיטלייד, קען מען אים ניט פאַראורטיילן. אַזוי האַנדלט ח. נ. ביאַליק אין באַצוג זיין אריה בעל־גוף, ער זאָל ווי אונטערשטרייכן, אַז דאָס רעליגיעזע איז אַ קנאַפּע גאַראַנטיע פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם אידיש־נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און אַ קנאַפּע גאַ־ראַנטיע פאַרן אויפהאַלטן אידישקייט.

* * *

שפּרודלדיק איז געווען ח. נ. ביאַליקס גייסט, אין אַ שטענדיקן אויפּ־ברויז, אויס דעם איז ער קיינמאָל ניט געבליבן רואיק און געשאַפן אַפילו דעמאָלט, ווען ער האָט זיך צוריקגעצויגן צו זיין קליינשטעטלדיקער איינ־זאַמקייט. דאָך, ווער ווייס ווי ס'וואָלט אויסגעזען זיין ווייטערדיקער דיכ־טערישער גורל, ווען ניט אחד־העם, ראַווניצקי און שמעון דובנאָוו זאָלן ניט געווען האָבן געפאָדערט זיין צוריקקומען קיין אָדעס. אָבער אויך ביאַליק גופא האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין אָרט איז ניט אינעם קליינעם שטעטל און איז נאָכגעקומען דעם רוף, פונדעסטוועגן האָט זיך ווידער איבערגעחזרט דאָס זעלבע ווי פריער, — ווידער איז אים אָנגעקומען שווער צו לייזן דאָס עקאָנאָמישע פּראָבלעם, ווידער קומט אים אויס דורכצומאַכן פאַרשיידענע וואַנדלונגען, ווידער איז ער דער לערער וואָס לעבט אין דחקות, אָבער די סביבה גופא, די שבתים אין דעמאָלטיקער אָדעסער „יבנה" און לעווינסקים „כרמל־געזעלשאַפט" זיינען געוואָרן פאַר אים אַ גרויסע גייסטיקע באַפרידיקונג, זיין גייסטיקער אָנהאַלט און מו־טיקייט.

ס'איז געווען די צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905־טן יאָר. זיין ליד ברענגט פריידיקע מאָטיוון, ס'איז אַ געזאַנג צו דער נאַטור און אירע שיינקייטן:

„סיווייעט דאָך אַן אַנדער ווינט, העכער
וועלבט זיך די בלויקייט,
סיבאַווייזן זיך פריילעכע ווייטקייטן, ווייטע און נייע,
אויפן באַרג שטייען די פיס פונעם פרילינג".

דער דיכטער דערשפירט נייע כוחות: „אַלע כוחות זיי דאַרפן זיך באַווייזן" —

„ווי זיס איז דאָס ליכט, און ווי זיס איז דער ווינט,
לאַכנדיקע געזיכטער אַרום: וואו די אויגן נאָר זיינען
שמייכלט די פריינטשאַפט שטראַלנדיק אַנטקעגן".

ס'זיינען אויסגעשפּראָכענע פּאַן־שטימונגען און אַבסאָלוטער דיכטערישער אימפּרעסיאָניזם. דער דיכטער פילט זיך באַפריינדעט און פאַראייניקט מיט דער נאַטור, מאַכט מיט איר אַ שטיפערישן שפּיל, הגם די טרער בלייבט נאָך אַלץ, אָבער שוין מיט אַ פרייד־גלאַנץ אין געזיכט. און דעמאָלט דערשפירט דער דיכטער די קראַפט און דינאַמיק פון זיין דיכטערישקייט און ענטפערט אויף דעם מיט זיין באַרימטן מאַקאַבייער־ליד, מיט דער פּאָעמע „למתנדבים בעם", אַ מאָטיוו פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, אַרויסגעדרונגען פונעם מיסטעריעזן פאַרבאָרגענעם ליכט, פונעם „אור הגנוז" און דער דיכטער ווייזט אָן אַז דאָס פאַרבאָרגענע ליכט מוז מען אַרויסהוילן ערשט פון די פעלדזנשפּאַלטן און עס דערלייזן.

דאָך ווידער ניט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן די פרייד פונעם דיכטער. דער גייסט, שטענדיק אין אַן אומרו־צושטאַנד, איז גורם, דער דיכטער זאָל אָנהייבן ווערן זעלבסטקריטיש. און דעמאָלט שטעלט ער זיך אַליין די פראַגע: „איז ניט פאַריתומט דאָס ליד?" און ווידער קומען די הייליקע טרערן:

„און ביטער און גרעסער ווי די וואָס איך האָב פאַרגעסן,
זיינען די טרערן, וואָס איך האָב אין האַרצן באַשלאָסן".

און אין אוניסאָן צו דעם קומען אַזעלכע לידער, ווי „לבדי", „על ספּ בית־המדרש" און גראָד אין אַזאַ צושטאַנד דערוואַכט זיין מוזע צו ליבע־לידער.

ביז ח. נ. ביאַליקן — זינט די ליבע־לידער פון ר' יהודה הלוי — איז כמעט ניט געווען קיין ליבע־ליד ניט אין דער העברעאישער און ניט אין דער אידישער ליטעראַטור. אין דעם פּרט האָט ח. נ. ביאַליק אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן אין דער דיכטונג און געשאַפן אַ נייעם שיר־השירים צו דער ליבע אין זין פון סענטימענט און ליידנשאַפט. אָט, צום

ביישפּיל, אזאַ סטראָף אין זיין ליבע־ליד „די הונגעריקע אויגן" (העינים הערבות):

„אָט די הונגעריקע אויגן, די שטענדיק נאָר פּאָדערן און לעכצן,
מיט די דאָרשטיקע ליפּן, די שטענדיק נאָר בעטן:
אָ, קושט אונדז!
די גלוסטנדיקע ברוסטן, די שטענדיק נאָר רופן:
אָ, נעם אונדז אַרום!
ס'איז דער גהינום פון אַלע גהינומס: זאַט
זיין פון דיינע פאַרבאָרגענע אוצרות".

ס'איז אין פולן זין פון וואָרט באַקכישער געזאַנג און עפּיקורעאיזם, דאָך ניט אויף אַ העלענישן, נאָר אין אַ ביבלישן שטייגער! ח. נ. ביאַליק איז געווען דער ערשטערע אריינצוברענגען אַזאַ טאָן אין דער העברעאישער דיכטונג. ס'איז אַ געזאַנג צו דער שיינקייט און ליידנשאַפט, דאָך איז ליבע פאַר אים אויך אַ תפילה און אַ טרייסט, געוועבט מיט טיפער איידלקייט און דורכדרינגלעכער לירישקייט, ווי זיינע באַרימטע סטראָפן:

„נעם מיך אונטער דיינע פליגל,
מאַמע, שוועסטער זאָלסט מיר ווערן!
אין דיין שויס מיין קאָפּ זאָל רוען,
מיינע תפילות זאָלסטו הערן".

דאָס פרעגן: „עפּעס רעדט אַ וועלט פון ליבע — וואָס איז ליבע? לאָז מיך הערן", אָדער „עפּעס רעדט אַ וועלט פון יוגנט — וואו איז מיינע? וואו די פריידן?" זיינען די פראַגן פון אַן אייביקער גאַרונג, ווייל יוגנט און ליבע אידענטיפיצירן זיך, ווייל ליבן הייסט זיין יונג, פילן דאָס יוגנטלעכע, אָבער אויב דער דיכטער דריקט עס אויס אין אַ מינאָר־טאָן, איז עס ביי אים פאַרבונדן מיט רעמיניסצענצן פון זיין אייגענער יוגנט, וואָס האָט אים ניט באַגליקט מיט דער ברכה פון ליבע און פון דעם טאַקע דרינגט אַרויס אויך זיין טיף־פאַראיידלטער ליריזם.

באַזונדערס שאַרף איז דער מאָטיוו אין „מגילת האש". אין אַ באַזונדערער רעליעפקייט קומען דאָרט צום אויסדרוק צוויי עלעמענטן: דער אונטערגאַנג פון ירושלים, באַטראַכט ווי אַ קאָסמישע דערשיינונג, און דער קאַמף צווישן ליבע און גלויבן. אינמיטן שטייט אַ בחור, וועמענס נשמה צאַנקט צווישן קאַמף און גלויבן־לעבן. זאָגט דער בחור:

„איך ליב דעם גאָט פון דער ערד, פון די בערג און טאָלן,
אָבער פאַרן גאָט פונעם הימל האָב איך מורא".

טרעפט דער בחור אין וועג אַ פרומען וואַנדערער, שלעפּט אים אריין דער וואַנדערער אין זיין וואַלד־הייל, דאָך בעת דער פרומער וואַנדערער שעפּטשעט זיין פרימאָרגן־תפילה, וואַרפט זיך דער בחור אין ליבע־קראַמפּן אויף זיין געלעגער. און עס איז ניט אַ קאַמף פאַר אידעאַלן, נאָר פון

א פשוטער אומגעצווימטער לײַדנשאַפט: דער בחור שטייט פאַר א שווערן נסיון אינעם קאַמף צווישן ליכט און פינצטער, צווישן ברכה און קללה. אין נאָמען פון זײַן געשלעכט איז ער מקריב די פּראַכט און שיינקייט פון זײַן יוגנט אויפן מיזבח פון גאָט, דאָך קענען ניט געשטילט ווערן זײַנע לײַדנשאַפטן און ער איז גרייט אַוועקצוגעבן דעם גאַנצן הימל, אַלע זילבערנע און גאָלדענע שטערן פאַר איין פולער האַנט ליבע. ער מאַכט זיך שטאַרק, ווי א פּראָמעטעאוס, דאָך ניט פאַר דעם הימלישן, נאָר דווקא פאַרן ערדישן פייער. ער איז גרייט אויפצוטרייסלען דעם כסא הכבוד, צעשפּליטערן די זײַלן פון גאָטס טראָן, גאָט אַליין וועט ער שטירצן. אָבער אין זײַן גאַנצער עזותדיקייט דערשפּירט ער גאָר א קעגנזעצלעכע באַוועגונג: „גאָט, אויך דעם פייער פון האַרץ בין איך מקריב צו דיר!"

ס'האָט זיך ניט אײַנגעגעבן דעם בחור זיך אויסצובאַהאַלטן אין דער ערדישער ליבע. דער פייער פון גאָט און דער פייער פון ליבע, — וועלכער פון זיי וועט מנצח זײַן?

„— און דער בחור האָט דעם געטלעכן פייער דערקענט, און דער אָדלער אין נעסט פון זײַן האַרץ האָט דערוואַכט, און האָט מיט א דערהויבן געשריי דורך זײַן מויל זיך ארויסגעריסן: „גאָטס פייער! גאָטס פייער!" — און דער בהור האָט פאַרגעסן אָן טיפן תהום, אויפן שפּיץ פעלדז אַרויפגעקלעטערט, דאָס הייליקע פייער אָנגענומען און עס אויפגעהויבן אַנטקעגן הימל. אין פּראַכט פון יוגנט און שיינקייט איז ער אין דער הויך געשטאַנען. הויך זײַן באַקרוינטן קאָפּ אויפגעהויבן, און דער פּאַקל פון הילף האָט אין זײַן האַנט געברענט. דאָס קלאָר־ווייסע וואָלקנדל האָט געשוועבט איבער זײַן קאָפּ ווי א מלאך און דער מאָרגנשטערן האָט זײַן מוטיקייט באַגריסט.

„— און א מאַכטיקער פרייד־געשריי איז געווען גרייט זיך ארויסצורײַסן פון בחורס ליפּן, נאָר אין דער מינוט האָט זיך ווידער פאַר אים, פון פינצטערן תהום ארויס, דער מיידלס בילד באַוויזן. וואונדערלעך, אין איר שיינקייט און יוגנט, איז זי פאַר אים דערשינען, און זון־אויפגאַנג האָט אין אירע אויגן געלויכטן. אירע בליקן זײַנען גלײַך אויף אים געפאַלן, גלײַך ווי זי וואָלט א נעץ אין זײַן נשמה פאַרוואָרפן, כדי אים צו פאַנגען. שטיל ציט זי זיך צו אים אין דער הויך, און שטיל ציט זי אים אין אָפּגרונט. אירע הענט זײַנען צו אים אויסגעשפּרייט אים אויפצונעמען, און זיך אים אָפּצוגעבן געגרייט. איר בליק־טויטלעכע ליבע, וואָס מעסט מינוטן דורך אייביקייטן.

„און דער בחור האָט פעסט דעם הייליקן פייער צום האַרצן צוגעדריקט, האָט צוגעמאַכט אין ציטערניש די אויגן, אויסגע־

שריען: „הימל — גהינום דו... און זיך אראפגעוואָרפן פון שפּיץ פעלדז אין די אָפענע אָרעמס פון טיפן אָפּגרונט".

דער אידישער פּראָמעטעאוס איז אַ גאַנץ אַנדערער, ווי דער גרי־כישער, ער וועט ניט אוועקנעמען דאָס פייער ביי די געטער און עס אוועקגעבן די מענטשן, אַז זיי זאָלן ווערן פריי, נאָר ער וועט זיך אַליין פון פעלדז אראָפּשליידערן. דער דיכטער זאָל ווי וועלן איבערצייגן, אַז ערדישע ליבע איז נישט אַ אידישע זאַך, ערדישע ליבע איז נאָר געגעבן געוואָרן צו אֶדומען. און ווי זאָל טאַקע אויסזען אידישע ליבע? ח. נ. ביאַליק האָט געגעבן אויף דעם אַן ענטפער אין זיין ליד „די אי־דישע טאָכטער". אָבער איז ער דען אינגאַנצן גערעכט, ווען ער פאָדערט די אידישע ליבע זאָל זיין אַ גאַנץ אַנדערע? אויף די אַלע פראַגן ענט־פערט דער דיכטער אין זיין דערציילונג „מאחורי הפרגוד", אָדער ווי די דערציילונג הייסט אין דער אידישער איבערזעצונג „מאַרינקאַ". עס איז אַ געשיכטע פון אַ אידישן אינגל מיטן נאָמען נוח און דעם ניט־אידישן מיידל מאַרינקאַ, וועמענס קינדער־ליבע בויערט זיך דורך אַ לאָך פון אַ דיקן פּלויט. עס איז דער איינציקער ניט־אידישער הויף אינעם גאַנצן אידישן תחום און געהער צו מאַרינקאַס בייזער מומע. ווידער שילדערט דאָ דער דיכטער, ווי עס האָבן אויסגעזען די אידן אין תחום און די דערציילונג קען מען טיילווייז באַטראַכטן, ווי אַן אויטאָביאָגראַפישע פאַר־בונדן מיט ח. נ. ביאַליקס קינדער־יאָרן, אָבער ניט דאָס איז דער עיקר און זין פון דער דערציילונג. דעם דיכטער אינטערעסירן הויפּטזעכלעך די מאָמענטן פון לעבן און ליבע. ניט דאָס אויסערלעכע איז דאָ וויכטיק, נאָר די אינערלעכע איבערלעבונגען. עס איז דער ווילן און שטרעבונג פונעם דיכטער צו מענטשלעכער און קינסטלערישער גערעכטיקייט, וואָס ברנגט אַרויס זאַכן גאַנץ פאַרקערט, ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט זיין. אין דער דערציילונג גייט „ישראל" צו „אדומען". און די נאַטירלעכע אומ־שולד פון אַ גלוסטנדיקן מיידל, אַדאַנק דער איינגעהאַלטענער ליידנשאַפט, כאַפּט אַרום ביידע מיט אַ העלישן פייער. נו, וואָס־זשע געשעט ווייטער? האָבן אפשר נוח און מאַרינקע אין דער פינצטערער נאַכט עוקר געווען פון זייערע היימען? שבת־חנוכה האָט נוח דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ שדכן חתונה געהאַט מיט אַ אידישער צנועותדיקער טאָכטער „כדת משה וישראל". שבועות־צייט איז ער מיט זיין יונגער פרוי געקומען צו זיינע עלטערן. נאָכן עסן זיינען דאָס יונגע פּאָרפאָלק אַרויס אין הויף און פון דער צווייטער זייט פּאַרקאַן שטייט מאַרינקע, און, האַלטנדיק אַ קינד אויף דער האַנט, געקוקט דורך דעם לאָך".

ח. נ. ביאַליקס סימפּאַטיע איז מער צו מאַרינקען ווי צו נוחן, ער באַדויערט דעם גורל פון צוויי פאַרליבטע נשמות, אָבער אַנדערש האָט ניט געקענט זיין, ווייל דער אידישער גורל אין דער ליבע איז אַ גאַנץ

אַנדערער, ווי ביי די אומות־העולם. די אידישע ליבע באַציט זיך ניט אויפֿן לײדנשאַפֿטלעכן, הגם ח. נ. ביאַליקס ליבע־לידער זיינען אַ געזאַנג צו דער לײדנשאַפֿט און זיינען הוילע לײדנשאַפֿט. מיט לײדנשאַפֿט זיי־נען דורכגעדרונגען זיינע פֿרילינג־לידער, ער איז ממש פֿאַרשיכורט פֿו־נעם נאַטור־בילד און נאָך מער פֿול מיט לײדנשאַפֿט זיינען זיינע ווינ־טער־לידער, — דאָס לײדנשאַפֿטלעכע ווערט אויסגעדריקט אין די לידער מיט אַ באַזונדערער דיכטערישער קראַפֿט און קרעפֿטיקייט, ווי —

„העי, צעשפּיל דיך, פֿראָסט מיט וואוט,
פֿלאַקער, שטעך, שטעך און ברען און גלוט!
גיס דיין שטאָל אין האַרץ ביי מיר,
אויף מיין וואָנס דעם הויך באַפֿריר!
און באַשמיד מיין ברוסט מיט אייזן —
טאָמער ווערט זי זיך צערייסן
פֿון פֿיל גבורה און פֿיל וואוט,
הוליע, פֿראָסט און ברען און גלוט.
שטרענג די מוסקולן אָן ווי שטריק,
און מיין הויך אין האַלדז פֿאַרשטיק —
וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער פֿריר!"

ס'איז אַ ספֿק אויב אַפֿילו אין דער אוניווערסאַלער דיכטונג האָט מען מיט אַזאַ לײדנשאַפֿט און עקספּרעסיווקייט באַזונגען דעם פֿראָסט. ס'איז געזאַנג, דורכגעדרונגען מיט באַקכוס־לײדנשאַפֿט, אָבער דער דיכ־טער פֿאַלט ניט אַריין אין אַ ווילקיר פֿון לײדנשאַפֿט־שיטמונגען, נאָר באַלד באַזינט ער זיך צו דער דערמאָנונג: ווער ער איז און פֿון וואַנען ער קומט. און ווירקלעך: ווער לעבט איבער אַזאַ עקספּרעסיווקייט? דער דיכטער גופֿא גיט אויף דעם אַן ענטפֿער אינעם שלום פֿון זיינע ווינטער־לידער:

„יאָ, איך בין אַ ישיבה־בחור,
ס'איז ווי קרייד מיין פּנים ווייס;
נאָר אין זיך פֿאַרבאָרג איך קרעפֿטן
אונטער דיקן פֿאַנצער אייז.
און מיין אייז — עס שמעקט מיט פֿרילינג
וואָס איז פֿול מיט פֿראַכט און לוסט,
אַזאַ נייעם פֿרישן פֿרילינג,
האָט קיין מענטש נאָך ניט געוואוסט", —

דער דיכטער רעוואָלטירט קעגן דעם אידישן געבאָט זיך ניט צו באַ־גייסטערן מיט די נאַטור־שיינקייטן. ס'איז דורכויסיקע אַפּיקורסות, אָבער ווען ניט די אַפּיקורסות וואָלט ח. נ. ביאַליק פֿון זיינע ליבע־ און נאַטור־לידער קיינמאָל ניט געוועזן האָבן געקומען צו זיינע לידער פֿון צאָרן. און

זיין צאָרן איז ניט דער צאָרן פון אַ גריכישן צעאוס אָדער דייטשן וואָטאַן, נאָר עס איז דער אידישער צאָרן פון אַן „אל צבאות", קעגן וועמען דער דיכטער הויבט אויף זיין שטים און פויסט פון פּראָטעסט.

* * *

ח. נ. ביאַליקס לידער פון צער און צאָרן זיינען געווען אַן ענטפער אויף דער פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער רוסלאַנד אין די יאָרן פון 1903—1905 נאָכן יאַפּאַנישן קריג און דורכגעפאַלענער רע־וואָלוציע. ס'איז געווען צום ערשטן מאָל ווי אין דער העברעאישער און אידישער דיכטונג האָט זיך דערהערט דאָס וואָרט „נקמה". און נקמה האָט נאָר איין פּראָנט: דעם שונא. אָבער דעם דיכטערס צאָרן האָט זיך באַצויגן אויף דריי אָביעקטן מיטאַמאָל: דער שונא, דאָס אידישע פאָלק און דער גאָט פון ישראל. שוין ברענגט ער עס ארויס אין זיין ליד „הימלען". אינעם ליד איז פאַראַן פּראָטעסט און בוכשטעבלעכער רע־וואָלט קעגן דעם גאָט. דער דיכטער פרעגט דערהויפּט צי עס איז פאַראַן אַ גאָט אין די הימלען:

„הימלען, שטעלט זיך איין פאַר מיר!
אויב גאָט איז פאַראַן אין אייערע טיפן,
נאָר איך האָב אומזיסט אים גערופן —
טוט איר, הימלען, תפילה פאַר מיר!"

ס'איז אַ ליד הוילע פּראָטעסט און נאָך מעכטיקער איז דער רע־וואָלט פון אָפּפרעגן:

„ביז וואַנען, ווי לאַנג, ביז וואַנען?"

דער דיכטער קלאָגט אָן די גאָרע וועלט וואָס שטעלט דעם אידישן האַלדז אונטערן האַק פון הענקער. און נאָך מער באַציען זיך זיינע באַשולדיקונגען אויפן אידישן פאָלק גופא, וואָס טראָגט אונטער אַליין דעם האַלדז צו שחיטה. דער דיכטער זאָל ווי פּראָטעסטירן קעגן דער משוגעת פון אידישן קידוש־השם, און גייט זיין פּראָטעסט אויך קעגן דעם גאָט פון ישראל, פאָדערט דער דיכטער אַן ענטפער פון גאָט אַליין:

„איז גערעכטיקייט דאָ — זאָל זי ווייזן זיך באַלד —
נאָר אויב זי וועט נאָכדעם, ווי איך וועל פאַרשווינדן,
ערשט נעמען זיך צינדן —
צעשטערט זאָל ווערן איר טראָן פון געוואַלט!
דער הימל זאָל ווערן צעפוילט און צענומען —
גייט ווייטער אָן, מערדער, מיט בלוט און רציחה —
און זאָל אייך דאָס בלוט וואויל באַקומען".

דער דיכטער וועגדעט זיין צאָרן קעגן פֿאָלק און גאָט. באַזונ־דערס שאַרף איז זיין צאָרן אין דער פּאָעמע „אין שחיטה־שטאָט". שאַרף און בייז איז זיין רעדן קעגן שונא, אָבער ניט וויניקער שאַרף טאַדלט ער דאָס פֿאָלק פֿאַר דער פּחדנות, פֿאַרן פֿאַרשטעקן זיך אין באַהעלטע־נישן און זיך ניט שטעלן אין אַן אָפֿענעם קאַמף און ווידערשטאַנד קעגן דעם שונא. ער חוזקט איבער די קדושים, וואָס האָבן צוגעזען ווי מ'האָט געשענדעט זייערע פֿרויען און אויב צווישן די מענער זיינען אויך געווען כּהנים, זיינען זיי געלאָפֿן צום רב פֿרעגן אַ שאלה, —

„. . . און נאָכדעם
ווען איינע האָט זיך יאָ דערוואַכט צום לעבן,
פֿון בלוט און שמוץ אַרויס צום וויסטן לעבן,
פֿאַראָומרייניקט פֿאַר זיך, פֿאַר גאָט, פֿאַר ביידע וועלטן, —
איז ער, דער מאַן, פֿון לאָך אַרויסגעקראָכן,
צו גאָט אין שול געלאָפֿן בענטשן „גומל"
און פֿרעגן דאָרט ביים רב אַ פֿרומע שאלה:
צי מעג ער מיט זיין אשה ווייטער לעבן? . . ."

אפֿילו דער טויט און די וואונדן ענדערן דאָ ניט גאָרניט. טויטע בעטלער בלייבן בעטלער, וואונדיקע שקלאַפֿן וועלן נאָך שקלאַפֿערישער און הייבן אָן באַלד אויפֿן צווייטן טאָג צו שאַכערן מיט זייערע וואונדן".

די פּאָעמע איז געווען אַ גאַנץ נייער טאָן אין דער העברעאישער און אידישער דיכטונג. באַזונדערס פֿילט מען דעם נייעם טאָן, ווען מ'נעמט אין באַטראַכט אַז די אידישע געשיכטע־שרייבער צונז און גרעץ האָבן געבויט אידישע געשיכטע אויפֿן יסוד פֿון דער אידישער ליטעראַ־טור־געשיכטע און אידישער מאַרטיראָלאָגיע. דער נייער טאָן באַשטייט אין דעם וואָס מיט אַזאַ קריטישן רעאַליזם ביאַליקס ווערט אין געוויסע הינזיכטן צעשטערט די נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק פֿון קידוש־השמעדיקייט. גלייך ווי אחד־העם, פֿון וועמען ח. נ. ביאַליק האָט אַ סך געלערנט, איז ניט מיד געוואָרן צו באַקעמפֿן און צו צעשטערן די ראָמאַנטישע עלע־מענטן פֿונעם ציוניזם, אַזוי האָט אויך ח. נ. ביאַליק געשטורעמט די נאַ־ציאָנאַלע ראָמאַנטיק פֿונעם גלות. ביידע, סיי אחד־העם, סיי ח. נ. ביאַליק, זיינען אויסן געווען צו דערציען דאָס פֿאָלק צו לעבן מיט דער רעאַלי־טעט פֿון זאַכן און מיטן רעאַליזם פֿון דערשיינונגען און געשעענישן. און אַזאַ איז אויך דער טאָן פֿון דער דערמאָנטער פּאָעמע: אַ נאַקעטער און שאַרף־שניידנדיקער רעאַליזם.

ח. נ. ביאַליק האָט ניט געשאַנעוועט דאָס פאָלק. ער האָט ניט אידעאַליזירט דאָס פאָלק ווי עס האָבן עס געטאָן דער רוב אידישע שרייבער און דיכטער, — ער האָט עס פאַרגעשטעלט אין דער גאַנצער טרויעריקייט פונעם פאָלקס־לעבן, באַטראַכט מער ווי טויט און ניט ווי לעבן. דעריבער האָט ער אויפגעהויבן זיין שטים קעגן די פאַרשיידענע מינים אידישע בטלנים, קעגן די לופט־מענטשן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן נאָר אייפערדיקייט צו לערנען, האָבן באַיאָעט די קלאָגלעכסטע אומשטענדן און ניט געדאַגהט וועגן אַן אייגענער זיכערקייט. רוים און צייט האָבן זיי דערהויפּט באַטראַכט פאַר אַ פיינטלעכן כוח. צייט האָט מען אַלע מאָל געהאַט איבערגענוג און ס׳האָט נאָר געפעלט אַ שטיקל רוים פאַר אַ „מקום מנוחה״ פאַרן מידן קאָפּ. און איז עס דען אין תוך ניט אַ סאָציאַלער רעוואָלט קעגן אַ פּרימיטיוון רעליגיעז־באַדרינגטן טאַט־באַשטאַנד, וואו אַלץ ווערט רעדוצירט נאָר צו תפילה און אַ גלויבן אין אַ מעטאַפיזישן „ביאת המשיח״, וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט ווערן? שטערן, חלומות, מענטשן בליען און פאַרוויאַנען און די תפילות בלייבן אַלץ שטענדיק דיזעלבע, אָן דעם, אַז עפּעס זאָל אין זיי געענדערט ווערן.

און אַפילו גאָט אַליין פּראָטעסטירט קעגן זיין וועלט, וואָס איז שוין לאַנג ניט זיינע. ער איז דער אָנזאָגער פון יענער גוואַלדיקער אויפּפאָדערונג צום „בן־אָדם״, וואָס שאַפט דעם אינהאַלט פאַר דער „אין שחיטה־שטאָט״' אַליין זען די גאַנצע שרעקלעכע ווירקלעכקייט אין איר גאַנצער גרויזאַמקייט און שאַנד און זי ניט פאַרמיעסן דורך טרערן אָדער זיפצערייען, ווי אויך ער, גאָט אַליין שווערט, אַז ער וועט ניט פאַרגיסן קיין טרער, אָבער אויך ער, גאָט אַליין, גיט צו, אַז ער איז אַ יורד און אַז אומנוצלעך איז דאָס מקריב זיין זיך פון דידאָזיקע „קידוש־השמניקעס״, ווען ער קען אין זיין אָנמאַכט נאָר באַדויערן און ניט טרייסטן. און נאָך מער: ער חוזקט פון די תפילות פון זיין פאָלק:

„דו הערסט? זיי קלאַפּן זיך אין ברוסט „אָשמנו״!
זיי בעטן, איך זאָל זיי די זינד פאַרגעבן...
צי זינדיקט דען אַ שאָטן אויף די ווענט —
אַ שאַרבן אַ צעבראָכענער, אַ טויטער וואָרעם? —
וואָס בעטן זיי? וואָס שטרעקן זיי די הענט?
אַ פויסט וואו איז? וואו איז אַ גרויסער דונער,
וואָס זאָל זיך אָפּרעכענען פאַר אַלע דורות,
און איינלייגן די וועלט, צערייסן הימלען,
מיין שטול, מיין כסא־הכבוד, איבערקערן!..."

ס׳איז דעם דיכטערס גאַנג פונעם סאָציאַלן צום רעליגיעזן רעוואָלט און ער באַטראַכט דעם רעוואָלט פאַר אַן אַבסאָלוטער מיצווה. ח. נ. ביאַליק, וואָס באַטראַכט דאָס פאָלק מיט אַ ווײ אין האַרץ, אָבער אין דער־זעלבער צייט אויך מיט חוזק און ביטול, ער, וואָס לאַכט אויס און פאַר־אורטיילט די נטיות פונעם פאָלק, הייסט זוכן די שולד פון די היסטאָ־רישע קאַטאַסטראָפעס ניט ערגעצוואו, נאָר אין זיך אַליין. אויף אַזאַ שטייגער שטעלט ער זיך קעגן גאָט און פאָלק, אָבער ער שליסט ניט אויס אויך זיך אַליין פונעם כלל, ווי ער שטרייכט עס אונטער אין די פערזן, וואו גאָט זאָל רעדן ווי צו זיך אַליין:

„און נאָכשרייען מיט קולי־קולות וועט דער עולם,
אַזוי אַז אַלע ווענט און זײַלן פון דעם הויז
מיט די אײַנאײַנעם וועלן ציטערן פאַר פחד —
וועל איך אויף דיר אַן אַכזר זײַן, אַ גרויסער אַכזר.
מיט זיי וועסטו ביי מיר ניט ווײנען!
און הויבט זיך אויף אין דיר אַ בריל און רײַסט זיך —
דערשטיק איך אים צווישן דײַנע ציין!"

„אין שחיטה־שטאָט" איז אַ דיכטונג פון אַן אַבסאָלוט־נביאישן כאַראַקטער און אַזאַ איז די דיכטונג אויך אין סטיל. שוין דער אַרײַנפיר:

„פון שטאָל און אײַזן, קאַלט און האַרט און שטום,
שמיד אויס אַ האַרץ פאַר זיך, דו מענטש, און קום!"

דערמאָנען אין יחזקאלן. ס׳איז די גרעסטע דיכטונג ח. נ. ביאַליקס, אויס־געצייכנט מיט צוויי כאַראַקטעריסטישע עלעמענטן: דאָס צאָרנדיקע, פון איין זייט ווי די פּאָעמע איז לויטן שטאָף און דאָס נביאישע, צו וועל־כע די פּאָעמע געהערט לויט דער פאָרעם.

„נביאיש" איז דאָס כאַראַקטעריסטישסטע און הויפּטזעכלעכסטע פון ח. נ. ביאַליקס דיכטונג. און ניט נאָר אינעם העברעאישן ליד, נאָר אַפילו אויך אין זײַן דיכטן אין אידיש, אין זײַן „דאָס לעצטע וואָרט", — אויך דאָ געפינט מען דעם נביאישן ווײ־געשריי און עס איז בײַ אים אַ פּועל־יוצא פון דעם, וואָס ער איז קיינמאָל ניט געווען דער מקונן, נאָר דער מוכיח, הגם ער אַליין איז געווען דער אייביק־פאַרצווייפלטער. אָט דער־מאָנט מען זיך ווי דער דיכטער צעשיידט זיך מיט זײַן „המתמיד". ער האָט ניט געזאָגט „איך האָב זיך ערגעצוואו אַנדערש געראַטעוועט", נאָר —

„ס׳איז מיר ניט באַשערט געווען, אָרעמע מענטשן,
אַז איך זאָל אײַנאײַנעם מיט אײַך גיין פאַרלאָרן
געפּעלשט איז מײַן תורה, אויף אַנדערע וועגן
בין איך אַליין אײַנזאַם פאַרלאָרן געוואָרן.

סיאיז אַנדערע צייטן — און ווייט פון אייך האָב איך
אין אַנדערע ערטער געשטעלט מיין מיזבח, —

און צווישן די צייטן האָט דער דיכטער ניט געזען קיין רעטונג פאַר זיין דור, וואָס האָט ניט געהאַט ווער עס זאָל אים פירן. דעריבער איז אַזוי גרויס געווען זיין דיכטערישער פּיין און לײדן, — ס׳זיינען אויך די פּיין און ליידן פונעם פאָלק. און. היות דאָס פאָלק האָט ניט געזוכט קיין רעטונג, דארום איז אויך גרויס זיין צאָרן, שטאַרק ווי אַ דונער און מעכטיק ווי אַ שטורעם.

* * *

ס׳איז אַליין געווען דער פּעריאָד פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905, די רעוואָלוציע האָט געבראַכט גרויסע און שווערע אַנטוישונגען, ווייל איר סוף איז געווען אַ שווער־דריקנדיקע פאַרפאָלגנדיקע רעאַקציע. באַזונדערס האָט זיך געפילט אַנטוישט דער דיכטער, אָבער ער האָט זיך מער אַנטוישט אין זיין אייגן פאָלק, ווי אין דער רעוואָלוציע. ער האָט געהאַט אמונה, אַז די רעוואָלוציע וועט ארויסרופן דאָס פאָלק צו אַ נייעם לעבן, וועט אויפבינדן אין דעם נייע כוחות. אָבער זיין האָפענונג איז ניט מקוים געוואָרן, דעמאָלט פאַרפאַסט ער זיין ליד „געוויס איז דאָס אַ שטראָף פון גאָט", — אַ דיכטונג אַ תוכחה, וואָס ענדיקט מיט אַן אויסערסט־גרויזאַמען סטראָף —

„מיט אויגן אויף די טויטע פליגן וואָס אין פענצטער,
און אויף די שפּינען אין די ווינקעלע ווינקלען,
דער דלות וועט אויף אייך אין קוימען וויינען.
און סיוועלן ציטערן פון קעלט די ווענט פון חורבה, —

די גרויזאַמקייט איז אַ פּועל־יוצא פון דער איינזאַמקייט, וואָס דער דיכטער האָט מיטאַמאָל דערשפּירט און אין אַזאַ גראַד, אַז זיין דיכטערישע מוזע האָט זיך אויף אַ צייט פון אים אָפּגעטאָן. אַנטוישונג און איינזאַמקייט, — ס׳זיינען געווען די פיינלעכסטע און שווערסטע מאָמענטן אין ח. נ. ביאַליקס דיכטערישן לעבן און אַזאַ איבערלעבן איז געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם, ווייל דיכטן איז פאַר אים געווען ניט עפּעס אַ זאַך „גלאַט אַזוי", ניט אַ „קונסט צוליב קונסט", נאָר אַן ענין פון דערציען; פאַר אים איז דאָס דיכטן געווען אַ ריכטיק־פּעדאַגאָגישער פּראָבלעם. און ווי האָט דער דיכטער געקענט זינגען, ווען ער האָט זיך דערזען פאַר אַ צוזאַמענבראָך פון זיינע און פון די פאָלקס האָפענונגען? ח. נ. ביאַליק איז נישט געווען דער דיכטער, וואָס שליסט זיך איין אין זיין עלפאַנט־ביין־טורעם און וויקלט זיך אין אַ דיכטערישער עסטעטיק, — ער האָט

געהאַלטן, אַז זיין דיכטעריש וואָרט דאַרף זיין ווירקנדיק־דערציִערִיש. אייִ אַזאַ באַטראַכטונג קומט זיין ליד „למי אני עמל״. און האָט דאָס דיכ־טערישע וואָרט ניט דערגרייכט דעם ציל, האָט ער געזוכט אַנדערע וועגן, אַנדערע אינהאַלטן און פאָרמען. אויס דעם האָט ער, צוזאַמען מיט י. ראַווניצקי, זיך גענומען צו באַאַרבעטן די אידישע אגדות. און ס׳איז גאָרניט קיין צופעליקייט וואָס ער האָט זיך גענומען צו דער באַאַרבעטונג פון די אידישע אגדות, — פון איין זייט איז עס פאַרבונדן מיט זיין דיכ־טעריש־פּעדאַגאָגישן בליק, און, צווייטנס, צוליב זיין שטעלונג און אידעע וועגן הלכה און אגדה. אין זיין עסיי אויף דערזעלבער טעמע ווייזט אָן ח. נ. ביאַליק, אַז די הלכה האָט אַ בייזן געזיכט, בעת דאָס געזיכט פון דער אגדה איז אַ שמייכלדיקס. די הלכה איז אויסן רק אַלעס מחמיר צו זיין, איז אַליין האַרט ווי אייזן, — הלכה איז מידת הדין. די אגדה ווי־דער איז אַ ותרנטע, איז ווייך ווי בוימל, — זי איז די מידת הרחמים. הלכה איז גוף, מעשה, די אגדה איז תוך, נשמה, כוונה. הלכה איז פּראָ־זע, די ממשלה פון שכל, אגדה איז שירה, די ממשלה פונעם געפיל.

פון דעם גופא דרינגט אַרויס געַנוג קלאָר פאַרוואָס ח. נ. ביאַליק האָט זיך געווידמעט צום באַאַרבעטן און פּאָפּולאַריזירן די אידישע אגדות. פאַר אים איז עס געווען, ווי געזאָגט, אַ פּעדאַגאָגישער פּראָבלעם פון גרויסער וויכטיקייט, און, צווייטנס, האָט ער עס געטאָן אויס דעם, ווייל פאַר אים איז אגדה געווען די אויטענטישע און ריינסטע דיכטונג, — אַ דיכטונג פאַרן פאָלק. דאָס אידישע פאָלק האָט ניט געוואוסט דעם אוצר און רייכקייט פון זיינע אייגענע לעגענדעס. מ׳האָט רק געוואוסט וועגן „היתר״ און „אָסור״ און אין דעם פּרט איז ח. נ. ביאַליקס אויפטו גע־ווען פון אַ קאַרדינאַלער וויכטיקייט, עס איז געווען ממש אַ רעוואָלוציאָ־נערער טאַט. די אידישע אַגדות זיינען ווי פּערל געווען צעוואָרפן איבערן ברייטן און טיף־טיפן ים פונעם תלמוד, און צוזאַמען מיט רבניצקין, האָבן זיי זיך ווי טויכער אַראָפּגעלאָזט אינעם טיפן תלמוד־ים, צונויפגע־נומען דאָרט די פּערל פון די אידישע אגדות אום פון זיי און דורך זיי סיסטעמאַטיזירט דאָס פאָרגעשריטענע און שכלדיקע אַלגעמיינע בילד פון דער אידישער וועלט־ און לעבנס־אָנשויאונג. באַרייכערן דעם אוצר פו־נעם פאָלק מיט זיין אייגענער לעגענדע, — דאָס איז געווען דער ציל און זיי האָבן פאַרן פאָלק אַנטפּלעקט דעם שפּיגל פון זיין אייגענער נשמה.

געשוויגן האָט נאָר די מוזע ח. נ. ביאַליקס, אָבער ער איז ניט מיד געוואָרן ממשיך צו זיין זיינע שאַפונגען אין נייע ריכטונגען, אויף נייע וועגן און אין נייע פאָרמען. צוזאַמען מיט דער אַרבעט איבער די אגדות זיינען געקומען זיינע עסייען פון ליטעראַטור־היסטאָרישן און ליטעראַ־טור־קריטישן כאַראַקטער, צווישן וועלכע עס טיילט זיך אויס באַזונדערס

זיין עסיי „שירתנו הצעירה" און דער עסיי וועגן מענדעלען, וועמען ח. נ. ביאַליק באַטראַכט אויך פאַרן זיידן פון דער העברעאישער ליטעראַטור.

אויך איז ח. נ. ביאַליק דער ערשטער און אפשר דער איינציקער, וואָס האָט געשאַפן דעם יסוד פאַר דער פילאָזאָפיע פון דער העברעאישער שפּראַך. זיין עסיי „חבלי הלשון" וועט קיינמאָל ניט פאַרלירן זיין אַקטועלקייט. ס'איז געגאַנגען אין אָפּשאַפן די מחיצה, וואָס מען האָט אַוועקגעשטעלט צווישן דער אידישער נשמה און העברעאישער שפּראַך. ס'איז אויך ניט ריכטיק די מיינונג, אַז ח. נ. ביאַליק איז געווען אַ שונא פון אידיש. ער איז דערהויפּט געווען ווייט פון פעטישיזירן שפּראַכן. שפּראַך האָט ער באַטראַכט פאַר אַ „כלי שרת", ווי אַ מיטל פאַר די רוחניותדיקע און גשמיותדיקע הצטרחותן, דאָך דאָס ערשטע אָרט האָט ביי אים אַלע מאָל פאַרנומען העברעאיש. די גרעסטע ליב־ווערטער האָט ער פאַר העברעאיש און רופט „גייסטיקע משומדים" די אַלע, וואָס זאָגן זיך אָפּ פון העברעאיש. באַזונדערס איז ער געווען קעגן די אַזוי גערופענע טרעגער פון דער „וויסנשאַפט דעס יודנטומס". אויך זיי פאַררעכנט ער פאַר גייסטיקע משומדים. ער זאָגט פשוט און קלאָר: אַלץ וואָס איז העברעאיש דאַרף אָנגענומען ווערן פאַר אידיש. אַלץ וואָס איז ניט העברעאיש איז אַנטי־אידיש.

ס'איז כדאי צו וויסן, אַז נאָכדעם ווי ח. נ. ביאַליק און י. רבניצקי זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט די אגדות, האָבן זיי געהאַט בדעה צו באַאַרבעטן אויך די הלכה אויף אַ גאַנץ נייעם שטייגער, גאַנץ אַנדערש, ווי עס האָט עס געמאַכט דער רמב"ם. ח. נ. ביאַליק איז אין אַלגעמיין געווען אַ שונא פון יעדער סכאָלאַסטיק. סכאָלאַסטיק איז סטאַטיק, פאַרגליווערטקייט און ח. נ. ביאַליק איז געווען די אימפּולסיווע פּערזענלעכקייט, הוילע דינאַמיק און האָט געשטרעבט צו דינאַמיזירן דאָס אידישע לעבן. די הלכה האָט ער באַטראַכט אויסשליסלעך פון אַן אידעאָלאָגישן קוקווינקל. אינעם אופן ווי מ'האָט אויפגענומען די הלכה איז זי געווען פאַר אים אַ מין „הייליקע עקרה". זיין ציל איז געווען, די הלכה זאָל ריכטיק אינטערפּרעטירט ווערן, זי דערהויבן צו אַ פּראַקטישער נוצלעכקייט. ער האָט עס פאַרבינדן מיט די געבאָטן און מיצוות, וואָס זאָלן פאָרשטעלן די הלכה אין אַ פּראַקטישער רעאַליזירונג. דערצו זאָלן די אידישע מיצוות פאַרוועלטלעכט ווערן, — די לעבנס־התחיבותן זאָלן טאַקע אַרויסוואַקסן פון דער אידישער אמונה, אָבער אויף אַ מאָדערנעם און ניט פאַרעלטערטן שטייגער. אין דער ארץ־ישראלדיקער עפּאָכע פון זיין לעבן האָט ער געשטרעבט צו רעאַליזירן אַזאַ אידעע דורך אַ ספּעציעלן „עונג שבת", וואו דער יסוד איז געווען, אַז דורכן אָפּהיטן דעם

הײליקן קערן זאָל געשאַפן װערן אַ נײַע גלױבנס־װירקלעכקײט און נײַער גלױבן־לעבן.

* * *

זײַן ערשטע נסיעה קײן ארץ־ישׂראל האָט ח. נ. ביאַליק געמאַכט אין 1909־טן יאָר. ער איז דעמאָלט אײַנגעלאַדן געװאָרן צו באַזעצן זיך דאָרט אױף שטענדיק און טאָן פּעדאַגאָגישע אַרבעט, דאָך איז געװען גע־װוען ער זאָל הערן זײַן „ברכת העם" פֿאַרגעטראָגן מיט דער ספֿרדישער חברה, װי דאָס גאַנצע קומען קײן ארץ־ישׂראל האָט אים אַנטױשט. ח. נ. ביאַליק האָט ניט געפֿילט קײן טעם אין דער ספֿרדישער חברה און עס האָט אױף אים אַזױ שטאַרק געװירקט, אַז ער האָט זיך אומגעקערט צו־ריק קײן אָדעס און זינט דעמאָלט ניט געשריבן מער קײן לידער פֿון אַ ציוניסטישן כאַראַקטער.

אָבער צום צװײטן מאָל איז ח. נ. ביאַליק געפֿאָרן קײן ארץ־ישׂראל שױן װי צו זיך אַ הײם. אױפֿן װעג האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן בײַצװײַן בײַם צװעלפֿטן ציוניסטישן קאָנגרעס און צוליב אַ פּלאַן, צוליב אַ גע־װיסער אידעע: ער האָט געהאַט בדעה צו אָרגאַניזירן אין תל־אביב אַ „עיר הספר", — עס האָט געזאָלט זײַן די מתנה, װאָס ער איז אױסן געװען צו ברענגען קײן ארץ־ישׂראל. אָבער די ציוניסטישע קאָנגרעסלײַט האָבן ניט פֿאַרשטאַנען און ניט אָפּגעשאַצט די גרױסקײט פֿון אַזאַ אי־דעע, זײַן פּלאַן האָט ניט געפֿונען קײן אָפּרוף און ער האָט זיך דערפֿילט אַנטױשט. באַזונדערס האָבן אים אַנטױשט די אידישע נגידים, — ער האָט זײ פֿאַרגעװאָרפֿן אַז זײ האָבן לחלוטין פֿאַרמאַטעריאַליזירט דעם ציוניזם און פֿאַרגעסן אינעם גײַסטיקן אינהאַלט זײַנעם. שאַרף איז גע־װען זײַן קריטיק אױף די אַלגעמײנע ציוניסטן, קעגן „מזרחי", אָבער דערפֿאַר האָט ער געהאַט ליב־װערטער פֿאַר דער אַרבעטער־פּאַרטײ „אח־דות עבודה": זי איז די אײנציקע, װאָס האָט געשאַפֿן, געבױט און גע־ליטן. פֿון ח. נ. ביאַליקס מױל האָט זיך דעמאָלט אַרױסגעריסן אַ קללה אױף די נגידים: „איר װעט פֿאַרלירן, דעם טײַװל אַװעקגעבן אײַערע פֿאַרמעגנס", װאָס איז, צום באַדױערן, אין די היטלעריסטישע צײַטן, אױך מקױם געװאָרן.

אין ארץ־ישׂראל האָט ח. נ. ביאַליק זיך געװידמעט אױסשליסלעך צו קולטור־אַרבעט. ער האָט געשאַפֿן דעם „װעד הלשון", זיך אָפּגעגעבן מיט פֿאַרלאַג־אַרבעט און פֿאַר דעם צװעק געהאַט צו זײַן דיספּאָזיציע די קאַפּיטאַלן פֿון שמריהו לעװין. אָבער זײַן מוזע האָט געשװיגן. אין ארץ־ישׂראל האָט ח. נ. ביאַליק ניט געדיכטעט. איז עס געװען אױס אַ כּיװון? פּסיכאָלאָגיש באַטראַכט איז עס געװען אַ נאַטירלעכע דערשײַ־

נונג: ח. נ. ביאַליק איז געווען דער דיכטער פון נאַציאָנאַלע בענקענישן, און ניט דער דיכטער פון נאַציאָנאַלער דערפילונג.

און מערקווירדיק: ס'איז געווען געגוג ח. נ. ביאַליק זאָל אַרויס־פאָרן פון ארץ־ישראל און קומען ערגעצוואו פון אַ אידישן זיין, ווי ער האָט דערשפירט דיכטערישע אָנרעגונג. באַזוכנדיק לאָנדאָן און ניו־יאָרק, ווירקט עס אויף זיין דיכטערישקייט. אמת: זיין ליד צו ניו־יאָרק איז געווען אַ קללה. ער האָט אַנדערש ניט געזען ניו־יאָרק, ווי אַ ריזן־קבר פון דער מענטשהייט. און בעתן ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1930־טן יאָר האָט ער פאַרפאַסט זיין באַרימט „איכה"־ליד:

„ווידער האָב איך אייך דערזען אין אייער געפאַלנקייט,
און מיין האַרץ איז אַ שאָל מיט טרערן, —
ווי אָרעם איר זענט געבליבן פלוצים, ווי הילפלאָז איר
זענט געוואָרן —
ווי עלנט פאַרלאָזן איר זייט, אָן אַ וועג און אָן אַ עצה אין לעבן!
און קיינער ניטאָ וואָס זאָל גנעדיקן טרייסטן,
און אָפּהיטן אייערע טריט אייך!"

ח. נ. ביאַליק האָט פאַרענדיקט זיין דיכטערישן פּראָצעס מיט זיינע לאָנדאָנער שאַפונגען „דער רבי פון ווידעלניק" און מיטן ליד וועגן זיין מוטער. אינעם ליד שילדערט ער זיין מוטער, די אָרעמע אלמנה, וואָס איז מקיים אַלע געבאָטן און ער שטעלט זי פאַר אין דער גאַנצער העס־לעכקייט פון איר אויסזען, — דאַרע, אָפּגעמאָגערטע הענט, צעקנייטשטע באַקן און טריבע אויגן, אָבער ער שטעלט שוין מער ניט קיין פראַגן, ווי אין זיינע פריערדיקע דיכטונגען, — ער ציט זיך צוריק פון זיין אַמאָ־ליקן רעליגיעזן רעוואָלט און מ'הערט שוין אינעם ליד מער אַ טאָן פון אַ שלום־מאכן מיטן רעליגיעזן, פון אַן איבערבעטן זיך מיט גאָט. ער דריקט עס אויס אין בילד, ווי זיין מוטער נעמט אויף דעם שבת, און, ענלעך, ווי אַ קינד, גלויבט ער אין אַ נס, ווי ער באַטאָנט עס אין די שלום־סטראָפן פונעם ליד:

„און דאַן איז נאָך איינע אַ טרער פון צדקת געפאַלן,
אַ זודיקער פלאַם פון די גרונטן, —
און טאָפלט איז ליכטיק געוואָרן: ס'פאַרלאָשענע ליכטל
האָט נאָכאַמאָל זיך אָנגעצונדן,
און ווען עס האָט די מאַמע געעפנט די אויגן, האָט ליכט
פון בראשית,
פון זיי זיך געגאָסן אין שטראָמען —
ווייל ס'האָט זיי די שכינה געקושט, — דער זכות פון
צדקת "אל באַשטיין
אונדז און אַלע אידן: אָמן!"

כאראַקטעריסטיש איז די לעצטע פראַזע: דער דיכטער האָט גע־
גאַרט אַ נס, אַז אינעם זכות פונעם געדעכטן זאָל די שכינה רוען אויפן
גאַנצן פאָלק. פאַר אים איז געווען ווייניק דאָס לאַנד אַליין, ער האָט
אויך געוואָלט דאָס פאָלק און עס איז אויך די סיבה פאַרוואָס דאָס זיין
אין ארץ־ישראל האָט אים ניט אָנגערעגט צום דיכטן: ח. נ. ביאַליק איז
געווען דער, וואָס האָט אויפגעשטעלט און דורכגעלייגט אַ בריק צווישן
דער אַלטער דורות־דורותדיקער גייסט־ירושה און דעם נייעם לעבן און
אויף דער בריק האָט ער געוואָלט האָבן ניט נאָר דאָס לאַנד, נאָר אויך
דאָס גאַנצע ארבע־פנות־העולמדיקע פאָלק. און האָט אים געפעלט דאָס
פאָלק, איז אויך פאַרשווינדן געוואָרן זיין מוזע.

מענדעלע איז רעוואָלט, ריכטיקער געזאָגט, די גרויסע רעוואָלוציע אינעם דענקען און לעבן פונעם משכילישן יחיד, א באַפּרייטער פונעם אינדיווידואַליסטישן, אום צו שטעלן זיך מיטן פּנים צום פאָלקסמענטש און צו דער אידישער פאָלקסמאַסע. דאָס איז דער זין פון דער מענדעלע־פערזענלעכקייט און דער תמצית פון זיין שאַפונג־רעאַליטעט. דאָס שאַפנ־דיקע ווידער האָט ער אויפגענומען ניט אין אַנאַרכישע פאָרמען, נאָר אין אַ באַשטימטער פּראָגראַמאַטישער אָרגאַנישקייט, אין וועלכער ס'האָט זיך אויך אויסגעקריסטאַליזירט דער ציל און צוועק פון זיין שרייבן און די אויפגאַבע פונעם שרייבער ווי מענדעלע גופא האָט עס פאָרמולירט אין זיין „ווינטשפינגערל״:

„ווירקן אויף אַ פאָלק מענטשן קען נאָר אַזעלכער, וואָס איז פון זייער ביין, פלייש פון זייער פלייש, וואָס האָט געליטן איינע צרות, געפילט איינע ווייטיקן מיט זיי.״

דער שרייבער זאָל דינען נאָר דעם פאָלק און ניט דעם יחיד אין זיי־נע עגאָיסטישע שטרעבונגען, און דאָס איז געווען מענדעלעס אויפגאַבע. ער איז געווען קעגן דעם פּרינציפּ פון דער השכלה, וואָס האָט ניט גע־וואָלט זען דאָס פאָלק און שוין פּרץ סמאָלענסקין האָט געהאַט געשטעלט אַן ענלעכע פראַגע אין זיין ראָמאַן „גמול ישרים״:

„קען א גרויס פאָלק לעבן נאָר פון זיין פאַרגאַנגענהייט און האָפענונג אויף אַ ליכטיקער צוקונפט, אָן אַ באַטראַכטן זיך ווי אַ נאַציע אָון נאָר בלויז ווי א רעליגיעזע געמיינשאַפט?״

מיט אַזעלכע ווערטער האָט פּרץ סמאָלענסקין פּראָטעסטירט קעגן די פּרינציפּן פון דער מענדלסאָנישער השכלה, וואָס האָט באַטראַכט דאָס אידישע פאָלק נאָר ווי אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט, אויסשליסנדיק דאָס נאַציאָנאַלע און די נאַציאָנאַלע מאָמענטן אינעם לעבן פונעם פאָלק. דאָס אָרט פונעם נאַציאָנאַלן זאָל פאַרנעמען די אייראָפּעישקייט, אַן אייראָ־פּעיזירטע אידישע רעליגיעזקייט, דורכגעוועבט מיט היסטאָרישער פאַר־גאַנגענהייט, — ס'האָט געמיינט צו זאָגן, אַז דאָס פאָלק זאָל לחלוטן זיך אויפלייזן אינעם אינדיווידואום און אינדיווידואַליסטישן, אַז עס זאָל זיך עפענען אַ זיכערער וועג צו אַ מאַסן־אַסימילאַציע.

אָבער פאַר מענדעלען איז דאָס פאָלק געווען אַן עיקר און ער איז אויסן געווען צו דינען נאָר דעם פאָלק, סיי מיט זיין וואָרט, סיי מיט טאַט. אָט פון דעם איז אויך אַרויסגעוואַקסן די רעפּיניציע וועגן שרייבער און דעם שרייבערס חוב צום פאָלק, ווי אויך זיין ציל אינעם שאַפן. אויף אַזאַ אופן פאָרמולירט מענדעלע אין זיין „עין משפט":

„...אַ ליטעראַטור, וואָס האָט נישט קיין שייכות צום פאָלק און צו זיין נויט און וואָס ווערט פון דעם ניט באַווירקט, קען אויף קיינעם ניט ווירקן. זי האָט ניט קיין אינטערעס פאַרן פאָלק און זי איז איבעריק אינעם לעבן. די פאָלקס־מאַסע חדושט זיך וואָס אַזאַ ליטעראַטור איז גאָר פאַראַן און פרעגט: צו וואָס איז זי, וואָס וויל זי, וואָסער הילף ברענגט זי? וואָס טוט אויף און וואָס נוצט אַזאַ שרייבער?..."

און מענדעלעס ווערטער זיינען געקומען אין אַ ריכטיקער צייט, אריינגעפּאַסט אינעם גייסט פון דער עפּאָכע. אינעם קליינעם שטעטל, ערגעץ וואו אינעם אמאָליקן ווייטרוסלאַנד, וואו מענדעלע איז געווען געצוואונגען צו פאַרברענגען זיינע קינדער־יאָרן, האָט ער אויף זיך אַליין געפּילט דאָס הערשנדיקע שלעכטס, ער האָט געזען זאַכן, וואָס זיין קינדישער מוח האָט קוים תופס געווען, הגם ס'האָט געדינט צום גוטן פאַר זיין גייסט: דאָס געזעענע אין די קינדישע יאָרן איז געוואָרן זיין אַ וועגווייזער אין דער יוגנט, און אַן אָריענטאַציע פאַר די יאָרן פון רייפקייט. און ווי האָט דען געקאָנט אויסזען דאָס אידישע לעבן אינעם תחום־המושב אין די צייטן פון מענדעלעס קינדער־יאָרן? ווי ס'האָט זיך „געפּידלט" דעמאָלט אינעם לעבן פונעם רעאַקציאָנער־מאָנאַרכיסטישן רוסלאַנד, אַזוי האָט זיך אויך „געאידלט" אינעם אידישן לעבן. אויך אינעם אידישן לעבן האָט געהערשט אַ ספּעציפישער אויטאָריטאַריזם, דער אַזוי גערופענער „תקיפיזם" און די תקיפות און דער תקיף זיינען געווען די בוכשטעבלעכע קללה וואָס האָבן ניט געלאָזט דעם קאָפּ אויפהויבן, ניט דערלאָזט וועלכן עס איז געדאַנק די אידישע עדה זאָל אַרויסגעריסן ווערן פון איר פאַרגליווערטער פאַנאַטישקייט, צו קענען געניסן פון אַ מינדסטן שטראַל וועלטלעכקייט און מענטשלעכער קולטור.

טרויעריק איז געווען דאָס בילד פונעם אידישן לעבן אינעם אמאָליקן תחום־המושב, פונעם צאַרישן רוסלאַנד. די עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן זיינען געווען ביז גאָר באַגרענעצטע. אָרימקייט איז געווען די איינציקע דערשיינונג און כאַראַקטעריסטישקייט פון דער אידישער מאַסע און דער אידישער תקיף האָט שוין געזאָרגט, אַז די פאָלקסמאַסע זאָל זיך קיינמאָל נישט בילדן, אַז זי זאָל לעבן אין אַן אַבסאָלוטער איגנאָראַנץ. ניט נאָר די אויטאָריטאַרע רוסישע רעאַקציאָנערע מאַכט פון יענע צייטן, נאָר אויך דער אידישער תקיף האָבן אויפגעשטעלט ממש אַ כינעזישע וואַנט אַרום

דעם תחום־המושב, אַז ס׳זאָל אַהינצו ניט אַריינדרינגען וועלכער עס איז מענטשלעכער און ליבעראַלער געדאַנק. ערשט ווען אין דער רוסישער סביבה האָט גענומען ברעכן דאָס אייז און ליבעראַלע אידייען האָבן אָנגעהויבן באַהערשן דאָס לעבן, האָט אויך די כינעזישע וואַנט פונעם אידישן לעבן זיך גענומען שאָקלען. דעריבער האָט גענומען צייט ביז די השכלה האָט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אינעם אידישן לעבן. אָבער אויב די השכלה האָט תחילת זיך באַוויזן אין די גרעסערע אידישע שטעט, האָט נאָך גענוג געדויערט ביז זי איז אָנגעקומען אין אַזאַ כרך ווי מענדע־לעס געבוירן־שטעטל קאַפּוליע. אָבער האָט דען געקענט ברענגען נוצן אַ השכלה, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן ניט פון אַן אייגענעם זיין, נאָר אַן אַרי־בערגעבראַכטע פון דער פרעמד, פון אַ גאַנץ אַנדערער פאַרשיידנאַרטיקער רעאַליטעט און סביבה? דאָס איבערפלאַנצן די מענדלסאָנישע השכלה אי־נעם תחום־המושב איז געווען ניט נאָר אומנוצלעך, נאָר אין געוויסע פּרטים אויך שעדלעך. די מענדלסאָנישע השכלה האָט געקענט ווערן אַ קנין נאָר פון דער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן פרעמד און אַפילו מיט שנאה צו דער אידישער פאָלקסמאַסע, צום פּשוטן מענטש, — די אידישע אינטעליגענץ פון יענע צייטן, אַ קנאַפּע און אַ באַגרענעצטע, אַן אַרויסגעוואַקסענע פון די בני־תורה, און, אין גרעסטן טייל פון די תקיפישע קרייזן, האָט געלעבט מיט אירע אינדיווידואַליסטישע שטימונ־גען און נייגונגען. דערצו איז זי גאָר געווען אַריינגעטאָן אין אַ מין ספּע־ציפישער ליבעראַליזירנדיקער רעליגיאָזיטעט, בעת די מאַסע האָט זיך גע־נייטיקט אין אַ פּשוטער עלעמענטאַרער אויפקלערונג. און עס איז ניט געווען אַ צופעליקייט, וואָס מען האָט אַרויסגעוויזן שנאה צו דער פאָלקס־מאַסע און פּשוטן אידישן מענטש: די מענדלסאָנישע השכלה האָט ניט נאָר פאַרזען, נאָר דערהייפּט איגנאָרירט דאָס פאָלק, ווי אַזעלכעס. און צום האַלטן זיך אַלץ ווייטער פונעם פאָלק, צו זיין די יחידי־סגולה, האָט זי אויך זיך באַנוצט מיט אַ שפּראַך פרעמד און אומפאַרשטענדלעך פאַר דעם פאָלק. דער פּשוטער פאָלקס־מענטש האָט אַפילו נישט פאַרשטאַנען דעם לשון־קודש פונעם סידור, דעריבער האָט זיך די פאָלקס־מאַסע גענייטיקט אַז פון אירע אייגענע רייען זאָל קומען אַזאַ איינער וואָס זאָל זי קענען פאַרשטיין, וויסן אירע נייטן, — אַזאַ איינעם וואָס האָט צוזאַמען מיט איר געלעבט איר פּיין, — די אידישע מאַסע האָט זיך גע־נייטיקט אין אַזאַ איינעם, וואָס זאָל זיין אַ ריכטיקער פורי־גדר, אַ רעוואָ־לוציאָנער אין גייסט און אין טאַט. נאָר אַזאַ איינער האָט געקענט ווערן איר פירזאָגער און פירן איר קריג. און דער קריג האָט געמוזט געפירט ווערן אויף צוויי פראָנטן: ערשטנס, דעמאַסקירן די תקיפות און די תקי־פים, און, צווייטנס, דעזוויטאַריזירן די פאַרלשון־קודש׳יזירטע השכלה און פירן צווישן פאָלק אַן אויפקלערונג אין דער שפּראַך, וואָס דאָס פאָלק

רעדט. און אָט אין אַ פיינעם טאָג האָט אויף דער אַרענע פונעם געזעל־שאַפטלעכן לעבן און קאַמף זיך באַוויזן אַזאַ פּורץ־גדר, טאַקע אַ ריכטיקע רעוואָלוציאָנערע נאַטור: באַוויזן האָט זיך מענדעלע און מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן אַ ריכטיקער קאַמף פאַר אַ נייער אידישער אויפקלערונג, אַרויסגעדרונגען פונעם פאָלקס־גייסט, און וואָס זאָל אויך זיין אין גייסט און אין די שטרעבונגען פונעם פשוטן מענטש און גאַנצער אידישער פאָלקסמאַסע.

* * *

דאָס לעבן איז אָפּטמאָל רייך מיט אַזעלכע מאָדנע צופאַלן, וואָס מאַכן אַן איינדרוק ווי ס'זאָלן זיין מעגלעך ממש פאַטאַליטעטן, און ווי וואָלט טאַקע געווען ווען מענדעלע, וועמענס ריכטיקער נאָמען איז ש. י. אַבראַמאָוויטש זאָל ניט געווען האָבן געבוירן געוואָרן און געוואַקסן אין אַזאַ כרך ווי דאָס שטעטעלע קאַפּוליע, ערגעצוואו אינעם אַמאָליקן ווייס־רוסלאַנד, וואָלט ניט געלעבט אין אָרעמקייט און דערצו נאָך געווען אַ יתום? מעגלעך, אַז דער גורל אַליין האָט געוואָלט, ער זאָל טאַקע ווערן דאָס ריכטיקע קאַפּוליער אָנצוהערעניש אינעם אידישן לעבן און אינעם אידישן שאַפנדיקן גייסט; אַז זיין אָרעמע היים און יתומשאַפט זאָלן אים צווינ־גען עוקר צו זיין פון זיין שטעטל און זיך לאָזן אויף גאַטס באַראָט איבער דער ווייטער וועלט פונעם אידישן תחום. מ'קען אייגנטלעך פירן אַ פּאַ־ראַלעל צווישן מענדעלעס לעבן מיטן לעבן פון מאַקסים גאָרקי. פאַראַן אַ ענלעכקייט צווישן זייערע ביידע יוגנט־גורלות און אויך אין זייער באַזונ־דערקייט־ווערט פאַר דער ליטעראַטור: מאַקסים גאָרקי האָט אַריינגעפירט אַ נייעם קלאַס מענטשן, וואָס איז ביז זיין קומען געווען אומבאַקאַנט אין דער רוסישער ליטעראַטור און מענדעלע האָט אַנטפּלעקט די אידישע פאָלקס־מאַסע אין אירע לעבנס־ און שעפערישע פּאָטענצן. שוין אין זיינע יינגלשע יאָרן האָט מענדעלע דערשפּירט די נויטווענדיקייט זיין פילן און דענקען אַרויסצוברענגען מיט דער הילף פונעם געשריבענעם וואָרט, פון זיין קאַפּוליער־פען שטאַמען „ברכו־נפשי" שאַפּונגען, ער פאַרפאַסט אַ דראַמע אינעם סטיל פון ש. ד. לוצאַטו, — מענדעלע האָט אָפּטמאָל דער־מאָנט יענע יאָרן פון זיין „בראשית" און אַליין אָנערקענט, אַז „אין דעם דאָזיקן ווינקל האָט זיך אַנטפּלעקט צו מיר מיין מוזע".

מ'קען אומגעפער זיך פאָרשטעלן ווי עס האָט אויסגעזען דאָס לעבן אין אַזאַ שטעטל ווי קאַפּוליע אין די לעצטע צענדליקער יאָרן פונעם נײַנ־צנטן יאָרהונדערט, דעריבער איז אויך ניט קיין וואונדער, וואָס אין אַ פיינעם טאָג האָט דער יוגנטלעכער ש. י. אַבראַמאָוויטש, ממש נאָך אַ קינד, זיך געלאָזט אין דער ווייטער וועלט, ניט וויסנדיק אַליין וואוהין

זיינע פיס װעלן אים ברענגען און װאָס אים דערװאַרט. ניט אָן אַ פּאַר־װאָס האָט ער אין זיינע װערק פּאַראייביקט איינעם אַן אַברהמל דעם הינ־קענדיקן, דער פּראָטאָטיפּ פון פישקע דעם קרומען. פּונקט װי מאַקסים גאָרקי צװישן די „באָסיאַקעס", האָט אויך מענדעלע דורכגעמאַכט אַ לעבן צװישן װאַנדערנדיקע אָרימעלייט, װעמען ער באַשרייבט אין „פיש־קע דער קרומער". אברהמל דער הינקענדיקער, אַ איד אַן אָרימאַן, װאָס גייט איבער די הייזער, איז אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט געװאָרן אויך קיין קאַ־פּוליע. דאָרט האָט ער געטראָפן דאָס יונגע בחורל ש. י. אַבראַמאָװישט און אים גענומען דערציילן מעשות װעגן די װאָלינער װעלדער, — װאָס „טריפן מיט מילך און האָניק". ביים הערן דאָס דערציילן האָט זיך אַזוי צעשפּילט די פאַנטאַזיע ביים בחורל, אַז ער האָט גלייך באַשלאָסן צוזאַ־מען מיט אברהמל דעם הינקענדיקן זיך לאָזן אויף דער װאַנדערונג, און מעגלעך, אַז אויך דאָס בחורל מענדעלע װאָלט געבליבן ביי אַ בעטלער־לעבן, װען ניט טאַקע אַ צופאַל: אין װעג האָט ער געטראָפן זיינעם אַ חבר און דער חבר האָט אים אַרויסגעראַטעװעט פון דער באַנדע בעטלער, מיט װעמען ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט. דאָך פּירט שוין ניט מער זיין װעג קיין קאַפּוליע, נאָר גאָר צו דער ברייטער און גרויסער אידישער װעלט, — ער קומט אָן אין קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק, װאָס האָט אין יענע צייטן געשמט פאַר אַ שטאָט פון תורה און השכלה.

ס'איז אויך אינטערעסאַנט דער פאַקט, װאָס קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק איז צו מענדעלעס צייטן געװען אַ גרענעץ־שטאָט צװישן רוסלאַנד מיט דער דע־מאָלטיקער עסטרייכישער גאַליציע. די מענדלסאָנישע השכלה האָט געפונען איר ריכטיקן אָרט אין גאַליציע, דעריבער איז אויך צו פאַרשטיין פאַרװאָס קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק האָט געשפּילט אַזאַ װיכטיקע ראָל, צו װערן דער צענ־טער פון װאַנען די השכלה האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן תחום־המושב. אהינצו איז מענדעלע געקומען. אין קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק האָט ער גע־טראָפן און זיך גלייך באַפריינדעט מיטן באַרימטן אידישן משכיל און שריפטשטעלער אברהם־בער גאָטלאָבער. גאָטלאָבער האָט געשמט פאַר אַ העברעישן שרייבער און װיסנשאַפטסמאַן, אָבער װיכטיקער פון אַלעם איז דער פאַקט, װאָס אברהם־בער גאָטלאָבער איז געװען דער מענטש פון קאָנסטרוקטיװע אידייען, אַ מענטש פון אַ טיפער עטיק און אַ סאָציאַלער פילאָזאָף. אויס דעם איז בלתי ספק, אַז דער צוזאַמענטרעף מיט אברהם־בער גאָטלאָבערן האָט געװירקט דעציזיװ אויף מענדעלעס װייטערדיקן גאַנג אין לעבן. געװיס האָט דער צוזאַמענטרעף אָנגעצייכנט אַ קאָרדינאַ־לע ענדערונג און װענדונג אין מענדעלעס לעבן און ניט אומזיסט האָט ער פאַראייביקט גאָטלאָבערן אין זיין װערק „דאָס קליינע מענטשעלע" אין דער פּערזאָן פונעם משכיל גוטמאַן. באַװירקט פון אַ. ב. גאָטלאָבער, האָט מענדעלע אָנגעהויבן שטודירן רוסיש, דייטש און נאַטורװיסנשאַפטן.

שטודירן נאַטורוויסנשאַפטן איז געווען אינעם גייסט פון יענער צייט,— עס איז געווען די עפּאָכע פונעם ראַציאָנאַליזם און פּאָזיטיווער פילאָזאָ־פיע, די אָנהייב־צייטן פונעם מאַטעריאַליזם, די עפּאָכע פון דאַרווינס „דער אָפּשטאַם פון די מינים" און פון מאַרקס־ענגעלסעס „קאָמוניסטי־שער מאַניפעסט". מעגלעך, אַז סיי א. ב. גאָטלאָבער, סיי דער יונגער מענדעלע האָבן ניט געוואוסט ניט וועגן דעם ערשטן און ניט וועגן דעם צווייטן ווערק, אָבער די נאַטורוויסנשאַפטן האָבן פון ענגלאַנד און פראַנק־רייך זיך דורכגעלייגט אַ וועג איבער גאַנץ אייראָפּע. אין דערזעלבער צייט האָט אויך דער רוסישער שרייבער און פילאָזאָף א. גערצען פאַרפאַסט זיינע באַרימטע „בריוו וועגן דער נאַטור", און, מעגלעך, אַז אַדאַנק א. גערצענס ווערק האָבן די נאַטור־וויסנשאַפטן אַריינגעדרונגען אויך אין־נעם תחום־המושב. דאָס שטודירן די נאַטורוויסנשאַפטן האָט מיט דער צייט ביי מענדעלען אָנגענומען אַ לירישן כאַראַקטער, אויסגעדריקט אין זיין „פּרק שירה": ס'איז דער אידישער געזאַנג צו דער נאַטור און צו אירע שיינקייטן און מיט דעם האָט מענדעלע צעשטערט אַ אידישן „לאוו", וואָס האָט פאַרבאָטן דעם אידישן מענטש קוקן, הנאה האָבן און באַ־וואונדערן די נאַטור־שיינקייטן.

דאָך נישט גרינג איז געווען מענדעלעס וועג אין לעבן, באַזונדערס אין די יונגע יאָרן, ווען ער האָט אָקאָרשט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין די אנדערע אין די נייע פאַר אים וועלטן, ווייטע פון דעם וואָס ער האָט געזען אין קאַפּוליע און אויף זיינע וואַנדערונגען מיט דער באַנדע בעטלער. אויך די עקאָנאָמישע פראַגע פאַרנעמט א גאַנץ גרויסן און וויר־קנדיקן אָרט אינעם לעבן פון אַ מענטש, ס'איז טאַקע אויך דאָס הויפּט־זעכלעכע, און אַזוי אַרום האָט מענדעלע ווידער געמוזט זיך נעמען צו דער קנעלונג, פונקט ווי ער האָט געטאָן אין זיינע פרי־אינגלשע יאָרן אין זיין שטעטעלע קאַפּוליע. אָבער צום צווייטן מאָל האָט ער שוין געקנעלט אויף אַ מאָדערנעם אופן: ער איז געוואָרן אַ לערער, מיט לערעריי האָט ער זיך אויך אָפּגעגעבן בעתן זיין אין בערדיטשעוו און אין זשיטאָמיר, אין זשיטאָמיר איז ער אויך אָנגעקומען אינעם דעמאָלטיקן ראַבינער־סעמינאַר, און פון זשיטאָמיר ווידער האָבן זיך געשפּרייט זיינע וועגן צו דער גרויסער וועלט מפורסם צו ווערן, ווי א שרייבער ביי אידן און ווי אַ אידישער שרייבער. זיין ערשט ווערק האָט מענדעלע געשריבן אין העברעיש און דער „משפט שלום" האָט אים גלייך געבראַכט אנערקענונג. ס'ווערק גופא איז געווען פון א געוואַגטן כאַראַקטער, אינעם ווערק איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דעם משכיל ע. ד. צווייפעל, וואָס האָט געוואָלט פאַרבינדן די השכלה מיט ראַבאָנישקייט. און דאָס ווערק האָט אויך פאַר־זיגלט מענדעלעס גורל. אין אַזאַ מאָמענט האָט מענדעלע אַליין ניט גע־וואוסט, אַז פון אַ העברעישן וועט ער גאָר ווערן אַ אידישער שרייבער

און דערצו נאָך אָנהייבן און ווערן דער קלאַסיקער פון דער אידישער ליטעראַטור. באַלד נאָכדעם איז געקומען זיין אַ צווייט ווערק אין העב־רעיש „למדו היטב", אָדער „האָבות והבנים", וואו ער ווייזט אויף די נייטיקייט פון בילדונג. און עס איז מעגלעך, אַז זיין שטעלונג צו דער נייטיקייט פון בילדונג האָט אויך גורם געווען ער זאָל באַאַרבעטן די „תולדות הטבע". פאַר יענע צייטן האָט עס געקענט באַטראַכט ווערן ווי גרויסע אפיקורסות. זיין אינטערעס צו באַאַרבעטן די „תולדות הטבע", מעגלעך, איז אויך געקומען אונטער גאָטלאָבערס ווירקונג, באַאיינפלוסט פון א. ב. גאָטלאָבערן האָט מענדעלע זיך פאַראינטערעסירט מיט די פאָזיטיוויסטישע נאַטורוויסנשאַפטן, הגם מ'קען אָננעמען, אַז ער איז שטאַרק באַווירקט געוואָרן אויך פון די דעמאָלטיקע רוסישע שרייבער, באַזונדערס פון טורגעניעוון און גערצענען, וועמענס ווערק זיינען אין אַ געוויסער עפּאָכע געווען ממש די עוואַנגליע פון דער אינטעליגענץ און דער יסוד פונעם ליבעראַלן און פּאָזיטיוויסטישן דענקען.

דער זשיטאָמירער פּעריאָד איז פאַר מענדעלען געווען די צייט פון דעציזיווקייט און רייף ווערן. הגם ער איז ניט געשטאַנען אויף אַ באַזונדערער הויך פון בילדונג און קולטור, אַז ער זאָל קענען דינען ווי אַן אָריענטאַציע און ווייזן דעם וועג צו וועלטלעכע וויסנשאַפטן, איז פאַר מענדעלען דער ראַבינער־אינסטיטוט דאָך געוואָרן סיי אַ קוואַל פון וויסן, סיי פון גרויסער גייסט־דערפאַרנקייט. אָבער ניט ווייניק האָט אים דער אינסטיטוט אויך געשטעלט פאַר אַ שווערן און געפערלעכן נסיון: מענדעלע האָט אויסגעצייכנט אויסגעהאַלטן די עקזאַמענס און האָט געהאַט אַלע אויסזיכטן צו ווערן אַ ראַבינער ביי אידן, אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט דער גורל אַליין געוואָלט ער זאָל „געשטרויכלט" ווערן ביים האַלטן אַ דרשה, די דרשה איז געווען פון אַ ראַדיקאַלן כאַראַקטער און אינהאַלט און אַזאַ זאַך האָט ניט געשמעקט די „פּאָטערס" און „פּקידים" פונעם אינסטיטוט. פאַר זיי איז עס געווען אַפּיקורסוס און רעוואָלט און דאָס האָט פאַרזיגלט דעם גורל פון מענדעלעס ראַבינער־קאַריערע.

דער זשיטאָמירער פּעריאָד האָט בלי ספק געעפנט מענדעלען די אויגן אויפן כאַראַקטער פון דער דעמאָלטיקער השכלה, וועמענס שפּראַך איז געווען רק העברעיש. ער האָט זיך געגעבן רעכענונג, אַז אַזאַ השכלה איז נאָר פאַר יחידי־סגולה, אַז צום פאָלק קען זי ניט דערגרייכן. וואָס זשע פאַר אַ ווירקונג און טעם קען האָבן אַ השכלה, וואָס לאָזט איבער דאָס פאָלק פאַרוואָרלאָזט אין איגנאָראַנטישקייט און אין פינצטערניש? און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן מענדעלעס ריכטיקער רעוואָלט קעגן דער העברעיסטישער השכלה. ער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט, אַז השכלה קען באַקומען אַ ריכטיקן תיקון נאָר דעמאָלט, ווען זי דינט אַ נוצלעכן צוועק, ווען זי דינט דער זאַך פון אויפקלערן דעם פאָלק

זיינע נויטן, דערצו אין אַ שפּראַך, אַ פאַרשטענדלעכע פאַרן פאָלק. אין דעם פּרט האָט מענדעלע ווירקלעך דורכגעפירט אַ גרויסע רעוואָלוציע אינעם אידישן לעבן: די רעוואָלוציע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פון העברעיש איז ער אַריבער צו שרייבן אין אידיש און איז אַרויס גאַנץ אָפן און קעמפעריש קעגן דער נבלה פון די משכילים, וואָס האָבן באַטראַכט אידיש פאַר אַ זשאַרגאָן, מענדעלע האָט אָנגעוויזן, אַז אידיש איז די לעבעדיקע שפּראַך פונעם פאָלק. דערביי האָט מענדעלע זיך ניט אָפּגעזאָגט פונעם השכלה־ניסוך, ער האָט אים נאָר באַנוצט אויף אַן אַנדער שטייגער, און, ווייל מענדעלע האָט אין דעם ניסוך אַריינגעבראַכט אַ קלאָרן און שאַרפן רעאַליזם, איז אין דער וואַנדלונג פון צייט פון דעם אַרויס־געוואַקסן אַ ספּעציפישער און טיפּישער מענדעלע־ניסוך, אין וועלכן עס האָט זיך קריסטאַליזירט דער מהות און כאַראַקטער פון אידיש, ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך פון די אידישע פאָלקס־מאַסן, ענלעך ווי ס'האָט זיך אויך קריסטאַליזירט דער כאַראַקטער פון דער אידישער שאַפונג, ווי אַ נאַציאָנאַל־צעמענטירנדיקער פאַקטאָר פונעם אידישן פאָלקסזיין. סיי דאָס ערשטע, סיי דאָס צווייטע זיינען אויך געוואָרן דער יסוד און דאָס דורכ־דרינגלעכע פון מענדעלעס שאַפונג־פּראָצעס. אין דעם האָט זיך געפאָר־מעוועט זיין אייגנאַרטיקער סטיל, אַ טיפּיש־אידישער און פאָלקסטימלע־כער, אין אַלע זיינע ניואַנסטן, — אינעם סאָציאַלן און פּסיכאָלאָגישן — נאָענט צום פאַרשטענדעניש און אויפנעם־פעיקייטן פונעם פאָלק, פונעם פּשוטן מענטש און פאַר מענדעלען איז דער פּשוטער מענטש געווען אַ עיקר, אַ יש און תמצית פונעם פאָלק־דאַזיין.

מענדעלע האָט געהאַט גרויסע וויזיע פאַר דער פאָלקס־דינאַמיק. ער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען, אַז מ'מוז צעטרעסלען דאָס סטאַטישע פונעם פאָלק, אַז ס'זאָל זיך אָנהייבן אַ באַוועגונג־פּראָצעס, אַ פּראָצעס פון אַנט־וויקלונג און אין דעם פּרט האָט מענדעלע ריכטיק אויסגעוויילט אידיש, ווי אַ מיטל און זיכערסטן געווער, — מענדעלע האָט באַטראַכט אידיש ווי אַ שטויסקראַפט צו מעשים. דעריבער האָט ער זיך אָנגעהויבן צו באַ־ציען נעגאַטיוו צו דער העברעיסטישער השכלה און אויך זי שאַרף קרי־טיקירט, ווי ער זאָגט עס אַרויס טאַקע דורך זיין אַלטער יכנה'ז אין „פישקע דער קרומער":

„אַ פולע סחורה! שמאָכטעס פון עפּעס פאַרשימלטע באַנק־קוועטשערס, אָרימע בעלי־עבירות! וואָס איך וייס זיי האָבו דאָרט עפּעס אָנגעמאַכט! פאַר וועמען? קיינער פון עולם קען אפילו אַ וואָרט נישט פאַרשטיין! עפּעס טערקיש, מישטיינס געזאָגט, לשון!"

מענדעלעס רעוואָלטירן קעגן דער העברעיסטישער השכלה און באַ־זונדערס קעגן דער מליצה האָט געהאַט אַ באַשטימטן זין, אָבער מ'דאַרף עס ניט אויסטייטשן ווי מענדעלע זאָל געווען האָבן געווען קעגן העב־

רעיש. להיפוך: מענדעלע האָט ליב געהאַט העברעיש און אויך געשאַפן אין העברעיש, — ער איז נאָר געווען קעגן דעם, מען זאָל פונעם העברעיש מאַכן אַ לשון־קודש, באַטראַכטן דעם לשון־קודש פאַר דער שפּראַך פון יחידי־סגולה און אַזוי אַרום האַלטן די אידישע פאָלקסמאַסע דער־ווייטערט פון וועלכער עס איז קולטור, ניט דערלאָזן, דער פּשוטער מענטש זאָל גאָר קענען קומען אין באַריר מיט קולטור. קעגן דעם איז געווען געווענדעט מענדעלעס רעוואָלט. ניט אומזיסט פאַרמאָגט מענדעלעס אידיש אַ סך העברעישע עלעמענטן און זיין גאַנצער אידישער סטיל איז דורכויס אַ ביבלישער. גאַנץ ריכטיק האָט אים באַצייכנט ח. נ. ביאַליק ווי דעם זיידן און שעפער פונעם מאָדערנעם העברעיש, ער האָט נאָר ניט געוואָלט אַ השכלה פאַר יחידים. זיינע באַטראַכטונגען וועגן השכלה זיינען געווען גאַנץ אַנדערע, — השכלה דאַרף שטרעבן צו באַפרייען דעם המון פון עמהארצות, דאַרף אינסטרואירן דעם פּשוטן מענטש ער זאָל קענען ווערן צו לייטן גלייך. דעריבער האָט ער „כורת ברית"־געווען מיט אידיש, מיט דער פאָלקסשפּראַך און איז פון דעם העברעישן ש. י. אַב־ראַמאָוויטש געוואָרן דער אידישער מענדעלע, ווי אַן אָנזאָג, אַז ער איז דער מענטש פונעם פאָלק און האָט אויך גענומען אויף זיך די גרויסע אחריותדיקע אַרבעט צו שאַפן אידיש, באַפרייען די שפּראַך פון איר זשאַרגאָנישן שפחה־צושטאַנד, ווי עס האָבן זי באַטראַכט דער רוב העב־רעיסטישע משכילים, און זי מאַכן פאַר אַ יש, וואָס האָט אייגענע פאָרם און סטיל.

אויף אַזאַ שטייגער האָט מענדעלעס שאַפן געהאַט אַ גרויסן און ספּעציעלן זין, געצילט אויפן רענעסאַנס פון אידיש און אידישן רענע־סאַנס אין אַלגעמיין און איז גלייך אין זיין ערשטן ווערק אין אידיש דער־שינען אַלס אַזעלכער. דאָס איז אויך די סבה פאַרוואָס ער האָט תחילת אָנגעהויבן מיט אַ פּאָלעמישן און מוסר־טאָן. אין זיין ערשטער גרעסע־רער דערציילונג אין אידיש „דאָס קליינע מענטשעלע" אָדער „אברהם תקיף" הייבט ער אָן גלייך מיט אַ קעמפערישן טאָן און די אידייע דריקט ער אויס דורכן הויפּטפּערסאָנאַזש גוטמאַן. גוטמאַן איז דער אויפגע־קלערטער מענטש, דער משכיל פון אַ ליבעראַלן שניט, וואָס האָט איינזען מיטן פּשוטן מענטש, מיטן פּראָסטן פאָלק. ער זעט ווי די תקיפים עקס־פּלואַטירן דאָס פאָלק, ווי זיי מיסברויכן און זויגן אויס זיי דעם מאַרך פון די ביינער. ער ווייסט, אַז עס איז נויטיק „אָפּוואַשן די בלאָטע"; — גוטמאַן איז שוין דער מענטש פון געוויסן און סאָציאַלן באַוואוסטזיין, אָבער עס פעלט אים נאָך די דינאַמיק פון קאַמף, די אַקטיוויקייט פון קעמ־פערישן טאַט, מוז ער זיך באַנוגענען מיטן פּאָלעמישן, מיט מוסר־זאָגע־ריי, וואָס פאַרבייט אין דעם פאַל דעם קאַמף, אָט דאָס אַליין איז שוין געווען אַן אָנזאָג אויף אַ נייער ווענדונג אינעם אידישן זיין און דענקען,

אַן אָנזאָג אויף אַ נייעם שאַפנדיק־אַקטיוון גייסט אין דער אידישער ליטעראַטור.

דער יסוד פון מענדעלעס שאַפן איז געווען דער אידישער לעבנס־שטייגער און דערפאַר האָט דער ספּור־המעשה אין זיינע ווערק פאַרנו־מען אַ קליינעם אָרט. מענדעלע גופא האָט געהאַט ווייניק אינטערעס פאַרן ספּור־המעשה, אויס דעם האָט מען דעם איינדרוק ווי ער זאָל זיין גאַנץ עפּיזאָדיש אין אַלע זיינע ווערק, מענגלעך, אַז מענדעלע האָט עס אויך געטאָן אויס אַ באַשטימטער כּוונה, — עפּיזאָדישקייט דינט אָפטמאָל פאַר אילוסטראַציע און איז אַמאָל אויך אַ גינציקער מיטל צו באַווייזן קלאָרער דעם שפּיגל סיי פונעם לעבנסשטייגער, סיי פונעם לעבן אין אַלגעמיין, וואָס האָט זיך געגייטיקט אין אַ דרינגלעכער אויסבעסערונג. און עס איז געווען מענדעלעס ציל, אַן אויפגאַבע צום לייזן: אויסבעסערן און אָפּ־רייניקן דאָס אידישע לעבן פון די פאַרשיידענע ווילדע גראָזן. אָט צוליב דעם אַליין מוז ליטעראַטור טראָגן אַן אוטיליטאַרן כאַראַקטער,, דינען אַ באַשטימטער סאָציאַלער אידייע. דאָס איז די סבה פאַרוואָס ער האָט זיין שאַפן פאַרבונדן מיטן מוסרדיקן און דאָס האָט שוין אויך באַשטימט סטיל און פאָרם פון זיינע ווערק: פון איין זייט אַפּאָלאָגעטיק, און פון דער צווייטער קריטיש׳ע שטעלונג צו דערשיינונגען און פּערסאָנאַזשן. און סיי דאָס ערשטע, סיי דאָס צווייטע דרינגען ארויס פון זיין מוסר־ניסוך. מוסר ווידער קען אַרויסגעבראַכט ווערן אָדער אין אַ טאָן פון בייזקייט, אָדער אין אַ טאָן פון חוזק, פון סאַטירע, — מענדעלע האָט אויסגעוויילט דאָס צווייטע, דאָך ניט אין אַ טאָן פון אַן אַבסאָלוטן חוזק,, נאָר דווקא אין אַ טאָן פון אַ מילדן שמייכל. אין דעם פּרט איז מענדעלעס סאַטירע אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע און פאַרשיידנאַרטיקער פון דער, וואָס ווערט אָנ־געווענדט אין דער אוניווערסאַלער ליטעראַטור. מענדעלעס סאַטירע איז אַ רחמימדיקע, אַ באַדויערנדיקע און איז מער נאָענט צו הומאָר, פונ־דעסטוועגן איז פאַראַן אַ גרינטלעכער אונטערשייד צווישן זיין סאַטירע און הומאָר אין אַלגעמיין. הומאָר איז אַ פּאָטערלעכער גלעט איבערן קעפּל, אַן אָנשטעל פון אַ ברוגז, וואָס איז אין תוך אַ מוחל זיין, בעת סאַטירע איז אַזוי לאַנג ניט מוחל ביז זאַכן ווערן ניט אויסגעבעסערט. אויס דעם מענדעלעס שאַרפער טאָן. ער איז טאַקע געווען דער מוסר־זאָגער, דאָך מיט אַ טאָן פון מילדקייט, אָבער ער האָט ניט מוחל געווען. און אַנדערש האָט אויך ניט געקענט זיין, — אוממעגלעך צו באַגלייטן דאָס מוסרדיקע מיט אַקטיוון טאַט, האָט באַדאַרפט דאָס וואָרט ווערן דער ווירקנדיקער עלע־מענט, געגליכן צו אַ טאַט. אין אַזאַ פאַל האָט געמוזט דאָס וואָרט זיין שאַרף, שניידנדיק און מענדעלע איז געווען דער מייסטער פונעם שאַרף־שניידנדיקן וואָרט, — ממש ווי אַ שאַרף פון אַ מעסער האָט זיך זיין וואָרט ביז בלוט אַריינגעשניטן אין געוויסן און באַוואוסטזיין.

* * *

ניט גרינג איז געווען מענדעלעס שרייבער־וועג, און עס איז אויך גאָרנישט אַזאַ גרינגע זאַך צו זיין א שרייבער ביי אידן, בפרט אין יענע צייטן ווען מענדעלע האָט געלעבט און געווירקט. עס איז געווען שווער מאָראַליש און אויך מאַטעריעל. פון שרייבערייַ האָט מען ניט געקענט האָבן אפילו זאָל זיין אָרימע חיונה, און מענדעלע האָט געמוזט זיין אַלעס: אַליין דרוקן זיינע ווערק און אַליין זיי אויך פאַרקויפן. דעריבער טאַקע האָט ער זיך גענומען דעם נאָמען „מענדעלע מוכר ספרים" און דעם זיידנס ביידל איז געוואָרן א שם דבר ניט נאָר אין דער אידישער ליטע־ראַטור, נאָר אויך אינעם אידישן לעבן אין אַלעגמיין. „דעם זיידנס ביידל" איז געוואָרן אַ ריכטיקער סימבאָל פונעם אידישן שאַפן און פון אידישן שרייבער. וואָס שייך מענדעלען איז אַלעס געווען נאָר לטובה פון דער אי־דישער ליטעראַטור. מעגלעך, אַז מענדעלע וואָלט אַזוי פיל ניט געלערנט און וואָלט ניט באַרייכערט דאָס אידישע לעבן מיט אַזעלכע ווערק, ווען ער זאָל געווען האָבן געלעבט אין זאַטקייט און רואיקייט. ווען ניט דעם זיידנס „ביידל" וואָלט מען אפשר ניט געהאַט מענדעלעס „פרק שירה". דער „פרק שירה" איז אַפילו ניט אַזאַ גרויסע זאַך, אָבער וויכטיק איז דער פאַרמעסט מחנך צו זיין דעם פשוטן אידישן מענטש אינעם נאַטור־בילד און נאַטור־שיינקייט. דערצו איז עס געווען גאָר אַ שטיק אַפיקורסות, ווייל ווען איז געווען ביי אידן דערלויבט הנאה צו האָבן און באַוואונדערן דאָס נאַטור־בילד? פאַרבונדן מיט דעם איז מענדעלע אויך געפאַלן אויף דער המצאה איבערצודיכטן די אידישע תפילות אין אידיש און אַזאַ זאַך האָט דורכויס געשמעקט מיט רעפאָר־מיסטישקייט. מענדעלע האָט עס געטאָן מיט א כיון, אַז אויך דער פשוטער מענטש זאָל פאַרשטיין אַן אות אין סדור, ווי אויך מאַכן אַ סוף צום אָסור, אַז אַ איד טאָר ניט הנאה האָבן פון די נאַטור־שיינקייטן. אין די מאָדערנע צייטן זעט אויס מענדעלעס „פרק שירה" געגנוג פאַרעלטערט, פונדעסטוועגן איז עס געווען פון גרויסן ווערט איבערצודיכטן דעם פיוט אין אידיש. דער ווערט פון דער זאַך פאַרנעמט דאָס אָרט פונעם דיכטע־רישן. ס'איז ניט אַזוי וויכטיק דאָ דאָס דיכטערישע, ווי דער עיקר, באַ־טראַכט אויס א ריין־סאָציאַלן קוק־ווינקל און אויס א מוסר־השכלדיקן זין, ערשט דעמאָלט דערפאַרט מען וואָס מענדעלעם אויפטו האָט באַטייט פאַר דער סביבה און צייט, — מ'שפירט ממש דעם סאָציאַלן זין פונעם גע־שאַפענעם, ווי צום ביישפיל, —

„...לעבן — דאָס איגאַנצן איז אַ מלחמה
צו דערהאַלטן דורך דעם אַנדערנס — אייגענע נשמה.

— — — — —

גוט באַטראַכט די וועלט און לייג צו מוח,
וועסטו זען, אַז דאָרט הערשט נאָר כוח;
אַז דער יענעם מאַכט דעם טויט,
פאַר דעם זינדיק שטיקל ברויט;
אז פון אויבן איז דער געזונטער
און דער שלאַפער איז דער אונטער.

---

נעצן וועבט די שפּין צו פאַנגען דאָרט די פליג.
קורץ, ס'איז אייביק נאָר מלחמות, שטרייט און קריג."

אַלזאָ: דער סאָציאַלער מאָטיוו ביי מענדעלען נעמט אָן א גאַנץ שאַרפן כאַראַקטער, אָבער דערהויבן צו דער שטופע פון א סאָציאַלער פילאָזאָפיע. געווים קאָן מען זיין „פּרק שירה" באַטראַכטן נאָר ווי אַן איבערזעצונג פון די אידישע תפלות, פונעם אידישן פּיוט, און ניט מער, אָבער מענדעלע האָט דערביי געהאַט אין אויסזיכט א טיפן און צילמעסיקן זין. ער איז ניט אויסן געווען אָנצורירן די רעליגיעזע געפילן פונעם אידישן מענטש, ער האָט אויך ניט געהאַט בדעה צו באַקעמפן די רעליגיע, ער איז רק אויסן געווען אויסצוטייטשן, אַז ס'זאָל ווירקן אויפן באַוואוסטזיין פונעם פּשוטן מענטש, אויף דער פאָלקסמאַסע. דעריבער זיינען זיינע „פּרק שירה" און „זמירות ישראל" א אינסטרואירנדיקער עלעמענט, צוגעפּירט צו אַן עטיש־סאָציאַלער עקספּרעסיע, ווי צוםביישפּיל:

„דאָס גליק פון א מענטש איז אין אים געווענדט,
איטלעכער מענטש עסט די פרוכט פון זיינע הענט,
ווי מיהאָט געזייט, אַזוי איז דאָס שניט,
די פייגן עסט דער, וואָס דעם בוים האָט געהיט."

ס'זיינען אַלץ עלעמענטן פון א סאָציאַל־פילאָזאָפישער מעדיטאַציע, און אויב פאַר יענע אָבסקוראַנטישע צייטן אינעם אידישן לעבן איז עס געווען אַבסאָלוטע אַפּיקורסות, איז נאָך געווען גרעסער די אַפּיקורסות אינעם ווילן און שטרעבונג צו ווענדן די בליקן פונעם אידישן מענטש צו דער נאַטור מיט אירע שיינקייטן, באַהעפטן דעם אידישן מענטש מיט איר, מיט דער נאַטור. פון איין זייט איז עס געווען א מין וועלן וועקן די עסטעטישע געפילן, און, פון דער צווייטער, שאַפן א אידישן „רוסאָיזם": דורך דער נאַטור־שיינקייט פאַראיידלען, פאַרפיינערן דעם אידישן מענטש און מיט דער הילף פון דער נאַטור אים דערציען און איינוואָרצלען אים אינעם סאָציאַל־עטישן.

מענדעלע האָט אַלעם באַטראַכט און געזען אויס א באַשטימטער צילמעסיקייט. יעדער שאַפונג, יעדעם וואָרט ווערט באַרעכטיקט נאָר דעמאָלט, ווען עס דינט דעם אמת און עס איז אויך דער ווערט פון דער שפּראַך. דורכן סאָציאַלן געווינט די שפּראַך אינהאַלט און פאָרעם און

שוין מיט זיין ערשטער דראַמע „די טאַקסע" האָט מענדעלע דעם געגעבן אַ תיקון. די דראַמע איז געווען אַ שאַרפע קריטיק קעגן דער באַנדע אומגע־בעטענע און אומגערופענע, זעלבסטגעקרוינטע בעלי־טובות און אַ פּראָטעסט קעגן אומרעכט און אומגערעכטיקייט. אין אַ געוויסן פּרט איז מענדע־לעס „טאַקסע" אַן אָנהויב פון אַ אידישער סאָציאָלאָגיע, אויף וויפל ער דעקט אויף די קאָנסטרוקציע פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אַ גע־וויסע ראָל שפּילן אויך די פּסיכאָלאָגישע עלעמענטן צום דעפינירן כאַ־ראַקטער פון פּערסאָנאַזשן און שוין די נעמען, וואָס מענדעלע גיט זיינע פּערסאָנאַזשן, שטרייכן אונטער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן און די געזעלשאַפטלעכע פונקציע פון די פּערסאָנאַזשן. אָט ווי מענדעלע באַ־צייכנט די טובי־העיר, וואָס שטעלן זיך פאָר אַלע פאַר בעלי־צדקות, „אָבער נאָר איבער אַ פרעמדער קעשענע": רב איציק וואָלף ספּאָדיק, ר' שמעיה תם, ר' משה בעל־תכלית, ר' יוסף מהיכי־תיתי, ר' אידעלע שטאַנדהאַפּט, אויף וועמען מען מורמלט, „אַז ער אזי געכאַפּט אין דער מעשה", דער באַל־טאַקסע הייסט ביי אים יאָסעלע שינדער, דער שטאָט־פּאָווערענע ראובן פּיאַווקין, גלאַט אַ שיינער איד, אַ קאָכלעפל הייסט ביי אים ר' אַהרן קנעכטבארג, דער קהלשער שתדלן איז ר' נתן פּרעסמאַן, אַ מענטש פון דער היינטיקער וועלט הייסט ר' שלמה וועקער, „אַ קרבן פאַר זיין ערלעכקייט" איז געקרוינט מיטן נאָמען ר' אייזיק זאיקע, דער מענטש וואָס ווייסט שוין צו זאָגן „אָבער אַבי נישט קיין צבועק. איך האָב ליב דעם אמת און שווינדלט מיט דער תורה". — אין אַזאַ שטייגער איז שוין די ערשטע דראַמע מענדעלעס אַן אויסגעשפּראָכענע סאָציאַלע סאַטירע, וואָס שטרייכט אונטער שאַרפע סאָציאַלע דיפערענצן און דיפע־רענצירונגען. פון איין זייט שטייען די בעלי־טובות, אויסן צו האַלטן דאָס פאָלק אין איגנאָראַנץ, ווייל ס'איז אַזוי גרינגער די מאַסע צו עקס־פּלואַטירן און אונטערדריקן. די רעליגיע הייבט אָן שפּילן דערביי אַ נע־גאַטיווע ראָל, ווייל זי ווערט אויסגענוצט ווי אַ מיטל צו אונטערדריקונג, פון דער צווייטער זייט ווידער רעכנט זיך אָפּ מענדעלע מיט די אויפ־געקלערטע מענטשן, וואָס גייען אַוועק אינגאַנצן פונעם אידישן לעבן, ווייל אין אַ פרעמדער וועלט איז דאָס לעבן באַקוועמער, הגם דיזעלבע זאָגן אויף טריט און שריט, אַז זיי טוען עס צוליב דער טובה וועגן פון אידישן פאָלק. מענדעלע שטעלט פאָר אַזאַ פּערסאָנאַזש אין דער פּערזאָן פון ר' גדליה פּיקהאָלץ, וואָס אויסערט זיך אין די ווייטערדיקע ווערטער:

„נישקשה, שלמה, איך בין אַ איד! איך שטאָלציר מיט דעם נאָמען איד און האָב ליב דעם כלל אידן, אַ סך בעסער, כילעבי, ווי דיינע היגע בעלי־טובות. איך האָב זייער גוט געוואוסט, אַז כל זמן אידן וועלן ביי זיך האָבן בעלי־טובות, וועט אונדזער איינער נישט קענען אויפהייבן דעם קאָפּ. עס וועט נאָר אומזיסט זיין די

מי צו פאַרבעסערן זייער צושטאַנד. די בעלי־טובות וועלן אַלצדינג גובר זיין און שטעלן אויף דאָס זייעריקע... געדענקסטו, שלמה, איך האָב דיר געזאָגט, בשעת איך בין געוואָרן אויס רב: איך וויל נישט ווירקן ביי אידן, האָב איך געזאָגט, וויל איך נישט ווירקן. און באַלד בין איך פון טונעיאַדעווקע גלייך אַוועקגעפאָרן אין דעם אוניווערזיטעט. איך בין איצט דאָקטער אין וואָיענעם האָספּיטאַל, איך נוץ איצט פאַר מיר, פאַר מיינע קראַנקע מענטשן נעבעך, און פאַר מיין טייער פאָטערלאַנד, מען האָט מיך ליב כאָטש איך בין אַ איד. הלוואי, שלמה, וואָלסטו דענסטמאָל געפאָלגט מיינע ווערטער און דיר נישט אַריינגענומען אין קאָפּ צו ווירקן ביי אידן, וואָלסטו היינט, נעבעך, אַזוי פיל ניט געליטן, נישט געווען אַזוי אָרעם. איך בין שוין געווען ביי דיר אין דער היים און אַלצדינג געזען!"

אונ ווייטער:

„נעם, שלמה, דיין פעקל אויף די פּלייצעס, אַ שטעקן אין דער האַנט, זאָג איך דיר נאָכאַמאָל. ביי אידן וועסטו גאָרנישט מאַכן. פאַר די דאָזיקע, וואָס דו נעמסט זיך אָן, די אַליין טאַקע וועלן דיר זיין שונאים. אידן שלעפּן אַליין אויף זיך אַרויף דעם דלות, דעם גלות...".

ס'קען מאַכן אַן איינדרוק, ווי ס'זאָל זיין מענדעלעס פּערזענלעכע אויסערונגען, ווי ס'זאָל זיין אַן אייגענע שטעלונג זיינע, — מענדעלע ברענגט עס נאָר ווי אַ פּסיכאָלאָגישן שטריך פון די השכלה־לייט, וואָס לאָזן זיך אויפן וועג צו דער אַסימילאַציע. זייער ציל איז ניט צו זיין און ניט דינען דעם פאָלק, נאָר גאָר צו דערווייטערן זיך פונעם פאָלק און גיין אין אַנדערע וועלטן. ער איז אויך אויסן געווען מיט דעם אונטערצושטרייכן, אַז אויב דער פאָלקס־מענטש און די פאָלקס־מאַסע ווערן עקספּלואַטירט פון די בעלי־טובות, קענען זיי אויך ניט האָבן קיינע האָפענונגען צו האָבן הילף מצד די פאַרשטענדיקע אינטעליגענטן און זייענע אָנגעוויזן נאָר אויף זיך אַליין, אויף אייגענע כוחות.

דער עיקר פון דער „טאַקסע" איז דער דעמאַסקירנדיקער כאַראַקטער. און יעדע דעמאַסקירונג מוז זיך סומך זיין אויפן רעאַליסטישן, רעאַליסטיש איז דער תוכן, רעאַליסטיש זיינען אויך די פּערסאָנאַזשן און דאָס צילמעסיקע פונעם שאַפן האָט מענדעלע געזען נאָר אינעם רעאַליסטישן. אויף אַזאַ שטייגער שילדערט ער דאָס בילד פון דער דעמאָלסטיקער אידישער ווירקלעכקייט אין זיין „פּישקע דער קרומער". פון איין זייט קומט דאָס אַלגעמיינע בילד פונעם אידישן דלות, און פון דער צווייטער, די פּערסאָנאַזשן, וואָס זיינען די טרעגער פונעם דלות, — זיי, די פּערסאָנאַזשן זיינען ביי אים דער צענטער און אין דער אייגענער צייט אויך די אילוסטראַציע. אין דעם פּרט איז מענדעלעס רעאַליזם א

פאַרשיידנאַרטיקער. פאַרן אַלגעמיינעם בילד באַנוצט ער דעם סאָציאַלן רעאַליזם. בעת צו די פּערסאָנאַזשן ווענדט ער אָן די פאָרעם פון אַ פּסיכאָלאָגישן רעאַליזם, אָבער די ביידע רעאַליזמען גייען ביי אים ניט סעפּאַראַט, נאָר דרינגען אַרויס איינער פונעם אַנדערן און דרינגען אַריין איינער אינעם צווייטן, — זיי זיינען זיך קעגנזייטיק ממלא. און ער דאַרף ניט אָנווענדן קיין באַזונדערע אויסדרוקן און ווערטער, אַז דאָס פּסיכאָלאָגישע זאָל ביי אים ווערן אַ בולטקייט, — די פאָלקס־שפּראַך גופא ליפערט אים פאַר דעם די גערעריקע אויסדרוקן און ווערטער. אָט נעמט מענדעלע אַזאַ פּשוטן אויסדרוק, ווי „בע" און באַנוצט זיך מיט אים פאָרצושטעלן פאַרשיידענע סיטואַציעס און אונטערשטרייכן פּסיכאָלאָגישע פאַרשיידנקייטן:

„בע" איז ביי אונדז אידן אַ טייער וואָרט, וואָס האָט זייער פיל טייטשן און איז אַ תּירוץ אויף אַלע קשיות. „בע" קען מען געברויכן אַלע צייט אין אַ שמועס און עס זאָל תּמיד פּאַסן. אַ איד קען מיט „בע" זיך תּמיד אויסדרייען, ווען ער איז נעבעך אין דער קלעם און שטייט שמאָל. מיט „בע" סילוקט אַ שווינדלער, אַן אָנזעצער, אַז די בעלי־חובות טרעטן צו מיט שטאַרקע טענות, „בע" קען מען אָפּענטפערן יענעם, וואָס דולט אַ קאָפּ צוויי שעה, נישט צו הערן נישט צו פאַרשטיין אפילו איין וואָרט פונעם גאַנצן שמועס. מיט „בע" קומט אָפּ אַ שיינער, צעבראָכענער איד, ווען ער דערלאַנגט שטילערהייט אַ ביס; אַ שיינע־מורנו, ווען ער טוט אָפּ אַ מיאוסע מעשה; אַ דימענטיק מענטשל אָן חכמות, ווען עס לאָזט זיך גאָר אויס, אַז ער איז געמלאכהט, האָט פיל פליי אין דער נאָז. הכלל: „בע" האָט אַלערליי טעמים, משונה ווילדע פּרושים, ווי אַ שטייגער: רוף מיך קנאַקניסל, לאָד מיך צום ונתנה תּוקף, מהיכי־תּיתי, קוממיות, געסמאַקע דיר פּאַרפּול און נאָך טייטשן אָן אַ צאָל, דאָס אידישע קעפּל שטויסט זיך תּמיד אָן, וואוהין דאָס וואָרט „בע" צילט און פאַרשטייט דעם רעכטן פּשט דערפון ווי עס פּאַסט צום ענין".

אין תּוך האָט מענדעלע ניט באַזונדערס מקפּיד געווען אויף סיטואַציעס און נאָך אַ קלענערע ראָל, ווי שוין געזאָגט, האָט ביי אים געשפּילט דער סיפּור־המעשה, — ער איז מער געווען דער פאַרצייכענער און באַשרייבער, ווי דער דערציילער, און צו דעם האָט ער צוגעפּאַסט די פאָרעם פון רעלאַציע און דיאַלאָג. די רעלאַציע פון „אָמר מענדעלע" איז געווען אַ מין אַריינפיר צו ווייטערקומענדיקן דיאַלאָג, ווען ער האָט באַטראַכט פאַר נייטיק אַוועקצושטעלן פּנים על פּנים צוויי פּערסאָנאַזשן און זיי לאָזן זיך אַראָפּרעדן פונעם האַרצן אָדער זיך אויסלאָדן פון זייערע קלעמענישן. עס איז אויך דער זין פונעם דיאַלאָג, וואָס מענדעלע גיט

איבער אין „פישקע דער קרומער" אין נאָמען פון ר' מענדעלען מיט אַלטער יכנהז. אין תוך איז עס גאָר אַ מין דיאַלאָגיזירטער מאָנאָלאָג, און פּאָר מענדעלען איז שוין גאָרניט אַזוי וויכטיק דער דיאַלאָג גופא, ווי דער אַריינפיר צו אים. מענדעלע טוט עס צוליב צוויי טעמים. ערשטנס, צום שאַפן אַ באַגלייטונג־סיטואַציע צום דיאַלאָג, — צום מפורש זיין וואָס אַזעלכעס איז געשען וואָס ס'האָט גורם געווען צו אַ דיאַלאָג, און צווייטנס, צום קענען געבן דעם פּאָרטרעט פונעם פּערסאָנאַזש. אָט ווי מענדעלע הייבט אָן די באַגלייטונג־סיטואַציע:

„איך שמייס זיין פערדל, ער, אויספּלאָנטערנדיק זיך, לויפט און שמייסט מיין פערדל, ביידע פערדלעך שטעלן זיך דיבאָם און מיר, שטאַרק אָנגעצונדן, לאָזן איינער צו דעם אַנדערן זיך העגדום־פענדום, ווי די העגער, מיט דער דעה אָנצונעמען זיך פאַר די פּאות, אַקעגן אַ הגע שטייען מיר שטיל, שאַרף אָנקוקנדיק איינער דעם אַנ־דערן. עס האָט געמוזט זיך אויסזען משונה ווילד, האָבן דעם זיבעטן חן: צוויי אידישע גיבורים אין טלית און תפילין שטייען אָנגע־דרודלט, גרייט צו באַווייזן זייער גבורה און זיך פּאַטשן אויפן פרייען פעלד, ווי אין אַ בית־המדרש להבדיל... אַזעלכעס האָט מען געמעגט באמת אויף חידושים גיין זען. מיר שטייען, קוקן און אָט באַדאַרף שוין פליען הייסע פעטש, פּלוצים שפּרינגען מיר איינער פונעם אַנדערן אויף עטלעכע טריט אָפּ און לאָזן ביידע שטאַרק פאַרוואונדערט אין איין קול אַרויס: אוי, ר' אַלטער!... אוי, אוי, ר' מענדעלע!..."

און דער פּאָרטרעט פונעם פּערסאָנאַזש?

„אַלטער יכנהז איז אַ נידעריק אידל, אַ געשפּיקעוועטער מיט אַ דיק בייכל. זיין פּנים איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוציק־געלע האָר פון וועלכע סיאיז דאָ גענוג אויף פּאות, אויף אַ באָרד און אויף וואָנצעס, אי פאַר זיך, ווי נאָך אויף עטלעכע אידן צו באַ־טיילן. אין דעם ים האָר ליגט אַ וויספּע — אַ ברייטע, פליישיקע נאָז, וואָס איז דאָס רוב יאָר פאַרלייגט אָן שום התמונות".

מענדעלע באַנוצט זיך זייער אָפט מיט אַזעלכע פאָרמען, ווייל עס גיט אים די מעגלעכקייט צו דערציילן און באַשרייבן דאָס געשעענדיקע. אין „פישקע דער קרומער" איז ער אויסן צו דערציילן און באַשרייבן דעם אידישן דלות, מענדעלע שאַפט דערביי די אידעע און רעאַליטעט פון דער „אידישער טאָרבע", ווי דעם סימבאָל פון דער אידישער עקאָ־נאָמישער ווירקלעכקייט און ברענגט עס אַרויס דורך עפּיזאָדן־סיטואַ־ציעס, ווי דורך זיינע פּערסאָנאַזשן־פּאָרטרעטן: ער בינדט דאָס פיגוראַ־טיווע מיטן רעאַליסטישן און שאַפט אַן אַזוי גערופענע סימבאָל־רעאַ־ליטעט.

אין „פישקע דער קרומער" באַווייזט מענדעלע די אידישע סביבה, פאָרשטעלנדיק זי ניט נאָר אין אירע פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן, נאָר אויך אין איר סאָציאַלן און עקאָנאָמישן אויסזען. אין רוב קומען אינעם ווערק צום אויסדרוק פּערסאָנאַזשן־יחידים, אָבער מענדעלע שטעלט זיי פאָר אַזוי, אַז זיי ווערן דער רעפלעקס פונעם כּללישן, — זיי פּערזאָני־פיצירן דעם כּלל אין דער עקספּרעסיע פונעם יחיד־פּערסאָנאַזש. אויסער דעם איז מענדעלע אויך אויסן געווען צו דעמאָנסטרירן, אַז מ'האָט ארויפגעצוואונגען דאָס אַמאָרפישע אויף דער אידישער מאַסע. בעת אין תוך פאַרמאָגט זי גאָר אַ גוואַלדיקע דינאַמיק, זי איז ביז גאָר באַוועג־לעך, ס'איז נאָר אַ פּראָבלעם אויף וואָס די מאַסע פאַרטאַכליעוועט איר ענערגיע. און ס'איז גאָרניט קיין וואונדער וואָס מענדעלע האָט געזען אין דער אידישער פאָלקס־מאַסע אַ גוואַלדיקע פּאָטענציאַליטעט, ממש אַן אוצר. אָט דערציילט פישקע וועגן זיין צוזאַמענטרעפן זיך מיט דער האָרבאַטער מויד און וועגן זייער קעגנזייטיקער ליבע, — ס'איז אַן אי־דיליע פון ליבע ביי דער אידישער אָרעמקייט און מענדעלע שטרייכט אונטער ווי איידל און ווי פיין ס'איז דאָס פילן און דענקען, די נשמה־דיקייט און טיפע הומאַניטעט פונעם אידישן פאָלקס־ און מאַסן־מענטש. און דער אידישער פאָלקס־מענטש בויט זיין ליבע נאָר אויפן הומאַנישן, אויף גוטסקייט. ווי דערציילט דען פישקע וועגן זיין באַציאונג צו דער האָרבאַטער?

„וואָס הייסט! — זאָגט פישקע שטאַרק אויפגעבראַכט, — ווער רעדט ביי אַ אידישער טאָכטער וועגן שיינקייט! אַז זי איז שיין איז זי פאַר זיך שיין, וועמען גייט עס אָניעט? די האָרבאַטע איז אמת טאַקע גאָרנישט קיין מיאוסע, אַ פּנים, אַ קאָפּ מיט האָר מלא חן, אויגן אַ פּאָר האָט זי, נאָר בריליאַנטן. נאָר וואָס וואָלט מיר דען אַלצדינג אָנגעגאַנגען?... עפּעס אַ שאָלטיק בין איך, אינ־זינען צו האָבן אַזעלכע זאַכן, נאָכצולויפן שיינע נקבות?... נאַ־רישקייטן!... מיר האָט גענומען איר גוטסקייט, איר גוטסקייט, דאָס רחמנות האָבן אירס אויף מיר, ווי אַ שוועסטער. און ווידער צוריק, דאָס רחמנות האָבן מיינס אויף איר, ווי אַ ברודער אין דער נויט, — אָט וואָס!..."

אין דער פאָרעם איז „פישקע דער קרומער" אַ גרויסער מאָנאָלאָג, דורכגעשניטן ערטערווייז מיט רעפליק־דיאַלאָגן. עס איז דערהויפּט מענ־דעלעס סטיל און אין עצם איז „פישקע דער קרומער", אַ נאַראַטיוו וואו אין דערציילן דרינגט אַרויס פונעם אַנדערן, אַ מין סאָציאָלאָגישער שטו־דיום פאַרגעשטעלט אין אַ בעלעטריסטישער פאָרעם, — מענדעלע באַ־רירט אינעם ווערק פאַרשיידענע פּראָבלעמען, אַרויסגעבראַכט דורך אַ פּערסאָנאַזש, וואָס איז דער בינדער און צענטער פון די אַלע באַרירטע

פּראָבלעמען, — פּסיכאָלאָגישע, סאָציאַלע און אויך עקאָנאָמישע, — מענדעלע טיילט ניט אָפּ איין פּראָבלעם פונעם אַנדערן, נאָר ער ווייזט די פּראָבלעמען אין זייער געבונדנקייט און פאַרבינדלעכקייט, איינראַמענ־דיק די אַלע פּראָבלעמען אין אַ ספּעציפישער דעפיניציע, וואָס הייסט ביי אים „די אידישע טאָרבע". און עס איז געוועזן געגוג די קורצע דעפיניציע און שטריך, אַז מענדעלע זאָל מיט דעם געבן דעם עיקר, אידעע און רעאַליטעט פונעם אידישן זיין און לעבן אין אַ געוויסער עפּאָכע, פון דער עפּאָכע אין וועלכער ער אַליין האָט געלעבט און געווירקט.

* * *

„— רי אַלטער, סיאיז גוט ! רי אַלטער, סיאיז שיין ! עס ציט עפּעס ביי דער נשמה, עס רעדט עפּעס צום האַרצן ! גאָטס וועלטל איז שיין, גאָטס וועלטל לעבט ! עס ציט און גלוסט זיך אַריינוואַרפן זיך עפּעס אַהין, מיט הענט און מיט פיס".

אַזוי האָט אויך מענדעלע זיך אַריינגעוואָרפן אינעם אידישן לעבן. ער האָט באַטראַכט דאָס אידישע לעבן ווי אַ סאָציאַלע רעאַליטעט, וואָס דאַרף ערשט אַנטפּלעקט ווערן פאַר דער אייגענער, פאַר דער אידישער וועלט, פאַרגעשטעלט ווערן אין אַלע אירע אייגנשאַפטן און שטריכן. ס'איז געווען גאָר ניט קיין גרינגע און דאַנקענדיקע אויפגאַבע, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, שוין מחמת דעם אַליין, ווייל ס'האָט אויך נע־האַט ווירקונג און געבראַכט אים שאָדן אין פּערזענלעכן לעבן. דעריבער איז אויך צו פאַרשטיין די קריטישע מאָמענטן, וואָס ער האָט איבערלעבט און ניט איינמאָל דורכגעמאַכט נשמה־ און גייסט־קריזיסן. בעת איינעם פון אַזעלכע קריזיסן האָט מענדעלע זיך געהאַט געאויסערט:

„אויפהערן טראַכטן און דענקען, — נאָר פאַר מיר איז שוין אוממעגלעך. מיין מוח איז מיר באַגאָסן מיט בליי און מיין האַרץ פאַרוואַנדלט אין אַ שטיין !"

פּערזענלעכע איבערלעבונגען האָבן ניט איינמאָל אָוועקגעשטעלט מענדעלען פאַר די שווערסטע נסיונות, אָבער ניט ווייניק איז עס אויך געווען פאַרבונדן מיט זיין שאַפן. עס איז דערהויפּט פאַרשטענדלעך און נאַטירלעך פאַרן גאַנצן כאַראַקטער פון זיין שאַפן, טאָקע ווייל ער האָט זיך ניט באַפרידיקט מיטן אַרויסברענגען אַ סיפּור־המעשה, נאָר ער האָט געשטרעבט אויפצודעקן אַ תוך, און דאָס האָט אים באַאומרואיקט, אים געפירט צו זיין פאַרביטערטן מחשבותן וועגן דעם תכלית פונעם לעבן פון אַ פאָלק. מענדעלע האָט עס דעמאָנסטרירט דורך פּערסאָנאַזשן גע־נומענע דירעקט פונעם לעבן און יעדער איינער פון זיינע פּערסאָנאַזשן איז ביי אים געגאַנגען ניט ווי אַ יחיד־דערשיינונג, נאָר ווי דער פאַר־

קערפּערער פון דער גאַנצער פאָלקס־מאַסע, פּרעזענטירט ווי די „כנסת ישראל". און פּאַר מענדעלען האָט דער אויסדרוק „כנסת ישראל" געהאַט אַ צווייענדיקע באַדייטונג, — אַ רעאַליסטישן און אַ סימבאָלישן, — רעאַליסטיש ווי אַ קאָלעקטיווער כוח און סימבאָליש ווי אַ שעפערישע פּאָטענץ, און ווייל אַזוי באַטראַכט, האָט עס אויך באַווירקט זיין סטיל, וואָס איז אַ טיפּישע פאָרעם פון אַ פאַרוועלטלעכטער, מאָדערניזירטער מגידישקייט. פון דעם שטאַמט אויך זיין „אָמר מענדעלע" מיטן טראָפּ אויף איבערצייגנדיקייט און קאַטעגאָרישקייט.

* * *

לויטן נוסך איז מענדעלע אַ באַשרייבער, און, היות, ער האָט זיך געהאַלטן ביים סטיל פון „המביא דבר בשם אומרו", געפינט מען ביי אים סימנים אויך פון דראַמאַטישע קאָנפליקטן, דאָך ניט פון אַן אינדיווידועלן און ניט פון אַן אינדיווידואַליזירטן כאַראַקטער. מענדעלע האָט דערהויפּט אויסגעמיטן דאָס אינדיווידועלע. זיין עיקרדיקער אינטע־רעס איז געווען געווענדעט צום סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן פון דער פאָלקס־מאַסע. אין דעם פּרט קען מענדעלע אין פולן זין פון וואָרט באַטראַכט ווערן פאַרן שעפער פונעם סאָציאַלן רעאַליזם אין דער אידישער ליטעראַ־טור, און, איז דער בלי־ספקדיקער פאָרלויפער פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם אין דער געוועזענער סאָוועטיש־אידישער ליטעראַטור.

שוין ביז מענדעלען זיינען געמאַכט געוואָרן פּרואוון פאָרצושטעלן דעם אידישן מענטש און דאָס אידישע לעבן אין אַ ליכט פון סאָציאַלער זיניקייט, דאָך זיינען עס געווען נאָר אַבסטראַקטע פּרואוון. מענדעלע ווידער איז הוילע סאָציאַלער קאָנקרעט, — ער שטרייכט אונטער די קאָנ־קרעטע קאַטעגאָריע אין איר סאָציאַלער דיפערענצירטקייט. אידישע מעק־לערס, הענדלער, טענדלער, דער אידישער יאַריד־מענטש, אידישער אינ־טעליגענט אין זיין הילפסלאָזיקייט, דער אָנהייב פון אידישער נגידע־שאַפט און דער פּרצוף פונעם נגיד אין אַ באַשטימטער עפּאָכע, אין אומ־שטענדן פון אידישן פּרי־קאַפּיטאַליזם, — מענדעלע זעט שוין מיט אַ שאַרף אויג: די אַלע סאָציאַלע דיפערענצירטקייטן און טיילט פאַנאַנדער די אייגנשאַפטן, וואָס כאַראַקטעריזירן און באַשטימען דאָס סאָציאַלע בילד פונעם מיליע, פונעם פאָלק: די אייגנשאַפטן זיינען דאָס רעליגיעזע פון איין זייט, און פון דער צווייטער, דאָס עקאָנאָמישע, רעדוצירט צו אַ פּשוטן געיעג נאָך פּרנסה און שטרייכט אונטער, אַז גראָד ביי דער אידישער פאָלקס־מאַסע זיינען די ביידע אייגנשאַפטן געגאַנגען פאַרבינד־לעך צוזאַמען, ניט אָפּצוטיילן איינס פונעם צווייטן. אָט אין דעם פּראָ־צעס האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציפיש־אידישע מאַסן־מענטש־פּסיכאָלאָגיש־

קייט, וואָס האָט געלייגט אַ חותם אויפן גאַנצן אידישן פאָלקס־דאַזיין און לעבן.

* * *

ווי דער שטרענגער סאָציאַלער רעאַליסט האָט מענדעלע ניט אויס־געלאָזט קיין איין אַספּעקט פונעם אידישן לעבן. אַזוי אַרום האָט ער צווישן די פאַרשיידענע עלעמענטן, וואָס בילדן דעם סכום פון אַ פאָלקיש לעבן אַריינגענומען אויך דאָס עקאָנאָמישע, — ריכטיקער געזאָגט, דעם עקאָנאָמישן מצב פון דער „כנסת ישראל", נאַטירלעך, אָן דעם, אַז עס זאָל באַוויזן ווערן איר אַנטוויקלונג־פּראָצעס, ער האָט נאָר קאָנסטאַטירט אַ רעאַליטעט אין ווירקונג. ער האָט אויפגעדעקט די עקאָנאָמישע אייגנ־שאַפטן פון דער אידישער פאָלקס־מאַסע און עס געבונדן מיט די אַנדערע אייגנשאַפטן און עלעמענטן, — די סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגישע, ווייל ער באַטראַכט זיי ווי עלעמענטן פון איין אַלגעמיינער ווירקונג, ניט אָפּ־צוטיילן איין עלעמענט פונעם צווייטן. ער רעדוצירט דעם אידישן מענטש צו אַ שטופּע פון אַן איינזייטיקן „האָמאָ", אָבער דער „האָמאָ עקאָנאָמי־קוס" שפּילט ביי אים אַ באַשטימענדיקע ראָל. „אם אין קמח, אין תורה" און דער „אומבאַקאַנטער" פּאַראַפראַזירט עס אינעם „ווינטשפינגערל", זאָגנדיק „אידן דאַרפן האָבן ברויט, ניט קיין ספרים". אין אַ געוויסער הינזיכט איז עס אויך אַן ענטפער די אַלע, וואָס האָבן פאַר אַן עיקר גע־וואָלט מאַכן נאָר דאָס גייסטיקע, בעת מענדעלע האָט אָנגעוויזן, אַז דאָס מאַטעריעלע איז שוין גאָר אַ גרויסע וויכטיקייט, אַ נויטיקייט, פאַרבינדנ־דיק עס מיטן הומאַניטאַרן און עטישן, ווי ער פאָרמולירט עס אין זיין „די קליאַטשע":

„באַטראַכט זי אַליין, פאַר דיר שטייט אַ הונגעריקע, אַ פאַר־מאַטערטע קליאַטשע, וואָס זי דאַרף נייטיק אין לעבן אַריין אַביסל מנוחה, אַ מעסטל האָבער, אַ בינטל היי, ווילסטו איר גאָר באַווייזן אַ „ה" אין סידור און אַלץ אויסדרינגען, ווי גוט, ווי שיין עס איז זיך אויסצולערנען קונצן".

נו, און איז דען מענדעלע געווען קעגן פאָלקס־בילדונג? די פאָלקס־בילדונג האָט ביי אים פאַרנומען אַ גאָר גרויסן אָרט, צוליב דעם זיין גאַנצער קאַמף, אויס דעם האָט ער אַזוי שאַרף געשטורעמט די תקיפים און זייערע יוצרי־משרתים, וואָס זיינען אויסן געווען צו האַלטן דאָס פאָלק אין אומוויסנקייט, — מענדעלע האָט נאָר רעוואָלטירט קעגן אַ גע־וויסן מין ספרים, — „געגנוג, כ'לעבן סליחות", — ווי ס'זאָגט זיין אומ־באַקאַנטער אין „ווינטשפינגערל":

„חלילה, נישט אייערע דאָזיקע ספרים מיין איך; יענע מיין איך, יענע, וואָס אַלץ מיט שטראָף־ווערטער, מיט עצות און אַ גע־פילדער: פע, הבלים! פע, אָפּגעלאָזטקייט! גוואַלד, בילדונג!"

מענדעלע האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט, אַז פּונקט ווי מ׳שטעלט די פראַגע וועגן אַ אידישער בילדונג, וועגן בילדן די פאָלקס־מאַסע, אַזוי דאַרף אויך אוועקגעשטעלט ווערן דאָס עקאָנאָמישע פּראָבלעם. ווען מענ־דעלע האָט אָנגעוויזן אויף דער סאָציאַלער דיפערענצירטקייט פון דער אידישער מאַסע, ווען ער האָט אויס־עטיילט אירע סאָציאַלע קאַטעגאָ־ריעס, האָט ער עס געטאָן נאָך גלאַט אַזוי, נאָר „לשם דבר", — אָנצו־ווייזן אויפן כאַראַקטער פון די אידישע פרנסות, אויף דער נעבעכדיקייט פונעם עקאָנאָמישן מצב. אויך איז ער אויסן געווען צו באַווייזן, אַז דער אידישער פאָלקס־מענטש איז גאָרניט אַזאַ טויגעניכטס און איז שוין גאָרניט קיין פּאַראַזיט, ווי ס׳האָבן אים געשטעמפּלט אַ געוויסער שיכט משכּילים, ווי אויך אַ געוויסע ריכטונג ביי די אומות־העולם, — די ווירקונג קומט סיי פון אויסערלעכע פאַקטאָרן, סיי פון אינערלעכע פאַק־טאָרן און זאָלן נאָר באַזייטיקט ווערן די אַלע שטרויכלונגען, ווי דער גאַנצער מצב פון דער אידישער פאָלקס־מאַסע וועט זיך ענדערן. דערביי־בער האָט ער געפאָדערט, אַז מ׳זאָל לכתחילה אָנהייבן מיטן עקאָנאָמישן און דעמאָלט וועט די בילדונג שוין ווערן אַ נאַטירלעכער פּועל־יוצא. אין דעם פרט איז „די קליאַטשע" פון איין זייט אַ מין עקסקורס אין דער אידישער געשיכטע, אַרויס־עבראַכט און פאָרגעשטעלט אין אַ מענ־דעלע־נוסח, און פון דער צווייטער אַ ריכטיקער דאָקומענטאַרישער באַ־שולדיקונגס־אַקט סיי קעגן די אונטערדריקער פון אינעווייניק, סיי קעגן די שונאים פון דרויסן און „די קליאַטשע" טרעט אַרויס דערביי ווי דער באַשולדיקער, צוריקווייזנדיק די אַלע טענות, וואָס מ׳רוקט אַרויס קעגן איר:

„קיין טאַנץ גייט ניט פאַר עסן! — האָט געענטפערט אויף דעם „די קליאַטשע": וואָס פאַר אַ שייבות, איך בעט אייך, האָט עסן און די נויטיקע באַדערפעניש מיט בילדונג? מיט וואָס פאַר אַ יושר קאָן מען יענעם נישט לאָזן עסן, עטעמען פריי, סיידן ביז ער וועט זיך אויסלערנען עפּעס קונצן? איטלעכס באַשעפעניש, וואָס ווערט געבוירן, איז קודם־כל אַ לעבעדיקע זאַך, פאַרזאָרגט פון דער נאַטור מיט אַלע חושים, מיט אַלע אברים, טאַקע נאָר פון זיי־נעטוועגן, בכדי דורך זיי צו באַקומען אַלצדניג, וואָס עס באַדאַרף נויטיק צו האָבן צום לעבן א. אַ. וו." . . .

דורך וואָרט האָט מענדעלע אַרויסגעבראַכט דאָס, וואָס דער מאַסן־מענטש האָט געפילט, וואָס ער האָט געהאַט אויפן האַרץ. מענדעלע גופא האָט גערעדט פאַרן מאַסן־מענטש, ווייל דעם מאַסן־מענטש האָט נאָך

געפעלט די שפּראַך צום קענען דערציילן און פאָרמולירן זיין פּילן און אַזוי אַרום איז מענדעלע געוואָרן דער ריכטיקער פירשפּרעכער פון דער אידישער פאָלקס־מאַסע און פונעם אידישן פאָלקס־מענטש אין אַלגעמיין.

* * *

דער הויפּט־פּערסאָנאַזש אין מענדעלעס ווערק איז די אידישע פאָלקס־מאַסע, אָדער ווי ער האָט זי באַטיטלט די „כנסת ישראל", דאָך מיט אַזאַ באַטאָנונג ווערט נאָך ניט אַלעס געזאָגט און ניט אַלעס אויס־געשעפּט, — דורך דער פאָלקס־מאַסע האָט ער אויך געזען דעם יחיד אין אַלע זיינע פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן און אין זיין איינגעגלידערט זיין אינעם כלל. דורכן יחיד ווידער האָט ער אויפגעשטעלט דעם כאַראַק־טער פון דער קאָלעקטיווער, פון דער מאַסן־פּסיכאָלאָגיע, לויט וועלכער די מאַסע ווערט אָדער באַוואויגן צו טאַט, צו דינאַמישער אַנטוויקלונג, אָדער זי ווערט גאָר פאַראורטיילט אויף פּאַסיוויטעט און סטאַטישקייט. מענ־דעלע האָט געזען די אידישע פאָלקס־מאַסע אינעם אַספּעקט פון איר סטאַטישקייט און פּאַסיוויטעט, אָבער ער האָט זיך אויך געגעבן רעכע־נונג וועגן אירע פאַרבאָרגענע פּאָטענציעלע קרעפטן און אים איז געגאַנ־גען אינעם וועקן די כוחות פון דער פאָלקס־מאַסע, אויפדעקנדיק אין דער זעלבער צייט די שטערערישע כוחות, פאַראינטערעסירטע, אַז דער מאַסן־מענטש זאָל זיך ניט באַפרייען פון זיין סטאַטישקייט און אָנהייבן אַ פּראָצעס פון אַ דינאַמישער אַנטוויקלונג. ער האָט באַנומען די אידישע פאָלקס־מאַסע אין אַלע אירע אינערלעכע און אויסערלעכע אַספּעקטן, זי אָפּגעשאַצט אינעם ליכט פון אירע פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן און ניי־גונגען, אין איר גייסטיקן צושטאַנד, דעריבער האָט ער זי ניט פאָרגע־שטעלט אין דער פּערספּעקטיוו פון איר קינעטיקער עוואָלוציע, נאָר דווקא אין אַ שיין פון איר פאַרגאַנגענהייט און אינעם ליכט פון איר קענג־וואָרט און אַליך צוליבן היסטאָרישן זין פון שטאַמיקייט צו אַנטוויקלונג.

מענדעלע האָט אין אַלגעמיין ניט אָנגעוואָרפן קיינע פּערספּעקטיוון, ער האָט נאָר קאָנסטאַטירט פאַקטן און געגעבן דעם שליסל צו די פאַקטן. פאַרבונדן מיט דעם האָט ער אויך פאַרן עצם פון די פאַקטן געשאַפן זיינע אַן אייגענע פּסיכאָלאָגיש־כאַראַקטעריסטישע געאָגראַפיע: גלופּסק, קאַבצאַנסק און טונעיאַדעווקע זיינען די שטעט, גנילאָפּיאַטעווקע דער גרויסער ים אין דער פאָרשטעלונג פונעם מאַסן־מענטש. און אַלעס האָט געהאַט פאַר מענדעלען זיין באַדייטונג, יעדער אויסדרוק צילט אויף אַ באַשטימטער פּסיכאָלאָגישקייט, — נאַרישקייט, אָרעמקייט, גיפּטיקייט, — אַזעלכע זיינען די אייגנשאַפטן פון דער סביבה און ער איז אויסן גע־ווען אונטערצושטרייכן, אַז „אידעלעך לעבן אין גלופּסק מיט אַלע זייערע

אברים און חושים, געדאַנקען און איבערלבעונגען, ווי אַ וואָרעם אין כריין". די פאַנטאַזיע גייט ניט ווייטער פון גלופּסק און קאַבצאַנסק, ווייל עס פעלט די וויזיע און באַווייזט זיך יאָ עפּעס אַ וויזיע ביי איינעם אין גלופּסק, ביי עמעצן פון די קאַבצאַנסקער אָדער טונעיאַדעווקער, זעט זי אים אויס נאַריש, רייכט ניט ווייטער פון דער אייגענער נאָז, — הכלל, עס איז נאָר צום לאַכן. אָט דער אמת האָט באַוואויגן מענדעלען צו שאַפן זיין „מסעות בנימין השלישי" און מיט דעם ווערק איז מענדעלע אויסן געווען צו אַנטפּלעקן די וויזיע און השגות פונעם אידישן וואַוילגעלערנטן. בנימין השלישי איז אַ גאַנץ אַנדערער אין זיינע וויזיעס, ווי עס זיינען געווען די פאַרגאַנגענער זיינע אונטערן זעלבן נאָמען. מענדעלעס בנימין פאַרמאָגט אַ גאַנץ אַנדערע מענטאַליטעט. אָט ווי מענדעלע שטעלט פאָר זיין בנימין:

„מעגלעך איז, אין בנימינען איז געלעגן אַ ניצוץ פון אַ נוסע, נאָר דער ניצוץ וואָלט פאַרלאָשן געוואָרן, ווען די סיבות פון די מעשיות פון יענער צייט וואָלטן אים נישט אויפגעבלאָזן און ווען אַפילו דער ניצוץ וואָלט נישט פאַרלאָשן געוואָרן אינגאַנצן, וואָלט ער, ווען נישט די דאָזיקע סיבות אין יענער צייט, געהאַט אַזאַ קליי־נעם כוח, אַז פון בנימינען וואָלט מיט דער צייט אויסגעוואַקסן אַ וואַסערפירער, אָדער ווען פיל, אַ בעל־עגלה".

בנימין איז ניט קיין אָרגאַנישער, נאָר אַ צופעליקער פערסאָנאַזש און די פאָלקסמאַסע האָט ניט וואָס צו לערנען פון אים. אין דער פער־זאָן פון בנימינען זאָל מענדעלע ווי האָבן אויסן געווען צו באַווייזן, אַז עס איז ניט פאַראַן אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן, ווייל דער אידישער וואַוילקענעוודיקער, במקום צו ווענדן זיינע בליקן צו דער פאָלקסמאַסע און באַנעמען דאָס רעאַליסטישע פונעם לעבן, איז ער גאָר פאַרטיפט אין אַ מין מיטלאַלטערלעכן דענקען, וואָס איז ניט מער ווי אַ טויטע פאַרגאַנ־גענהייט, ער איז ניט עלול צו פירן צו וועלכע ס'איז פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, אנשטאט צו גיין פאָרויס וויל גאָר בנימין פון טונעיאַדעווקע מאַכן א נסיעה צוריק אין דער פאַרגאַנגענהייט. אינעם אידישן מיטלאַלטער איז אַנטשטאַנען די לעגענדע וועגן די רויטע אידעלעך, וועגן דעם טייך סמבטיון און בנימינס פאַנטאַזיע „רייכט" אויף אַזוי ווייט, אַז ער נעמט אָן די לעגענדע פאַר אַווירקלעכקייט און וויל דווקא קומען אהינצו צו די רויטע אידעלעך. מענדעלע, פאַרשטענדלעך, האָט עס געגומען סאַטי־ריש, און דורכן סאַטירישן שילדערט ער די טראַגיק און טראַגעדיע פו־נעם אידישן זיין, וואו די איינבילדונגען האָבן פאַרטונקלט דעם שכל־הישר און די פשוטע רעאַליטעט. מענדעלע איז אויך אויסן געווען צו זאָגן, אַז אפילו פאַרן אידישן אינטעליגענט האָט די גאַנצע רעאַליטעט זיך קאָנצענטרירט אויף גנילאָפּיאַטעווקע, לכן איז אויך ניט קיין וואונ־

דער, וואָס די וועלט פונעם אידישן פשוטן מענטש איז אויך ניט געווען קיין אַנדערע, ווי נאָר די פון גנילאָפּיאַטעווקע... אַזוי אַרום איז ניט פאַראַן קיין גרויסער אונטערשייד צווישן בנימין השלישי און סענדערל די אידענע, פונדעסטוועגן פאַרמאָגט סענדערל מער לאָגיק ווי בנימ׳ן, ווייל סענדערל לערנט פונעם פּראַקטישן לעבן, בעת בנימין איז נאָר דער אַריינקוקער אין די ספרים. און מעגלעך, אַז מענדעלע איז אויך אויסן געווען אָנצואווייזן, אַז בנימין און סענדערל זיינען איינער און דער־זעלבער פּערסאָנאַזש, פאַרגעשטעלט אין די צוויי נאַטירלעכע אַספּעקטן פונעם מענטש, — אינעם רוחניותדיקן און גשמיותדיקן, — און צווישן איינעם און צווייטן אַספּעקט איז דאָך פאַראַן אַ גרויסע דיסטאַנץ.

אָפּטמאָל וויל מען מענדעלעס „מסעות בנימין השלישי" אָפּקומען מיט אַ שיע־פּיע: אָט איז מענדעלע באַאיינפלוסט געוואָרן פון סערוואַנ־טעסעס „דאָן קיכאָט" און אויף דעם יסוד געשאַפן אַ אידישן דאָן־קי־כאָט און אַ אידישן סאַנטשאָ־פּאַנסאַ. מ׳צווייפלט ניט, אַז מענדעלע האָט געקענט סערוואַנטעסעס ווערק, געוויס האָט ער אויך געקענט די געשיכטע פונעם באַראָן פאָן מינכהאַוזען, אָבער רעדוצירן מענדעלעס „מסעות בנימין השלישי" נאָר צו אַ דאָן־קיכאָט־געשיכטע, הייסט גיין אויפן וועג פון אַ קלענסטן ווידערשטאַנד. טאַקע ווייל מענדעלעס ווערק איז גאָר עפּעס אַנדערש, — עס האָט צו טאָן ניט נאָר מיט אידישער רעאַליטעט פון אַ באַשטימטער עפּאָכע, נאָר אויך מיט אידישער געשיכטע. אויב אין „פישקע דער קרומער" האָט מענדעלע געגעבן אידישע סאָציאָלאָגישע געשיכטע, ווי זי האָט אויסגעזען צום סוף פון נייצנטן יאָרהונדערט און אָנהייב צוואַנציקסטן. אויב אין דער „קליאַטשע" באַרירט ער טיילן פון דער אידישער געשיכטע, איז „מסעות בנימין השלישי" אַ בליק אין דער געשיכטע פונעם אידישן מיטלאַלטער, געזען מיט די אויגן און דורך די ברילן פון אַ דענקער, וואָס איז בראשו ורובו אַריינגעטאָן אין פאַרשטעלן דעם אידישן מענטש אין דער כאַראַקטעריסטיק פון זיין דאַזיין, געבן דעם סטיל פונעם אידישן מענטש און עס איז דער סטיל, וואָס דעטער־מינירט אויך דעם אינהאַלט, כאַראַקטער און באַשטאַנד, רעדוצירט צו דער אַזוי גערופענער „אידישער טאָרבע" מיט דער אַנערקענונג, אַז „כל ישראל איז איין גרויסער קבצן" ניט נאָר אינעם מאַטעריעלן, נאָר אויך אינעם גייסטיקן. פון איין זייט מוז דער אידישער מענטש מוותר זיין אויפן עולם־הזה, ווייל „דער יצר הרע פון עסן איז אַ מיעסע טבע", און ס׳האָט אויך אַ שייכות צום פּסיכאָלאָגישן און אפילו צום פּאָליטישן. מענדעלע האָט געזען מיט אָפענע אויגן די אידישע רעאַליטעט, ער האָט געלערנט און אַנאַליזירט אַלע אירע אייגנשאַפטן, אַלע אירע חסרונות, אָבער ער האָט אויך געוואוסט אָפּצושאַצן איר פּאָטענציעלן שעפערישן ווערט, און איז געקומען צום אויספיר: אַז די פּאָטענציעלע כוחות זאָלן ווערן

א יש און באקומען זייער ריכטיקן תיקון, מוז מען תחילת רעפּאָרמיר'ן דאָס אידישע לעבן, אָנהייבנדיק פונעם עקאָנאָמישן אין דער ערשטער ריי און געבן דער מאַסע איר פולשטענדיקע פרייהייט. דערביי איז מענ־דעלע געוואָרן דער פּאַרטיידיקער פונעם נאַטירלעכן רעכט, ווי ער באַ־טאָנט עס אין „די קליאַטשע":

„איטלעכס באַשעפעניש ווערט געבוירן, איז קודם כל אַ לעבע־דיקע זאַך, פאַרזאָרגט פון דער נאַטור מיט אלע חושים, מיט אלע אברים, טאַקע נאָר פון זיינעטוועגן, בכדי דורך זיי צו באַקומען אַלצדינג, וואָס עס באַדאַרף נייטיק האָבן צום לעבן."

אויף אַזאַ שטייגער געווינען מענדעלעס ווערק אַ געשיכטלעכן ווערט און זיינען זיך קעגנזייטיק ממלא אין זייערע געשיכטלעכע באַ־טראַכטונגען און אַנאַליזן. מענדעלעס דריי ווערק „די קליאַטשע", „מסעות בנימין השלישי" און „פישקע דער קרומער" זיינען אַן אריינ־בליק אין דריי סטאַדיעס פון דער אידישער געשיכטע, — אַלטער־טימלעכע, מיטלאַלטערלעכע און נייע, אַלע אין זייער טעזע און אנטיטעזע, אינעם ווייטערדיקן סינטעטיזירט אין זיינע ווערק „ווינטש־פינגערל" און „שלמה ר' חיימס", דערצו האָט יעדעס ווערק אויך איר באַזונדערע אידייע, — „פישקע דער קרומער" איז די אידייע און רעאַ־ליטעט פון דער „אידישער טאָרבע", „מסעות בנימין השלישי" זיינען די געשטאַלטן פונעם רעאַלן לעבן, וואו דער מדת הדין איז שטאַרקער פונעם מדת הרחמים און דער שלום זיינען דאָס „ווינטשפינגערל" און „שלמה ר' חיימס". אינעם ווינטשפינגערל" זעט מען שוין דעם אידישן מענטש אויף אַ העכערער עקאָנאָמישער מדרגה: דער אידישער מענטש אין זיין רוחניות און נשמה־לעבן. געשריבן אין דער פאָרם פון אַ ביאָ־גראַפיע פון אַ אידיש קינד הערשעלע, זינט זיין געבוירן ווערן. דרך אגב מאָלט שוין מענדעלע אויך די סביבה, מענטשן, געשעענישן בעת אין „שלמה ר' חיימס" קומט צום אויסדרוק אַ גרעסערע סאָציאַלע דיפערענ־צירונג, דורך דעם, וואָס מענדעלע פירט שוין אַריין אויך דעם אידישן בעל־מלאכה און מאַכט אויך אָנדייטן אויף דער עקזיסטענץ פונעם אי־דישן ארבעטער.

אין אויספיר איז מענדעלעס ווערק אַ ריכטיקע סאָציאָלאָגישע גע־שיכטע פון דער אידישע פאָלקסמאַסע, פון דער „כנסת ישראל" אין די פאַרשידענע אספּעקטן פון איר יש'עדיקייט. אָבער איבער דעם אַלעמען שטייט מענדעלע גופא, די אייגנאַרטיקע פיגור און גרויסע פערזענלעכ־קייט, — ער אַליין איז דער הויפּט־פערסאָנאַזש און די גרעסטע שאַפונג פון ש. י. אבראַמאָוויטש, פאַרוואַנדלט אין אַ מענדעלע מוכר ספרים, אין אַזאַ איינעם, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיט זיין בויד אויף אַ נסיעה איבער אַלע וועגן פון דער אידישער געשיכטלעכער זייענדיקייט. הגם

אויף אַ מאָגערן, אויסגעדאַרטן פערדל, אַן אמתע „קליאַטשע", איז ער דאָך דער אומפאַרגלייכלעכער אידעאַליסט, טאַקע אַ טרוימער, אָבער וואָס האָט ריכטיק באַנומען די רעאַליטעט, און מערקווירדיק ווי קרעפטיק עס איז געווען זיין גייסט און זיין שכלדיקייט, ווי ער האָט באַוויזן אַריינ־צואוועבן טרוים אין אַ רעאַליטעט און האָט געטרוימט וועגן אַ רעאַ־ליטעט, וואָס קען ווערן אַ העכסטער טרוים. ער, מענדעלע גופא, איז די זעלטענע דערשיינונג, און, זיין באַווייזן זיך אין דער אידישער שאַפונג און אין דער אידישער ליטעראַטור איז געווען אַ ריכטיקע אַוואַנטורע, אַ גיין קעגן אַ שטראָם מיטן ציל און ווילן און אָנשטרענגונג צו ענדערן די ריכטונג פונעם שטראָם און, ווייל אַזוי, האָט ער באַוויזן אויפצודעקן די רעאַליטעט פונעם אידישן לעבן, פאַרשטעלנדיק זי, אַז ס'איז גאָר „אויפן הימל אַ יאַריד", אַ רעאַליטעט פון אַ לעבן, וואָס מ'קען אַוועק־מאַכן מיט דער האַנט. און דאָס לעבן וועט גאָרניט פאַרלירן אויב מ'וועט עס לחלוטין מבטל מאַכן מיטן טיפּישן אידישן „עט". עס איז מענדע־לעס זאַכלעכער טאָן, זיין שאַרף־קריטישער בליק און ס'איז אויך די קראַפט און אייגנאַרטיקייט, וואָס מאַכט מענדעלען אומשטערבלעך אין דער אידישער ליטעראַטור, ווי אויך אין דער אידישער קולטור־היסטאָ־רישער אַנטוויקלונג. אין אַלע דורות פונעם אידישן ווייטערדיקן זיין וועט מען אַלע מאָל קענען פון מענדעלען עפּעס לערנען, ווייל זיין גרויסע עובדא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט באַוויזן צו סינטעטי־זירן און פאַרענדיקן אַ פילדורותדיקע אידישע קולטור־מסורה, וואָס איז אַדאַנק אים געוואָרן אַן אויסגאַנגספּונקט און אַ יסוד פון אַ נייער, מאָ־דערנער, פיל־פאַרצווייגטער, רייך־שעפערישער און טיף־דענקענדיקער אידישער אַנטוויקלונג.

— 1 —

# משה נאַדיר ברענגט אַריין דעם באָדלער־טאָן אין דער אידישער ליטעראַטור

אין א באזונדערם געלונגענעם קריטישן פעליעטאָן „ווי די ראָמאַנען־שרייבער שרייבן" האָט משה נאַדיר אַ פראַזע, וואָס מעג גענומען ווערן ווי אַ מאָטאָ צו זיין דיכטערישן און קריטיש־פובליציסטישן שאַפן. „מ'דאַרף", זאָגט ער, „קענען אויסטראַכטן — דעם אמת, ווייל דאָס לעבן אַליין פוילט זיך אַ ביסל". אָבער משה נאַדיר האָט נישט באַדאַרפט אויס־טראַכטן קיין אמתן, ווייל אַ פאַרליבטער אינעם לעבן, האָט ער געזען רק די ווירקלעכקייט, ווי זי איז און אראָפּרייסנדיק פון איר דעם קינסט־לעך־ארויפגעצויגענעם תכלת, האָט ער דאָס לעבן אַוועקגעשטעלט אין דער גאַנצער נאַקעטקייט, למראת עין פון אַלע ליכטן. משה נאַדיר האָט עס געטון בכיון, כדי צו צעשטערן די אַלע קרוינען און עסטעטיז־מען, וואָס מ'האָט אָנגעטשעפּעט אויפן לעבן, און ער האָט עס געטון ניט מחמת ער איז געווען דער פעסימיסט, אַן אַנטוישטער, נאָר ווייל ער איז געווען באַהערשט פון אַ דורכויסעדיקן ספּעציפישן נייעם גייסט, ניט פונעם קלאַסישן און ניט פונעם ראָמאַנטישן, נאָר גאָר פון אַ קריטיש־פּאָלעמישן. צו דעם נייעם גייסט איז ער געקומען דורך זיין אומגעהויער־רער ליבע צום לעבן, טאַקע דערפאַר האָט ער דאָס זעלבע לעבן געוואָלט זען ווי עס איז און ניט אין דעם קאָנווענציאָנעלן און שקרדיקן, אין וועלכן מ'וויל אָפּטמאָל עס האַלטן איינגעשלעפערט.

אין דעם פּרט איז משה נאַדיר, ענלעך ווי מאַנדעלע, געווען אַ גרוי־סער רעוואָלט אין דער אידישער ליטעראַטור, באַזונדערס אין דער אידי־שער קריטישער פּובליציסטיק, הגם אין זיין דיכטן איז ער מער פּובלי־ציסט און פעליעטאָניסט פונעם אַלטעגלעכן, ווי דיכטער און ליטעראַט. דאָך זיינען זיינע „ווילדע רויזן" געווען דער גרויסער דיסאָנאַנס, וואָס

האָט צעשטערט דעם באַלעבעסלדיקן שלום־בית אין דער אידישער ליטע־ראַטור און דעסגלייכן אין דער אידישער פּובליציסטיק, וואָס האָט זיך גע־האַלטן ביים פּרינציפּ פון אַ דאָגמאַטישער מאָראַלישקייט. גאַנץ ריכטיק האָט משה נאַדיר אָנגעוויזן אין זיין „מיין אַפּאָלאָגיע״:

„איך וויל נישט די פּאַרשייטע בלעטלעך זאָלן גלייכן ווערן פון זייער יונגע אומדערפאַרענע מיידלעך, בייזע קריטיקער, טיף־ערנסטע קולטור־טרעגער, מיין גוטע פרוי און אַ פּאָר צענדליק טויזנט אידישע מענטשן, וואָס האָבן צו ווילדע רויזן קיין ליבשאַפט נישט".

„מיינע געשיכטעס טרייסטן נישט.

דערהויבן נישט דעם גייסט—בין איך ניט מחויב קייַעס צו דערהויבן.

זיינען ניט באַלערנדיק—איך וויל ניט זיין באַלערנדיק.

גאַנץ אוממאָראַליש —

ווי דאָס לעבן".

אַזעלכע ווערטער זיינען נישט קיין אַפּאָלאָגיע, נאָר רעאַליטעט־פילאָזאָפיע, מיט וועלכער משה נאַדיר האָט דורכגעדרונגען אַלע דער־שיינונגען פונעם לעבן אויף דעם זעלבן אופן, ווי ס'האָט עס געטון דער פראַנצויזישער שאַרל באָדלער מיט זיינע „בלומען פון שלעכטס״ און „קליינע פּאָעמען אין פּראָזע״. עס איז פאַראַן אַ זייד־פּאָדעם, -וואָס פאַרבינדט משה נאַדירן מיט שאַרל באָדלערן, דאָך איז פאַראַן אַן אונ־טערשייד צווישן דעם גרויסן פראַנצויזישן גייסט פונעם בירגערלעכן ווי־דערשפּעניקער און משה נאַדיר דעם רעוואָלטירער אין דער אידישער לי־טעראַטור און שפּראַך־געברויך: שאַרל באָדלער איז אין זיין דיכטונג דורכווים דער סאַרקאַסטישער סקעפּטיקער, בעת משה נאַדיר האָט צוריק־געוויזן יעדן סקעפּטיציזם און זיך באַנוצט מיט דער שאַרפסטער סאַ־טירע, און די סאַטירע האָט אים געדינט אַרויסצוברענגען די ריכטיקע רעליעפן פונעם לעבן און ווירקלעכקייט.

משה נאַדיר האָט רעוואָלטירט קעגן דער ספּעציפישער הייליקייט, אין וועלכער מ'האָט געוואָלט איינוויקלען די מאָראַל פונעם לעבן, — דערפאַר טאַקע האָט ער דאָס זעלבע לעבן באַוויזן דורך אַ קרומען שפּיגל פון דער געגעבענער רעאַליטעט. אין הינטערגרונט אַ קרומער שפּיגל און קעגן דעם קרומען שפּיגל אַ שאַרף־באַלייכטנדיקער פּראָזשעקטאָר,—ערשט דעמאָלט שאַפט זיך אַ ריכטיקע ליכט־קאָמבינאַציע, וואָס אַנטפּלעקט אַז די מידות פונעם לעבן זיינען גאָרנישט אַזוי שיין. דאָך איז ער ניט אויסן צו טרייבן רכילות און באַרעדן דאָס לעבן, — ער האָט נאָר געוואָלט באַ־וויזן, וויאַזוי דער מענטש גופא האָט קאָרומפּירט דאָס לעבן, און נאָר, ווייל דער מענטש וויל נישט זיין פריי, ווי די נאַטור אַליין האָט אים גע־באָטן. דאָס לעבן אַליין גיט גאָרנישט, נאָר דער מענטש דאַרף עס קענען נעמען און געבן דעם אַ געשטאַלט. דער מענטש איז דער שעפער פונעם

לעבן, אָבער אָנשטאָט צו באַשאַפן עס אין שיינקייט, האָט ער גאָר עס פאַרקריפּלט און געמאַכט פון דעם אַ פאַרזעעניש. דאָס הויפּטזעכלעכע, וואָס דאַרף הערשן אין לעבן און באַהערשן דעם מענטשן, איז די ליבע, די ליבע איז דער אויסדרוק פון אמת, אָבער וואָס האָט דער מענטש פון דעם געמאַכט? דער מענטש האָט אויסגעטראַכט די פרייע ליבע, — איז וואָס? פרייע ליבע האָט באַדאַרפט ווערן די פאָלקאָמענהייט פון געשלעכט־באַציאונג קעגן דעם קריפּלדיקן פאַמיליע־לעבן, באַפרייען אפשר דאָס פאַרהייראַטע לעבן פונעם צביעותדיקן און איבערהויפּט פון די אַזוי גערופענע בירגערלעכע דערנער, אָבער אין תוך?

„אַ געזעצלעך ווייב קענסטו אָפּגטן, אָבער וואוהין ווסטו אַנטלויפן פון דער פרייער ליבע?"

אָט דאָס גיט שוין אויך אַ געלעגנהייט צו כאַפּן אַ שמועס וועגן דער אַזוי גערופענער בירגערלעכער מאָראַל און נאָך מער וועגן דער מאָראַל פונעם פאַרהייראַטן לעבן. פאַרן בירגערלעכן מאָראַליסט וועט עס קלינגען ווי אַ חלול, ווי אַ פאַרשוועכונג פון די הייליקסטע טראַדיציעס, ווייל משה נאַדיר געפינט נישט פאַר דעם קיין אַנדער דעפיניציע, ווי נאָר הוזק, אָבער ס'איז דער חוזק וואָס אַנטפּלעקט אַבסאָלוטע אמתן.

און נישט צופעליק האָט משה נאַדיר אָנגעהויבן מיטן פאַמיליע־לעבן און פרייע ליבע, — ס'זיינען די צוויי זיילן, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די בירגערלעכע געזעלשאַפט, דאָס ערשטע איז די מאָראַל אַליין און דאָס צווייטע איז איר כנגד, אויף אַזאַ שטאַנדפּונקט קען דער שרייבער אָנגיין מיט זיין וויטערדיקער קריטיק וועגן אַלע אַנדערע דערשיינונגען, פאַרבונדענע, און וואָס שטראָמען ארויס פון דער מענטש־באַציאונג צום לעבן. צוגעפּאַסט צו דעם האָט משה נאַדיר אָנגעווענדט אין זיינע „ווילדע רויזן" די פאָרם פון דער קליינער פּאָעמע אין פּראָזע, ווייל אין אַזאַ קאָנצענטרירטקייט האָט ער געקאָנט בולטער ארויסברענגען סינטעזירטע שטימונג און בילד, אַריינוועבנדיק דאָס סענטענציעלע און סאָציאַלן אויספיר. צום ביישפּיל: דער מענטש צינדט זיך אָן מיט גוטסקייט און באַרמהאַרציקייט, ווען ער זעט אַ בעטלער. ער שענקט דעם בעטלער אַ נדבה, אָבער, —

„געבן וויפל דו קענסט איז קיין קונץ ניט. אַ קונץ איז געבן מער, ווי דו קענסט און נאָך אַ ביסל..."

משה נאַדיר איז דאָ מרמז נישט אויף די סבות, וואָס מאַכן דעם מענטש כלומרשט גוט, ער איז אויסן געווען צו אורמיילן ניט די מענטש־לעכע קמצנות, נאָר אונטערשטרייכן דעם כאַראַקטער פון דער אַזוי־גערופענער פילאַנטראָפּיע, וואָס איז גוט לשם מצוה אויפן חשבון פון אַנדערע:

„אָבער איך בין אַ פאַרדאַמט־געוויינלעכער, קרעפּטיקער קליינבירגער.

גיב איך דעם בלינדן קיין סענט ניט.
איך האָב אין דריערד!
דיטאָ אַלע דערנידעריקטע און באַליידיקטע".

אויב משה נאַדיר האָט זיך געפונען אונטער אַ געוויסן איינפלוס פון שאַרל באָדלער, האָט ער אויך נישט אויסגעמיטן באַווירקט צו ווערן פונעם פּאַרשייט־דיכטערישן עסטרייכער פּעטער אַלטענבערג, דאָך איז משה נאַדיר דורכויס געבליבן אָריגינעל, — ער איז געבליבן דורכויס אידיש און זיין גאַנצע סאַטירע איז אַרויסגעדרונגען פון דעם גייסטיק־אידישן, וואָס רעוואָלטירט קעגן דאָגמע און קאָנווענציאָנעלקייט, אויס דעם איז אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס משה נאַדיר האָט געצילט זיינע קוילן אויפן באַלעבעסלדיקן און צבועתדיקן. אויב שולד איז אַמאָראַ־ליש, איז אָבער נאָך מער אמאָראַליש די אויסגעטראַכטע אומשולד, ערשטנס, ווייל אומשולד איז אָרעם און צווייטנס, ווייל אומשולד איז גאָר פאַרדערבעריש:

„די ווייַנטרויבן זיינען צייטיק געוואָרן, זיך אָנגעצונדן אינעם הייסן שיין פון דער זון און זיך ממש געבעטן ביי מענטשן מ'זאָל אָנבייסן זייער אומשולד, אָבער מענטשן זיינען אָנשטענדיק, האָבן זיי דערפירט דערצו, אַז די טרויבן האָבן פון צופיל רייפקייט געגומען זויער ווערן, שימלען און פוילן.

„אַלזאָ —

„פירט דען די ערלעכקייט צו פּאָזיטיווע רעזולטאַטן?"

ס'מאַכט אַן איינדרוק ווי ס'זאָל זיין אַ גרינגשעצונג פון דער מענטש־לעכער מאָראַל און אָנשטענדיקייט, אָבער אין תוך איז עס אַן איבער־שאַצונג פון ווערטן, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט אין דער מענטשלע־כער געזעלשאַפט אונטער דער ווירקונג פון די בירגערלעכע פאָראור־טיילן. משה נאַדיר האָט עס גענומען אין אַן אַלגעמיינעם חוזק און עס אריבערגעטראָגן אויף אויפן יחיד. ערלעכקייט, אָנשטענדיקייט, — די טיפּישע דערפינדונגען און אויסטראַכטענישן פון דער באַלעבע־סלדיקער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס זאָלן באַרעכטיקן דאָס קאָנווענציאָ־נעלע, די מאָראַל־אינסטיטוטן און אייגנטום־שטרעבונגען, ארום וועלכע ס'אַנטשטייען שוין אויך די אַנדערע אייגנשאַפטן פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפטלעכקייט. וואָס איז דען דער אַזוי־גערופענער ראַפינירטער מענטש מיט אַ גוטן געשמאַק?

„האָט פיינט צייטונגען, קלאַסנקאַמף, קרעם דע מענטע, פּאָפּולאַרי־טעט און די גרויסע מאַסע.

„זי איז אַזוי אומדערטרעגלעך־באַנאַל".

„פאַרגיפטעט זיינען אַלע ברונימער פון וועלכע די מאַסע טרינקט, —

האָט ער זיך זיין אייגן גייסטיקן האַנטוך, זיין אייגן גייסטיק שטיקל זייף, זיין אייגן גייסטיק קעמעלע —
פאַר די גייסטיקע לייז".
דער ראַפינירטער מענטש מיטן גוטן געשמאַק, דער פיינשמעקער וועט קיינמאָל נישט מוחל זיין משה נאַדירן פאַר אַזאַ מוט און געוואַגט־קייט אַריינצוברענגען אינעם אידיש־רעדן און אין דער אידישער ליטעראַטור דעם שאַרפן אויסדרוק. דער פיינשמעקער וועט זיך דערביי פאַררויטלען און פאַרדעקן דאָס געזיכט, ווי אַ צנועותדיק מיידל, ווען צום ערשטן מאָל דעקט מען אויף איר ערוה, דער באַלעבעסלדיקער מענטש וועט זיך דערפילן שאָקירט, ווייל עס איז קעגן דער מאָראַל, קעגן דער אָנשטענדיקייט, וואָס דאַרף זיין איבערגעצויגן מיט זיידנס, מעג דאָס זיידנס זיין צעפּרעסן פון מאָל און שימל. משה נאַדיר האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן קעגן אַזאַ פאַרלענדנדיקער קריטיק און אָנשטאָט זיך צו צירן אינעם געקרייזלטן וואָרט, האָט ער גאָר אַריינגעבראַכט דעם טאַטזעכלעכן רעאַליזם פון שפּראַך און די שאַרפקייט פון וואָרט, נאָר דערפאַר האָט ער געקענט רעדן אָפנהערציק, אויסלייגן זיינע וואונטשן, —
„איך וועל איבערלאָזן מיין ביסל געלט — שאַ! אַן אידייע! איך וועל איבערלאָזן מיין געלט יענעם, וואָס וועט אַנטדעקן אַ מיטל, אַז די שיינע פּרויענברוסטן זאָלן ניט אַזוי שנעל פאַרלירן זייער רונדקייט און ניט אויסגעצויגן ווערן".
פּפוי! וועט זאָגן דער בירגערלעכער מענטש און דער בירגערלעכער ליטעראַרישער קריטיקער וועט שנאָרכן מיט דער גייסטיק־געקרויזטער נאָז, אָבער איז דאָס דען נישט אַ רעוואָלט קעגן דער ספּעציפישער עסטעטיק, מיט וועלכער מ'איז אויסן פאַרדעקן די מיאוסקייטן פונעם לעבן? אויך די עסטעטיק דאַרף זיין אַ רעאַליטעט, ענלעך ווי די עטיק דאַרף זיין אַ נאַטירלעכע, נישט קרעמפּירט אינעם מענטשלעך־גייסטיקן, און פון זייער סינטעז דאַרף אַרויסדרינגען דער געזעץ פון לעבן. דאָס לעבן דאַרף זיין די גרויסע רעאַליטעט, אָן שום פּאַטשערקעס, ווייל דאָס לעבן גופא פאַרמאָגט גענוג שיינקייט, אויב נאָר מ'פאַרקריפּלט עס נישט. אויב מ'פאַרמיסטיקט עס נאָר נישט. מיסט איז אפילו נוצלעך, אָבער נאָר ווען עס דינט פאַרן אָנזעטיקן דעם באָדן. נעמען דאָס לעבן פּשוט, ווי עס זעט אויס, ווי עס קומט, ווייל פון די שענסטע ליבעס־רייד און מעלאַנכאָלישע אויגן־זיפצן „וועט אונדזער שיין יונג לעבן" ווייטער נישט וואַקסן, ווייל, —
„ווייל...
„ווייל מידאַרף מיסט..."
און טאַקע דערפאַר:
„קום, געליבטע מיין, דאָס בעט איז אַזוי רייצנד ווייס. די ציכן אַזוי

שמעקעדיק און פריש געפּרעסט און די פּאָרהאַנגען נידריק אַראָפּגעצויגן.

„קום, געליבטע".

מיט איין שטריך לייזט משה נאַדיר דאָס געשלעכט־פּראָבלעם, ווייל ער קוקט אויף דעם מיט אָפענע אויגן און קלאָרן בליק. קעגן דער ווירקלעכקייט איז ניט פאַראַן וואָס זיך צו פאַררוּיטלען און אַז דאָס לעבן זאָל זיין פרוכטיק, דאַרף מען עס באַמיסטיקן, אָבער צו דעם קומט צו אַ צווייטער אמת: אינעם גרעסטן טייל פאַלן מאַכט מען פונעם לעבן גופא אַ גרויסן הויפן מיסט. דאָס לעבן האָט מען פאַרמיסטיקט, ווייל אַזוי האָבן די מענטשן געוואָלט, דעריבער איז נישט פאַראַן קיין אונטערשייד צווישן דעם פאַמיליע־הויז און דעם באָרדעל, צווישן דער גאַסנפרוי און דער אַזוי־גערופענער אָנשטענדיקער פרוי:

„די פרוי פון באָרדעל:

שאַצט איר אייגענעם אוצר ניט אָפּ. פאַרקויפט זיך פאַר לומפּיקע צען דאָלער אַ וואָך — אַן טרינקגעלט.

פירט אפילו קיין רעכנונג ניט.

די עקלהאַפטע הויזפרוי!

דאָס ערלעכע ווייב!"

„ווילדע רויזן" זיינען געווען דער רעוואָלט פונעם דיכטער משה נאַדיר קעגן דעם באַלעבעסלדיקן, קעגן דער קאָנווענציאָנעל־בירגערלעכער מאָראַל. ס'איז דער אָנגריף אויף דעם פיינשמעקערישן און דאָס באַנוצן דאָס קריטיש־שאַרפע וואָרט, באַגלייט מיט חוזק און סאַרקאַזם. משה נאַדיר גופא האָט דעם געגעבן די קלאָרסטע און ריכטיקסטע דעפיניציע:

„גאַנץ אייראָפּע טרינקט זיך אין בלוט, אונזער פאָלק שטייט אויפן שוועל פון אונטערגאַנג און משה נאַדיר וויל זיך מאַכן געלט און אַ גרויסן נאָמען דערמיט, וואָס ער עקספּלואַטירט די נידעריקע געפילן פון דער מאַסע...

„אַנו, מיינע הערן, האָט דעם מוט אויסצודריקן דאָסזעלבע אין אַן אַנדער פאָרם.

ס'איז דאָך דער אמת.

אנו!"

דער אידישער ליטעראַטור האָט געפעלט איר באַדלער, דער מענטש פונעם שאַרפן און אָפן־קלאָרן וואָרט. אין דער אידישער ליטעראַטור איז געווען הומאָר און סאַטירע, אָבער די סאַטירע האָט זיך באַצויגן אויף אַ פאַרגאַנגענהייט און נישט אויף דער איבערלעבנדיקער ווירקלעכקייט, עס האָט געפעלט דער סאָציאַלער סאַרקאַזם קעגן דעם באַלעבעסלדיקן און פאַרגליווערטן, קעגן דער עסטעטיק און מאָראַל פונעם צבועתדיקן און שקרדיקן. אין דער אידישער ליטעראַטור איז געווען פיל פרוכתדיקייט

און הדרת־פּנימדיקייט, — און ס'האָט געפּעלט דאָס שמייכלדיק־שטור־
מישע פונעם פּשוטן אלטאָג, — משה נאַדיר האָט באַגריפן אַזאַ עלע־
מענטאַרן אמת און ממש מיט ברכה און שפע געעפנט דעם די טיר
צו דער אידישער ליטעראַטור און לעבן.

— 2 —

# פונעם באָדלערישן צום סאָציאַלן

אויב משה נאַדיר איז נישט אַריינגעפאַלן אין די נעצן פונעם לי־
רישן און איז נישט געבליבן שטעקן אין די שפּינוועבסן פונעם פּאַר־
גייסטיקט־עסטעטישן, האָט דערביי געווירקט דאָס באָדלערישע, וואָס
איז אין תוך אַ סאָציאַלע קאַטעגאָריע. באָדלער, איז אַפילו ליריש
אין זיין סטיל, אָבער אין זיין אינהאַלט איז ער דורכויס סאָציאַל, און
סיי זיינע „בלומען פון שלעכטס", סיי זיינע „קליינע פּאָעמעס אין פּראָזע"
זיינען דורכגעוועבט מיט אַ ספּעציפישער ליריש־סאָציאַלער עסטעטיק,
אַ דאַנק וואָס זיי געווינען עטישע עכטקייט און אויפריכטיקייט. און
ענלעך אויך ביי משה נאַדיר. אין דעם פּרט האָט משה נאַדיר גע־
שפּילט אין דער אידישער ליטעראַטור די זעלבע ראָל, וואָס שאַרל באָד־
לער אין דער פראַנצויזישער. אין זיין ווערק „די ראָמאַנטישע קונסט"
אינעם טייל „ריכאַרד און טאַנהייזער" דריקט זיך באָדלער אויס: „איך
האָב שוין גענוג פון די דיכטער, וואָס ווערן געפירט פונעם הוילן אינס־
טינקט; איך האַלט זיי פאַר נישט פּאָלקאָמענע" און ס'איז דער טרעפלע־
כער אויסדרוק פון אַ דיכטער, וואָס באַגרייפט אָפּצושאַצן, אַז די וועלט
איז מיד פונעם דעקלאַמאַטאָרישן אין דער דיכטונג, פונעם פּאַרנאַסישן,
וואָס ווענדעט אָפּ די בליקן און אויפמערקזאַמקייט פון דער ווירקלעכ־
קייט, מאַכט פונעם דיכטער אַ הימל־קוקער, אַ ציילער פון שטערן און
אַ חלומער אין לבנה־נעכט. די עסטעטיקער פון דער אידישער ליטעראַ־
טור האָבן געוואָלט זען אין אַזאַ צושטאַנד די אידישער ליטעראַטור. דער
גרעסטער טייל פון דער עסטעטישער דיכטונג האָט זיך געטובלט אין ראָ־
מאַנטיזם און דער ראָמאַנטיזם גופא איז געווען ווייט פון דער רעאַלער
וועלט און האָט רק געבראָדיעט אין ווייסע ליילעכער צווישן שאָטנס פון
אַ שטומער נאַכט, און מיטאַמאָל האָט משה נאַדיר גאָר גענומען אָפּ־
צושפּרעכן אַ גוט אויג דער דיכטונג, ממש פאַר דער טשופּרינע האָט ער
גענומען דאָס פּאַרנאַסישע און פון די אָלימפּ־הויכקייטן אַראָפּגע־
שליידערט אין די טאָלן פון דער סאָציאַלער ווירקלעכקייט. די געוואַגט־
קייט האָט אַרויסגערופן אומצופרידנקייט, ווייל נישט נאָר ער האָט צע־
שטערט די רו פון די געטער, נאָר אויך אַראָפּגעריסן פון זיי דאָס געט־

לעבקייט־מאַנטעלע, אַזאַ טאַט האָט מען אים קיינמאָל נישט געוואָלט מוחל זיין, ענלעך טאַקע, ווי מ'האָלט נאָך היינט צו טאָג אין אַ געוויסן טייל פון דער פראַנצויזישער קריטיק, אַז באָדלער איז געווען אַן אומ־מאָראַלישער דיכטער.

משה נאַדיר איז געווען אַן ענטפער אויף אַ געוויסער רעאַקציע אין דער אידישער דיכטונג און ליטעראַטור, נאָך דעם, ווי אנשטאָט דער ווינ־טשעווסקי־באָווישאָווער־ און ראָזענפעלד־טראַדיציע, האָט דאָס אָרט אין דער אידישער דיכטונג פאַרנומען דאָס טראַנסצענדענטאַלע און מעטאַפי־זישע אָנשטאָט דעם סאָציאַלן, איבער אַלעם האָט געוויייעט דער גייסט פון אַ ספּעציפישער קליינשטעטלדיקער שבת־יום־טובדיקייט, — משה נאַ־דיר האָט דעם גדר געבראָכן און אָנגעוויזן אויף דעם ניי־סאָציאַלן, וואָס וועבט זיך אין אידישן לעבן נאָך דעם, ווי פונעם קליינשטעטלדיקן קלאָ־גער אין דער אַלטער היים איז דער איד גאָר געוואָרן דער מענטש פון דער גרויסער שטאָט. דער סאָציאַלער מאָטיוו, — דאָס איז דער גרונט־כאַראַק־טער פון משה נאַדירס שאַפן, אָבער באַקליידט אין אַ נייער פאָרם, אויס־שליסלעך זיין אַן אייגענע. ער איז דער שעפער פונעם דיכטעריש סאָציאַלן פעליעטאָן. אויך פאַר אים איז געווען דער פעליעטאָן, אָבער נאַדיר האָט געענדערט זיין כאַראַקטער, אריינגעבראַכט נייקייט פון פאָרם, סטיל, אינ־האַלט און וואָרט־אויסדרוק. זיין סאָציאַלער פעליעטאָן איז אין דער זעלבער צייט פּאָעמע, וואָס פאַרמאָגט אַ ספּעציפישן ליריש־ראָמאַנטישן טאָן און ס'איז די סיבה פאַרוואָס זיין פעליעטאָן איז געווען באַזונדערס ווירקנדיק.

אַדאַנק אַזאַ נייער פאָרם פונעם סאָציאַלן פעליעטאָן האָט משה נאַ־דיר געקאָנט שילדערן די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אויף אַ גאַנץ אייגנ־אַרטיקן אופן. צום ביישפּיל אַזאַ קליינע שילדערונג, וואָס איז אַ בילדל, אַ טאָג־פעליעטאָן, אָבער וואָס ווערט אויך אַ כאַראַקטעריסטישע און כאַ־ראַקטעריזירנדיקע סקיצע. אין אַ פעליעטאָן וואָס הייסט „בילדער פון פאַ־סעיק" דערציילט משה נאַדיר, פאַרוואָס אַ סלאָוואַק וויל נישט צושטיין צום אַלגעמיינעם שטרייק. דער סלאָוואַק איז אַ פאַרבער אין אַ טעקסטיל־פאַבריק און קען זיך בשום־אופן ניט אַנטשליסן צו סאָלידאַריזירן זיך מיט די שטרייקער פון זיין טעקסטיל־פאַך. משה נאַדיר שילדערט פאָלגנ־דיקע סצענע:

„חברילי", זאָג איך צו אים, אַז ער האָט שוין אַ ביסל באַרואיקט
זיין אַפּעטיט, פאַרוואָס ווילסטו ניט אַרויסגיין אין שטרייק?"
ער ענטפערט פראָסט און ערלעך:
— איך קאָן נישט!
פאַרוואָס קאָנסטו נישט, חברילי?
ווייל אַזוי.

—פאַרוואָס „ווייל אַזוי"?

—ווייל, פאַרשטייסטו, איך קאָן נישט... איך האָב ניט מיט וואָס..."

אַזאַ סצענע האָט פיל הומאָר, אָבער אין דערזעלבער צייט שילדערט עס אויף אַ טיף־פּסיכאָלאָגישן אופן דעם סאָציאַלן באוואוסטזיין פון אַן אַרבעטער, וואָס איז פון זיין אַלטער היים פאַרוואָרפן געוואָרן אין אַ נייעם ווינקל. דער סלאָוואַק דער אַרבעטער קען נישט אַרויס אין שטרייק, ווייל —

„איך קאָן נישט שטרייקן, ווייל איך האָב נישט קיין נייעם אָנצוג און קיין גאָלדענעם זייגער..."

פאַרן סלאָוואַקישן אַרבעטער איז דער שטרייק גאָר א מין יום־טוב, נאַטירלעך, אַן אַמעריקאַנישער יום־טוב, בעת וועלכן מ'דאַרף אויסזען, ווי אויף אַ פּאַראַד:

„—פריינטל, סיאיז אומזיסטע רייד. ביז איך וועל מיך נישט קאָנען איינשאַפן אַ נייעם אָנצוג, מיט אַ גאָלדענעם זייגער, וועל איך נישט שטרייקן. איך וויל נישט, מאַכט ער, מען זאָל פון מיר חוזק מאַכן. מילא, אין א פּראָסטן זונטיק, מאַכט ער, איז גענוג, ווי איך גיי... אָבער אויף אַ שטרייק, מאַכט ער, אַז מען קאָן זיך נישט אָנטון ווי מען דאַרף צו זיין, איז שוין בעסער גאָרנישט..."

אין איין שטריך איז דאָ אַרויסגעבראַכט די פּסיכאָלאָגיע פון אַ באַוואוסטזיין, וואָס פורעמט זיך אין די אומשטענדן פון א ספּעציפישער סאָציאַלער סביבה, אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. פּונקט ווי דער שפּרוך, אַז איין עבירה שלעפּט נאָך זיך אַ צווייטע, אַזוי מאַכט משה נאַדיר אַרויסדרינגען איין טעמע פון דער צווייטער און באַווייזט, ווי אַזוי עס בינדן זיך פאַרשיידענע סאָציאַלע ווירקלעכקייטן. דער סלאָוואַק, וואָס וויל נישט גיין אין שטרייק, ווייל עס פעלט אים אַ נייער אָנצוג און אַ גאָלדענער זייגער, איז אַן עפּיזאָד, וואָס כאַראַקטעריזירט די השגה פון אַ נישט־באַוואוסטזיניקן אַרבעטער, וועלכער באַגרייפט נישט די וויכטיקייט און תמצית פון אַ שטרייק, אָבער אַרום דעם וועבט זיך אַ צווייטע, גאָר אַן אַנדערע ווירקלעכקייט. אויב דער סלאָוואַק וויל נישט גיין אין שטרייק איז מיטן זעלבן שטרייק אויך אומצופרידן די אַקושאָרקע. דער שטרייק צעשטערט אַלע אירע פּלענער, צוליבן שטרייק וועט זי נישט קענען אַוועקפאָרן צו איר זון אין קליוולאַנד. אויך זי לעבט פון „קאָנניונקטור", און דער שטרייק צעשטערט אַלע אירע צוגרייטונגען: דער שטרייק קען צעדרייען אינגאַנצן דעם קימפּעט־חודש אין פּאַסעיק, —

„וואָרן, אַז מענער אַרבעטן נישט, ווייסט איר דאָך..."

איין סאָציאַלע פאַרהעלטעניש דרינגט אַרויס פון דער צווייטער, איין סאָציאַלע ווירקלעכקייט וויקלט זיך אַרויס פון דער אַנדערער, משה נאַדיר זאָל ווי אונטערשטרייכן אַז צווישן אַלע דערשיינונגען פונעם מענטש־

לעבן לעבן איז פאראן א באשטימטע פארבינדלעכקייט, אבער אנשטאט איינצואוויקלען עס אין א בייזן ערנסט, וועבט ער עס אדורך מיט הומאר און סאטירע, הגם ער מיידט קיינמאל נישט אויס דאס סאציאל־טענדענציעזע, וואס איז ביי אים אדער אן אריינפיר אדער סך־הכל פונעם געשילדערטן און דערציילטן:

„אודאי איז טרויעריק, ווען מענטשן אין גינגאלדן לאנד שלאגן זיך
פאר א גרעסער שטיקל ברויט. אבער אויך אין סאמע רעגן פון רויך
פאלט אמאל אריין א ביסל זון, וואס ליכטיקט אויף.
„מענטשן זיינען מענטשן. דאס איז זייער א סך!
„דאס ביסל הארץ, וואס א מענטש טראגט מיט זיך, האט שטענדיק זיינע קאפריזן. דאס גרינגע געמיט זיצט אויף דער הוידעלקע —
קעגן אלע וועלט־שווערקייטן, קעגן אלע סאציאלע מעסער־שטעכן".

דאס סענטענציעזע איז א כאראקטעריסטישער שטריך אין משה נאדירס שאפן און איז פארבונדן מיטן אונטערשטרייכן דאס סאציאלע, אויסגעדריקט נישט אבסטראקט, נאר אין א גאנץ קאנקרעטער קאטעגאריע אין א פארפיקסירטע טאט. דערביי האט ער נישט געשילדערט קיין טיפן, — אמווייניקסטן געפינט מען עס אין משה נאדירס שאפונגען, נאר ער האט גענומען דעם מענטש אין זיין סאציאל־פסיכאלאגישן דערשיינען אין א באשטימטן מיליע און אין געוויסע אומשטענדן. דער נאמען שפילט דא די קלענסטע ראל, און עס איז אויך נישט וויכטיק, דער עיקר איז די ווירקלעכקייט, וואס נעמט זין פארשיידענע פארמען און קאלירן, און פון דעם דרינגט שוין אויך ארויס דער קאנטראסט און דער מענטש־צוזאמענשטויס.

און וואס איז דער עיקר פונעם סאציאלן? דער עיקר איז ארויסצוברענגען די שארפע ליניע, וואס דארף ווירקן ווי א לעבעדיק בילד, אז עס זאל ווערן אומפארגעסלעך, ווייל ווערט א זאך אומפארגעסלעך, ווירקט זי אויפן שכל, אויפן געפיל און שוין דאס אליין איז פון א געוויסן פאזיטיוון נוץ. אט איז, צום ביישפיל, משה נאדירס א שילדערונג און אפשר גאר א כראניק „פרעמדע הויטן". משה נאדיר שילדערט א פוטערווארג ווארשטאט. — אונטער משה נאדירס שארף שכלדיקער פעדער ווערט עס א סימבאל פון דעם, וויאזוי מ'שינדט די הויט נישט נאר פון דער טויטער חיה, נאר עס איז מער א פאבריק, וואו מ'שינדט די הויט פונעם מענטשן, פונעם ארבעטער, וואס איז געצוואונגען צו פארקויפן זיין פיזישע קראפט פאר דער קלענסטער קלייניקייט, ווייל ער מוז אויפהאלטן זיין לעבנס־עקזיסטענץ. דאס אויך פונעם דיכטער לויפט אויף אלע זייטן. ער זעט דעם בעל־הבית, דעם ארבעטער, דעם קונה. דער ווארשטאט איז געגליכן צו א וואלד, אבער אנשטאט די ביימער, געפינט מען דא די מאשין מיט איר אייגנארטיקער מוזיק:

„די מאַשינען זינגען. דער שטויב פון די אויסגעקלאַפּטע פעל פאַר־נעפּלט דאָס געזאַנג. ס׳וויינען חיות און מענטשן. עס וויינט דער אומ־זין פונעם וועלט־באַשאַף, דאָס רשעות פון די טאַטן, וואָס רייצט אָן איין קינד אויפן אַנדערע, זיי זאָלן זיך קעגנזייטיק אויפפרעסן!"

מיט איין רעליעפן שטריך ווערט דאָ אַרויסגעבראַכט די סיבה און דער עצם פון קלאַסנקאַמף און ס׳גיט אויך אַ געלעגנהייט אַרויסצוברענ־גען דעם טראַנספאָרמאַציע־מאָמענט, וואָס פירט, אַז איינער דעם צווייטן זאָל פרעסן. אַלע מענטשן זיינען אויסגעוואַקסן אויף איין שוים און אויב עס קען געמאָלט זיין, אַז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט זאָל ווערן אַ פאַ־בריקאַנט, קען די אידעע ווערן אַ קאָרבן פון אַנדערע צילן און צוועקן:

„דער בעל־הבית: אַמאָל געווען, זאָגט מען, אַ שטיקל סאָציאַל־דעמאָקראַט, זיך באַוועגט קיילעכדיק, קיילעכדיק, קיילעכדיק, — ביז ער איז אַליין היפּש קיילעכדיק געוואָרן. הויט שינדן באַצאָלט זיך אַפּנים בעסער, ווי צו זיין אַן אידעאַליסט..."

און ווי אומעטום מאַכט משה נאַדיר אויך דאָ זיין סאָציאַלן אויס־פיר:

„שינדן הויט דאַרף מען קענען. מ׳דאַרף צוערשט קאָנען כאַפּן, גיין איבער די וועלדער, שטעלן סילעבן אין געפאַר".

„סאָציאַל־דעמאָקראַטן טוען עס נישט. זיי לאָזן אַנדערע כאַפּן. שינדן. אַליין איבט מען זיך אויף אויסציען פעל".

דאָס לעצטע איז אַ דרך־אַגבדיקע באַמערקונג, שוין פאַרבונדן מיט פּאָליטישער מאַכט און אָפּט געפינט מען אַזעלכע באַמערקונגען אין משה נאַדירס שרייבן. ווי איין טעמע דרינגט ביי אים אָפּטמאָל אַרויס פון דער אַנדערער, אַזוי וויקלט ער אויך אַרויס איין געדאַנק פונעם צווייטן און שאַפט פאַרבינדלעכקייט צווישן די אַלע געדאַנקען: עס איז צעמענטירטע גאַנצקייט, וואו דאָס סאָציאַלע ווערט דורכגעוועבט מיטן פילאָזאָפישן און דאָס פילאָזאָפישע צילט צו אַ סאָציאַלן אמת. דאָס דענ־קערישע איז דאָס באַוועגנדיקע, אָבער עס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פילן און טאַקע דערפאַר האָט משה נאַדיר באַזונדערס ליב געהאַט צו באַ־נוצן די מעטאַפאָרע, דעם פאַרגלייך:

„זיין שמייכל איז ווי די האָפענונג אויף אַ פרילינגבאַרג, ווי פסחדיקע וויינבעכערלעך אויף אַן אַלטן בוידעם, ווי אַ שטויב אַף אַ האַרף, וואָס שפּילט נישט..."

די מעטאַפאָר ווענדט משה נאַדיר אָן נישט בלויז אויף מענטשן, נאָר אויך אויף זאַכן און דערשיינונגען, אָבער ביי זאַכן און דערשיי־נונגען גייט אַריבער זיין מעטאַפאָר־סטיל אין בילד־שילדערונג. משה נאַדיר האָט איבערהויפּט ליב געהאַט דאָס בונטע און פילפאַרביקע, ווייל

אין בונטקייט און פילפארביקייט אַנטפּלעקט זיך רעליעפער דאָס כאַראַק־טעריסטישע:

„פאַרוואָרלאָזטע האַלעדריגעס אויף דער בויעריי האָבן אַריינגע־געגעצט אין אַ נאַסן טומאַן אַריין און געטראַכט: „אַ שטוב, אַ שטוב. אַ בעט, אַ בעט. אַ ווייב, אַ ווייב". אויף די אידישע גאַסן — איבער אַלע פאַרווישטע פאַרבן, — געגלאַנצט די נייע, רויטע, — פייגן, און די אַפּטייקערס האָבן אַרויסגעשטעלט אין די וויטרינעס פיש־אויל און גומי־בייטלעך און גאָרטשיצע־פּלאַסטערס. דער עלעקטרישער צאָן בייס דענטיסט אויף אונדזער גאַס האָט געברענט אונטערן טומאַן און אַראָפּגעפּליסט מיט טראָפּנס רעגן, און געקרעכצט אויף זיין קייטן־יאַסלע, געקרעכצט ווי דאָס גאַנצע לעבן וואָלט געווען אַ באַלויכטע־נער צאָן־ווייטיק עפּעס אין אַ פרעמדער מיטנדרינענדיקער וועלט".

אַזאַ שילדערונג פון אַ גאַס אין דער שטאָט און דער מעטאַפאָרי־שער אויספיר קענען באַטיטלט ווערן, ווי אונאַנימיזם: די שטאָט ווערט נישט נאָר אַן אָרגאַניזם, נאָר זי איז אויך אַ גרויסע, באַלעבטע איין־נשמהדיקייט און ערשט ווען דער דיכטער האָט דאָס בילד קען ער אַריינ־פירן אין די אַזוי־גערופענע „טענעמענט־הייזער", קאָנוועגטיזשעס, אָדער פּאַסאַזשן, וואו עס לעבט צונויפגעפּרעסט די אָרעמקייט. אָן דער אַלגע־מיינער שילדערונג פון דער שטאָט, פון דער גאַס, וואָלט זיך פאַרלאָרן דער תמצית פונעם אינערלעכן לעבן אינעם „טענעמענט"־הויז: דאָס טע־נעמענט־הויז איז אַ המשך פון דער גאַס: דער נאַדירישער אונאַנימיזם פון דער שטאָט ברייטערט זיך אויך אויס אויפן מענטש און וואָס ס'שפּילט זיך אָפּ אין אַ גרויסן מאַסשטאַב, טרעפט מען עס אין אַ הויז אין אַ מי־ניאַטור, — מאַקראָקאָסם גיסט זיך צונויף מיט מיקראָקאָסם:

„מיר זיינען אַריין אין אַ דריי־צימערדיקער, אַלטמאָדישער דירה, פול מיט ברענענדיקע ליכט און שווערע זילבערנע לייכטער... אויפן „וואַש־טאָפּ" זיינען געשטאַנען אָנגעשטעלט אַ סך טעלער מיט וואַרע־מע פיש מיט רויגן, דער טיש איז געווען געגרייט, און דער פנים פון דער אומשולדיקער חלה איז געווען צוגעדעקט מיט אַ ווייס „מוצא־לחם־מן־הארץ"־טישטעכל, ווי אַ פרומע כלה".

ס'איז דאָ אַ פאַרבינדלעכקייט צווישן דעם בילד פונעם גאַס מיט דעם פונעם צימער און אויף אַזעלכע לייוונטן מאַכט משה נאַדיר אַ מין עקסקורסיע איבערן וועלט־כרך, וואָס הייסט ניו־יאָרק. דערביי ווערט עס נישט אַ לאָקאַלע שילדערונג, נאָר עס באַקומט אַלגעמיינעם כאַראַקטער. פאַראַן איין ליניע, וואָס באַהעפט דאָס גרויסשטעטישע מיטן קליינ־שטעטלדיקן און דאָס איז דער מאָטיוו פון שילדערן די הערשנדיקע פאַר־העלטענישן, איבערהויפּט דאָס בילד פון לעבן אין דער מאָדערנער גרוי־סער שטאָט. עס איז דער קאָנטראַסט און דיסאָנאַנס צווישן גייסט און

ציוויליזאציע און עס זעט ווירקלעך אויס ווי א לעכערלעכקייט, דערפאר טאקע עפנט זיך א ברייטער קוואל פאר סאטירע און הומאר, ווי צום ביישפיל:

„דער גענגסטער איז דער אינטערעסאנטסטער פון אלע דריי: ערשטנס, איז ער א יונגער גענגסטער, — ער שלאגט בלויז אכט שעה א טאג, נישט מער. צווייטנס, האט ער פרינציפן. ער שלאגט נישט קיין רומעניש, ווייל ער איז אליין א רומענישער. דריטנס איז ער כמעט א וויסנשאפטלעכער גענגסטער. איר קאנט זיך, למשל מיט באדינגען, ער זאל „אוועקלייגן א מענטשן אויף פערטהאלבן וואכן אין שפיטאל" און ער וועט שוין אזוי באהאנדלען זיין קרבן, אז יענער וועט ליגן אקוראט פערטהאלבן וואכן".

הומאר און סאטירע איז די צוגעפאסטסטע פארעם פארן שילדערן דאס סאציאלע, אבער זעלטן ווען ס'איז אנגעווענדן געווארן אין דער אידישער ליטעראטור, זעלטן טרעפט מען עס אפילו אין דער אלגעמיינער ליטעראטור און משה נאדיר איז ווירקלעך אין דעם זין דער אוניקום. מארק טווען אין דער אמעריקאנער ליטעראטור, טשארלז דיקענס אין דער ענגלישער, ניקאליי גאגאל אין דער רוסישער און שלום־עליכם אין דער אידישער ליטעראטור — האבן באנוצט זיך סיי מיט הומאר, סיי מיט קאמיזם און סאטירע אין זייערע פארשיידענע פארמען און דערשיינונגען, דאך בלויז פאר א געוויסן, באגרענעצטן אומשטאנד, — משה נאדיר דאקעגן האט די אלע פארמען סינטעטיזירט און זיי באנוצט אלזייטיק. הומאר, סאטירע און קאמיזם זיינען ביי אים געווארן איין גאנצקייט און ס'ווערן ממש פארווישט צווישן זיי די גרענעצן. דער איבערגאנג פון איין פארעם צו דער צווייטער איז געווען ביי אים א נאטירלעכקייט און ארויסגעדרונגען פונעם כאראקטער פונעם געשילדערטן, דערציילטן אדער באשריבענעם. און אין אזא בילד דערשיינט ביי אים די מאדערנע שטאט. צוגעבנדיק דער גרויסער שטאט אן אונאנימיסטישן כאראקטער און געשטאלט שניידט ער זי דורך מיט איר סאציאלער צעגלידערונג און דיפערענצירטקייט. נעמט מען, צום ביישפיל, זיין ליד „ניו־יארק פון דער הויך", דערשפירט מען דעם כאראקטער פונעם אונאנימיסטישן קעגן דעם סאציאלן:

„זע דיר אן ניו־יארק פון דער הויך!" אזוי זאגט א רעקלאמע,
וועסטו פארכישופט ווערן פון דער גוואלדיקער פאנאראמע".
נאר מיר איז קיינמאל ניט אויסגעקומען באטראכטן ניו־יארק,
ווי מ'באטראכט א טשייניקלאזעט וואס מ'נעמט אויף בארג —
איך בין אין ניו־יארק פארנומען מיט ברויט און ארבעט
און דאס האט מיר מיין פיינעם גוסט צעשארבעט".

ס'איז אַ ליד פון בולטן קאָנטראַסט, וואָס מוז ווירקן אויפן באַוואוסטזיין און אויב עס קומט פונעם אָנקוקן ניו־יאָרק אין דער הויך, טראָגט זיך דאָסזעלבע ווירקנדיקע בילד אַריבער אויך אין דער פאַבריק, אינעם וואַרשטאַט. אָט ווי משה נאַדיר שילדערט דעם שניידער־שאָפּ:

„אַ בלינדער פּלאָנטער פון הענט, וואָס וואַרפן זיך אין משוגענעם טאַנץ, כאַפּן עפּעס, ציען עפּעס פון מויל אין דער לופט־אַריין, וואַרפן עפּעס, קערפּערס וויגן זיך, בויגן זיך, איינגעבויגן, איינגעבויגן. נידעריקער, נידעריקער. יעדער נערוו איז אַ בענדל אויף אַ געשפּאַנטן עלנבויגן".

ס'איז קינסטלערישער בילד, אָבער מער ברענגט עס אַרויס דעם עלנט פון אַרבעט, דעם לויפנדן באַנד, וואָס ווישט אָפּ דעם מענטש. און אַזוי אומעטום, וואו משה נאַדיר זאָל נישט וואַרפן זיין בליק זעט ער דורך דעם בילדערישן דאָס סאָציאַלע, אַפילו דעמאָלט ווען ער האָט געשילדערט די פּאָר פערד, וואָס שלעפּן דעם וואָגן איבערן גאַס:

„די גרויסע שווערע פערד האָבן געוואַקלט מיט די הויכע בייכער און געפּרואווט הינטער זיך די ערד קורצער מאַכן. אָבער דער שניי איז געווען גליטשיק־צעלאָזן, האַרט אָנגעוואַסערט, האָט די ערד געסלינעט מיט קאַלטער נקמה און צוגעהאַלטן די פערד־פיס".

פון אַזאַ בילד וואַקסט ביי אים אַרויס דער „איר אַלע, וואָס שלאָגט קראַנקע אינגלעך אויס רחמנות צו געזונטע פערד" און ווי דער דיכטער גופא זאָגט:

„צו דיר ברודער־לעבן, וואָס דו פוצט זיך אין פאַרבלוטיקסטע פאַווע־פעדערן, שרייב איך מיין היינטיקן בריוו.

„דיר פערוגעלעך, וויל איך מיטן שפּיץ פון מיין שטאָל־פעדער איבער דיין האַרץ גיין. דיר וויל איך ווי טאָן, דיר וויל איך באַליידיקן".

און משה נאַדיר האָט ווירקלעך מיט זיין שטאָל־פעדער דורכגעלעכערט דעם אינגעווייד פונעם כאָציאַלן און ווי אויף אַ שאַרפער שפּיז ס'אויפגעשטעלט אינעם שיין פון אַ העל־ליכטיקער זון, ווי דעם „וויל־קאָמען באַגרעבערס" זאָל ער אויסשרייען אין ברויזנדיק־רעוואָלטירנדיקן פּראָטעסט:

„אָט אַזוי איז די וועלט:
אַ מענטש צון אַ מענטש.
אַ האַרץ צון אַ האַרץ.
און טרעפט סיהאַרץ צום האַרצן נישט —
טרעפט דאָס שפּיציק שטיקל בליי, אָדער גאָר
דאָס שטאָלעדיקע קלינגל.
אָדער גאָר דאָס גיפטיק־זיסע

צווייענדיקע וואָרט.
און אָט אַזוי איז דער סדר:
אַ רינגעלע מיט אַ שטריכעלע.
און דאָרט וואו אַ רינגעלע גייט אום אַליין
גייט מיט אים דער טיפער אומעט.
און דאָרט, וואו אַ שטריכעלע זוכט דאָס רינגעלע —
דאָרט גייט אַרום דער צער,
דער צאָרן און דער עלנט.

— 3 —

## דאָס סאָציאַלע אין אַ נייעם געוואַנט

דאָס מערקווירדיקסטע אין משה נאַדירס שאַפן איז פאַראורטיילן דאָס אזוי גערופן מאָראַלישע, דאָך האָט זיך זיין שאַפן באַזירט דורכויס נאָר אויפן מאָראַלישן „היוצא לנו מזה". אָבער ס'איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן דעם מאָראַלישן פון דער אַלגעמיין־בירגערלעכער וועלט צו דעם פון משה נאַדיר: ביים גרעסטן טייל שרייבער איז דאָס מאָראַל־אורטיילנדיקע אַ פועל־יוצא, די לעצטע סענטענץ, בעת ביי משה נאַדיר איז עס דער אויסגאַנגס־פונקט, די התחלה. ס'איז דער עטישער מאָמענט, וואָס האָט אינספּירירט זיין שאַפן, געגעבן דעם אָנפילונג. די אַנדערשקייט פונעם עטישן אין זיין פאָרשטעלונג האָט משה נאַדיר אויסגעדריקט אין זיין ליד „האַמערס" אין זיין ווערק „אַ וועלט מיט אָרבעט":

„צווייערליי האַמערס
האַמערן
אין צווייערליי קעמערלעך.
אונדזער האַמער פון אויפקום, פון בוי,
זייער פון אומקום־גרוי".

דער גרעסטער טייל פון משה נאַדירס דיכטונג איז געווען אַ דיכטונג פון אויפקום. אוים דעם איז ער געווען פריי פונעם פעסימיסטישן, הגם דאָס סאַטירישע אין זיין שאַפן איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ ספּעציעלן סקעפּטיציזם. דאָך איז דאָס סקעפּטיציסטישע געווען ביי אים ניט אַ רעזולטאַט פון אַן אומגלויבן, נאָר די פועל־יוצאדיקייט פונעם סאָציאַלן, וואָס עקזיסטירט נאָך אַלץ, הגם עס וואָלט לאַנג שוין באַדאַרפט אונטערגיין, פאַרשווינדן. גראָד די איבערגאַנג־זאַכן האָבן אים פאַראורזאַכט טרויער און סקעפּטיציזם, אָבער אין אַלע אַנדערע זאַכן איז ער געבליבן געטריי זיין אייגענעם שפּרוך —

„קלוגע ביכער ווײנען נישט,
קלוגע ליבעס — אויך נישט".

און אויס אַזאַ ספּעציפיש־נאַדירישער קלוגשאַפט האָט ער באַנומען די סאָציאַלע דערשײנונגען, זײ באַנומען אײגנאַרטיק, אויף זײן שטײגער און דאָס איך מעגלעך די סיבה פאַרוואָס מ'האָט אַזוי שאַרף פאַראורטײלט און קריטיקירט זײן סאָציאַלע און פּראָלעטאַרישע דיכטונג, באַטראַכטנ־דיק זי פאַר געקינצלט און נישט אויפריכטיקײט. משה נאַדיר איז נישט געווען דער דיכטער פון באַשטימטע פאָרמולן אין דער קונסט, הגם ער האָט ליב געהאַט פון צײט צו צײט באַנוצן דאָס וואולגאַרע וואָרט, אָבער בײַ אַ נאָענטער באַטראַכטונג דערפאַרט מען, אַז דאָס וואָרט, אפילו דאָס וואולגאַרע, האָט ער גענומען פון די פאָלקסשפּראַכלעכע אוצרות. יעדעס וואָס האָט אים געדינט ווי אַ בילד און סימבאָל, דאָס וואָרט איז געוואָרן פאַר אים פּסיכאָלאָגישע און סאָציאַלע שעפערישקײט, און איז אַלע מאָל געווען פאַרבונדן מיט אַ צײט־זאַך. אפילו דעמאָלט ווען משה נאַדיר האָט זיך געהאַט דעקלאַרירט, אַז —

„אַמאָל האָב איך געזונגען
פון קאַרשן, ווײנשל און מאָרעלן
און הײנט זינג איך
פאַר שוסטער־ און שנײדער־געזעלן," —

איז ער נישט אויסן געווען צו באַזינגען דעם וועלט־שמערץ מיט זײנע ליבעראַלע און הומאַניטאַריסטישע ווײען, נאָר די סאָציאַלע ווירקלעכקײט, וואָס סטימולירט צום קאַמף. אָט צוליב דעם האָט ער געזוכט אַרײנצו־דרינגען אינעם תוך פון „ווער איז די צײט". צײט איז פאַר אים געווען נישט אַ רעלאַטיווער באַגריף, נאָר אַ קאָנקרעטע געגעבנקײט, וואָס מאַכט אים אויך קלאָר זײנע דיכטערישע וועגן:

„איך אַלײן בין די צײט,
איך אַלײן בין דער וועג —
איך אַלײן בין די גרינגרויע ליפּע,
איך הער אין דער ווײט,
איך הער דורך די טעג
דאָס ליד פונעם האַרץ אין די ריפּן.
איך אַלײן בין דאָס נײַע,
דאָס נײַע, וואָס גײט,
איך אַלײן בין דער זאָמען פון מאָרגן,
איך קום צו באַפרײַען
זײן האַלדז פון דער קײט,
אין וועלכער ער ווערט שיִר דערוואָרגן.

און באַפרייען דאַרף מען זיך אַלערערשט פונעם פּאַראָורטייל, אַז וואָס עס גייט פאַרלוירן דער געזונטער מענטשלעכער דאַזיין. דערפאַר טאַקע האָט משה נאַדיר גענומען אויף חוזק דעם בירגערלעכן מענטש מיט זיינע אַזוי־גערופענע איינרעדענישן. אָט זעט ער „אַרום ליכ־טענשטיינען דרייט זיך עפּעס אַ נידעריק מאַנסבילכל, מיט אַ וואָרצל אויף דער נאָז, און מיט ווייס־בלאָנדע ברעמען, — ער וואָלט געוועז אַ בעלן צו קויפן אַן „איילבילד", נאָר ס'מוז זיין, זאָגט ער, אַ קונז־ווערק". ס'איז אַ פיינער שמייכל, אַ חוזק, פאַר וואָס די בירגערלעכקייט האָט אים קיינמאָל נישט מוחל געווען, אָבער דער סוף? ווי פאַרענדיקט משה נאַדיר —

„— איך זעט דאָס בילד — האָט ער געזאָגט צו דעם איד און אָנגעוויזן אויף דער פליג — נישקשה, מאַכט ער, איך מעגט אַ טאַפּ טאָן מיטן פינגער... דאָס האָט געמאָלן, מאַכט ער, אונדזערער אַ פריינט פון פאַריז, און עס איז צוגעשיקט געוואָרן פאַרן מעטראָפּאָלי־טאַן־מוזעאום. נאָר מיר זיינען צעקריגט מיטן מוזעאום, ווילן מיר בעסער עס פאַרקויפן צו אַ אידן. די פליג אַליין, מאַכט ער, האָט די ווערט פון ניינונדערט פיפציק דאָלאַר... עס איז די איינציקע פליג אין דער וועלט, מאַכט ער, וואָס זעט אויס ווי אַ לעבעדיקע. נישט מער, מאַכט ער — אונדזער פריינט אין פאַריז נויטיקט זיך אין געלט אָפּ־צוקויפן דעם אייפל־טורעם, וועלן מיר אייך פאַרקויפן פאַר אַ פיפצי־קער — גיט אַהער, מאַכט ער דרייסיק דאָלאַר און ס'איז אייערס".

„דער איד האָט געטאַפּט די פליג און געטאַפּט, געזיפצט און ווי־דער געטאַפּט, און ווידער אָפּגעטראָטן אַף הינטן, געמאַכט פון דער פויסט אַ שפּאַקטיוו און ווידער געטאַפּט, און סוף־כל־סוף אַרויסגענו־מען אַ פינפונצוואַנציקער און געגעבן".

און משה נאַדיר מאַכט זיין מוסר־השכל:

„פון יענעם טאָג אָן פלעגן מיר אַלע דריי נישט טשעפּען אַ פליג אויף דער וואַנט... ביז וואַנעט מיר האָבן פאַרגעסן, און ביז וואַנעט די פליגן האָבן ווידער גענומען שטאַרק דאָקוטשען".

ס'איז אַ מוסר־השכל, וואָס לאָזט זיך צו אינטערפּרעטירן אויף פאַרשיידענע אופנים. עס פעלט דאָ אויך נישט דער באַהעמישער מאָ־טיוו, די קריטיק און באַציונג פונעם בירגערלעכן מענטש צו קונסט, וואָס פאַרמאָגט נישט זיין אייגענעם אורטייל און רעדט וועגן „קונז", אָבער אין דער זעלבער צייט איז משה נאַדיר מרמז, אַז דער בירגערלעכער מענטש קען אויך זיין נוצלעך, אָבער נאָר דעמאָלט ווען ער איז נישט פּרעטענציעז און „דאָקוטשעט" נישט.

אין אַזעלכע שילדערונגען איז נאַטירלעך פאַראַן פיל גרויזאַמקייט און משה נאַדיר האָט בכלל אויסגעמיטן פאַרצושטעלן דעם אמת, אַז

איינגעטונקענעם אין ראָזע־שיין. און אַנדערש האָט משה נאַדיר נישט געקאָנט זען די וועלט פונעם בירגערלעך־סאָציאַלן לעבן, ווייל —
איך זע
אַ ליכט און קאָן עס ניט געפינען,
אַלעס ווערט אין גרויער לופט צערונען —

אָבער ווען עס איז געווען נויטיק האָט משה נאַדיר געקאָנט זיין אויך מילד און שפּילעוודיק, דערהויבּט דעמאָלט, ווען ער האָט געשילדערט די פאָראורטיילן פון דער יוגנט און די צערונענע אילוזיע פון דער קינדישקייט. אָט איז משה נאַדירס א שילדערונג, וואָס הייסט „דאָס עץ־החיים־בוימל". עס איז כלומרשט אַן אומשולדיקע דערציילונג, וויאַזוי צוויי קליינשטעטלדיקע אינגלעך ווילן געפינען דאָס עץ־החיים־ביימל, וואָס מאַכט דעם מענטשן אומשטערבלעך, אָבער אין דערזעלבער צייט באַרירט ער גאָר די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פונעם מענטשלעכן גלויבן און אומגלויבן:

„דאָס גלויבן און דאָס אומגלויבן — ביידע זיינען צוויי שפּיצן פונעם זעלבן ריטל, פאַרקיילעכדיקט, פאַרבונדן, פאַרענדיקט".

„איך ווייס נישט, גלויב איך נישט. דו ווייסט נישט — גלויבסטו".

„ס'איז דאָס אייגענע.

„דאָס גאָטסגעפיל, שעהינדיק האָט ער מיך פאַרכאַפּט, געפּלאָגט, אין פיבער געטריבן.

:ניין יאָר בין איך אַלט געווען, ווען איך האָב געוומען גאָט זוכן".

און אַזוי דערציילט משה נאַדיר, וויאַזוי ער מיט זיין חבר וועלוול האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין דער וועלט צו זוכן גאָט. מילא ס'איז נישט וויכטיק, וויאַזוי וועלוול איז געווען אויסגעקליידט, — משה נאַדיר האָט שוין געהאַט אַזאַ איינגעשאַפּט, אַזוי פאַרצושטעלן דעם פּערסאָנאַזש, אַז די קליידונג און זיין אויסערלעכער אויסזען, זאָלן אויך עדות זאָגן וועגן זיין גייסט און שכל, אָבער דער עיקר איז, וואָס וועלוול האָט געוואוסט וואו מ'קען געפינען דעם עץ־החיים.

„ס'איז געווען אַ זומער־שבת. דאָס שטעטל האָט געהאַט אָפּגעגעסן דעם שווערן טשאָלנט און איז געשלאָפן הינטער פענסטערלעך מיט אַרויסגעטריבענע זונען. אַ קאָזע איז געשטאַנען אויף אַ בערגל מיסט און זיך באַקלאָגט, פאַרוואָס אַלצדינג אין דער וועלט איז מע. די לייבנפאַרביקע פעלזנשטיינער זענען געווען אָנגעגליט מיט עפּעס אַזוינע הייסע זמירות. א גאָלד־ברוינע בין־מלכה איז געשטאַנען אויף אַ קעפּל פון אַ דאָרנבוימל. א טיר האָט פאַרלוירן א קליינעם סקריפּ, אַ זאַטער גענעץ איז אַרויסגעפלויגן דורך אַ פענסטער זוכן א תכלית. אַ פלאַקסגרויער איד האָט זיך געקראַצט הינטער א געטרייער יאַרמלקע און געהעמט און געהומט אַ בלאָטיקער שטראָם האָט געמאַכט

„כלי־כלי" איבער א פּרוטקעלע, וואָס האָט אים אייביק געשטעקט אין האַלדז, און ער האָט עס נישט געקענט אַרויסנעמען. אַ פּעדערל, איז זיך, אַליין פאַר זיך, אַ ביסל געפלויגן, געפּראוווט זיך דערמאָנען, אַז עס איז אַמאָל געווען א פליגל פון א גאַנז, געפלויגן מיט מי, אַראָפּ אויף דער בינען־מלכה, זיך דערשראָקן אויף טויט און — אויף גע־זאַגג..."

מ'פילט אין דער באַשרייבונג א מענדעלישן טאָן און איינפלוס און דאָס פּראָבלעם פון גלויבן און אומגלויבן, וואָס נאַדיר באַרירט, וואָלט נישט געהאַט אַ געהעריקן תיקון, ווען דער דיכטער זאָל נישט שילדערן דעם אַרום. ס'דוכט זיך, אַז עס איז נאָר סאַטירע, אָבער אין דער זעל בער צייט איז עס אויך אַן אוצר, אַ קוואַל פון דיכטערישן ליריזם, אַרויס־געבראַכט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן: ס'איז ליריזם אַרויסגעבראַכט דורך סאַטירע און געווינט ממש פילאָזאָפישן תמצית, ס'ווערט פילאָזאָפיע און אַן אורטייל איבערן מעטאַפיזישן, וואָס איז געבויט אויפן אומקלאָרן פאָראורטייל. דערצו דער כאַראַקטער פון דער דערציאונג, וואָס מאַכט דעם מענטשן גלויבן אין ניט־עקזיסטירנדיקע זאַכן, כדי צו היצן זיין פאַנטאַזיע. און איז דען אין דעם נישט פאַראַן אַ געוויסע דאָזע דאָן־קי־כאָטישקייט? ס'איז גאָר נישט קיין חיוב אָנצושרייבן אַ גאַנצן סערוואַנ־טישן „דאָן־קיכאָט", אָדער אַ מענדעלישן „מסעות בנימין השלישי", — משה נאַדיר האָט דאָס זעלבע אַרויסגעבראַכט אין עטלעכע שטריכן, אין זיין „איך און וועלוול", צווישן וועלכע דער איינער זעט אויס, ווי דער באַוועגנדיקער צום טאַט דאָן־קיכאָט און דער צווייטער, ווי דער נאָכ־פאָלגנדיקער סאַנטשאָ־פאַנסאַ:

„אויף אונזערע יונגע פּנימער האָט געזונגען אַ זון. פונעם אינעווייניקסטן יונגן בלוט אַרויס. מיר זיינען געווען לויטער ציטערניש און פלאַטערניש און פרייד און שרעק".

„— איצט וועלן מיר שוין לעבן אייביק! — האָט געזאָגט וועלוול, און געטראָגן דאָס שטיקל פלאַנץ מיטן מיסט אין טיכעלע. — צום באַרג־אַרויף, וואו די שאָף־הערדע האָבן זיך געפּאַשעט".

אַן אומשולדיקע שילדערונג פון אַ קינדערישער איינבילדונג, אָבער וואָס ווערט א גאַנצע פילאָזאָפישע קאַטעגאָריע. די פילאָזאָפיע פון אי־לוזיע, פון פאַנטאַזיע, וואָס ווערט צערונען אינעם צוזאַמענשטויס מיט דער ווירקלעכקייט:

„אָבער דער זיידע האָט זיך אויפגעכאַפּט, אונז דערזען, דערזען, ווי וועלוול טראָגט דעם פאַרבלאָטיקטן „עץ־החיים" הינטער דער פליי־צע, אים צוגערופן צו זיך געלאַסענערהייט און געזאָגט:

—אנו, גיב אַהער, וואָס האָסטו דאָרטן?!

וועלוולס אויגן זיינען געוואָרן אָנגעשוואָלן מיט וואַסער. זיין שטים

האָט זיך גערירט פון זינען, זיינע ליפּן האָבן קוים דערטראָגן די ווערטער:

— ס'איז גאָרנישט, זיידע, זאָל איך אַזוי לעבן, ווי ס'איז גאָרנישט!

— גנב אַחד, דעם גאָרנישט! — האָט געזאָגט דער זיידע, געגעבן אַ כאַפּ וועלוולס האַנט מיטן „עץ־החיים" צו זיך, באַטראַכט די פּלאַץ און געזאָגט:

— אום שבת געריסן... האַ? זייזשע מוחל, גנב..."

פּראָבלעמס פון גלויבן און אומגלויבן, פּראָבלעמס פון גייסט און שלעכטס, פון אילוזיע און ווירקלעכקייט, פון מענטשן און כאַראַקטערן,— ביי משה נאַדיר ווערט עס געשילדערט מיט א בהירקייט און ווען ס'איז נייטיק צו רעליעפירן א כאַראַקטער, ברענגט ער אריין א ווייטיקע פּער־זאָן אַזוי אַ שמייכער, אַז זי ווערט ממש א גוטמוטיקייט. און דערביי איז עס נישט א דערציילונג, נישט אַ ראָמאַן פון אַ באַשטימטן אינהאַלט אָדער טעמע, ס'איז נאָר אַ שילדערונג, אַ סקיץ, אָבער דורכגעדרונגען מיט אידייע, וואָס צילט צו א געוויסן קלאָרן אויספיר. פּאַרוואָס עפּעס א מעשה מיט א „עץ־החיים"? ווייל אַזאַ רעם קען משה נאַדיר אויסקלערן אַז —

„פון דעמאָלט אָן זוך איך שטענדיק גאָט און דאָס אייביקע לעבן! און איך וויין (שטילערהייט) איבער די שלעכטע זיידעס, וואָס וואַרפן אַרויס דאָס, וואָס מ'געפינט מיט אַזוי פיל מי. און איבער פאַרדאָרבע־נע געטער. וואָס באַשאַפן אַזוינע שלעכטע געטער".

אין אַלגעמיין גענומען, האָט משה נאַדיר געהאַט א נייגונג צו פי־לאָזאָפירן און דאָס פילאָזאָפירן האָט ער ניט פאַרוואַנדלט אין א לאַנג־ווייליקן ערנסט, נאָר עס געגעבן מיט שמייכל פון הומאָר, אָדער נאָר אויף אַ כאַראַקטעריסטיש־לאַכנדיקן שמייכער, ווי ער זאָל וועלן אונטער־שטרייכן, אַז דאָס לעבן איז אַזאַ יאַמערטאַל, אַז בעסער איז שוין מאַכן פון דעם אַ וויץ, און מיט דעם פאַרגעסן די גאַנצע נישטיקייט פון דעם:

„דאָס לעבן איז ווייניקער ווי אַן אייזקאַסטן. ווייניקער ווי א בעט. ווייניקער ווי א ביכערשראַנק. ווייניקער ווי א זומער־שפּרינקעלע אויפן פּנים. אַ בעט אָדער אַ זומערשפּרינקעלע קען מען נישט פאַרלירן, אָבער דאָס לעבן קען מען פאַרלירן ביי יעדער געלעגנהייט. דאָס לעבן איז ווייניקער ווי א מעשענער שליסל. ווייניקער ווי א שטעקן. ווייני־קער ווי א קידוש־גלעזל. א שליסל אָדער א קידוש־גלעזל קען געדויערן מער און דאָס לעבן בלויז אַכציק אָדער ניינציק יאָר. דאָס לעבן איז קלענער ווי א טראָפּן סם. שטומפּיקער ווי דער שפּיץ פון אַ פאַרזשאַ־ווערטן קינזשאַל. לייכטער ווי א שטריק וואָס מ'קאָן אָנטון אויף

האַלז. שוואַכער ווי דער פולס. פאַרגענגלעכער ווי כל־נדרי. דאָס וואונ־דערבאַרע לעבן".

און דאָך האָט משה נאַדיר ניט פאַרמינדערוועורטיקט דאָס לעבן, ער האָט עס נאָר גענומען מער אויס אַ פילאָזאָפישן קוק, ווי אויס דער נוצלעכקייט פון זאַכן, וואָס שפּילן אינעם מענטשלעכן לעבן אָפּטמאָל אַ גרעסערע ראָל, ווי דאָס לעבן גופא. אין דעם אופן ווי אַנטאָן טשעכאָוו האָט באַהויפּטעט, אַז „דעם מענטש האָט מען פאַרגעסן", אַזוי האָט אויך משה נאַדיר באַהויפּטעט, אַז מ'האָט אינגאַנצן פאַרגעסן דעם ווערט פוּ־נעם לעבן און דאָס לעבן איז דאָך דער גרעסטער עיקר. דאָס לעבן, דער מענטש, די וועלט־איינריכטונג און אירע איינאָרדענונגען, — דאָס האָט באַשעפטיקט באַזונדערס משה נאַדירן אין זיין „פון מענטש צו מענטש". דער נאַדירישער „פון מענטש צו מענטש" איז זיין דיכטערישער „קרעדאָ", זיינע סאָציאַלע און פילאָזאָפישע אָנשויאונגען. אין דער פאָרבּ־ערמאָנט עס טיילווייז אין לעוו שעסטאָווס „דער אַפּאָטעאָז פון באָדנ־לאָזיקייט", אָבער דאָרט וואו שעסטאָוו באַרירט אויסשליסלעך דאָס מאַ־ראַליש־מעטאַפיזישע, באַרירט משה נאַדיר דורכויס דאָס סאָציאַל־פילאָ־זאָפישע, גענומען אויסשליסלעך קריטיש, ווי צום ביישפּיל:

„אַ שאָף איז נאַקעט און אַ מענטש איז נאַקעט. אַ נאַטירלעכער צו־שטאַנד. טראַכט מען, אויב די גאָטהייט וויל, אַז די מענטשן זאָלן זיין מאָראַליש, טאָ פאַרוואָס קאָנען זיי נישט געבוירן ווערן מיט אונטער־וועש און קאַפּעליושן. איז קיין ענטפער ניטאָ. נאָר אַ שטיקל אויסוועג. פאָרט ציוויליזאַציע."

אָדער גאָר די קריטיק איבער דער אַזוי־גערופענער ציוויליזאַציע:

„די ציוויליזאַציע אונזערע האָט אַ יעדן איינעם ציוויליזירט, נאָר נישט זיך אַליין. די ציוויליזאַציע האָט אלעמען געלערנט עסן מיט מע־סער־גאָפּל, אָבער אַליין איז זי געבליבן אַן אומציוויליזירטע מענטשנ־פרעסערקע. זי האָט אַלעמען געלערנט מענטשנליבע און אַליין האָט זי ליב דעם מענטש געבראָטענערהייט. זי האָט אַלעמען געלערנט צו טראָגן נאָז־טיכלעך און אַלייןווישט זי די נאָז מיטן אַרבל. זי האָט אָפּגעשאַפט געצנדינעריי און אַליין דינט זי צו דער נאַריש־נאַרישס־טער געטין, וואָס האָט ווען עס איז עקזיסטירט, צו דער וועלט־געשיכ־טע. זי האָט געשאַפן גרויסע קינסטלער און אַליין איז זי געבליבן אַ פּושערן, אַ דילעטאַנטין. זי האָט פאַרשפּרייט אַלערליי נייע גלייבנס און אַליין גלויבט זי נישט אפילו אין אירע אייגענע רייד. זי האָט געלערנט טראָגן גייסטיקע אונטערוועש, זיך באַנוצן מיט גייסטיקער זייף, אָבער אליין איז זי געבליבן שמוציק, עקלהאַפּט, אומציוויליזירט. אינעם ליכט פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע זעען מיר ערשט ווי אומציוויליזירט אונזער ציוויליזאַציע איז, ווי האָטענטאָטיש".

אפאָריזם, פּאַראַדאָקס, מעטאַפאָר, — דאָס זיינען געווען די באַליבס־טע פאָרמען, דורך וועלכע משה נאַדיר האָט פּילטרירט זיינע פילאָזאָפישע און סאָציאַלע געדאַנקען, איבערהויפּט זיינע פילאָזאָפישע שטימונגען, דורכוים דורכגעדרונגען מיט לירישקייט און איראָניע. ערטערווייז רייסט זיך אַדורך ביי אים אפילו אַ מין קוהלת־טאָן און אַ הבל־הבלימדיקייט, ווי צום ביישפּיל:

„בייטאָג זאָג איך צו מיר אַליין: איך בין עלנט, איינזאַם, פאַרלוירן. ביינאַכט זאָג איך צו מיר אַליין איך בין עלנט איינזאַם פאַרלוירן, און אין שלאָף מורמל איך צו מיר אַליין איך בין עלנט איינזאַם פאַרלוירן. און איך טרייסט מיך מיט די פיינע ווערטער פון די מוזי־קאַלישע ווערטער מיט די אינטימע ווערטער. אָבער איך ווער דערפון נישט ווייניקער עלנט איינזאַם פאַרלוירן".

איז עס פּעסימיזם אָדער סקעפּטיציזם? אַזעלכע שטימונגען זיינען ביי משה נאַדיר געווען אַ רעזולטאַט פון באַאָבאַכטן און אַנאַ־ליזירן די געזעלשאַפט, דאָס לעבן. די ווירקלעכקייט האָט אויף אים אָנ־געווייעט אַ דיכטערישן טרויער און נאָר דעמאָלט ווען ער האָט אויף אַן אויגנבליק פאַרגעסן די ווירקלעכקייט און זיך אַריין פאַרקליידט אין אַ מין הימלישן וועלט־שמערץ. אָבער ס'איז געווען ביי אים פאַראיבער־גייענדיק, ביז דער באַוואוסטזיין האָט אים הינטערגעזאָגט, אַז פּונקט ווי אין דער קונסט זיינען נישט פאַראַן קיינע אַבסטראַקציעס, נאָר דער שטענדיקער קאָנקרעט, אַזוי דאַרף אויף זיין די פילאָזאָפיע:

„איז פילאָזאָפיע אַ קוּאַקן ניס און זיך איינהערן אין קנאַק־רויש? אָדער איז פילאָזאָפיע — נוס אַליין? די זיסקייט פונעם קערן, די אָנ־זעטיקייט פון דער יאָדרע?"

אַזוי האָט זיך דעפינירט זיין דיכטערישער באַוואוסטזיין פאַרן סאָ־ציאַלן און פילאָזאָפישן, אויס אַזאַ באַוואוסטזיין האָט ער איבערגעשאַצט זיינע אַלטע ווערטן און אין אַ פיינעם טאָג איבערגעריסן מיט דער ביר־גערלעך־קאַפּיטאַליסטישער וועלט, אום צו דערקלערן איר דיכטערישן קריג, אום צו ווערן אַן אַפּאָסטאָל פון פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף און פון אַ פּראָלעטאַרישער קולטור:

„אין יובל פון זיג, אין פלאַטער פון פאָנען —
וועט לעבן מיין קול, וועט לעבן מיין פּנים,
נישט אין קיין אותיות וועט לעבן מיין נאָמען,
נאָר אין אויפבלי', אין אופגיי פון ערדישע זאָמען".

# פונעם סאָציאַל-פילאָזאָפישן צום פּראָלעטאַריש-קעמפערישן

און איינמאָל דערקלערט קאַמף דער בירגערלעכער וועלט האָט משה נאַדיר געפאָדערט דאָס גאַנצע און גלייך געוואָרפן זיין פּראָטעסט־דיכטונג „דערלאַנג אַהער די וועלט, בורזשוי". ס'איז טאַקע ניט געווען זיין דעפי־ניטיווער וועג, אָבער ס'איז דאָך געוואָרן דער גאַנג פונעם סאָציאַל־פילאָ־זאָפישן צום פּראָלעטאַריש־קעמפערישן.

די פּאָעמע „דערלאַנג אַהער די וועלט, בורזשוי", אין דער פאָרם קאָנסטרואירט ווי פרידריך שילערס „די גלאָקע" און אין אינהאַלט באַ־איינפלוסט פון מאַיאַקאָווסקיס „הונדערטפופציק מיליאָן", איז דער אויס־דרוק פון אַגיטאַציע־פּאָליטישן פּאַטאָס. פּשוט אין שפּראַך און וואָרט צילט דאָ דער דיכטער אויף דער צוועקמעסיקייט, אויפן ווירקנדיק־קרי־טישן, אויפן קאָנקרעטן:

„אַ האָרדע פּלינדערער, שענדער און גנבים
שטייען דאָ מיט ברעכשטענג און מיט כתבים —
הייליקע פון פּאַרמעט:
מי שטופּט די וועלט אַראָפּ, מי פּרעפּלט און מי ליאַרעמט,
מי צלמט זיך, מי זאָגט תהילים און מי קושט טליתים
אין נאָמען פון פוילע ביינער און פאַרפוילטע מתים —
קייקלען זיך די גאָלד־באַשמירטע, בלוט־געגלאַנצטע
וועלט קריק צום דנאָיי".

אין א קאָנקרעטן פּאָרשטעלן שילדערט דער דיכטער די קאַפּיטאַ־ליסטישע וועלט, ווי זי וויל דורכן רעליגיעזן, זאָל עס זיין דורכן צלם אָדער טלית, שלעפּן דאָס לעבן אויף צוריק. דאָס רעליגיעזע ווערט אַ געווער אין די הענט פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט אויף איינצושלע־פערן דעם באַוואוסטזיין, אָבער קעגן דעם שטייט שטענדיק די אידייע פון די באַגאַנגענע אומרעכטן:

„נעכט אַזוינע אויסגעגלאַנצטע! אָפּגעלעשט, ווי אויסגעבלאָזן גלאָז,
עי, וואָס ליגסטו אויף דער וועלט, בורזשוי, מיט אַלע פיר?
די מויערערס און בויערס און די שאַפערס פון דער וועלט, פאַר אונז
איז דאָך פאַרשטעלט: די ערד, דער הימל און די זון.
מיר גייען אום
אין שליים און פינצטערניש און זוכן אום די וועלט.
פאַקלעס פעט געצונדן

און די וואונדן אונזערע פלאַקערן און רייסן רויטס דורך גרויי".

קעגן דעם קאַפּיטאַליסטיש־אויסנוצערישן ווערט אַוועקגעשטעלט די קראַפט פון אַרבעט און די באַרויבטע רעכט אויף לעבן און ס׳ווערט פּראָטעסט פון אַ דערוואַכטן באַוואוסטזיין. די פּאָעמע קלינגט ווי אַ באַשולדיקונגס־אַקט, אָבער שוין אויך מיט אַ גרייטן אורטייל:

„דיין בראָך
קומט אָן. אין יענעם טיפן לאָך, ווי אין מויזן פּאַסטקע, וועסטו דאָך
ליגן מיט די פיס אַרויף, דעם פּופּיק אין דער הויך, און אין דיין פעטן
בויך,
עס וועט, ווי פון אָנגעמיסטיקטע פעטע שטיקער ערד, באַשערט זיין
ווייַנפערלעך צו בליען, צי רויט־עפּל, צי רויטע פּערעשקעס,
געלע מערעשקעס וועלן האַלטן לעצטן שבת אין דיין קאַלטן מויל,
אַ קנויל פון ווייסע ווערים וועלן ראַנגלען זיך אין לעצטן גרויל
אַרום דיין אויסגעלאָשן מויל..."

דער אורטייל ווערט אינעם באַגריף פונעם דיכטער אויסגעברייטערטער. ס׳איז נישט בלויז דאָס בילד פונעם קאַפּיטאַליסטישן סוף, נאָך זיין לעצטער און ענדגילטיקער סך־הכל, ווייל דער פּראָלעטאַריער האָט שוין דערוואַכט צו אַזאַ פּאָלקאָמענעם באַוואוסטזיין, אַז פון אין בלוט־איינגעטונקענע צעריסענע העמדער מאַכט ער אַ פאָן פאַר זיין קאַמף און לאָזט זיך שוין מער נישט פאַרפירן פון די, וועמען דער קאַפּיטאַליזם וואַרפט צו אַ הינטיש ב׳עקל פון זיין טיש, אַז זיי זאָלן זיין די געטרייע משרתים פונעם אומגערעכטן און אויסנוצערישן סיסטעם. דער דיכטער האָט ווי דערשפּירט דעם נייעם כוח, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין קאַמף און ס׳איז דער לעצטער געראַנגל מיט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ס׳איז דער כוח, וואָס שטייט פעסט אויף זיינע פּאָזיציעס און לאָזט אין מעכטיקן אויסרוף הערן —

„נעם צינד די בריק און האַק די שטריק!
ס׳איז אַלט און פויל, סע פאַלט אָט באַלד די האַלב־געקראַכטע
בריק, —
מיליאָנען פיס עס קלאַפּן מיט טריקאַטראַקאַ־טריק,
אַהינצו וואו ברענען דאָרף די אַלטע בריק.
די בלוט־באַשמירטע בריק.
די פוילע בריק!
די פוילע אַלטע בריק!"

די פּאָעמע איז אַ מין סך־הכלדיקער אונטערצי. דער דיכטער האָט באַרירט אויסשליסלעך די סאָציאַל־געגעבענע ווירקלעכקייט און זי דיפערענצירט. דער קלאַסנמאָמענט איז בולט אַרויסגעבראַכט: פון איין זייט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, מיט אַלע זיינע געזעלשאַפטלעכע איינ־

שאַפֿטן, און פֿון דער צווייטער זייט דער פּראָלעטאַריאַט אין זיין אָרגאַ־ניזאַטאָרישן און אָרגאַניזירנדיקן קאַמף, וואָס ווישט אָפּ די אַזוי־גערו־פֿענע נאַציאָנאַלע דיפֿערענצירטקייטן, וואָס לוינען דעם קאַפּיטאַליזם און קעגן דעם נאַציאָנאַלן ווערט אוועקגעשטעלט דאָס אַלגעמיין־מענטש־לעכע:

„אַרבעטער און מענטשן, מיר טיילן נישט לויטן אַלטן סקאַרב
דער מענטשן־מין אויף רויטע, געלער, בלויער, ווייסער פֿאַרב, —
מיר טיילן בלויז אויף הענט מאָזאָליקע און הענט געכאָליעטע!"

אַז די דיכטונג זאָל געווינען קראַפֿט און איבערצייגונג האָט משה נאַדיר זיך נישט אָפּגעשטעלט אָנצואווענדן פֿאַרשיידנאַרטיקע סטילן און פֿאָרמען, ווי אויך שפּראַכלעכע אויסדרוקן. אויב אינעם גרעסטן טייל פֿון זיינע פֿעליעטאָנען און בעלעטריסטישע שילדערונגען, איבערהויפּט דאָרט, וואו ער פֿילאָזאָפֿירט סאָציאַל, ווענדעט ער אָן די ספּעציפֿיש־שאַרפֿע איראָניע אין גייסט פֿון היינריך היינע, ווי מ'געפֿינט עס אין זיין „פֿון נעכטן ביז היינט" און אינעם „געניאַלן אידיאָט", ווענדעט ער אָן אין זיין דיכטונג, וואו עס איז נויטיק דעם סטיל פֿון ערנסט טאָלער, די פֿאָרם פֿון עמיל ווערהאַרן און אפֿילו דאָס דראַמאַטיישע פֿון י. ל. פּרצן, — משה נאַדיר האָט געוואָלט זיין אַלזייטיק, און פֿאַרשיידנאַרטיק, אין מ'געפֿינט עס איבעראַל אינעם סטיל און פֿאָרם פֿון זיין שאַפֿן. אין איין פּאָעמע, ווי די דערמאָנטע, ווייזט משה נאַדיר אָנצואווענדן די פֿאַרשיי־דענע סטילן. אָט ווענדעט נאַדיר צום ביישפּיל אָן דאָס פּרצישע:

„ווער קאָן אָנצינדן די זון?
מיר די אָנגעצונדענע.
ווער קאָן אויפֿהענגען די זון אין הימל?
מיר די הויכע, די געהאָנגענע.
ווער קאָן בענקען נאָך דער זון ביז שטאַרבן?
מיר וואָס שטאַרבן קיינמאָל נישט".

אין זיין פּראָלעטאַרישער דיכטונג לאָזט משה נאַדיר נישט דורך קיין איין מאָמענט פֿון פּראָלעטאַרישן זיין אַז ער זאָל אים נישט באַרירן. ניט נאָר דער צוזאַמענשטויס צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט, נישט נאָר דעם קעמפֿנדיקן אויפֿברויז פֿון די מאַסן, ער באַרירט אויך די אייגנשאַפֿטן וואָס טיילן איין די אידישע גאַס אין צוויי סתירותדיקע לאַגערן. דערביי נאַטירלעך פֿעלט נישט די טיפּיש־נאַדירישע סאַטירע און חוזק, צייטנ־ווייז פֿאַרוואַנדלט אין אַ נאַראַטיוו, אין אַ דערציילערישקייט, ווי צום ביישפּיל:

„צי קענסטו דאָס לאַנד, וואו קאָנטער־רעוואָלוציע טוט בליען?
עס איז ציון, ציון, דאָס וויגעלע פֿון אַלטע תורות,
אַלטע סחורות, אַלטע פֿרעהיס, טוטאַנכאַמען,

דאָס וויגעלע פון אַלע טאַראַמען.
דאָרט לויזן זיך אין מערת־המכפלה אונזערע צדיקים,
די מוטער רחל זאָגט פון טייטש־חומש די פּסוקים".

מעגלעך, ווען משה נאַדיר גייט ניט פון דער וועלט פאַר דער צייט, וואָלט ער אַנדערש געאורטיילט דעם ציוניזם, ווי ער אורטיילט אים אין זיין פּאָעמע „דערלאַנג אהער די וועלט, בורזשוי", אָבער אריבערגעשפּרינגען אינעם פּראָלעטאַרישן לאַגער האָט ער אָנגעווענדעט זיין גאַנצע סאַטירישע קראַפט צו קריטיקירן דעם ציוניזם און דערביי זיך באַנוצט מיטן אימיטירן א געטע־ליד, און אויך אברהם גאָלדפאַדען. אין שפּאַן פונעם פּראָלעטאַרישן האָט ער גענומען אויף חוזק די אידישע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און זיי רעדוצירט צו דער קאַטעגאָריע פון ארויסהעלפער דער אַלגעמיינער רעאַקציע.

משה נאַדירס פּראָלעטאַרישע דיכטונג פאַרמאָגט א ספּעציפישע אייגנשאַפט: זי איז געשריבן אין א מאָנאָ־דיאַלאָגיזירטער פאָרם און די הויפּט־אידייע האָט ער אַלע מאָל ארויסגעבראַכט דורכן שפּיל פון וואָרט און קאָמבינירטער פּראַזע. אַדאַנק דעם געווינט זיין דיכטונג חן, דאָרט וואו ער ווענדט אָן א פּאָלעמישן טאָן. מחמת דעם פּאָלעמישן קאַרגט ער נישט אינעם וואָרט און געפעלט אים דאָס געהעריקע וואָרט, קאָמבינירט ער עס פון פאַרשיידענע ווערטער. משה נאַדיר האָט ווי באַשטעטיקט, אז שפּראַך איז נישט קיין ציל, נאָר א מיטל און דאָס איז א רעזולטאַט פון באַטראַכטן די שפּראַך אויס א שטאַנדפּונקט פון קעמפערישער פּראַקטישקייט:

„מיר היטן די פען ווי א בריל אויפן אויג,
נאָר מיט האַלטן נישט פון קיין ליידיקער פויק:
מיר דאַרפן א שפּראַך אויף קאָכן באָרשט און נייען שיך
נאָר מיר דאַרפן נישט קיין שפּראַך אנעפּאַרזיך."
מיר זיינען מידע וואָכעדיקע מענטשן,
וואָס רעדן אידיש און האָרעווען ווי גויים,
מיר דאַרפן נישט קיין שפּראַך אויף דאַווענען און בענטשן,
מיר דאַרפן אַ שפּראַך אויף ברעכן און אויף בויען".

משה נאַדיר האָט פון שפּראַך ניט געמאַכט קיין קדושה. ער ווייזט צו וואָס פאַר א צוועקן א שפּראַך דאַרף דינען, אז שפּראַך איז נאָר א מיטל און פון דעם איז ער אויך געקומען צו אורטיילן וועגן דעם ריכטיקן באַדייט און ווערט פון קונסט. די אַלטע פראַגע: ווער איז און וואָס איז אַזוינס דער אמתער דיכטער? — משה נאַדיר האָט געגעבן אויף דעם זיין ענטפער:

אמתע דיכטער?
גאָלד איז אמת,

ווען מיהיילט דערמיט א שלעכטן צאָן.
גאָלד איז פאַלש,
ווען עס צירט דאָס מיצל פון אַ קלאָון."

דיכטונג איז גאָלד, ווען זי דינט א באשטימטער צוועקמעסיקייט, א געוויסער אידייע און אידעאָלאָגיע. דיכטונג פארלירט יעדן ווערט און איז פאַלש, ווען זי ווערט בלויז א געקלינגל פון ווערטער און פראזן, ווען זי ווערט בלויז א מין פראנז צום לעבן און נישט מער. דעריבער האָט משה נאדיר געפאסט זיין אורטייל:

„יאָ, לידער! דער עיקר איז טאַקע לידער!
„זאָלן שטרייקן די קוילנגרעבער, די אונטערבאַן־אַרבעטער, די קירזשנערס, די שוסטערס! אונז, שרייבער און דיכטער, גייט עס ניט אָן. אונזער אַרבעט איז צו... זינגען. אז איינער טרינקט זיך, זיצן מיר ביים ברעג און זינגען־אים־צו".

משה נאדיר איז געווען דער גרויסער בעל־שכל, הגם צייטנווייז האָט ער זיך געלאָזט פארפירן פון געפיל און שטימונגען, פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט געריסן צו די שטייגנדיקע הויכקייטן פון אילוזיעס און פאנטאזיעס, וואָס פארכאפן מיטן עסטעטישן, אָבער שעדלעכן פארן לעבן. ער האָט אויפגענומען די רעאליטעט, ווי זי איז און דורך דער רעאליטעט האָט ער דערזען, אז —

די אַרבעט שלאָגט איר האַמער אין די פייערן פון נויט,
גליט אָן אירע אייזנס אינעם הונגער,
בייגט זי אים, דעם הונגער.
דאָס הייסע פערד, די צייט, גיט איר פוס צו אים אין האַנט אַריין:
„נעם, שמידו!"

און ער האָט זיך איינגעשטעלט צו גיין אויף אַזאַ וועג און אין די פארנומענע קלאנגען ארייננפאסן זיין ליד, וואָס האָט באקומען א גאנץ אנדערן אינהאלט. ער אליין האָט עס דעפינירט אין ווייטערדיקן פערז:

„עס שמעקט נישט מער מיין ליד מיט מיידל־מילך,
נאָר טערפקע איז עס, ווי א ווילדע טרויב.
אנשטאָט דורך לאַנגע הויכקאָלירטע פענסטער, —
זע איך איצט דאָס לעבן דורך אַ פראָסטער שויב.

אין זיין „געניאלן אידיאָט" האָט משה נאדיר א דערציילונג פונעם רוסישן הומאָריסט סאלטיקאָוו־שטשעדרין וועגן צוויי גענעראלן. צוויי גענעראלן זיינען אמאָל געגאנגען זיך באָדן צו אַ טייך הינטער א גאָרטן.

אַרויס פונעם באָדן, האָבן זיי דערזען, אַז מ'האָט אָוועקגעגנבעט זייערע קליידער. זיי זיינען געבליבן אָדם־נאַקעט, בלויז מיט די גאָלדענע מע־דאַלן אויף דער נאַקעטער, באַהאָרעטער ברוסט. דריי טעג זיינען זיי אַזוי געשטאַנען. פונעם לאַנגן שטיין דערפילנדיק הונגער האָט איינער פון די גענעראַלן געזאָגט אַז אַמאָל קען מען אַזוי שטאַרבן. אין דערזעלבער צייט האָבן זיי דערזען אין גאָרטן עפּל. האָבן זיי זיך געשטעלט אויף די קניעס בעטן, אַז דער אויבערשטער זאָל זיי צושיקן אַ פויער, אויב נישט, איז כאָטש אַ ווינט, וואָס זאָל פאַר זיי אָפּטרעסלען אַן עפּל.

נאַקעט, מיט גאָלדענע מעדאַלן אויף דער באַהאָרטער ברוסט, — משה נאַדיר האָט נישט געוואָלט אַזאַ דיכטונג, וואָס זאָל זיין אַזוי ווי די גע־נעראַלן פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס מעשהלע, וואָס וואַרטן אויף אַ נס, — ער האָט געשטרעבט צו דיכטונג וואָס זאָל גרייכן אהינצו, וואו, —

„די וועלט פון מאָרגן אויפגעשטורעמט
פון אַלטע הייזער, וואָס זיינען רויט
צעשמאָלצן אין פלאַמען הענישע.

און ס'איז אויף אַ מאָמענט אויך געוואָרן זיין מוט, קראַפט און ענערגיע פאַר אַ ברויזנדיקן און לעבנס־שפּרודלדיקן שאַפן. אָבער אין אַלגעמיין איז זיין פען קיינמאָל נישט געווען די פעדער פון זיידערע סטענגעם און צויבערנדיק־זיסע ווערטער, שטענדיק אַ שאַרף־שטעכנדיקע, און ווען אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער פון זיין פען געוואָלט מאַכן אַ ביקס, האָט ער גערופן: —

„איז ענגער, איז פעסטער
די פען מיט האַמער:
די פאַלנדיקע פעסטונג
געשמעטערט — צוזאַמען!
איז ענגער, איז פעסטער —
דעם אָטעם נישט כאַפּן!
מיט פענען און ביקסן צו לעצטע עטאַפּן.

ס'איז געווען אַ מאָמענט פון דיכטערישן שטימונגס־אויפברויז ווען משה נאַדיר איז אויסן געווען צו פאַרוואַנדלען זיין דיכטן אין אַ געווער פון פּאָליטישן קאַמף. אָבער שטימונגען קענען נישט אָנהאַלטן אויף דויער און משה נאַדיר איז געווען דער דיכטער פון שטימונגען, דערצו מיט באַזונדערע מענטשלעכע קאַפּריזן, — שטימונגען און קאַפּריזן זיינען אָפּטאָמאָל דער פאָטער פון אַנטוישונגען און אַזוי איז אויך געשען מיט משה נאַדיר: אַדאַנק צופעליקע שטימונגען האָט ער גענומען בינדן די

„פּען מיטן האַמער", רופנדיק צו צעשמעטערן די פאַלנדיקע פעסטונג, איז נאַטירלעך אויך געקומען זיין אַנטוישונג,—ניט דאָס דיכטערישע, און ניט דאָס קעמפערישע האָבן אים אנטוישט, נאָר דאָס פּאָליטיישע, — אין אַזאַ דיכטער, פון שטימונגען און קאַפּריזן, ווי משה נאַדיר, האָבן נישט געקענט הויזן צוזאַמען דאָס דיכטערישע און פּאָליטישע. גובר געווען האָט דאָס ערשטע און אַזוי איז ער מיט פּען און ביקס שוין ניט געקומען צו לעצטע עטאַפּן, — און אפשר וואָלט ער געקומען צו אַנדערע נאַציאָנאַל־אידישע עטאַפּן, ווען דער פריצייטיקער טויט זאָל נישט געווען האָבן אי־בערגעריסן זיין אָנגעהויבענעם און ניט־פאַרענדיקטן ליד.

# אָשר שוואַרצמאַן – דער דיכטער פון ערלעכן וואָרט און העלדישן טאַט

# אָשר שוואַרצמאַן — דער דיכטער פון ערלעכן וואָרט און העלדישן טאַט

די פּערזענלעכקייט פון אָשר שוואַרצמאַן טיילט זיך אויס רעליעף אויפן פאָן פון דער געוועזענער סאָוועטיש־אידישער און אַלגעמיין אידי־שער דיכטונג, ווי דער ערשטער, וואָס האָט מיט זיין בלוט און פלייש אָנגעהויבן אַ קאַפּיטל אידישע העראָיק אין אַן אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָ־נערן קאַמף פאַר פרייהייט.

ווער איז געווען אָשר שוואַרצמאַן? אַ קליינשטעטלדיקער יונגער־מאַן, וואָס האָט געלעכצט נאָך וויסן, שפּירנדיק אין זיך אַן אומרואיק־קעמפערישע נשמה. שוין זיין פריע יוגנט האָט אים געבראַכט צום דיכ־טערישן וואָרט, אָבער די סביבה איז נאָך ניט געווען אַזוי רייף, האָט נאָך ניט פאַרמאָגט די קראַפט און אייגנשאַפטן צו געבן אים וועלכע עס איז דעפינירטע ריכטונג און אויך ער אַליין האָט נאָך פאַרמאָגט ווייניק חוש פאַר דיכטערישער אָריענטאַציע. אויס דעם, מעגלעך, זיינען זיינע ערשטע בליקן געפאַלן אויפן נאַטור־אָרום און עס איז געוואָרן זיין אינספּי־ראַציע, אָבער נישט געפעלשט, נישט געקינצלט, נאָר אויפריכטיק. אין אַ בריוו צו דוד האָפּשטיין פונעם פראָנט, דאַטירט מיט 1915, שרייבט אָשר שוואַרצמאַן: „עפּעס אַזעלכע נייע געדאַנקען זיינען אַרויף אויפן זינען, עפּעס אַזעלכעס וואונדערלעך־ערנסטעס און ברייט־פאַרשלינגענ־דיקס, ווי ביי דער זעונג פון אַ גרויסער אָפענער נאַטור־פּאַנאָראַמע אין אָנהייב האַרבסט, ווען די זון נאָך האַלבן טאָג בלענדעט ניט, נאָר הענגט אַזוי לויטער און קלאָר. און אַלעס, וואָס כאַפּט זיך מיטן אויג אויפן גאַנצן פעלד, — אַן איינצלנע געביידע, אַן איינצלנע סאָסנע, אָדער באַרנ־בוים ביזן סאַמע גרויסן וואַלד, מינעט זיך אין שטראַלן, נאָר ווייזט זיך אַרויס אַזוי דייטלעך און וואונדערלעך־פּראָסט מיט יעדער ליניע, מיט יעדער איינבייג, און אַ מין שטילע און רואיקע פאַרטראַכטקייט איז

אויסגעגאַסן אויף אַלעס. אַלנפאַלס, מיר דאַכט זיך אַזוי, און אפשר איז דאָס אַן אָפּשפּיגלונג פון מיין אייגענער שטימונג". אָט די לירישע אימפּרעסיע קען אויך דינען ווי אַ כאַראַקטעריסטיק פון אָשר שוואַרצ־מאַנס דיכטערישער אינספּיראַציע.

„ווען די זון גאַנצפרי
ליכטיק גייט אַרויס,
און די וועל אין ים
ציט פון שלאָף זיך אויס,
ווערט פאַרבלענדעט פון שיין
און אַ שמייכל טוט,
און צעקאַטשעט זיך,
זינגט אַ שירה־ליד —
היל דיין קערפּער איין
אין אַ נעפּלקלייד,
פון די שוואַרצע האָר
זיך אַ שיף פאַרשפּרייט".

ס'איז לירישע פּאַטעטיק, און די פּאַטעטישקייט פליסט ביי אים שפּילעוודיק, פריידיק, מיט אַ באַזונדערער געגאַרטקייט צו שיינקייט, אויסגעדריקט אין פאָלגנדיקן פירסטראָפיקן רייך־בילדערישן פערז:

„אַ שטראַל פון דער זון האָט אַ כוואַליע געקושט
מיט ליפּן פון ריינעם גינגאָלד;
אַ שפּרונג האָט די כוואַליע געטאָן, ווי צעמישט,
און לעבן שוין מער ניט געוואָלט".

פּשטות, פּשוטקייט און צאַרטקייט געפינט מען אינעם פירסטראָפיקן פערז און שוין שטרייכט אונטער דער דיכטער, אַז צוליב שיינקייט און בענקעניש קען מען זיין גרייט צו זעלבסטאָפּפער.

אָשר שוואַרצמאַן האָט אין אַלגעמיין געלעבט צווישן טרוים און ווירקלעכקייט און באַזונדערס טאַקע פילט מען עס אין זיינע ערשטע ליי־דער. אָשר שוואַרצמאַן האָט זיינע ערשטע טריט אין דער דיכטונג אפילו אָנגעהויבן מיט נאַטוראַליסטישן רעאַליזם, — זיין ערשטע דיכטונג „די קרעטשמע" איז אין פולן זין פון וואָרט אַ נאַטוראַליסטיש־רעאַליסטישע שילדערונג, ס'איז אַ בילד פון אַן אַלטער פאַרלאָזענער קרעטשמע, וואָס האָט אַמאָל געהערט געזאַנגען פון שיכרות און איצט איז זי עלנט, — „נאָר ווינטן, וואָס הוליען אויף פעלדער אויף ברייטע דערמאָנען דער קרעטשמע די אַלטינקע זינד", אָבער גלייך נאָכן ערשטן ליד גייט ער אַרי־בער צו טרוימערישער אימפּרעסיע, ער איז צווישן וויזיע און רעאַליזם, ווי אינעם ליד „איך האָב געזען אַ בלויזע שווערד", —

„אַ גלאַנץ די שאַרף, אַ קלונג דער שפּיץ,
ס'האָט ווי אַ שניט געטאָן מיין אויג
אַ גיכער בליץ.
איך האָב געזען אַ ווייסן שניי:
אַ ווייכע, ריינע קלאָרע דעק,
נאָרוואָס פון הימל —
אָן איין ריר און אָן איין פלעק...
נאָר כיקוק זיך צו — אַ שטשערב אין שווערד,
און ווי אין שניי אַ פלעק, —
אַזוי טוט מיר באַנק —
אַ שיינער חלום איז אַוועק.

ס'איז דער ערשטער פּעריאָד פון אָשר שווארצמאַנס שאַפן. דער דיכ־טער לעבט אין דער הוילער בענקעניש נאָך שיינקייט. די בענקעניש שטעלט אים אוועק אויפן ראַנד צווישן וויזיע און רעאַליזם, אָבער דאָס צווייטע איז אין אים גובר: דער שיידוועג צווישן וויזיע און נאַטור־רעאַליזם פירן אים ניט אַוועק אין די מיסטישע הויכקייטן פון אומבאַקאַנטע הימלען, נאָר ווענדן זיינע בליקן דווקא צום ערדישן, צום בשר־ודמיקן.

* * *

אין אָשר שווארצמאַנס דיכטונג קען מען קלאָר אונטערשיידן דריי פּעריאָדן. אינעם ערשטן פּעריאָד גייען אריין לידער פון דער צייט צווישן 1908 ביז 1911, דער צווייטער פּעריאָד הייבט אָן ביי אים אין 1912 און ענדיקט אין 1917 און נאָכער קומט דער דריטער פּעריאָד ביזן דיכטערס העלדישן פאַלן אויפן פראָנט פונעם קריג אינעם קאַמף מיט דער פּוילישער רעאַקציע.

דער ערשטער פּעריאָד פון אָשר שווארצמאַנס שאַפן איז דער יוגנט־פּעריאָד און אומגעפער איז שוין באַקאַנט, אין וואָס זיין דיכטונג האָט זיך אויסגעדריקט. ס'איז געווען די בענקעניש נאָך שיינקייט, דער דיכ־טער דרינגט אריין טיף אינעם נאַטור־פּייזאַזש און דריקט עס אויס אין דער שפּראַך פון זיינע שטרעבונגען און גלוסטעניש. די בענקענישן דריקן זיך אויס אין אַ שטרעבונג צו ליבע און דאָס באַווירקט זיין פּאַטעטיק, פאַרגעבראַכט אין אַן אייגנאַרטיקער אינטאָנאַציע: אָשר שווארצמאַן בינדט דאָס פּאַטעטישע מיטן פאָלקסטימלעכן און דערום נעמט אָן טאַ־קע זיין געזאַנג דעם כאַראַקטער פון אַ פולשטענדיקן פאָלקס־ליד, ווי צום ביישפּיל:

„אין אַ וואָסער שטאָט צי שטעטל
וואוינט די, וואָס האָט מיך געפאַנגען?

. . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען כיזאַל וויסן, וואו דאָס שטעטל,
וואָלט איך באַלד אָהין געגאַנגען,
וואָלט איך אפשר יעדער מיידל
אויפן האַלדז זיך ניט געהאָנגען..."

אגב געפינט מען אין דעם ליד אויך דעם סטראָף „און ס'פאַרקליידן און באַצירן וועלכע דורכזיכטיקע צייגן אירע שמעקעדיקע זאַנפטע שיר־השירימדיקע צווייגן?" דאָס באַטייט, אַז דער דיכטער האָט ניט אויס־געמיטן דעם ביבלישן סטיל, הגם ער האָט זיך נישט געפונען אונטער קיינע ביבלישע איינפלוסן, — דער ביבלישער סטיל פּאַסט איבער־הויפּט צום פּאַטעטישן און ווייניקער אויך צום פּאָלקסטימלעכן און אָשר שוואַרצמאַן איז צו דעם געקומען אויף אַ ריין־אינטואיטיוון שטייגער. טיילווייז איז עס אויך געווען געבונדן מיט זיינע נאַטור־אייגנ־שאַפטן. אויף אַ מערקווירדיקן אופן פאַרבינדן זיך אין אים דאָס פּאָלקס־טימלעכע און אינטעליגענטישע און ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטי־מונגען פון אַ געוויסער גרופּע, וואָס איז צו יענער צייט געקומען צו אַ באַשטימטן קולטור־אויסדרוק: ס'איז דער פּעריאָד ווען די אידישע קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ זוכט פאַר זיך אַן אייגענעם וועג, אַ באַ־העפטונג מיטן סאָציאַלן דורך אַ קולטור־טאַט. דער תחילתדיקער גאַנג איז געווען צו דער ראָמאַנטיק, דער ריכטיקער אויסדרוק פון שיינקייט און גייסט־שטרעבונגען און אָשר שוואַרצמאַן האָט אין פולן זין פון וואָרט רעפּרעזענטירט די גרופּע, אָפּגעשפּיגלט די שטרעבונגען און באַגערן פון דער גרופּע: אָשר שוואַרצמאַן איז דער פולשטענדיקער אויסדרוק פון דער ראָמאַנטיק פון דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין נייע מעגלעכקייטן און טענדענצן. ס'איז געווען דער טייל אינטעליגענץ, וואָס האָט ניט געפילט קיינע נייגונגען צום נאַציאָנאַליס־טישן, וואָס האָט זיך געפילט ענג אין די צוימען פון אַ רעאַקציאָנער־ווירקנדיקן גייסט, דערזעלבער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ האָט אָבער נאָך געפעלט אָריענטאַציע און קלאָר־אויסגעדריקטער סאָציאַלער באַ־וואוסטזיין, דעריבער האָט מען געזוכט דעם אָנהאַלט אין דער שיינקייט־זוכעניש, אינעם נאַטור־פּייזאַזש, וואָס האָט געשאַפן דאָס געפיל פון אינ־דיווידועלער פרייהייט, פון אינדיווידועלער גייסט־אומאָפּהענגיקייט. ס'איז געווען דער פּאָזיטיווער שטריך פון דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ און אָשר שוואַרצמאַן האָט עס פולשטענדיק רעפּרעזענטירט. אין אַ גע־וויסן פּרט איז עס אויך פאַרבונדן מיט דער שטרעבונג צו אַ בעסערן און פרייערן לעבן, — אָשר שוואַרצמאַן האָט געלעבט אין אַזאַ וויזיע און דאָס האָט אָנגעצייכנט אַ וועג פון דעפינירטע איינשטעלונגען: אין באַ־

צוג צום אידישן לעבן האָט אָשר שווארצמאַן ניט אָנגענומען דעם טאָן פון אַ קלאָגער און באַקלאָגער, מחמת דעם געפינט מען ניט ביי אים קיין ריין־אידישע לידער, נאָר אויסשליסלעך־מענטשלעכע, ער קלאָגט ניט אויף אַן אונטערגייענדיקער אידישקייט, נאָר זיין ליד איז דורכגעדרונגען מיט האָפענונגספולקייט, — און אין באַצוג צום אַלגעמיין־מענטשלעכן לעבן איז זיין וועג געגאַנגען פון אבסטראַקטער ראָמאַנטיישקייט צו קאָנקרעטער רעוואָלוציאָנערישקייט.

* * *

אין ערשטן דיכטערישן פּעריאָד איז אָשר שווארצמאַן דורכויס ראָמאַנטיש־אימפּרעסיאָניסטיש, דאָך באַנוגנט ער זיך ניט נאָר מיטן שילדערן דעם נאַטור־פּייזאַזש, נאָר ער באַלעבט אים אויף אַזאַ שטייגער, אַז ס׳דריקט אויס שטימונג און נשמה־צושטאַנד. ווען אָשר שווארצמאַן האָט אָנגעהויבן דיכטן אין די צייטן פונעם אימפּרעסיאָניזם און אויף אַ גאַנץ אינטואיטיוון אופן האָט ער אריינגעטראָפן אין די הערשנדיקע שטימונגען, דאָך האָט ער ניט פאַרוואַנדלט דעם נאַטור־פּייזאַזש אין אַ ציל, נאָר אין אַ מיטל איבערצוגעבן איבערלעבונגען פון אַ ראָמאַנטיש־בענקענדיקן, באַנוצנדיק דערביי די מעטאַפאָר, דעם פאַרגלייך:

„דאַנקט זי מיר פאַר עפּעס האַרציק,
איז — אַ בלום אַקעגן זונשיין
עפנט אויף איר שויס פרימאָרגן,
און איך דאַנק איר באַלד צוריק".

יעדעס מאָל ווען דער דיכטער וויל רעדן וועגן זיך, וועגן זיינע בענקעניש, וועגן זיינע גאַרונגען צו און נאָך ליבע באַנוצט ער זיך מיטן נאַטור־בילד, און פונעם זעלבן מאַכט ער ניט אַ „נאַטיור מאָרט", אַ „טויטע נאַטור", נאָר די נאַטור באַקומט ביי אים לעבעדיקע ווירקונג, ווי צום ביישפּיל, —

„סישמעקט מיין ליבסטע, ווי אום פרילינג
ווייִנשל־גערטנער נאָך אַ רעגן;
סישיינט די זון, דאָס וועלדל שמייכלט,
און אַ פאַרע גייט פון טאָל".

די מעלה פון אָשר שווארצמאַנס דיכטונג באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז פריי פון מיסטישע מאָטיוון, און איז ניצול געוואָרן פון די אַלע באַצילן, וואָס פירן צו דיכטערישער דעקאַדענץ. און ס׳איז טאַקע אַ דאַנק דעם, ווייל ער האָט זיך געקענט באַגייסטערן אין —

„אַ באַגייסטערט־גליקלעך זינגען...
דאָרט גייט אָפּ אַ גאַנצע שורה

ליכטיק׳ שטראַלנדיקע מלאכים
מיט אַ פרייער לעבנס־שירה".

ס׳איז אין פולן זין פון וואָרט אַ ליד פון דורכויסעדיקער פרייד, הגם מ׳האָט דעם איינדרוק, ווי דער דיכטער זאָל אַריינפאַלן אין רעליגיעזער באַגייסטערונג, אָבער דער תוך איז ניט אינעם הימלישן, נאָר אין דער פרייער לעבנס־שירה, — ס׳איז די פרייד פון זיין און דער דיכטער באַהעפט זיך פולשטענדיק מיט דער נאַטור. און באַהעפט זיך דער דיכטער מיט דער נאַטור פליען ניט זיינע בליקן אַרויף, נאָר פאַלן דורכויס אויפן ערדישן, ווי דער דיכטער זאָל זיך ווילן לאָזן אין אַ גרויסן, קרעפטיק־לעבעדיקן, דינאַמישן פרייהייט־טאַנץ:

„און איך לויף און וויל דעריאָגן,
כילויף און פאַל און הייב זיך ווייטער,
און די גרויסע ליד פאַרסמט מיך
מיט אַ פרייהייט אַ פאַרשייטער...
ברייטער, זיסע פידלען־סטרונעס!
שטאַרקער, דינסטע גילדן־טאַצן!
איך פאַרפלאָנטער זיך אין קווייטן,
און דאָס האַרץ פאַר גליק וויל פלאַצן!"

ס׳איז ראָמאַנטיק דורכגעדרונגען מיט עפּיקורעאיזם, ס׳איז פולשטענדיקער פּאַנטעאיזם, דער גלויבן און די ליבע צו דער נאַטור־קראַפט און דאָס האָט איינגעוואָרצלט אינעם דיכטער צוויי איינגשאַפטן, אַ גוואַלדיקע ליבע צו פרייהייט און אַ גוואַלדיקע לעבנס־דאָרשט, אַרויסגעבראַכט אינעם ליד „איז ביז נאַכט געגאַן אַ רעגן", וואָס ענדיקט זיך מיטן דיכטערס רוף און באַקענטעניש צום לעבן:

„אינעם אויפגערעגטן הימל
וויפל חידושדיקע וועלטן!
אינעם אויפגערירטן האַרצן
וויפל מוט צו טאַט און לעבן,
און ס׳האָט מיין בלוט געזאָטן
און מיין כוח אין מיר געשטיקט זיך..."

אַזאַ איז אָשער שוואַרצמאַן אינעם ערשטן פּעריאָד פון זיין דיכטונג און שוין דאָ מערקן זיך נייע מאָטיוון, נייע טענער: עס איז דער רעוואָלט פון אַ שטייגנדיקן גייסט, וואָס דערהויבט זיך אין פרייד צו אַ פולן, שאַפנדיקן פרייהייט־לעבן.

* * *

אַן איבערברוך אין אָשר שוואַרצמאַנס דיכטונג קומט פאָר אין 1911־טן יאָר אינעם ליד „שוועסטער, שוועסטער". דער דיכטער האָט

מיטאמאָל דערפילט א שווערקייט. ס'איז די צייט פון דער צאַריסטישער רעאַקציע און דערצו ווערט דער דיכטער אויך אַרויסגעריסן פון זיין היימישער סביבה, — ער מוז אָפּריכטן מיליטערדינסט, — און ער האָט דעם פאַרגעפיל, אַז „גלייך ווי דאָרט, וואוהין מיר גייען, וואַרט דער טויט אין אַנטאָן שוואַרצן". ס'איז אייגנטלעך שוין סקעפּטישער טאָן און מיט דעם ליד הויבט זיך אָן פּאַקטיש דער צווייטער פּעריאָד פון אָשר שוואַרצ־מאַנס דיכטונג. דאָס אָרט פונעם ראָמאַנטישן פאַרנעמט דאָס פּעסימיס־טישע און דער דיכטער לעבט אין דער וויזיע פון געשעענישן, וואָס מוזן אומפאַרמיידלעך קומען. ס'איז די ווירקונג פון דער מיליטערדינסט וואָס האָט צעשיידט דעם דיכטער מיט זיינע פריינט און ער דערפילט אַן עלנט, וואָס גרענעצט זיך מיט יאוש.

„און איצט זיץ איך אַליין — אַ געשפּעט פאַר דער פּוסטקייט,
דער קאָפּ איז געבויגן, אַ יאוש פילט אָן,
געבליבן בין איך אָן אַ הערשאַפט — אַ קייסער
פאַרטריבן פון טראָן".

אין אַ צווייט ליד ווידער דערציילט דער דיכטער וועגן אַ שטילן אומעט, וואָס לויערט אויף אים און ס'איז מערקווירדיק, ווי אונטער אַזעלכע ווירקונגען זעט ער שוין אויך גאַנץ אַנדעריש דעם נאַטור־פּייזאַזש. ס'פעלט דאָס פריידיקע, דאָס באַגייסטערנדיקע און ער אַליין איז הוילע טרויער, דורכגעדרונגען מיטן פּאַסיוון און מחשבותדיקן. דער טאָן פון אָשר שוואַרצמאַנס ליד איז דעמאָלט אַן אומעטיקער, פול מיט ליידן און פּיין:

„ווען מיר זיינען ביידע געוואָרן צעשיידט,
געלייגט האָט זיך מיר אויפן האַרצן אַ שטילקייט...
די גרויזאַמע שטילקייט פון וואַלד אין פאַרנאַכטן,
וואָס ווערט מיט אַ בענקענדן קראַקען באַגלייט
פון עפּעס אַ פויגל, וואָס זוכט אין דער גראָקייט
זיין נעסט צי זיין פּאָר מיט אַ קול אַ פאַרשמאַכטן".

ס'איז דער פּעריאָד, ווען דאָס אָרט פון דער פריידיקער ראָמאַנטיק, פונעם לעבנס־עפּיקורעאיזם האָט פאַרנומען דער טרויער און אומעט און דער פּעריאָד גופא קען איינגעטיילט ווערן אין צוויי אָפּשניטן. ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַז זינט 1911 האָט דער דיכטער געלעבט אין הוילע דערוואַרטונגען און די קאַרדינאַלע ענדערונג קומט אין 1914 מיטן אָנהויב פונעם ערשטן וועלט־קריג. אָשר שוואַרצמאַן האָט אפילו נישט באַנומען תחילת דעם וועזן און אינהאַלט פונעם קריג, ער האָט ניט פאַר דעם קיינע קאָנקרעטע אויסדרוקן, אָבער דערפאַר איז ער דיכטעריש־מעכטיק און ווירקנדיק אינעם וויזיאָנערן, —

„פאַראָסטעט ווערט
די שאַרפע שווערד
סע גייט דער פערד
און פאַלט פון האַנט;
דער קאָפּ צו דריערד
אין פרעמדן לאַנד.
מיך רופן ניט
די פלינקע טריט
פון בריהשאַפט;
ניט סיהייבט זיך אויף
פון דרימל־שלאָף
מיין אַקסל־קראַפט".

מיט דעם ליד האָט אָשר שוואַרצמאַן פאַקטיש אָנגעהויבן דעם ציקל קריגס־לידער, אַגב זייער באַגרענעצטע אין צאָל. אינעם פעריאָד 1914, 1915 און 1916 זיינען פאַראַן בלויז פינף לידער אָשר שוואַרצמאַנס. אין די לידער שילדערט ער ניט דירעקט דעם קריג, נאָר ס'ווערט אַרוים־געבראַכט רעזולטאַטן, פּראָטעסט. דאָס ערשטע ליד איז געווידמעט דעם זיין אויף הער פּאָזיציע, אויסדריקנדיק צער און פּראָטעסט. דער דיכטער מחשבותט וועגן די, וואָס טרעפן זיך ביינאַכט ווי שונאים און ווייסט דען ווער, וואָס פאַר אַ תפילה זיי ריכטן אָפּ דערביי?

„זיי פליסטערן שטיל: כיבין ניט שולדיק... געגוג!
קער אום מיך, מיין גאָט, צו פאַרלאָזענער היים...
ווען סיאיז שוין אין שייער קיין איינציקע שטרוי,
פאַרוואָס זאָל נאָך שטיין ניט געאַקערט דאָס פעלד?
און אָרעמע שטעטלעך אויסגיין אָן ברויט,
דערפאַר וואָס די וועגן מיט מורא פאַרשטעלט?..."

און גראָד דאָרף דאָס ליד אויסגעטיילט ווערן לויטן טאָן,—ס'איז שוין דורכויס רעוואָלוציאָנערער פּראָטעסט, הגם פאָרגעבראַכט אין אַ פּאַסיוו־געבעטערישן טאָן. די דיכטונג טיילט זי אוים אָבער מיט דעם, וואָס זי דריקט אוים די פיין פונעם פאָלקס־מענטש בעתן קריג און דער דיכטער זעט פאַרוויסטעטע פעלדער, פאַרחושכטע שטעטלעך, וואָס ווירקט, אַז אין אַ צווייטן ליד זאָל ער אַפילו צום ערשטן מאָל אויך רעדן וועגן פיין פונעם אידישן פאָלק בעת קריג. ער דריקט עס אוים אינעם ליד „און ניט נאָר דיין שייער וועט שטיין אָן אַ דאַך", דאָס ליד האָט פינף סטראָפן און כאַראַקטעריסטיש זיינען דער צווייטער און לעצטער סטראָף:

„דיין פאָלק וועט צעפאַלן, ווי האָלץ, וואָס צעפוילט,
אַזוי ווי פון מאָל אַ צעגעסענעס קלייד,
דערפאַר, וואָס מיין פאָלקס אומגעהייערן לייד

האָסט געמאַכט פאַר דיין פרייד".

און די לעצטע סטראָף:

„און טרויעריק־שטיל וועט דיך בייגיין מיין פאָלק,
ווי צענדליק פאַרגאַנגענע פעלקער פאַר דיר.
און טראָגנד אַ יאָך נאָך פון דיינעם מער שווער —
ווייטער גיין, ווייטער".

איז עס ביים דיכטער אַ דערוואַכונג צום נאַציאָנאַלן? אבסאָלוט ניט, ס'איז מער פאַרבונדן מיט דיכטערישער מעדיטאַציע און מיט דעם, וואָס דער דיכטער האָט זיך געפונען אויף דעם פראָנט פונעם קריג, וואָס האָט אַממערסטן געטראָפן די אידישע באַפעלקערונג. געוויס האָט ער געזען די אידישע פאַרפאָלגונגען, דאָס אַרויסשיקן די אידישע באַפעלקערונג פונעם פראָנט־פּאַס, אידיש האָב און גוטס איז חרוב געוואָרן און ס'האָט ניט געקענט אַדורך ניט־באַמערקט פאַרן דיכטערס פילן און איבערלעבן.

* * *

מיט די דערמאָנטע קריגסלידער פאַרענדיקט אָשר שוואַרצמאַן אַ צווייטן פּעריאָד פון זיין דיכטערישן שאַפן און פאַרענדיקט אין טרויער פון אַ פאַרגייענדיקער יוגנט:

„ ווי אַ פויגל פאַרנאַכט, טרעפנד ליידיק זיין נעסט,
האָט סיהאַרץ שטיל אָן ווערטער געגאָסן זיין קלאָג,
וואָס מיין יוגנט פאַרגייט — מיין איין־איינציק פאַרמאָג,
ווי אויף זאַמדן אין מדבר אַ גאָלדענער טאָג".

אָבער גלייך דערוואַכן אַנדערע טענער. פאַרענדיקט דער קריג און דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, ווייזן אָן אויפן דיכטער נייע שטימונגען און זיין גייסט שטייגט צו אַ נייער דערקענטעניש. דער דיכטער דערשפּירט דעם אומקער, די באַנייאונג צו יוגנט:

„יוגנט, יוגנט!
ווי אַ שפּילנדיקע כוואַל,
ווי אַ טרער פון פולער פרייד —
ייד שטעל,
דיין יונגע פרייד.
— — — —
ביי הרעבליע רוישט אַ פרייד־געשריי
און זון, און וועלט
און איך אין וועלט...
צעקלאַפּט דעם קאָפּ מיר אויף אַ שטיין —
איך דאַרף נישט מיין".

מ׳קען זאָגן, אַז מיט דעם ליד הויבט אָן אשר שוואַרצמאַן זיין דריטן, דעם רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד פון זיין דיכטונג. אין דעם פּעריאָד לעבט איבער דער דיכטער פאַרשיידענע שטימונגען. ס׳זיינען שטימונגען פון רעוואָלוציע, פון בירגערקריג, פון די שוואַרצע קאָנטררעוואָלוציאָנערע כוחות. און ווי אָריענטירט זיך דער דיכטער גופא אין די אַלע שטימונגען?

„אויף פעלדזן־שטעגן כיבלאָנדזשע בלינד,
נאָר אונטער פעלדזן, הער איך, רינט
און ריזלט פריש אַ שטראָם, —

דער דיכטער באַנעמט נאָך ניט קאָנקרעט דאָס בילד פון דער רעוואָ־לוציע, אָבער דערפאַר באַנעמט ער קאָנקרעט די ווירקלעכקייט פון דער קאָנטררעוואָלוציע און בירגער־קריג, רעאַליסטיש ארויסגעבראַכט אין אַ סטראָף פונעם ליד „מיין ברודערס ליפּן בלוילעך־געל",

מיין ברודערס פוס איז אָפּגעדעקט,
פאַרבלוטיקט און אין קויט,
און שטיל קוקט איר זיך איבער: טויט?...

אָבער דער דיכטער נעמט שוין אויף דעם טויט פון אַ ברודער גאַנץ אַנ־דערש, ווי ער וואָלט דעמזעלבן אויפגענומען אין די אומשטענדן פונעם אימפּעריאַליסטישן קריג. דער דיכטער גופא פילט ניט דערביי קיין שרעק אָדער מורא, ס׳איז בלויז פּיין און באַטריבטקייט, אָבער גלייך אויפגע־לייזט אין אַ וויזיע פון קומענדיקער נייער ווירקלעכקייט:

„...אָ, ניין!
פון אַלץ, וואָס אייך באַטריבט,
זימיין ברודער ריין!
א זון־באַשיינטער ריז האָט ער זיך אויפגעשטעלט
מיט אויסגעשפּרייטער האַנט אויף גאָרער וועלט...
אַ גרויס בלוי שווייגן איז אַצינד זיין היכל,
און ס׳איז זיין זונענבליק פאַר אַלעס מוחל, מוחל..."

ס׳איז אויך אגב דעם דיכטערס אַני־מאמין פאַרן רעוואָלוציאָנערן. ער מערקט קאָנקרעטע רעזולטאַטן, אָבער ער נעמט עס אויף ריין הומאַ־ניטאַריש, אידעאַליסטיש. דער דיכטער פילט דאָס סאָציאַלע, דאָך נישט קאָנקרעטיזירט. פונקט ווי אינעם ערשטן פּעריאָד פון זיין ראָמאַנטיק, פענדלט באַ אים אויך דאָס רעוואָלוציאָנערע צווישן רעאַליזם און וויזיע, — דאָס רעאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע באַקומט ביי אים בלוט און פלייש ערשט אינעם ליד „אין אויפשטאַנד" און דער וועג האָט זיך אויך דאָ געשלענגלט דורך וויזיע און ראָמאַנטיק. אין דעם פּרט איז באַמערקנסווערט זיין ליד „זעונג", וואָס הויבט אָן מיט דעם סטראָף „איצט, ליבסטע, קום! דעם נביאס וואָרט האָט אויפגעהויבן זיי פון גריבער און פון זומפּן. פון קברים אָרימע אויף באַרג און טאָל פון לענדער פיל שטייט אויף אַ חיל

גרוים מיט ליוב און מיט געזאנג", — דער דיכטער הערט שוין און פאר־נעמט דעם מארש פון דער מאסע, —

„זיי גייען קייטנווייז, ווי רייען פון מלאכים.
מיט זיי דער שטאלצער גייסט,
וואס רוט אויף שווייגנדיקע פאלקן,
דער רויט פון באטארייעס לויפנדע מיט זיי, —

דאך גלייך קערט זיך אום דער דיכטער אויך צום וויזיאנערן, וואס שטעלט זיך אים פאר אינעם געשטאלט פון א בלוילעך־ווייטער כלה, ווע־מען ער רופט, אז זי זאל מיט אים אנטקעגן גיין די שטראלנדיקע ברידער אויסצולייזן דאס ארעם־טרויעריקע ליב אין אים פון וויסן און פארגעבן:

אין לעבן, וואס האט טויט דורך טויט באזיגט,
וואס טראגט זיין בליענדיקן בעכער דורך
דורך פייער און דורך בלוט.
באהעפטן וויל איך דיך
צום ליד, וואס טוט שוין שאלן,
ווי טויזנט וואסערפאלן,
וואס הימלען טרייסלען אויף".

אשער שווארצמאן האט אויפגענומען דעם רעוואלוציאנערן מארש רעאליסטיש און וויזיאנעריש און איז געגאנגען ניט נאר אנטקעגן, נאר דירעקט זיך אנגעשלאסן אינעם מארש פון די מאסן: אשר שווארצמאן איז געווארן דער דיכטער דער רויט־ארמייער, וואס האט די פען פארבעטן אפן באגנעט, ווייל, —

„אין בייזן געווימל פון שטורמישע כוואליעס
דאס ברומען פון שלאכטפעלד זיך הערט,
דארט טראגן ארום זיך צעווילדעטע רייטער
אף שווארצע טיטאנישע פערד.
זיי יאגן זיך, טראגן זיך ריי קעגן ריי
און שלאגן זיך אן אין דער מיט.
און ווער סיהאט דאס וואפן אין לויף ניט געצילעט
פאר דעם איז שוין איצטער צו שפעט."

אשר שווארצמאן איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט, שאפנדיק די עפאפייע פון דיכטער־העלד, פון דיכטערישער העראיק.

* * *

אשר שווארצמאן האט דורכגעמאכט אן אויסערסט אינטערעסאנטן דיכטערישן אנטוויקלונגסוועג. אנגעהויבן מיט דער ראמאנטיק איז ער אויף א נאטירלעכן שטייגער געקומען צום אומעטיק־טרויעריקן און פעסימיס־

טישן, אָבער ס'האָט זיך ניט אַריינגעפּאַסט אין דער דינאַמישקייט פון זיין גייסט. בלויז אויף אַן אויגנבליק איז אים באַפאַלן דער אומעט און יאוש, ס'איז געווען די ווירקונג פונעם אימפּעריאַליסטישן קריג, אָבער גלייך ליטערט זיך אויס זיין וויזיע, ווען ער דערהערט די ערשטע טריט פון דער רעוואָלוציע. ס'איז מערקווירדיק, וויאַזוי די ראָמאַנטישע בענקעניש צו שיינקייט, צו ליבע בינדט זיך ביים דיכטער מיט א בענקעניש צו אומבאַקאַנטע ווייטע צילן, —

„נאָר דאָ מיט דיר,
אין שטילער נאָנטקייט מיט דיר
מיר ציט נאָך ערגעצוואו צו נאָמענלאָזע צילן,
מיך וויגט נאָך איין א טונקלקייט פון בלאָנדזשענדע געפילן, —

די נאָמענלאָזע צילן זיינען דער קאַמף פאַר דער רעוואָלוציע, פאַרקערפּערט אין זיין ווירקלעך עפּאָס-העלדישן ליד „אין אויפשטאַנד".

דאָס ליד איז די ריכטיקע דיכטערישע טויפונג צום רעוואָלוציאָנער-דיכטערישן עפּאָס, צו העלדישער הערויִק און ס'איז דאָס ליד און געזאַנג פון די מאַסן. דער דיכטער דערשפּירט ווידעראַמאָל די קראַפט פון זיין דיכטערישער פּאַטעטיק, הגם דאָס אָרט פון נאַטורבילד פאַרנעמט אינעם ליד דאָס אָרט פון מענטש- און מאַסן-בילד:

„אין קאַלטער ווינטערנאַכט, ביי שיין פון בליצנדיקע שטערן,
אויף ווייטע געגנטן צעפלאַקערן זיך שרפות.
אין וועלדלעך טונקעלע,
אין האַלבע שוצגראָבנס,
ביי טונקלער זייט פון ברענענדיקע דערפער
זיך שלענגלען שורות מורדים,
מיט ביקס אין האַנט, מיט וואַרים בלוט אין האַרצן, —

ס'איז שוין דאָ פולשטענדיק בילד פון בירגערקריג, וואָס גייט איבער א'ן בילד פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף און מאַסן-אויפשטאַנד, —

„פון הייזער אָרימע, פון שטיקנדע וואַרשטאַטן,
פון לאַנגע וואָגל-נעכט, פון הונגעריקע טעג
געקומען זענט איר, ברידער מיינע פּילע,
צו ווייזן
דעם פּרייז פון שטילער מי,
דעם וויי פון אייער לייב,
דעם אויסגעשריי פון דורות און פון צייט.
איך הער: סיברומט אויף דער קייטן-קלאַנג פון דורות-קנעכט
מיט אָרעמען געביין צעשאָטענע אויף לעבנסמידע וועגן,
סיזידט אויך דאָס בלוט פון מענגעס מיינע ברידער,
מיט האַנט צו האַנט און קאָפּ צו קאָפּ געשאָכטענע

אויף שלאַכטפעלד פון קיילעכדיקער ערד".

אינעם ליד פילט זיך שוין גאַנץ קאָנקרעט דער פולס פונעם רעוואָ־לוציאָנערן קאַמף, דער אויפשטאַנד פון דער מאַסע. דער דיכטער גופא ווייסט אויך, אַז דער קאַמף איז אַ שווערער, אָבער ער שטייט ניט אין דער זייט פונעם קאַמף, נאָר, —

„נאָר מיט ביקס אין האַנט,
מיט וואַרעם בלוט אין האַרצן
פאַרטייע איך זיך איצט
און לאָקער נאָך דעם שונא,—"

אין אַזאַ שטייגער האָט דער דיכטער דערשפּירט דעם אָטעם פון דער רעוואָלוציע און אירע שלאַכטן און ס'איז געוואָרן די נייע אינספּיראַציע פון זיין ליד, וואָס האָט גענומען קלינגען מיט נייע טענער. זיין ליד ווערט דעמאָלט דאָס צילגעווענדעטע וואָרט און גייט ביי אים האַנט ביי האַנט מיט קאָנקרעטן, ווירקנדיקן טאַט:

„ אַפּגיך צום פערד,
די האַנט שטאָל אָן,
ס'איז איצט דער שווערד,
די שפּיז — אַ פאָן —
— דער שונא ביי די טויערן!"

אָשר שוואַרצמאַן האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די אויפגאַבע פונעם דיכטער אין די אומשטענדן פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, און דעם רע־וואָלוציאָנערן קאַמף זיינען געווען געווידמעט זיינע לעצטע לידער, אָבער ס'איז אים ניט געווען באַשערט צו וועבן לאַנג דעם פאָדים פון דער אי־דישער דיכטונג: אויסן באַוואוסטזיין, אַז „דער שונא ביי די טויערן", איז אָשר שוואַרצמאַן אוועק אויפן פראָנט צו קעמפן קעגן די ווייס־פּאָ־ליאַקן און איז געפאַלן אַ העלדישן טויט. אַזאַ איז דער רומפולער אַנט־וויקלונגס־וועג פון אַ דיכטער, וואָס האָט פאַרשטאַנען פאַרוואַנדלען שווערד און שפּיז אין אַ פאָן פון רעוואָלוציע און קאַמף און אויף דער פאָן וועט פאַר די דורות פון אַ באַפרייטער וועלט זיין פאַרצייכנט דער נאָמען פון אָשר שוואַרצמאַן „דער דיכטער, וואָס איז געווען ערלעך אין וואָרט און העלדיש אין טאַט".

— 1 —

## בירגערקריג-מאַטיוון

איציק פעפער דער דיכטער, איז אַ באַשאַף פון דער אָקטאָבער־רע־וואָלוציע. ער איז דורכויס אָרגאַניש אין זיין דיכטן און וואָלט געדיכטעט ביי פאַרשיידענע אומשטענדן, אָבער די ריכטיקע און פּאָטענציעלע דיכ־טונג־איינגנשאַפטן זיינע אַנטדעקן זיך אין די אָנהייבן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. זיין מוזע האָט געפונען אַ תיקון אין די מאָטיוון פון דער רעוואָלוציע און די האָריזאָנטן פונעם ראַטנפאַרבאַנדישן אויפבוי, האָבן באַקערנט זיין דיכטערישן אויפבלי. דעריבער איז פאַרשטענדלעך פאַר־וואָס איציק פעפער הייבט אָן זיין דיכטונג מיט אַ קליינעם אויטאָביאָ־גראַפישן שטריך, דערציילט וועגן זיין געבורט־שטעטעלע און אַז ער שטאַמט פון ערגעצוואו פון אונטער די בלויע הימלען פון דער רחבות־דיקער אוקריינע. איציק פעפער שטעלט עס פאָר אין אַ באַזונדער אימ־פּרעסיווער בילדערישקייט און דיכטערישן גלי:

„די זון האָט זיך טונקל געסמאַליעט
מיט ווערבעס ביי קאַנטן פון וועג;
ס'איז צעוואָרפן אַ שטעטעלע שפּאָלע
מיט שטיבלעך, מענטשן און טעג.
מיין טאַטן ירושה פאַרבליבן
פיר ווענט מיט אַ שטרויענעם דאַך,
ווי אַנדערע שטיבלעך אַ שטיבל,
ביי אַ שטויביקן שליאַך.
אין אַ טאָג, אין אַ פראָסטן אָן וואונדער,
אין אַ בעט, אויף אַ ציצענער ציך,
גלייך מיט אַנדערע קינדער
האָט מיין מאַמע געבוירן מיך".

נאָר אַ קליינער אויטאָביאָגראַפישער שטריך, וואָס נייטיקט זיך שוין נישט אין ווייטערדיקע באַשרייבונגען און אויך דער דיכטער גופא מיידט אויס צו דערציילן אַ סך וועגן זיך. ער דאַרף ניט שילדערן זיינע קינדער־יאָרן אין שטעטל, דאָס לעבן אינעם טאַטנס־הויז, הגם ער דערציילט פון וואַנען ס'קומט צו אים דער נאָמען איציק. דער זיידע האָט געוואָלט, אַז דאָס אייניקל זאָל דוקא טראָגן דעם נאָמען פונעם הייליקן סקווירער רבי, אפשר וועט עס זיין אַ סגולה, דאָס אייניקל זאָל בלייבן ביי באָרד און פאות, זאָל אָנהאַלטן די רעליגיעזע פרומקייט און דערצו אפשר נאָך האָבן אויך דאָס גליק צו ווערן דער גרעסטער נגיד פונעם שטעטל, געבענטשט מיט אַ ווייב אַן עקרת־הבית, — דער דיכטער דערציילט עס מיט אַ ליבן שמייכל אויף די ליפּן, טאַקע ווייל דאָס לעבן גופא און מעגלעך אויך דער גורל האָבן פאַר אים אָנגעצייכנט גאָר גאַנץ אַנדערע וועגן, ווי דער זיידע האָט זיך פאָרגעשטעלט און געהאַט אין זיינע דמיונות:

„האָט די זון געבענטשט מיין לייב מיט בראָנזע<br>און מיט שלאַכטן און מיט לידער ריגט מיין לעבן.<br>לאַכט אין מיר און קאָכט, ווען איך דערמאָן זיך,<br>אַז איך טראָג אַ נאָמען נאָך אַ רביין."

* * *

איציק פעפער האָט געטראָגן דעם נאָמען פון אַ הייליקן רבין, אָבער געלערנט האָט ער ביי וועמען אַנדערש, — געלערנט האָט ער ביי דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט געבענטשט זיין לעבן מיט שלאַכטן און מיט לידער. די שלאַכטן פון בירגער־קריג זיינען געוואָרן זיין אמתדיקע אינספּיראַציע, אין די שלאַכטן איז ער געטויפט געוואָרן נישט נאָר צום קאַמף, נאָר זיך אויך פאַרקנס'ט מיט דער מוזע און פון דעם שטראָמט און וואַקסט זיין ליד־פאַרמעסט. און עס איז גאַנץ נאַטיר־לעך ווען אין דעם אָנהייב פונעם ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן, גייט זיין ליד אויסשליסלעך אויפן בירגער־קריג. עס איז דאָס געגאַנג צו די גרויסע שלאַכטן, וואָס דאַרפן אויסשמידן אַ נייע וועלט און אַ נייעם מענטשן, דער בירגערקריג איז נישט נאָר אַן איבערבראָך אינעם לעבן פונעם שטעטלשן בחור, נאָר אויך די שמידעריי פאַר זיין דיכטערישער זייענדיקייט. קוקנדיק פאָרויס, אין דער אַנטפלעקונג פון נייע וועגן און נייער ווירקלעכקייט, רייסט ער איבער ענדגילטיק מיט דעם, וואָס ס'איז גע־ווען אין דער פאַרגאַנגענהייט, —

„כיבין אַוועק,<br>און פון דעמאָלט איז קיינמאָל<br>מיין טראָט ניט געוואָרן, ווי פריער, —

דאָס יונגע און פרישע בלוט רופט דעם דיכטער ערגעצוואו אַנדערש און דעמאָלט אַנטפּלעקט זיך פאַר אים דאָס בילד, וואָס איז אַ בולטער קאָנט־ראַסט צו דער אַמאָליקער שטעטלשערווירקלעכקייט און צו דער אַמאָ־ליקייט בכלל:

„דרימלען ערדן ניט געאַקערט,
דאָרשטן פעלדער הויל נאָך זאַנגען,
פליט מיין ווילן ווילד און נאַקעט
אַף די רעלסן אַף די לאַנגע."

פרייד און שוואונג, — אַזאַ איז דער נשמה־צושטאַנד פונעם דיכ־טער. די נייע ווירקלעכקייט נעמט אים אַרום ווי אַ פרישער קוואַל, דרינגט אַריין אין אים, מאַכט זידן זיינע בלוטן און מאַכט אַרויסזינגען פון אים אַ ליד, רייך אין בילד און אימפּרעסיוו אין דער בונטקייט פון קאָלאָריט און פאַרב. ער איז צופרידן וואָס זיין שטעטל ליגט שוין ערגעצוואו ווייט הינטער אים; ער איז באַהויכט פונעם גליק, וואָס אַלע טאָג האָט ער ערגעצוואו אַן אַנדער היים. שוין דאָס אַליין איז אים ליב, ער שפּירט אין דעם אַ באַזונדערע וואַרעמקייט, דאָך איז עס ניט וואַגאַבונדישקייט, אָדער דיכטערישע באַהעמישקייט, אין וועלכן די גאַנצע וועלט ווערט ליב און ניחה, — ביי איציק פעפער איז עס אַ פּועל־יוצא פון אַ נייעם באַ־וואוסטזיין, אַרויסגעדרונגען פון דעם —

„ווייל צווישן היים און וועג בין איך,
צווישן מיר און וועג — מיין פערד,
און די פיס זיינען גרינג און גיך,
און גרייט איז מיין זאַק און שווערד".

עס איז דער נייער באַוואוסטזיין פונעם דיכטער און דער באַ־וואוסטזיין האָט לחלוטין געענדערט זיין פּסיכישקייט. אין דער נייער ווירקלעכקייט פילט ער ווי ער זאָל פונדאָסניי האָבן געבוירן געוואָרן. מיט דעם דערוואַכן אין אים אויך נייע שטימונגען און ער באַנייט זיך אין זיי־נע גייסטיקע אינהאַלטן. אַ נייער ווילן איז אַנטשטאַנען און נאָר אַדאַנק דעם ווייל ער פאַרמאָגט דעם כוח איבערצואוועגן דאָס אַלעס, וואָס ער האָט באַקומען פון דער אַמאָליקייט. דער דיכטער האָט זיך באַפרייט פון דער פאַרגאַנגענהייט און זאָגט זיך אַליין, אַז —

„ס'איז גוט, וואָס כיהאָב מיין יונגן טרויער
צעזייט אין וועג, אין פעלד, אין שטרוי.
ס'איז גוט, ווען יעדער אָטעם פרייט זיך
מיט פרישן גאַנג אויף שווערן וועג,
וואָס איך האָב אויף ליילעכער פון ווייצן
צעווייט אַזוי פיל יונגע טעג."

אַלץ דער באַוואוסטזיין און שטימונגען, וואָס פירן דעם דיכטער צו דער חופּה מיט דער מוזע, עס זיינען די שבע ברכות פון זיין דיכטע־רישער אינספּיראַציע, פון וואָס עס זינגט אַרויס זיין ליד און פרייד צום בירגער־קריג, צו דעם גרויסן אָנהייב, וואו פייער און בלוט האָבן גע־שמידט די גרויסע אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אָנזאָגנדיק די אַנטשטייאונג פון דער מעכטיקער מאַכט — דעם ראַטנפאַרבאַנד.

* * *

איציק פעפער באַזינגט דעם בירגערקריג נישט ווי אַ צוקוקער, נישט ווי דער דיכטער, וואָס איז געבענטשט מיט פאַרשטעלונג־רייכקייט און קען עם אַרויסברענגען אין אַ ריטמיש־פּלאַסטישער פאָרם און וואָרט, — ער באַזינגט דעם בירגערקריג ווי אַ דירעקטער אָנטיילנעמער אין אים. דעריבער ווערט זיין ליד וועגן בירגער־קריג אַ העלדישער עפּאָס, אָבער אין דערזעלבער צייט אויך אויסגעצייכנט מיט לירישער דורכדרינגלעכ־קייט. איציק פעפער איז אייגנטלעך מער דער דיכטער פון לירישע גע־זאַנגען, דאָך באַווייזט ער אַריינצוואַווען אין זיין ליד אַזעלכע מאָטיוון, אַז עס שטייגט צו עפּישער קרעפטיקייט. דאָס בילד גופא אָטעמט מיט העלדישער עפּישקייט:

> זיי וואַרטן צעוואָרפן אויף שניי
> מיט ביקסן אין הענט,
> באַוואָקסן מיט אומעט און קויט —
> מיר פאָרן, מיר פאָרן צו זיי,
> מיר פירן זיי קוילן און ברויט."

ניט קיין גרינגער איז דער וועג, וועגן וועלכן דער דיכטער דערציילט און זינגט. ס'קומט אויס צו קעמפן ניט נאָר מיטן שונא, נאָר אויך מיט די נאַטור־שוועריקייטן און שטערונגען. אינעם סאַמע ברען פון איילע־נישן און שלאַכטן גרייט אַמאָל די נאַטור איבערראַשנדיקע סורפּריזן, אָבער ס'ווירקט ניט אויפן מוט פונעם קעמפער און ס'שוואַכט ניט אָפּ דעם ווילן, ווייל קלאָר איז דער ציל און באַוואוסט איז די שטרעבונג. און דער דיכטער ווייסט ווי צו דערציילן וועגן די אייגנשאַפטן פון דער וויר־קלעכקייט, וואָס אַנטפּלעקט פאַרן בליק נייע בילדער, ווי אויך ווי צו שיל־דערן דעם ערשטן רעליעפן קאָנטראַסט צווישן דער שטימונג פון דער שטאָט אין די אומשטענדן פון בירגערקריג און דער נאַטור. עס איז אַפילו ניט קיין צייט צו שטעלן פראַגעס, דער „פאַרוואָס" איז איבעריק און מ'דאַרף אים אויך נישט וויסן, דאָך זיינען פאַראַן זאַכן, וואָס דאָס אויג נעמט אויף, און מען קען די זאַכן נישט פאַרשווייגן. אָט אויף דעם פאַלט דעם דיכטערס באַוואונדערונג און צוזאַמען מיט דעם, שטייגט

און עס וואַקסט זיין אומרו. ער באַוואונדערט די נאַטור און איר וויר־קונג איז אַ פּאָזיטיווע, זי ווירקט צום צוזאַמענשמידן אין אַ גאַנצקייט די דערוואַכטע:

„אונדזער ערד איז אַ פרישע און ווייצענע,
אונדזער הימל איז רויכיק און העל;
האַנט צו האַנט און פּלייצע צו פּלייצע,
פוס צו פוס און שינעל צו שינעל".

און מ׳הערט די טריט פון די שטאָלענע, צוזאַמענגעשמידטע מחנות. אַזאַ איז זי די קראַפט פון איציק פעפערס דיכטערישער בילדערישקייט, וואָס פאַרמעוועט זיך אויס אין אַ באַוועגלעכן בראָנז־מאָנומענט. און מערקווירדיק: פון דעם שטראָמט אַרויס אויך זיין דיכטערישער ליריזם. ליריש ווערט דער דיכטער דעמאָלט, ווען עס ווערט שטיל די שלאַכט און פאַר זיינע אויגן שפּרייט זיך דער טרויער און ווייַ פון די שלאַכט־רע־זולטאַטן. און טרויעריק איז דאָס בילד, ווען —

„דאָס פעלד האָט לאַנג פאַרגעסן שוין פון לידער,
און שניטער רייטן אום מיט שווערדן אין די הענט;
איך בלאָנקע אום אין פעלד און זוך מיין ברודער,
— — — — —

איך לויף אַרום און זוך מיין ברודער
און קוש אַ בלוטיק לייוונטענעם העמד..."

און דער דיכטער בענקט נאָך יענע וואונדערלעכע און העלדישע טעג, ווען מ׳האָט ווי אָדלערס זיך איבער די שלאַכטן געטראָגן:

„איך בענק, איך בענק נאָך רויכנדיקע וועגן,
געוואַשענע מיט שונאים רויטן בלוט,
איך בענק נאָך יענעם פייערדיקן רעגן,
וואָס האָט אויף פעלדער קיינמאָל ניט גערוט".

אָבער דער דיכטער ענדיקט ניט מיט דעם זיינע געזאַנגען צו דער עפּאָפּייע פונעם בירגער־קריג, — עס איז נאָר אַ טייל פון די זע־אונגען, וואָס פירט דעם דיכטער פון די „וועגן זיך און אַזוינע ווי איך" צו „די טעג פון פראָסטן וואונדער", ווען —

„שטייען לענדער אויף קניען געבויגן,
שטייט אויף קניען צעשראָקן די ערד
פאַר גראָווע,
פאַר דאָרפישע אויגן,
פאַר רוסלאַנדס
פאַרהונגערטע פערד!"

# „טעג פון פראָסטן וואונדער — דער וואונדער פון פראָסטע טעג"

אין קויטיקע גרויע שינעלן, איבער הארבסטיקע פעלדער, איבער וועגן און שוועלן שטייען צעשטעלט היטערס מיט שווערדן. ס'זיינען רויט־ארמייער, צעוואלגערטע אָן היימען, וואָס ווארטן מיט זייערע לייבער, הענט און קעפּ, צי ס'וועט עמיצער פון זיי טרעפן אהער, א ברודער אָדער א מוטער אין א פרעמדן לאנד, אינעם רויכערדיקן סטעפּ. ס'איז שוין נאָך דער שלאכט. אין די שווארצע שטחים פון דער נאכט איז פאראן געגנוג בלוטיק געמויזעכץ און אויף פרישע פעלדער, אין בליאיקן קאָרן, האָט עמיצער א רייטער זיין פערד פארלאָרן. פונעם פערד איז שוין מער גארניט געבליבן אויסער דער פעל און ביינערדיקן נאקן און אינעווייניק, מערקזאמקייט אזא בילד, מען זעט עס ניט און מען באמערקט עס אינעם שארבן פוילט א זעלנערישער היטל מיט א לעדערנעם רעקל.

עס איז א בילד נאָך א שלאכט, א בילד פון מענטשלעכן ווייאומעט, און נאָר דעם דיכטערס בליק קען עס פארנעמען, א באאיינדרוקטער פון דער איבערלעבונג. אין עצם שענקט מען ווייניק אויפניט. און אָט דאָס געזעענע איז א טייל פונעם געמויזעכץ, ס'איז שוין ניט מער, ווי מיסט אין וועג, וואָס קען שטערן דעם דורכגייער אין זיין גאנג. און ווי זעט אויס די רעאליטעט פונעם געשעענעם?

„איז געקומען אַ מענטש פון דער שטאָט און פאַרשריבן,
וואָס איז פון פערד און פון רייטער פאַרבליבן —
פון רייטער געבליבן.
זאָל דער רעגן ניט וואַשן און די זון זאָל ניט בראָטן,
האָט דער מענטש מיט אַ שטעקל פאַרשאַרט און פאַרשאָטן —
פאַרשאַרט און פאַרשאָטן.

ס'איז א שפּאָר ביסל מחיה פאר קראָען, אָבער געקומען זיינען נייע טעג און נעכט און מ'האָט פארגעסן אינעם רייטער מיט זיין געפאלענעם פערד. דאָך די בילדער זיינען נאָך אלץ דיזעלבע געבליבן. שרעקלעך איז געווען דער בירגער־קריג, און ניט ווייניק איז פאראן פּיין אין דער נאָכקריג־צייט. דער דיכטער זעט אלעם איינגעהילט אין א גרויער טונקלקייט. אין דעם פרט איז איציק פעפער כמעט א יחיד, וואָס מאכט ניט פון דער נויט א טוגנט, נאָר ער שילדערט די נויט אין איר גאנצער גרויליקייט, דערצו מיט שטריכן פון א רעליעפן רעאליזם. אָט זיצן טויטע גויעס אין שינעלן מיט אזעלכע גרויע אויגן, וואָס דערמאָנען אין שטי־

קער אייז, און וואַרטן אויף אַ צוג. טעגווייז זיצן זיי און וואַרטן און פון דער וואַרטעניש זיינען זייערע העלדזער באַהאַנגען געוואָרן ניט מיט קרעלן, נאָר מיט גאַנצע שנירן לייז. דאָס איז ער דער לעבעדיקער מענטש אין דער ווירקלעכקייט און אין אומשטענדן פון בירגער־קריג, אין דער צעשטערונג פון גרויזאַמע און פחדימדיקע שלאַכטן, אָבער ניט ווייניקער איז אויך טרויעריק דאָס בילד פון דער נאַטור. און ווען איציק פעפער מאָלט זיינע „שוואַרצע פעלדער, קיין בליץ ניט, קיין דונער", נעמט עס אָן אַ כאַראַקטער פון אַ שאַרף־דורכדרינגלעכער עקספּרעסיע פון שטי־מונגען, פאַרוועבטע אין אַ בילד און פאַרבן, ווי די נאַטור אַליין זאָל זיך אַריינפּאַסן אין די שטימונגען און צושטאַנדן פון דער מענטשלעכער נשמה, — די הימלען ווערן טויט פון דער נאַכט און פון שרעק און אַזוי זעען אויס אויך די מענטשן, וואָס זיינען אויף די פעלדער געקו־מען. נאָר ערגעצוואו ווייט זעט מען אַ צעפלאַם פון צעפלאַקערטער שטרוי און אינעם גרויל פון אַזאַ שפּעטזומערדיקער נאַכט, אין סודות אַ פאַר־טאַיעטע, הערט מען אַ מענטשלעכן דונער־וואָרט „סטאָי!" (שטיי).

ס'איז אַ שטיק ישעיהושע נביאישקייט, וואָס דערטראָגט זיך דורך דונער און בליץ אינעם אָנוואוקס פון דורות: „היטער, ווי איז געוועזן די נאַכט! היטער, ווי איז דער טאָג!".

* * *

מיט אַ באַזונדערער דיכטערישער דינקייט האָט איציק פעפער פאַר־נומען אַלע ניואַנסן פונעם בירגערקריג, זיינע דינסטע אויסדרוקן אין דער נאָכבירגערקריג־ערישער צייט און פון די אַלע ניואַנסן האָט ער גע־שאַפן אַ דיכטעריש־מאָנומענטאַלן בילד. די נאַטור איז אַריינגעפּאַסט אין די שטימונגען און צושטאַנדן פונעם מענטש. אָט זיינען די אַלטע קאַלוגער פויערים, לײדנדיקע און פאַרהונגערטע, מיט קרעציקע הענט פון הונגער און ליידן און אויף דעם מענטש־חורבן ענטפערט דער נאַטור־אַרום. עס איז אייגנטלעך דער מענטש גופא וואָס טראָגט זיך אַריבער מיט זיין וויזיע אויפן נאַטור־אַרום און עס ווערט אימהדיק פון די פאַר־שנייטע און מיט קויט באַדעקטע אייזנבאַן־סטאַנציעס, וואו עס וואַל־גערן זיך די פאַרהונגערטע פויערים מיט טאָרבעלעך אין די הענט צום זוכן אַ שטיקל ברויט. און אימהדיקער איז דאָס בילד, אָנקוקנדיק די טויטע בריקן, וואָס הענגען אין דער לופטן. דאָ איז אַדורך דער שונא און האָט חורבן אָנגעמאַכט, — דאָ איז געווען די פאַרברעכערישע האַנט פונעם וויסגוואַרדייאישן גענעראַל דעניקין, און אויס מורא פאַר זיינע פאַרברעכערישע מעשים זיינען פויערים זיך צעלאָפן פון זייערע הייזקעס, איבערלאָזנדיק אַלעס אויפן באַראָט פונעם שונא, — היים, ברויט און

קו. פונדעסטוועגן שפירט דער דיכטער א פרייד, א מענטשלעכע פרייד, ווייל אין שלאכט האבן מענטשן זיך פארברודערט און קעמפן פאר א געמיינזאמען ציל. ס'איז דער אלגעמיינער טרויער, וואס האט גורם געווען, אז

„זיינען פויערים מיט אונדז אהיים געגאנגען,
אהיים צו ווייץ, צו פעלדער און צו סטעפ;
איז די זון ווי אן אלטע פאן געהאנגען,
און געווארעמט אלטע פויערשע קעפ".

סיי די מאטיוון פון בירגערקריג, סיי די מאטיוון פון „פראסטן וואונדער" האבן גורם געווען צו א סך טרויער, אבער ביים דיכטער ווערט עס ניט א פעסימיזם־שטימונג, — ביים דיכטער איז עס נאר א בילד און איינדרוק פונעם געשעענעם, פון חורבן און פארניכטונג, און אויף וויפל דער דיכטער האט געזען דעם טרויער, האט ער אויך פארנומען פרייד, ווייל אינעם ארום איז געווען עפעס אזעלכעס, וואס האט אנגעפילט מיט ענטוזיאזם און מענטשלעכן שוואונג. אין א געוויסן פרט איז עס פארבונדן מיט די קאנטראסטן, אויף וועלכע דער דיכטער האט זיך אנגעשטויסן. פון איין זייט שפרייט זיך א ברייטער וועג פון שלאכטן פולע מיט זייער פחד און טויט און פון דער צווייטער שטייט די שטאט, מער היימלעך אין איר אויסזען, —

„אין שטאט זיינען שארפער די וועגן,
אין שטאט זיינען פעסטער די ווענט,
וויפל מענטשן איך האב דא באגעגנט —
זיינען אלע מיט פיס און מיט הענט".

אין שטאט איז דער מענטש נאר פארגרויט, אבער ער האט זיין אייגענע שוועל, בעת אויף די שליאכן און וועגן איז טויט, די שליאכן און וועגן זיינען באזייט מיט געטויטע, אויף די וועגן און שליאכן וועט קיינער ניט בלייבן און נאר די ווינטן וועלן שטיל פארצייכענען „זייערע געמעלן אויף אן אלטן בוים", ווייל, —

„ווייל דארט זיינען ברייטער די וועגן,
דארט זיינען ווייטער די ווענט,
ווייל דארט האבן קוילן געדעגנט,
און דארט האבן הימלען געברענט".

* * *

אין בירגער־קריג־אומשטענדן, ווי געזאגט, האט דער דיכטער זיך ממש אין די אויגן געקוקט און דער דיכטער האט באזונגען די העלדישע טאטן, בעת אין די טעג פון פראסטן וואונדער איז דער דיכטע.

דורכוים ליריש. אין שלאכט איז ניט געווען קיין צייט זיך צוצוהערן צום וויי פונעם ארום, אינעם מאמענט פון שלאכט דענקט מען נאר וועגן נצחון, אבער שווערער איז ווען נאך די געוואונענע שלאכטן אנטפלעקט זיך די וואָרע ווירקלעכקייט. איציק פעפער איז באזונדערס עמפינדלעך פאר דער ווירקלעכקייט, פארן הערן דאס קלאנג פון די מוטערס, פון זען אויף יעדן עק פון גאס א נאקעט קינד, זען די נאקעט־פארפרוירענע. בילד גייט ביי אים אריבער אין א וויי, וואס צילט ניט אזוי אויף די קרבנות, ווי אויף די לעבנגעבליבענע. שוין דאס בילד גופא און די וואָרע ווירקלעכקייט קענען אנפילן דאס הארץ מיט האס און שנאה צום שונא, אבער דער דיכטער פארנעמט נאך פארלויפיק א גאנץ אנדערן ניואנס פון „און די מענטשן אויף די גאסן זיינען בלינד", דעריבער פירט אים דאס בילד צו א סענטענץ, צו א מין באדויערנדיקן אנוויז, אז —

„שטייען שטעט געטאקט פון שטיין און אייזן,
און די מענטשן אויף די גאסן זיינען שטום;
וויפל מענטשן דארף מען נאך א וועג באווייזן,
וויפל בלינדע בלאנדזשען נאך ארום..."

דער צווייטער טייל גייט שוין אויפן פעלן פון באוואוסטזיין און דא איז ער אין זיין אויספיר פיגוראטיוו, הגם דער אויספיר דרינגט אריין אין א רעאליזם. און ס'איז א באזונדערע אייגנשאפט פון איציק פעפערס דיכטונג: באנוצן דאס פיגוראטיווע צום מאכן רעליעפער דעם רעאליסטישן אויסדרוק. אין רוב גייט עס ביי אים אריבער אויף בילד־שילדערונג, ווען ס'דארף זיך אריינפאסן און אויסדריקן א מענטש־צו־שטאנד. אלעס לעבט ביי אים צוזאמען מיטן מענטש. עס איז נישט פא־ראן ביי אים דער אזוי גערופענער „נאטיור־מארט", די טויטע נאטור, — ביי איציק פעפער לעבט אלעס, אפילו דארט וואו ער באנוצט זיך מיטן בילד צום באטאנען ווי „איבער דערפער און שטעט זיינען ווערסטן פארלארן", אדער אז די ווערסטן ליגן פארטרויערט, פארדרימלט און ווארטן און יעדער האט א טארבעלע פריילעכע יארן, ווי א טארבעלע מידקייט אויף נאכט. ס'איז פיגוראטיווקייט דערפירט צו אלעגאריע, אבער אינעם ריטם פון איציק פעפערס דיכטערישן ווארט ווערט עס א רעאליטעט, טאקע מיט די בליקן צו פארנעמען און פון דעם שטראמט אין אויער א קלאנג, אז —

„איבער דערפער און שטעט זיינען וועגן צעצויגן,
גיכער מענטשן, אויף וועגן די הערצער צעשיט,
סיהאבן אלע אונדז מאמעס געוויגט און געזויגן,
סיהאבן אלע אונדז זומערס און ווינטערס געבריט".

דער דיכטער הערט דעם קלאנג פונעם ווירקלעכקייט־בילד, ווייל

קלאָר זעט זיין בליק דאָס געשעענע און דערשיינענדיקע און ער האָט די איינגעשאַפט געירשנט פון די צייטן, ווען —

„פאָלק נאָך פאָלק איז מען געגאַנגען
און מ׳האָט געבליט, און ס׳האָט געברענט,
מיט ברייטע און בלוטיקע געזאַנגען, —

און עס איז געווען ניט גלאַט אַזוי אַ גיין, נאָר אַ גיין מיט אַ ציל, מיט אַ באַשטימטן צוועק. מ׳איז געגאַנגען, —

„וואו עס איז אַ וועג אין לאַנד פאַרגאַנגען,
וואו איך בין מיט ברידערלעך געווען, —
סע זינגען שטעט, סע רוישן באַנען
אין אָט דער צייט, ווען פעלדער וויאַנען
און ביימער בענקען נאָך דער זון".

אַזוי זעען אויס די טעג פון פראָסטע וואונדער, — די טעג, ווען מענטשן האָבן געזאָגט, אַז ס׳וועט ווידער בליען דאָרט, וואו עס האָט שוין אַמאָל געבליט און דער דיכטער בענקט נאָך יענע טעג. ער בענקט נאָך די טעג, ווען מויערן האָבן געטרעשטשעט און געפאַלן, נאָך די פריי־לעכע טעג און ווילדע נעכט בעת מ׳האָט פון רויטע פאָרהאַנגען געמאַכט פרענטשן און אָנוטשעס, — דער דיכטער בענקט נאָך יענע טעג, וואָס האָבן אַזוי פיל וואונדער באַוויזן, ווען מעכטיק האָט זיך געטראָגן דער רוף פון דער העלדישער אַרמיי איבער אַלע עקן וועלט:

„מיר מעלדן אַלע קרוינשטעט, אַלע לענדער, אַלע ערדן:
מיר דאַרפן ניט קיין בלוט און קיין שאַנד,
נאָר גרייט זיינען שטענדיק שווערדן
אין אַלע עקן פון גרויען לאַנד".

מיט אַזאַ שפּראַך האָט מען גערעדט אין די טעג פון פראָסטע וואונדער צו די, וואָס האָבן די שטימען פאַרנומען, וואָס האָבן זיך צום וואָרט צוגעהערט, — צו די אַלע, וואָס זיינען געזעסן ווייט, אין פּאַריז און אין לאָנדאָן, „מיט הערצער קוטשעראַווע און בלאָנדע, פונקט אַזוינע מענטשן, ווי מיר". צו זיי איז געווען געווענדעט דאָס וואָרט אין די טעג פון פראָסטן וואונדער, ווען די האַנט פונעם קעמפער האָט זיך געצויגן צו דער גאָרער וועלט און דאָס האָט דורכגעדרונגען דעם דיכטער מיט האָפענונג, אַז —

„און איך ווייס אויף געוויס וועט געשען
אויף גאַנצער וועלטישער ברייט,
יענע מענטשן וועלן פאַרשטיין
אונדזערע פראָסטע רייד".

# אינדיווידועלע איבערלעבונג־מאָטיוון

עס איז גאַנץ נאַטירלעך, ווען פון בירגערקריג־מאָטיוון איז געקו־מען דער דיכטער צו מאָטיוון פון אינדיווידועלע איבערלעבונגען. ער האָט אַנדערש ניט געקענט ווי זיין זיכער, אַז דער בירגערקריג וועט זיך ענדיקן מיטן נצחון פון די גערעכטע, און —

„רוסלאַנד וועט יעדן קענען באַצאָלן
פאַר יעדן באַשאָטענעם רוסישן שטיין", —

אָבער דער קאַמף האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן. און קאַמף ברענגט פאַר־שיידענע מאָמענטן און סיורפּריזן, — מאָמענטן פון אויפשטייג און סיור־פּריזן פון ירידה. אין די מאָמענטן פון אויפשטייג איז דער דיכטער עפּיש, בעת אין די סיורפּריזן פון ירידה ווערט ער ליריש, און, ווי יעדע לירישקייט, נעמט עס אָן אין אים אַן אינדיווידועלן אויסדרוק. דעמאָלט זינגט דער דיכטער זיינע אייגענע איבערלעבונגען, דאָך ניט אָן א סיבה קומען די אייגענע איבערלעבונגען: דער דיכטער איז דער אַליין־בלאָנדזשענדיקער איבער די רחבותן פון דער נאַטור, ער איז דער גייער איבער פעלדער, אויף וועלכע זיין געהער און וויזיע פאַרנעמען, אַז —

„ניט קיין קלעזמער קלעזמערן און לידלען
אינעם ליידיקן גרויסן אַרום, —
ווינטן שפּילן אויף גאָלדענע פידלען
פון זון", —

און פון דעם ווערט ער דורכגעדרונגען מיט גאַנץ אַנדערע שטימונגען. דעמאָלט דערפילט זיך דער דיכטער אין זיין אינדיווידועלער דערקענ־טעניש, ער הערט דאָס ריידן און זינגען פון זיין אייגענער שטים און ס'דערוועקט אין אים פּערזענלעכע פאַרלאַנגען:

„וואָס דאַרף איך מאַצאַרטן, שאָפּענען
פאַר שטענדיקער שפּיל פון מיין לייב,
ווען שעהן פאַרלאָזטע דערברענען
מיט מיר דאָ מיין בלאָנדע פאַרבלייב".

די נאַטור באַגייסטערט דעם דיכטער און ער ווערט פון איר מיט־געריסן, ווערט פאַרשיכורט פון איר בילד און ריחות און האָט א פאַר־לאַנג, זיין בלאָנדע זאָל אויפהערן בענקען נאָך די היימען, אַז ווייטער זאָל זי מאַכן צוזאַמען מיט אים דעם וועג און בלייבן אויף די שליאַכן, ווייל, — „ווייל די פריילעכע היים איז דער שליאַך".

דער שליאַך איז פאַרן דיכטער די פריילעכסטע היים, און פריילעך איז דער שליאַך, ווייל ער איז אויך דער מאַרטירער־וועג. זיין פאַרלאַנג,

די בלאָנדע זאָל מיט אים בלייבן אויף די שליאַכן איז אַ פּועל־יוצא ניט פונעם סעקסועלן, ניט פון אַ מענלעכן זעלבסטבאַפרידיקט ווערן, — גאַנץ אַנדערע סיבות ווירקן אויפן דיכטערס פאַרלאַנג: זי איז דער חבר אין שלאַכטן, פּונקט, ווי ער, איז אויך זי געקליידעט אין אַ גרויען שינעל און דאָס ווירקט אַז ער זאָל נאָכפאָלגן אירע טריט:

„ניט קיין הימל, קיין ווינט, ניט קיין פעלד
האָט מיין טראָט אויף די וועגן געצויגן,
נאָר דער לאַנגער, דער גראָער שינעל
און די גראָוע פאַרגאָסענע אויגן..."

ס'איז דעם דיכטערס איבערלעבונג, וואָס דרינגט אים דורך מיט די צאַרטסטע שטימונגען, און צאַרט זעט ער זי ניט נאָר אין זיין צימער, נאָר אויך אפילו דעמאָלט, ווען זי רייט אויפן פערד. אומבאַהאָלפן פילט זיך דער דיכטער, ווען זי איז ניט מיט אים. ער יאָגט אַרום דעמאָלט אויף אַלע וועגן, אפשר וועט ער זי דאָך ערגעצוואו געפינען, און, ווען אַ מידער פון זוכן, פאַלט ער אריין אין פאַרצווייפלונג, גייט אריבער זיין בענקעניש אין אַ שיר־האשירים־דיקן געזאַנג —

„אַלע גערטנער וואַקסן שוין און גרינען,
נאָר מיין גאָרטן וואַרט אויף מיר אומזיסט," —

ס'וועלן נאָך קומען די וואַרעמע פרילינג־פאַרנאַכטן, וואָס וועלן זיך שפּרייטן אין שטילקייט ביי די שוועלן, אָבער ער, דער דיכטער, וועט אַליין זיצן אין פעלד און וואַרטן אויף איר לאַנגן, טונקעלן שינעל.

אין אַזעלכע מאָמענטן פאַלט אריין דער דיכטער אין באַזונדערס־שווערע שטימונגען, דעמאָלט חברט ער זיך מיטן אומעט און טרויער און פאַר זיינע בליקן אַנטפּלעקט זיך גרויזאַמע וויזיע פון טויטע, פאַרלאָרענע אויף וועגן; פון פעלדער פאַרשראָקענע און שטומע און אַליין ווערט ער דער געטריבענער, דער געפלאָגטער פון „צשויבערטע נאַקעטע טעג", וואָס מאַכן אין אים געבוירן אויך מענטשע פאַרלאַנגען: דער דיכטער דערשפּירט אין זיך דעם פלאַקער פון זיין יינגלשן ברען און ער זינגט צו זיין בלאָנדער ווי צו אַ שולמית:

„שמעקסט מיט פרישן מיידלשן לייב,
אָן אַ פאַרוועמען, אָן אַ פּאַר ווען,
זיי מיר אַ בלאָנדעלע,
זיי מיר אַ ווייב,
איצט,
באַלד,
שען."

אָבער ניט לאַנג האַלטן אָן זיינע פאַרלאַנגען, גלייך פאַרשווינדן זיי, ווייל דער דיכטער פאַרנעמט באַלד אַן אַנדערן בילד, די ווירקלעכקייט אַליין: ווידער הערט מען אַ שאָס נאָך אַ שאָס, הימלען פלאַקערן, איבער פעלדער יאָגן ווידער נאַכט און טויט, צעשראָקענע פּעוד טופּען און —

„צוויי הימלען,
צוויי הימלען
געפאַלן אויף דר'ערד,
איינער איז שוואַרץ,
דער צווייטער איז רויט,
ליגן מיר ביידע לעם איינזאַמען פלויט."

* * *

זינגט איציק פעפער זיינע פעלדער־לידער איז זיין ליריזם באַזונדערס רייך און זאַפטיק. גראָד אין די לידער קען מען מערקן, ווי ער איז באַאיינפלוסט סיי פונעם ביבלישן, סיי פונעם ביאַליקישן שיר. שוין אין דעם ליד „אָן אַ פאַר וועמען, אָן אַ פאַר ווען" פילט מען דאָס ביבלישע, געדיכטעט אין אַ טיפּישן ביאַליק־סטיל און מ'קען דאָס ליד באַטראַכטן ווי אַ מין המשך פון ביאַליקס „הכניסיני תחת כנפיך", דאָך איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן איציק פעפערן און ח. נ. ביאַליקן סיי אינעם אויסוואַל ווי אויך אין דער אויסוויקלונג פון דער טעמאַטיק. ביאַליק שטעלט דעם טראָפּ דורכויס אויפן אינדיווידועלן, הגם זיין שיר איז געווען פאַרן און צום פאָלק אין זיין טראַגישן זיין, בעת ביי איציק פעפער בינדט זיך דאָס אינדיווידועלע און דער ליריזם מיט סביבה און ווירקלעכקייט. ביי ביאַליקן איז איבעראַל דאָ דער ווייי פונעם משורר, בעת ביי איציק פעפער זינגט אַרויס דער אויפשוואונג צו קאַמף, און אויב אין געוויסע מאָמענטן דרינגען אַריין אין זיין דיכטונג מאָטיוון פון אינדיווידועלע איבערלעבונגען, זיינען זיי אויך אַ פּועל־יוצא פון אַלגעמיינע אומשטענדן. ער ווערט נישט באַהערשט פון די אינדיווידועלע איבערלעבונגען אויף אַזאַ אופן, אַז ס'זאָל אים פאַרפירן ערגעצוואו ווייט אין זיינע שטימונגען. אויב עס רייסן זיך אַריין ביי אים אויגנבליקן פון עצבות, פון טרויער און אומעט, איז עס פאַרבונדן מיטן באַוואוסטזיין פאַר די געשעענישן, וואָס פירן און ווייזן אים אָן זיינע דיכטערישע וועגן. אין דער אייגענער צייט זיינען די געשעענישן זיין אינספּיראַציע, זיין מוזע, ווייל איציק פעפער דיכטעט ניט אין אַבסטראַקטע קאַטעגאָריעס, נאָר אין קאָנקרעטע. אַזוי באַ־

נעמט ער די וועלט אלס ווירקלעכקייט און אלס נאטור. ס'איז אים קלאָר, אַז אין די אומשטענדן פון בירגערקריג, —

„די וועלט האָט צעשפּילט זיך אויף צווייען —
אויף אַ שטאָלענער און אַ ווייצענער;

די שטאָלענע וועלט זיינען די באַוואָפנטע מענטשן, וואָס גייען איבער איר און אַ ווייצענע איז דאָס פעלד, וואָס בליט, וואַקסט און פּראָדוצירט פאַר די מענטשלעכע הצטרכותן און אין אַזעלכע קלאָרע פאַרשטעלונגען פילט דער דיכטער, ווי —

„שיסן זיך שטערן, ווי שנייעלעך,
וואָרעם אויף אונדזערע פּלייצעס."

אינעם דונער און שטורעם פון דער וועלט אַנטפּלעקט זיך פאַרן דיכטער די שיינקייט פון דער נאַטור און ער פילט זי אין אַלע אירע דערשיינונגען. אין אַלע אירע דינסטע ניואַנסן. ער פילט זי אין דער נאַכט, ווען די הימלען ווערן קעלטער, דעמאָלט ווערן אויך די פערד שוואַרצער, די פערד פונעם שונא, שווער צו באַמערקן און דאָס לערנט דעם דיכטער, אַז —

„מע מאָר ניט, מע מאָר שוין ניט דרימלען
אויף הייינטיקער ערד."

דער דיכטער קען אָפּטיילן די שיינקייט פון דער נאַטור פון די נער־פאַרן, וואָס לויערן אויפן מענטשן, אָבער ער איז אויך געוווינט מיט די נעפאַרן. ער האָט זיך מיט די נעפאַרן איינגעלעבט און פאַרברידערט און זעט זיי אין זייער העלדישקייט, ווען

„שווינדלען נאָך גיכער די הימלען,
ציטערן הימלען אין סטעפּ." —

אין אַזעלכע מאָמענטן קומען דעם דיכטער זכרונות אויך פון דער פאַרגאַנגענהייט, דאָך קאָנקרעטיזירטע אין אַ הייַנטקייט:

„שווינדלען נאָך גיכער מעסלעסן,
גרינגע מיט בלוט און מיט בליי,
ווייל איך און קאָן ניט פאַרגעסן
אָן ערשטן אמאָליקן מאַי."

דער דיכטער חברט זיך מיט די נעבט, פּונקט ווי מיט די טעג, ווייל אין דער נאַכט איז פאַראַן מער אומרו, ווייל אינעם בילד פון דער נאַכט אויפן שוים פון דער נאַטור נעפינט ער די ריכטיקע מעטאַפאָר, דעם ריכטיקן פאַרגלייך, וואָס ער זוכט אין זיין אייגענעם לייד:

„שוואַרץ זיינען פעלדער ביינאַכט אונטער קיעוו,
ווייס זיינען הימלען און פינצטער און טיף.
פאַלן אין פענצטער פון פינצטערער הויך
ציכן פון שנייען, פון בלוט און פון רויך.

דאָ זיינען קעלטער די נעכט אויפן שטיין,
דאָ קריצן שטאַרקער צעשראָקענע ציין.
און דאָרט פאַלן מענטשן אויפן בלוטיקן שניי,
און דאָרט ליגן מענטשן אין רויך און אין וויי."

גאַנץ אַנדערער כאַראַקטער פילט זיך אין דעם ליד, אַנדערש אויך אין סטיל, איציק פעפער דערנענטערט זיך דאָ מער צו דער רוסישער קלאַסישער דיכטונג, מ'פילט דאָ די איינפלוסן פון דער רוסישער קלאַסישער דיכטונג, איבערהויפּט פון אַלעקסאַנדער פּושקין. מער אַ רוסישער, ווי אַ אידישער, איז אויך אַזאַ דער נוסח פון זיין שפּראַך. מ'מערקט עס אין די אַלע זיינע לידער, וואָס גייען אינעם ציקל און אונטערן טיטל „אין קלעם". אויך דער ציקל איז פאַרבונדן מיט די מאָטיוון פון בירגער־קריג, אָבער נאָר, אַזוי צו זאָגן, פון אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער, הגם דאָס אויטאָביאָגראַפישע געפינט מען כמעט אינעם גרעסטן טייל פון איציק פעפערס לידער, אין די אַלע וואָס נעהערן צום בירגערקריג־פּעריאָד, דאָך מער נאָך אינעם ציקל „אין קלעם", ווייל זיי ווייזן שוין דעם דיכטערס וועג צו דער רעוואָלוציע. ס'איז דער מאָמענט אינעם בירגער־קריג, ווען די רעאַקציע האָט צוזאַמען מיט די דעניקינישע באַנדעס צייטווייליק באַקומען די אויבערהאַנט איבער די רעוואָלוציאָנערע כוחות. דער דיכטער האָט דערשפּירט אַ לעבן פון פאַרפאָלגונגען און טפיסה. און מענלעך, אַז דאָס איז אויך די סבה, וואָס דערנענטערט איציק פעפערס ליד צום פּושקין־סטיל און שפּראַך, ווייל אויך אַל. פּושקין האָט געליטן פון דער צאַרישער רעאַקציע, האָט געמוזט איבערלעבן פאַרשיקונג, אַ מין פרייוויליקע תפיסה. מענלעך, אַז דער מאָטיוו באַאיינפלוסט איציק פעפערס ליד און ווען ער זינגט —

„וואו ביסטו היינט, מיין פערד מיט אומעטיקע אויגן,
איך האָב אין שלאָף געזוכט געזוכט — געזען און ניט דערקענט,
מיר זיינען איבער פעלדער און איבער סטעפּ געפלויגן,
און היינט איז מיר באַשערט דאָ וואוינען אין די ווענט", —

דערשפּירט מען ניט נאָר דעם פּושקין־גייסט, נאָר דאָס ליד גופא איז מער רוסיש, ווי אידיש. און ס'איז נאַטירלעך פאַר איציק פעפער, ווייל ער איז אין זיין דיכטונג אַרויסגעוואַקסן פון אַנדערע צייטן, ניט די אידישע פאַרגאַנגענהייט האָט אים געבראַכט צו דער דיכטונג, נאָר די רעוואָלוציאָנערע ווירקלעכקייט, אַ געשמידטע אין דער אַנטוויקלונג פונעם רוסישן דענקען, פון דער רוסישער פרייער דיכטונג. איציק פעפער האָט עס איינגעזאַפּט מיט געזונטער קערנדיקייט און מיט דער פרוכטבאַרקייט פון אַ פרילינג־פרימאָרגנדיקן טוי. אויס דעם איז אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דער ציקל לידער „אין קלעם" איז מער געשריבן אין אַ יאַמבמאָס. ניט נאָר צוליב דעם, ווייל דער יאַמב גיט מער ריטם און קלאַנג,

נאָר מעגלעך מחמת דעם, ווייל דער יאַמב איז אויך געווען אַל. פּושקינס אַן אייגנשאַפט. און גראָד אין תפיסה איז צו איציק פעפער געקומען די פּושקין־אַנטפּלעקונג. ער דערמאָנט עס אַגב אין אַ ליד געווידמעט י. נוסינאָוון צום אָנדענק פון זייער צוזאַמענזיין אין דער קיעווער לוקיאַנאָווער תפיסה:

„אויף טישל ליגט צעפליקט אַ ביכל לידער — פּושקין;
מיר האָבן אים געליינט שוין אַלע אַמאָל זעקס.
אונדז חלומען זיך שטיל געלאַטעטע טעפּלושקעס,
מיט וואַרימקייט און טויט, מיט פויערים און זעק."

דאָס גאַנצע ליד איז דורכגעדרונגען מיט פּושקין־רעמיניסצענסן און זיי דרינגען דורך דאָס גאַנצע וועזן פונעם דיכטער. אין די רעמיניסצענסן וואַקסן אויס פאַר אים וויזיעס פון דערפער, פויערים, יעווגעני אָניעגין, לענסקי, אַ צעשאָסענער אויפן שניי, — עס איז אייגנטלעך דער גורל פון פּושקינען גופא און אין אַן ענלעכן גורל זעט זיך אויך דער דיכטער, ווען ס'אַנטשטייט פאַר אים דאָס בילד פון שנייאיקע טעפּלושקעס, הימל אויף דעכער, פויערן מיט זעק בעת איציק פעפער, דער דיכטער, דאַרף פינצטערן אין תפיסה. רעאַליטעט און דמיון מישן זיך דאָ צוזאַמען, —

„נאָך נאַכט איז שוואַרץ און שוואַרצער נאָך איז תפיסה,
און ווייט איז וועג צו מאַמע און צו היים.
פונדאַנען וועט מען ווידער פירן און צעשיסן,
און פאַלן וועט דער שאָס אויף תפיסהס קאַלטן שטיין."

איבערטרעפלעך איז דאָ איציק פעפער אין זיין ליריזם, קיינער כמעט אין דער אידישער דיכטונג האָט מיט אַזאַ קרעפטיקייט אַרויסגעבראַכט תפיסה־איבערלעבונגען. דער דיכטער באַקלאָגט זיך ניט אויפן ביטערן גורל, ער ברענגט אַרויס נאָר מענטשישן וויי. און דער עיקר איז, וואָס די פינצטערע ווענט פון דער תפיסה שווייגן, דעמאָלט ווען אינעם דיכטער ברויזט דאָס ליד. אים איז אומדערטרעגלעך דאָס שווייגן פון די שטיינער, זען די נאַכט, ווי זי ליגט זיך אויפן האַרטן שטיין, ווי שוואַרצע טירן שווייגן און מענטשן מוזן זיין שטום, ווייל זיי פילן זיך ווי אין שטיינער. ערטערווייז דערגרייכט עס אפילו ביי אים צו קאָשמאַרן —

„ווענט און ווענט,
אַזוי פיל שטיינערדיקע ווענט."
ציי וועל איך זיי דערלאַנגען?"
ציי וועל איך זיי דערלאַנגען?"

מ'האָט אַן איינדרוק ווי עס זאָל זיין אַ מאָטיוו, טיפּיש פאַר לייוויקס אַ ליד, אָבער ביי איציק פעפער זיינען עס נאָר אויגנבליק־שטי־

מונגען, ווייל ווי נאָר ער באַפרייט זיך פון זיין קאַשמאַר־צושטאַנד און בליקט ווידער אין דער רעאַליטעט, ווערט ער ווידער דער רעאַליסט פון א פושקין־סטיל. דעמאָלט ענדערן זיך גלייך זיינע שטימונגען, כ׳פאַרשווינדט דער טרויער און דער ווי און דער דיכטער דערקענט זיך ווידער אין זיין גרויסן גלויבן:

„דרויסן ווייט און דרייט מיט שטויבן.
אין טויבע דעכער קלינגט דער ווינט.
נאָר שווער איז מיר אַצינד
ניט גלויבן.

די געענדערטע שטימונג, דער ווידער־געפונענער גלויבן פירן דעם דיכטער צו נייע דערקענטענישן און דעמאָלט ווערט זיין ליד ליריש־דערציילעריש און עפיש־אָנזאָגעריש:

„הודעט דער מויער פון ווינט און פון שרעק.
פון קיעוו איז דעניקין אויף פעלדער אַוועק.
די תפיסה איז אָפן און הויל איז דער וועג,
מיר לויפן מיט לידער, מיט ווינט און מיט טעג.
ווייט זיינען הימלען און לויטער און טיף,
טריי זיינען פעלדער ביינאַכט אונטער קיעוו."

דאָס פושקין־מאַיעסטעטישע שמעלצט זיך דאָ צונויף מיטן פּאַטעטישן פון א נעקראַסאָוו־ליד. אין אַזא שטייגער סינטעזירט איציק פעפער „אין קלעם"־לידער. אַזוי איז ער אין דער טעמע, אינעם סטיל, פאָרם, וואָרט און שפּראַך און עס איז אַ שליסל צו זיין דיכטערישער מוזע, אויסגעקריסטאַליזירט אינעם יש און וועזן סיי אינעם אָנהייב און ערשטן פעריאָד, ווי אויך אין זיין ווייטערדיקן שאַפן און דיכטן.

— 4 —

# טעג פון הייסן ציטער

איציק פעפערס דיכטונג האָט זיך אַנטוויקלט אינעם ריטם פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, דעריבער איז זי ביי אים דורכגעדרונגען מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס און דינט אים, אויף א דיכטערישן אופן פאָרצושטעלן די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע ווי צו שאַפן שטימונג פאַרן רעוואָלוציאָנערן טאַט. תחילה פאָרשטעלנדיק דאָס אַלגעמיינע בילד פון דער רעוואָלוציע איז ער נאָכהער אַריבער צום כאַראַקטעריזירן פּערסאָנאַזשן אינעם טאַט פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן און גראָד אַזעלכע, וואָס בלייבן די אַנאָנימע העלדן, גייען אַדורך אין דער

געשיכטע אָן נעמען, ווייל זיי פּרעזענטירן דעם „איך" פון דער גרוי־סער נאָמענלאָזער מאַסע. זייער נאָמען איז מאַסע און די אַנאָנימע העלדן האָט דער דיכטער באַזונגען אין זיין רעוואָלוציאָנערן ליד, אַז דער זכר וועגן זיי זאָל לכל הפחות בלייבן אין דער דיכטונג. אָט שטעלט פאָר דער דיכטער דאָס קליינשטעטלדיקע יינגל עלי, וואָס —

„פון קינדווייז אָן געטראָגן
אַ ווילדן כח אין זיין ברוסט,
פון קאַלטן ווייַ און שטילן קלאָגן —
פון דעם האָט עלי ניט געוואוסט" —

און אָט אין די „טעג פון הייסן ציטער" פאַרלאָזט ער זיין היים, געזעגנט זיך ניט אפילו מיט זיין מוטער און —

„אין אַלטע שיך, אין דינעם רעקל,
אַ לעבל ברויט, אַ פּאָרל גרעט,
מיט א צעריסן קויטיק פּעקל
איז ער אַוועק אין פרעמדע שטעט".

אַלע מאָל האָט דעם עלי'ן ערגעצוואו געצויגן, קיינער האָט נישט געוואוסט וואוהין און ס'איז געווען זיין טריפנדיקע קראַפט און רע־וואָלוציאָנערער גייסט, וואָס האָבן אים געבראַכט אויפן שלאַכטפעלד פון דער רעוואָלוציע. דאָרט גיט ער אַוועק זיין לעבן פאַר דער רעוואָ־לוציע, און זיין טויט איז אַ העלדישער. און פונעם יידישן רעוואָלו־ציאָנערן יאָט פאַלן דעם דיכטערס בליקן, ווי

„צווישן באַטקעלעך, פעלדער און פויערים,
אינעם אַלטן פאָוויט,
אין א ווייסן צווייגאָרנדיק מויערל
האָט געוואוינט א איד,
געזייט ווייץ און גערשטן
מיט אלע פויערים גלייך,
פּראָסט געהייסן הערשקע,
נאָר זיין שטוב האָט אַ בלעכענעם דאַך,
הערשקע האָט ליב געהאַט די פויערים,
נאָר דאָס ווייסע צווייגאָרנדיקע מויערל
איז געשטאַנען אינדערמיט".

און זיין טאָכטער טיילט זיך אוים צווישן די פּויערשע מיידלעך, זי טיילט זיך אוים מיט אירע שטאָטישע שיך און קליידונג. אין א פּייַ־נעם טאָג פאַלט הערשקע א קרבן פון די באַנדיטישע באַנדעס, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן דער רעוואָלוציע. און באַלד קומט פאַר דיכ־טערס וויזיע דאָס יינגל יאָסל, דעם שינדערס זון, וואָס איז געווינט צום מעסער אין דער האַנט און; ווען דאָס שטעטל ווערט ארומגערינגלט

פון באַנדעס, אָרגאַניזירט יאָסל מיט נאָך זיבן אַזעלכע ווי ער אַ ווי־דערשטאַנד קעגן גאַנצע הונדערט, און —

„דאָס שטעטל געדענקט יענע נאַכט,
און מאַמעס דערציילן די קינדער
די מעשה פון רויך און פון שלאַכט,
די מעשה פון יאָסל דעם שינדער, —

אין שטעטל האָט מען שוין לאַנג פאַרגעסן די שלאַכט, אין אַ פיינער נאַכט איז אויך יאָסל פאַרשוואונדן, אָבער דער דיכטער גייט אים נאָך פוסטריט און אַנטדעקט אים אינעם „גובקאָם", ווייטער וועט ער אים שוין טרעפן צווישן די יאַטן־קאָמיוניסטן וואָס „פאָרן אַפן שלאַכט" און די יאַטן גופא זיינען געקומען —

„...פון קלייטן, פון שטוב, פון חדרים,
דעם יידישן פחד האָבן זיי צעווייט און צעזייט איף פעלדער
און אַליין זיינען זיי אַוועק מיטן שטורעם".

און אינעם שטורעם, —

„דאַרף מען שיסן — איז געשאָסן,
דאַרף מען — היט מען אונדזער שטאָט,
דאַרף מען — ווערט מען ימישע מאַטראָסן,
פונעם ווייטן, רויטן פלאָט."

און גאַנץ אַנדערע זיינען שוין די יאַטן, — פריילעכע יונגען, וואָס קענען טאַנצן און זינגען ביז פרי. צוזאַמען מיט זיי איז אויך פאַראַן דאָס מיידל האָדל און טרעפן זיי זי, איז —

„דערווייל אַ קוש טון,
און דערווייל אַ גלעט טון,
און דערווייל אַ שפיל —
און ווער ווייסט
וואָס מען וויל".

און פאַרוואָס זאָלן יאַטן ניט שטיפן, ווען האָדל האָט אויגן „ווי הימל ווי בלוי, האָט האָדל צעפּ ישוואַרצע ווי נעכט", און האָדלען אַליין איז גאָרנישט פרעמד דאָס קאָקעטירן, יעדן איינעם זאָגט זי אַזוי און אַזוי, ווערט זי דאַכט זיך ברוגז אויף אַלע און אָט לאַכט זי גאָר. און אַזוי זיינען זיי,

„היינטיקע יאַטן, פריילעכע יאַטן,
לאָזן ניט האָדלען צורו;
שטיפן איז שטיפן,
זינגען איז זינגען
ביז פרי."

דער דיכטער נעמט אויף די פרייד און דעם טרויער, ער אליין דרייט זיך אינעם זעלבן קאראהאד און בלייבט ניט א זייטיקער צושויער, נאר דער אקטיוו־באטייליקטער. פאר זיינע אויגן שפילן זיך אפ די פאר־שיידענע קאמפן און שלאכטן, צווישן דעם זיינען פאראן אויך ביז גאר שווערע מאמענטן, אבער מ׳איז אזוי באגייסטערט פאר די רעוואלוציא־נערע קאמפן, אז מ׳קען גארניט ארייבפאלן אין יאוש, טאקע ווייל —

„איך ווייס פארוואס!
איך ווייס אין וועמען שיסן!
סע ווארט שוין אויף מיין לייב דעם שונאס שארפע שווערד,
סע ווארטן היינט פארהונגערטע אויף מיינע זאטע גריסן.
איך וועל מיין בלוט אויף הפקר ניט צעגיסן,
איך דארף מיין בלוט פאר מארגנדיקער ערד.״—

דער באוואוסטזיין פארן ציל נעמט די אויבערהאנט און באזונ־דערס איז עס וויכטיק אין די אומשטענדן פונעם בירגער־קריג, וואו ניישט נאר די אויגן מוזן זיין אפן און די האנט גרייט צו טאט, נאר מ׳מוז אויך זיין שטענדיק וואך. אין אזא ווירקלעכקייט באזינגט אי־ציק פעפער דעם רעוואלוציאנערן קאמף און אויך די אלע, וואס נעמען אויף דעם רעוואלוציאנערן קאמף. און דא קומט שוין אויך צום אויס־דרוק דער נייער אידישער מענטש, די נייע אידישע יוגנט, וועמענס בא־וואוסטזיין שמידט זיך אין דער רעוואלוציאנערער שלאכט. עס זיינען דער קאמיוגיסט און די קאמסאמאלקע, פונדעסטוועגן, ווען דער דיכטער וויל מאכן וועלכן עס איז סאכאקל, מוז ער ווענדן זיינע בליקן צום אי־דישן שטעטל, ווייל פון דארט קומען די אידישע קאמיוגיסטן און קאמ־סאמאלקעס. זיי רופן ארויס ביי אים רעמיניסצענסן וועגן דעם גורל פו־נעם אידישן שטעטל אין דער רעוואלוציע און דער דיכטער פרעגט ביי זיך אליין:

„ווער ווייסט וואס פון שטעטל איז איצטער פארבליבן,
הייזלעך, ווי פריער, צי פארסמאליעטע ווענט...״

דער דיכטער זעט דאס אידישע שטעטל דורך דער רעאליטעט און אין שיין פון דער רעוואלוציע. ער שטעלט זיך פאר דאס אלגעמיינע בילד און אויך באקאנטע נאענטע מענטשן, פערסאנאזשן. גרויסע ענדערונגען און פארענדערונגען זיינען פארגעקומען. ניט נאר סאציאלע, נאר אויך פסיכאלאגישע. געענדערט האבן זיך ניט נאר די יונגע, נאר אויך די עלטערע האבן זיך געענדערט אין אלע זייערע באגערן. דער דיכטער זעט עס און מחשבותט, —

„ווי אלץ איז פארגאנגען און אלץ איז געבליבן,
א טאג צו א טאג ווי א שיין צו א שטיין,

אָט איז אין זון דעם קאַמיוג פונעם שטעטל,
אָט איז דער קלוב פונעם נאָדל־פאַריין.

„איך גיי איבער געסלעך, אַלץ איז געביטן,
מע גייט און מע רעדט און מע פרישט און מע בויט,
דערמאָנט זי דאָס אַלטע, דאָס שטויביקע שטעטל
מיט קלויזן, מיט ציגן, מיט קלייטן און קויט".

איציק פעפער איז אויסן זיך אויסטאָן פונעם שטעטל, אָבער ווי ער זאָל זיך ניט ווען באפרייען פונעם שטעטל, שפירט מען דאָך ווי ליב ער האָט עס און ווי טייער עס איז אים. אפילו דער זכר פונעם אַלטן איז אים ליב. און אינטערעסאַנט: זינגט איציק פעפער וועגן שטעטל, ווערט זיין טאָן אַ ביאַליקישער, הגם דער מאָטיוו איז לחלוטין אַן אַנדע־רער, אַ נייער, באַזונדערס ווען ער שטעלט די פראַגע וואָס ער אַליין זאָל זיין:

„צי האָב איך רעכט צו זינגען לידער,
צי האָב איך רעכט איצט קלינגען אויף פּאַפּיר,
מיט האַק און האַמער קלינגען מיינע ברידער,
און האַק און האַמער וואַרטן שוין אויף מיר.
איך שפּאַן און מעסט די שטעטלדיקע פעלדער.
סע הענגט נאָך דער אומרו פון די שטעט,
צי זאָל איך ווידער זיין אַ פּראָסטער גדר,
צי זאָל איך שוין פאַרבלייבן אַ פּאָעט?"

אויף אַלע ענדערונגען, וואָס זיינען אין די אומשטענדן פון דער רעוואָלוציע פאָרגעקומען אינעם אידישן לעבן, האָט איציק פעפער רעאַ־גירט אויף זיין אַ דיכטערישן אופן. פאַרענדיקט דעם בירגערקריג, פאַלן זיינע בליקן ווידער אויפן אידישן שטעטל. ער דיכטעט דערמאָנונגען פונעם אַמאָל און ווייזט וויאַזוי עס געשעט די רעקאָנסטרוקציע פונעם אַמאָליקן צום רעוואָלוציאָנער־נייעם, ווי עס שאַפט זיך אַ נייער לעבן אין נייע באַדינגונגען און אין געענדערטע אומשטענדן. אינעם נייעם לעבן ווערט אויך דער אידישער מענטש אַן אַנדערער. די וואונטשן זיי־נען אַנדערע, די השגות פאַרשיידענע ווי די פון אַמאָל. די וואונטשן און השגות האָבן גורם געווען, אַז דער אידישער מענטש זאָל פונעם שטעטל זיך לאָזן אויף די פעלדער און סטעפּעס פון קרים דאָרט צו בויען אַ לעבן פון אַ געזונטן אידישן פויער. די רעוואָלוציע האָט גורם געווען ס'זאָל זיך ענדערן די פּסיכאָלאָגיע פונעם שטעטלשן אידן. דער אידי־שער מענטש האָט באַנומען, אַז ער מוז ווערן אַ פּראָדוקטיווער עלע־מענט און שוין דער באוואוסטזיין גופא צו ווערן אַ פּראָדוקטיווער מענטש, פאַרשאַפט אים פרייד. דער דיכטער שפּירט די פרייד און עס

רעגט אים אָן צו זינגען זי אין ליד, ווען דער אַלטער פעטער ברענגט אים פונעם שטעטל אַ יונגן גרוס:

„ער האָט געזאָגט מיט יונגן רייץ:
דאָרט וואו זון איז נאָך אין נעפּל,
דאָרט וועט וואַקסן אונדזער ווייץ,
און דאָ וועט זיין אַ סאָד פון עפּל".

האָבן אידן אינעם שטעטל געשאָקלט מיט די קעפּ, אין די הענט האָט מען גענומען די לאָפּעטעס און דער דיכטער באַגלייט זיי מיט זיין ליד וועגן דעם, ווי ס'האָט אויפגעלעבט דער סטעפּ, ווי די מיידלעך גייען יעדע נאַכט צו דער קרעניצע שעפּן וואַסער, ווי יאַטן טאַנצן אין אַ ראָד אין די ווייטקייטן פון די שטערן, — דער קאָרענער סטעפּ האָט גענומען אָטעמען מיט זאַטקייט, די טאַטעס קומען פון די פעלדער שפּעט, ווייל „ניטאָ איצט קיין צייט אויף דרימלען". און אַפילו די יום־טובים ויינען גאַנץ אַנדערע, עס איז יום־טוב ווען מ'ברענגט אַ טראַקטאָר אין דאָרף, אַ יום־טוב ווען די גערעטעניש איז אַ גוטע, מע פרייט זיך מיט די דערגרייכונגען פון דער אייגענער מי און האָרעוואַניע, דעמאָלט איז דער אמתדיקער יום־טוב —

„אַ יום־טוב אַ גרויסער,
אַ פרייד
שפּאַרט פון די יונגיטשקע ברויטלעך", —

מ'עסט דאָס ערשטע ברויט וואָס „אַליין עס געזייט און געשניטן" און פאַר דיכטער איז קלאָר, —

„קאָן אָט דער יום־טוב אַצינד
קאָן
אָט דער יום־טוב
פאַרוועלקן!"

געזינגט האָבן די גערעכטע און אַ רעוואָלוציאָנערער זינג לייגט ארויף גרויסע התחיבותן און אחריותן. רעוואָלוציע איז אַ פאָרם־ענדערונג פון די סאָציאַלע און פּאָליטישע פאַרהעלטענישן און אין די נייע פאָרמען דאַרף מען אריינפּאַסן דאָס לעבן און דעם מענטש. די אריינפּאַסונג מוז זיין אַ פיזישע און אַ גייסטיקע. דער דיכטער ווייסט וואָס די רעוואָלוציע פאָדערט און וואָס עס דאַרף געטאָן ווערן, — פונעם צעשטערטן שאַפן נייע בויאונג. פאַר דיכטער איז קלאָר דער קאָנסטרוקטיוו־רעאַליסטישער פּראָצעס און דעם פּראָצעס נעמט ער אויף אין אַ לירישן טאָן. רעוואָלוציע אין אַלגעמיין, ווי עס זאָל נישט קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, איז אַ קוואַל פון לירישקייט, באַזונדערס ווען זי גייט אריבער צו דער רעאַליטעט פון אַ פאַרקערפּערטן נייעם לעבן. אָט קומט דער מענטש צווימען די לויפנדיקע וואַסערן, געבן זיי ריכטונג און זיי ברענ־

גען אין אזא אָרדענונג, זיי זאָלן דינען פאַר אַלגעמיינע נוצן. שוין דאָס אַליין פאַראורזאַכט אַ לירישן טאָן. דאָס באַרימטע דניעפּרבוי־ווערק איז געווען אַ גוואַלדיקער וואונדער פון מענטשלעכער מי און מענטש־לעכער דערגרייכונג אין מאַכן די נאַטור דינען דעם מענטש. אַמאָל איז עס געווען אַנדערש: די וואַסערן פונעם דניעפּער, ביי די פעלזן, זיינען געווען ווילד, פלעגן פאַרשלינגען אַלעס און אַלעמען ווער עס איז נאָר צו זיי צוגעקומען. אָט דער וואונדער פון דער נאַטור, די סטיכיע האָט דער נייער מענטש ניט נאָר געצווימט, נאָר אויך געשאַפן פון דעם אַ נוצלעכן ווערק. איציק פעפער זינגט אויס אין ליד די גאַנצע געשיכטע פונעם דניעפּערבוי, שטעלנדיק דעם היינט קעגן דעם אַמאָל, באַזונדערס וויאַזוי אַמאָל —

„...זאַפּאָראָזשצעס טויטע
פאַרלאָזט האָט מען אויף גרינע טרעפּ,
קאָזאַקן שיכורע מיט גאַרטעלעך מיט רויטע,
מיט וואָנצייעס לאַנגע און געגאָלטע קעפּ..."

זיי זיינען עס געווען די וואָס זיינען געגאַנגען אַרום די ווילדע וואַסערן און דאָס וואַסער איז געבליבן ביי דער ווילדעניש, אָבער מיטאַמאָל איז דאָס בילד געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערס, אַ נייער אמת איז געקומען, און מיט אמת —

„...סע קומען נייע יונגען,
און לידער נייע קלינגען אויפן טייך,

— — — — — — — — — — — — — —

מע טעסעט דאָ געהילץ, מע האַמערט דאָ גראַניט,
און מאָרגן וועט די גרעסטע הרעבליע זיך דאָ הויבן".

הגם רעוואָלוציע און בירגערקריג האָבן אַליין געליפערט דעם מאַ־טעריאַל, איז איציק פעפער דאָך דער, וואָס האָט אריינגעבראַכט אַ נייע טעמאַטיק אין דער אידישער דיכטונג, אויך אַ נייעם סטיל. נייע אין טאָן, קענען זיינען לידער באַטראַכט ווערן ניט ווי אידישע, נאָר ווי לידער אין אידיש. ניט נאָר ער אוניווערסאַליזירט זיין ליד, נאָר ער „רוסישי־זירט" עס. אַלץ צוליב דעם, ווייל די טעמאַטיק פון זיינע לידער פּאַסט ער אריין אין די אַלע אַלגעמיינע ענדערונגען, צו וואָס ס'האָט גורם געווען די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, און, הגם די רעוואָלוציע איז פון אוניווער־סאַלן באַטייט, אַן אַלגעמיין־מענטשלעכע, איז זי אין איר עיקר דאָך אַ רוסישע און דאָס רוסישע באַווירקט אויך איציק פעפערס ליד. ווי אידן זאָלן ניט זיין באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע און אינעם בירגערקריג, זיינען זיי באַטייליקט ניט ווי אַ אידישע נאַציע, ניט ווי אידישע מענטשן, נאָר ווי אַ טייל פון רוסלאַנד. אינעם לעבן פונעם גרויסן רוסלאַנד זיינען פאָרגעקומען ענדערונגען וואָס זיינען חל אויף די אידן, ווייל די ענדע־

רונגען זיינען פון אַן אַלגעמיינעם און ניט פון אַן אויסשליסלעך אידישן כאַראַקטער. און ווען איציק פעפער דיכטעט וועגן דעם פּראָצעס פון אידישער איבערקאָנסטרואירונג זעט ער דעם פּראָצעס ניט אויס אַ נאַציאָנאַל־אידישן קוק־ווינקל, נאָר אויס אַן אַלגעמיין־רעוואָלוציאָנערן. ער זינגט ניט וועגן די מענטשן אין זייער מענטשלעכן איבערלעבן און פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד, אין אַ ברעכן זיך פון אַן אַלטשטייגערישן צו אַ נייעם שטייגער לעבן, נאָר ער זינגט אויס זיינע אייגענע שטימונגען, אָנגעווייעט פונעם פּראָצעס, וואָס ער פּאָלגט נאָך. און אַזוי איז ער אין זיין גאַנצער דיכטונג: ער גייט אין אוניסאָן און אין ריטם פונעם אַלגעמיינעם איבערקאָנסטרואירונגס־פּראָצעס. דאָס איז די סיבה פאַרוואָס אין זיינע לידער פון רעוואָלוציע און בירגערקריג געפינט מען ניט דעם נייעם אידישן לעבן. מ'זעט ניט דעם אידן אין זיין איבערגאַנג צו נייע פאָרמען, נאָר מ'זעט דאָס אַלגעמיינע, אין וועלכן עס גלידערט זיך אריין אויך דער אידישער מענטש, פונקט ווי דאָס אידישע איינגלידערן זיך זאָל געווען האָבן פאָרגעקומען אָן וועלכער עס איז פּסיכאָלאָגישער ברעכונג. און צו דעם איז ריכטיק צוגעפּאַסט אַ סטראָף אין זיין ליד „קלאָרקייט", וואו דער דיכטער זאָגט:

„ס'איז שאָטן דאָ אין קלאָרסטע קלאָרן,
און צאַרטקייט איז פאַראַן אין טיף פון האַרטסטן שטאָל,
ס'איז דאָ אַ ליד,
זי איז נאָך ניט געבאָרן, זי שטראָמט אין אונדז, ווי
ריטשקעס שטראָמען אין אַ טאָל".

דער דיכטער האָט אפילו געזען די אידישע בחורים וואָס זיינען אַוועק אין בירגערקריג, האָט געזען די אידישע קאָמסאָמאָלצעס, אָבער געזונגען האָט ער וועגן —

„יונגע כאַלופּעס מיט וועגטלעך ווייסע,
היימישע שטיבלעך אויף ווערסטן קרימער,
קומט און דערציילט אונדז די פריילעכע מעשה,
וואָס קען זיך פאַרלויפן אין איינעם אַ זומער", —

איציק פעפער דיכטעט די פאַקטן פון דער רעוואָלוציע, די רעוואָלוציע איז זיין טעמע און זיין הויפּט־פּערסאָנאַזש. אין זיין פּאָעמע אין דריי טיילן „פלאַסטן" באַווייזט ער דאָס רעוואָלוציאָנערע ווערק אין דער איבערבוי־דינאַמיק. אין אַ דיכטערישער פאָרם שילדערט ער די געשיכטע פונעם „דאָנבאַס", דעם באַרימטן קוילן־באַסיין אויפן דאָן. ער הייבט אָן מיט דער געשיכטע ווי מ'איז געקומען צום אַנטדעקן, אַז די געגנט פאַרמאָגט קוילן. אין די ערשטע צייטן האָט מען עס גאָר באַטראַכט ווי אַ קללה, ווי די „פאַבריק פון פאַרשקלאַפונג", ווייל די בעלי־בתים זיינען געווען אויסלענדער, וואָס האָבן פאַר אַ שיבוש אָפּגעקויפט דאָס גרויסע נאַטור־

רייכקייט. דעריבער איז די ארבעט געווען אַ בוכשטעבלעכע שקלאַפעריי, מענער און פרויען האָבן געשאָלטן דעם טאָג, ווען מ'האָט אַנטדעקט די שאַכטעס. אָבער אָט איז געקומען די אַקטיאַבער־רעוואָלוציע און מיט איר איז אויך געקומען אַ נייע ווירקלעכקייט. דאָס בילד האָט זיך לחלוטין געענדערט —

„עס וואַרטן אויף קוילן
זאַוואָדן, —"

פון פאַרשיידענע שטעט, ס'וואַרטן אויף קוילן —

„די יונגע קאָלווריטן
ביים טייך אינגוליעץ, —

אויף קוילן וואַרטן שיפן —

„די שיפן וואָס לאָזן זיך
ווייטער און ווייטער,
אויף קוילן אויף שוואַרצע
דער אייז־שפּאַלער וואַרט
אויף גיין צעצינדן
פּאָליאַרישע נעכט..."

מ'דאַרף האָבן קוילן צום באַהייצן די הייזקעס, אַז קינדערלעך זאָלן האָבן וואַרעם, אַלעס געהערט דעם פאָלק און אַלעס איז פאַרן פאָלק. אָבער אין אָנהייב זיינען געווען שוועריקייטן מצד די אייגענע שע־דיקער, דאָך האָט מען איבערגעוועגן אויך דאָס שלעכטע, ווייל אַנדערע מענטשן זיינען געקומען —

„און סיהאָט זיך פּאַנאַסיק דערוואוסט פון חברים, פון שכנים פון גוטע, פון יאָשקע גילבור, דעם יאַט פון דער גרינער פּאָדאָליע,
אָט דעם, וואָס קאָמיוג האָט געזאָגט: ס'איז געגוג, חבר גילבור
אין די קנעפּלעך־אַרטעלן, די וואַסער־אַרטעלן דאָרטביידיקעס שלאָגן,
געקומען די צייט, דו זאָלסט ווערן אַ שלאָגלער אין שאַכטע,
זאָלסט גראָבן די קוילן פאַר גרויסע זאַוואָדן, פאַר צוגן,
פאַר פלענער פון פינפיאָר..."

אַזוי ווערן אַלע איין גרויסע משפחה פאַרייניקט אין אַרבעט. דער אוק־ריינער פּאַנאַסיק, דער איד גילבור און דער גרוזין שאַשווילי, — די רע־וואָלוציע האָט געמאַכט אַ סוף צו די מענטש־אונטערשיידן: די שאַכטע האָט זיי אַלעמען אויסגעגלייכט.

אַ נייע וועלט איז געקומען און אין דער וועלט גייט אויך דער אידי־שער מענטש צו אַ נייעם לעבן, פאַרשיידן פון דעם וואָס ער האָט געהאַט אַמאָל, — איציק פעפער פירט אַריין דעם אידישן מענטש אין דער נייער וועלט, פיר אים אַריין מיט זיין גאַנצער נאַיוויקייט, אָבער נישט ווי קיין אידן, נאָר ווי אַ מענטש פון דער רעוואָלוציע. דער אידישער מענטש

האָט נאָך ניט קיין פאָרשטעלונג וועגן דער אַרבעט, וואָס דערוואַרט אים. גדליה געץ איז אין דער היים געווען אַ בעל־עגלה, אַ „פרייליכער פורמאַן פון שטעטל", אָבער אַצינד „פליט אַ טראַמוויי איבער גאַסן מיט ברען", מוז גדליה געץ טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש. אַזוי קומט ער אָן אין דער שאַכטע אויף אַרבעט. דאָרט וואַרנט מען אים, אַז די ערשטע צייט איז די אַרבעט אַ שווערע, אָבער מ'אינסטרואירט, ווי זיך צו האַלטן ביי דער אַרבעט, ווי זי דאַרף געפירט ווערן, אַז מ'דאַרף זיין פאָרזיכטיק און אַזוי ווייטער. גדליה פורמאַן האָט פעסטע הענט, צו וואָס־זשע זאָל ער זיי באַנוצן?

„טרייבט ער דאָס פערדל אויף רעלסן פון שטרעק.
און קומען צום קליעט איז די צייט שוין.
טוט ער גדליה מיטן שטיוול אַ פּראַל:
„—וואו גייסטו, בריאָן, אָן אַ בייטשל?
אַ בייטשל איז זייער אַ וויכטיקע זאַך,
מיט אַ בייטשל וועט ער גיבער ברענגען.
גדליה דערזעט אויף שאַכטישן דאַך
אַ שטריק, ווי אַ בייטשל, הענגען,
טוט ער דאָס שטריקל אַ כאַפּ מיט דער האַנט,
דאָס בלוט טוט אין קאָפּ אַ כוואַליע...
טוט זיך אַ זעץ מיטן קאָפּ אין וואַנט
מיטן שטריקל אין האַנט גדליה...
עס האָט אים געגעבן דער שטראָם אַ זעץ
און האָט אויפן אָרט אים געהרגעט.
אַזוי איז געשטאָרבן גדליה געץ
דעם ערשטן טאָג אויף דער אַרבעט."

אַזאַ איז די געשיכטע פון גדליה געץ, וואָס האָט זיך פּראָדוקטיוויזירט פונעם שטעטלשן פורמאַן צו אַ שאַכטיאָר, אָבער ער אַליין איז שולדיק אין זיין אומקום, ווייל, —

„ווען סיהאָט דער אינסטרוקטאָר זיין לעקציע געלייענט,
איז גדליה שפּאַצירן געגאַנגען..."

אין אַזאַ אופן באַרענגט אַרוים איציק פעפער צווישן אַנדערע אויך אידישע פּערסאָנאַזשן אינעם פּראָצעס פון דער אַלגעמיינער רעקאָנסטרוקציע און פּראָדוקטיוויזירונג. אָט איז הירש סטעצקי, וואָס רק ער לויפט צום פּאַרוואַלטער, דעם שאַכטקאָם; אָט איז דער קאָמיוניסטישער שלאָגלער יאָשקע גילבור, אָט האָט גדליה געץ באַקומען זיין סוף אין דער שאַכטע, און עס פעלן ניט אויך די דתן ואבירמס, ווי איציק פעפער באַטיטלט זיי, פּיקאָוו און שפּיקאָוו, וואָס —

„זיינען געפאָרן, געלאָפן, געפלויגן,
און זיינען געקומען אהיים מיט די ליידיקע זעק און מיט ליידיקע אויגן.

זאָגט שפּיקאָוו, — דער רוח האָט אונדז ביידע געטראָגן, מיר זיינען געפאָרן,
ווי קאָנען עס אידן גאָר קלערן צו ווערן שאַכטיאָרן?
זאָגט פּיקאָוו: דער פויער איז געזונט, און פאַר אים די אַרבעט אַ גוטע,
אַ איד דאַרף זיך זוכן געשעפטן קולטורנע, בּאַרוטע..."

איציק פעפער איז רייך אין ווערט און פאַרב פאַרצושטעלן די אידישע פערסאָנאַזשן אין זייער איבערבויען זיך, — נישט גרינג קומט אָן דעם אַלטן דור אַריינצופּאַסן זיך אין דער נייער רעוואָלוציאָנערער ווירקלעכקייט, אָבער דער יונגער דור, דער קאָמיוניסט און פּיאָניר, אַרויסגעוואַקסענע פון דער רעוואָלוציאָנערער רעאַליטעט, זיי וועלן שוין איבערוועגן און איבערקומען אַלע שטרויכלונגען און שוועריקייטן. דער דיכטער האָט אויך די כוונה צו באַווייזן, ווי די אַרבעט פאַרברידערט מענטשן, באַזונדערס באַווייזן, אַז די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט אָפּגעשאַפן אַלע ראַסן מחיצות און ראַסן־פּסיכאָלאָגיעס. אַלץ אונטער דער ווירקונג און אינעם פּראָצעס פון אַרבעט. די אַרבעט ווערט גאָר אַ ליבע זאַך און ניט נאָר ס'ווערט דורכגעדרונגען מיט אַ נייעם באַוואוסטזיין, נאָר אויך די שטרעבונגען פּאַסן זיך אַריין אינעם נייעם באַוואוסטזיין, — די אַרבעט ווערט אַן אידעאַל, וואָס ענדערט דעם כאַראַקטער פונעם מענטש אפילו ביי זיינע פאַרווײַלונגען. מ'וויל שוין ניט הערן און נישט זען מער דאָס אַלטע, רק דאָס נייע זאָל זיין פאַר די אויגן און פאַרן געהער און אויף אַזאַ שטייגער, אַז אין אַלעם זאָל זיך אָפּשפּיגלען די אַרבעט. קומט ווער נאָך מיטן אַלטן ליד, דעם פאַרטרייבט מען:

„די בינע האָט דערשראָקן זיך פאַרן טופּ דעם נייעם,
דער זאַל האָט זיך צעדונערט מיט הייסע פליעסקערייען,
האָבן זיך פון פליעסקעניש אַ וויג געטאָן די פּאָנעס
פון די מונטערע טשאַסטושקעס און דעם מאַרש בויאַנעס:
פּאַנאַסיק האָט צעזונגען זיך, און גילבור האָט צעהיצט זיך,
לעבעדיק און הייזעריק געגאָסן האָט דאָס ליד זיך,
געהוידעט האָבן פענצטער זיך, געפליעסקעט האָבן טירן,
האָט דער זאַל אַ זינג געטאָן דעם מאַרש פון בריגאַדירן."

די פּאָעמע „פלאַסטן" איז געשריבן אין אַזאַ סטיל און פאָרם, אַז זי ווערט אַ ריכטיקע געשיכטע פון אַרבעט, — די אַרבעט און דער מענטש אין איר ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און ווייטער שוין אין די אומשטענדן פון דער רעאַליזירטער רעוואָלוציע, ס'איז דער מאַרש פון דורות, איינער, דער עלטערער אין זיין אַוועקגיין, און דער צווייטער, דער אינגער, אין זיין קומען, די פאַרברידערונג פון מענטשן אין דער ליבע צו אַרבעט און אויפבוי און דער נייער אַרבעטסמענטש אין זיין ענערגיע און פּראָדוקטיווקייט, — דער דיכטער וועבט אַריין איין טעמע אין דער צווייטער, פון איין רעאַליטעט אין פאַרשווינדן דרינגט אַרויס אַ צווייטע אין

ווערן, און ער בינדט די אַלע טעמעס אויף אַזאַ שטייגער, אַז ס׳ווערט אַן עפּאָס־געוועב פון אַרבעט און שאַפנדיק־קאָנסטרוקטיוון אויפבוי, אָבער ווי שוין געזאָגט, איז עס דיכטונג אין אידיש און ניט קיין אידישע דיכטונג, מער ניט, וואָס עס איז אַ פולשטענדיק נייע טעמאַטיק, נייע דיכטערישע מאָטיוון, אַ נייע פאָרם און סטיל, ביז איציק פעפער נאָך ניט קיין באַנוצטע אין דער אידישער דיכטערישער שאַפונג.

— 5 —

## „לעבן זאָל דאָס לעבן!"

„מיר, אין קאַמף געבאָרענע,
וואָס האָבן מיר געגעבן?
אַ לעבן אַזאַ לעבעדיקס,
אַז לעבן זאָל דאָס לעבן!
אין שלאַכטן און אין ראַנגלעניש,
וואָס האָבן מיר געגעבן?
אַ לעבן אַזאַ לעבעדיקס,
אַז לעבן זאָל דאָס לעבן!"

רייך איז איציק פעפערס דיכטונג אין ליריישע נאָטן. די לירישע נאָטע מאַכט אַמאָל געניוגט צוב טרויעריקן, אָבער איציק פעפער ווערט קיינמאָל נישט באַהערשט פון קיין טרויער, הגם ניט איינמאָל זינגט ער אויך טרויעריקע מאָטיוון. ער באַיאָעט רק דאָס לעבן און איז פול מיט אָפּטימיזם און גלויבן, דעריבער איז גרויס זיין ליוב פאַרן לעבן, וואָס זאָל און מוז געלעבט ווערן. און פאַרוואָס זאָל די פרייד ניט זיין גרויס, ווען דער בירגערקריג איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט טריומף און די רעוואָלוציע פייערט איר זיג אין אַ נייעם שאַפן און בויען? ס׳איז אַ שטאָלץ צו קוקן אויף די דערגרייכונגען, אינטענסיוו וויקלט זיך אוים אַ פעריאָד פון רעקאָנסטרוקציע און ס׳ווירקט אויף די שטימונגען פונעם דיכטער, וואָס ווערט ניט נאָר איינגעגלידערט, נאָר אָרגאַניש אריינגעוואקסן אין דער רעוואָלוציע און אין אַלע אירע אַנטוויקלונג־פּראָצעסן; דער דיכטער איז באַהערשט פון דער גרויסער פרייד, ווערט מיטגעריסן פון די אַלגעמיינע שטימונגען. און וואָס איז אַזוינס מוזע אויב נישט די עקספרעסיע, די שטימונג פונעם דיכטער?

אָבער איינמאָל געזיגט אויף די שלאַכטפראָנטן, זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע זאַכן צו באַזיגן. ס׳זיינען נאָך אַלץ פאַראַן אינעווייניקסטע שונאים און ס׳פעלן אויך ניט די אויסנווייניקסטע און זיי טאַקע וואַרפט

דער דיכטער זיין רוף „לעבן זאָל דאָס לעבן", ווי א מין אָפּרעכענונג מיט די אַלע, וואָס זיינען קעגן און וואָלטן געוואָלט מיט עפּעס כאָטש שטערן דעם אנטוויקלונגס־גאַנג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן. אָבער דאָ געפינט מען שוין ניט ביים דיכטער דאָס ליריש־עמאָטיווע נאָר גאָר א פּאָלעמישן טאָן און די גאַנצע דיכטונג מאַכט דעם איינדרוק פון פּאָ־לעמישע פעליעטאָנען אין פערז. איציק פעפער הייבט אָן אַפילו מיטן דיכטערישן, —

„מיר, אויף ווערסטן ווייצענע
מיר האָבן זיך געשלאָגן.
באַפּאַרבט מיט בלוטן רויטע
די האַרבסטיקע פּאַרטאָגן!
מיר אויף פלעצער שטיינערנע,
פילאָסאָפן און בויער,
אונדזער אַלט געבוירן האָט
אַ מויער נאָך אַ מויער!"

דאָך אינעם ווייטערדיקן ענדערט איציק פעפער דעם ליריש־ מע־טאַפאָרישן טאָן און גייט אַריבער צום בייסיק־פּאָלעמישן, פעליעטאָנ־מעסיקן, ערטערווייז שוואַך־סאַטירישן טאָן, ווי צום ביישפּיל, —

„נאָר איצט לאָמיר זאָגן אַ וואָרט וועגן זיי,
וועגן זייערע העלדן און זייער פּאַרטיי,
וועגן זייערע פּלענער און זייער זין,
וועגן זייערע באַנדעס און זייער ראַמזין."

ס'איז דאָס וואָרט „קעגן זיי" און איציק פעפער באַנוצט זיך דער־ביי מיט אויסדרוקן, וואָס האָבן קנאַפּ צו טאָן מיטן דיכטערישן בילד, און גרויס איז דער אונטערשייד צווישן זיינע לידער פון בירגערקריג־מאָטיוון און די לידער פון דער עפּאָכע „לעבן זאָל דאָס לעבן". אין „לעבן זאָל דאָס לעבן!" ווערט דער דיכטער א פעליעטאָניסט, וואָס שרייבט טאַקע אין פערז, אָבער ווייט ניט אין א דיכטערישן טאָן און אויסדרוק. מאַכן די לידער פון דעם פּעריאָד אַן איינדרוק, ווי דער דיכ־טער זאָל ניט זיין שווה שבוה מיט זיך אַליין, ווי עפּעס א מוז זאָל גע־ווען האָבן געלעגן איבער זיין דיכטערישן געוויסן. דער דיכטער „לאמר'ט" אָפּ יעדן איינעם און זשאַלעוועט ניט דערביי קיין עפּיטעטן ממש ווי מקים צו זיין די באַרימטע טעאָריע, אַז אויך אין דער דיכטונג מעג מען זיין פריי פון וואָרט־פּאַראורטייל.

אינעם צווייטן פּעריאָד פון זיין דיכטונג, אין „לעבן זאָל דאָס לעבן!" באַמיט זיך איציק פעפער צו זיין סאַטיריש. אָבער אַמווייניקסטן גיט עס זיך אים איין. א סאַרקאַסטישן טאָן דאַרף מען קענען אָנווענדן. מ'דאַרף קענען דאָס סאַטירישע פאַרבינדן מיט א קריטישן טאָן, און איציק פע־

פער גיט זיך ניט איין צו בינדן זיין דיכטערישקייט, אפילו דאָס פעליע־טאָניסטישע, מיט א סאטירישן סטיל און סאַרקאַסטישן כאַראַקטער. ס'וואַרפט זיך ממש אין די אויגן, אז ס'איז ביים דיכטער נאָר אן אָנ־שטעל אַזאַ, א פּאָזע, טיילווייז אפילו געקינצלט און שוואַך אין ריטם. אַט ווידמעט איציק פעפער איינעם פון זיינע דיכטערישע פעליעטאָנען, אָדער „פעלזן" ווי ער רופט עס, דעם דיכטער ד. האָפשטיין. זיין איינציקר ציל איז א שטאָך טאָן האָפשטיינען, וואַרפט ער אריין אזעלכע פערזן, ווי

„מיר שטאַמען פון פעלזן, נאָר קלאָר איז אונדז איינס,

מיר שטאַמען פון פעלזן, נאָר ניט פון האָפשטיינס".—

אין אַזאַ פערז געפינט מען גאַנץ ווייניק דיכטערישע גראַציעזקייט און אויך דאָס סאַטיריש־קריטישע איז גאַנץ ווייט צו זיין א געלונגענער אַפּאָריזם. עס איז נאָר א מין „וואווילעונגערישער" גראַם, אריינגעפּאַסט אין א בייזן פעליעטאָן, און לייענט מען ווייטער דעם ציקל לידער, גיט מען זיך רעכענונג וועמען איציק פעפער איז אויסן געווען נאָכ־צומאַכן און וועמענס אָרט ער איז אויסן געווען ממלא צו זיין אין דער דיכטונג, ניט אין דער אוניווערסאַלער, נאַטירלעך, נאָר אין דער אי־דישער. עס איז גאָר ניט קיין עוולה אויב א דיכטער לערנט פון היינ־ריך היינע. היינריך היינע איז א גאַנץ גוטער און גרויסער רבי, אָבער וועגן היינריך היינע איז שייך דאָס זעלבע ווי פון שלום־עליכמען, — ווען דען עמיצער קענען אימיטירן שלום־עליכמען אין זיין הומאָר? אַזוי איז אויך מיט היינריך היינע, אז עמיצער ווער זאָל קענען אַזוי ווי ער אַרויסברענגען א פּאָליטישע סאַטירע, און איציק פעפער שטעלט זיך פאָר ווי ער זאָל זיין דער יורש פון היינריך היינע, ווי אין אים זאָל האָבן מגולגל געוואָרן היינריך היינע, ער שטרייכט אַגב עס אונטער אין אַזאַ פערז, ווי, —

„איך ליג און איך שווייג,

איך נעם מיינע פלענער באַקלערן.

אַ שכנישער סלופּ מיט זיין טרוקענעם צווייג

קיצלט

מיין היינישן שטערן..."

אין דעם צווייטן פעריאָד פון זיין שאַפן האָט איציק פעפער זיך אָפּ־געגעבן אויסשליסלעך צום פּאָלעמישן ליד, און ס'איז א ספק צי „לעבן זאָל דאָס לעבן!" וועט פאַרנעמען וועלכן ס'איז אָרט אין זיין דיכטונג און נאָך ווייניקער אין דער אַלגעמיינער אידישער דיכטונג. אין די לידער אַגב איז פאַראַן קלונגשאַפט, טיילווייז אויך שאַרפזין, אָבער עס פעלט אין די לידער דיכטערישע קראַפט און קינסטלערישע עקספּרעסיע. איציק פע־פערס ליד ווירקט דאָרט, וואו ער האַלט זיך דווקא ביים לירישן טאָן און אימפּרעסיאָניסטישן אימאַזש, דעמאָלט געווינט זיין דיכטונג פּלאַסטישן

אויסדרוק, גראַציעזקייט און מוזיקאַלישן ריטם, וואָס מען קען נישט זאָגן, וועגן אַזאַ פערז, ווי, —

„נעמט זי צו פון אונדזער דרויסן,
נעמט זי צו פון אונדזער וועלט,
מיט איר הינטן מיט איר גרויסן,
האָט זי דאָ די זון פאַרשטעלט."

עס איז אַ גאַנץ פיינער עפּיגראַם אין אַ פּושקין־נוסח, אָבער עס קומט דאָך נישט צו אַזאַ פערז, ווי —

„איך וויין ניט און איך אויקע ניט
טייער ניט לאַך.
פון דיין בליק די בלויקייטן
הענגען אויף מיין דאַך.
איבער סטעפּעס ריזיקע
וועסטו פליען גיך,
וועט אַ ווינט באַגריסן דיך, —
וויס, אַז דאָס בין איך!"

דאָס שפּילעוודיקע גייט זיך איין דורכויס איציק פעפערן, אָבער נאָר אינעם לירישן ליד און אינעם אַרויסברענגען אימאַזש, דאָך ניט אינעם סאַטירישן, באַזונדערס ווען ער וויל ווערן דער סאַרקאַסטי־קער. די חשיבות פונעם דיכטער איז זיין אויפריכטיקייט, די אויטענטיש־קייט פונעם דיכטערישן אין אים, — איציק פעפער פאַרמאָגט עס, זיין דיכטן איז אוממיטלבאַר, אָבער ניט דאָרט וואו ער גייט אַריבער צו דיכ־טערישער פעליעטאָן־מעסיקער סאַטירע, אויס דעם איז זיין ציקל דיכ־טונגען „לעבן זאָל דאָס לעבן!" ניט מער ווי אַ ניט־איינגעגעבענע גע־גראַמטע פעליעטאָניסטיש־דיכטערישע סאַטירע.

— 6 —

## בירא־בידזשאַנער שטימונגען און בילד

אָבער אָט קומט איציק פעפער מיט זיינע לידער וועגן בירא־בידזשאַן און ווידער דערשיינט דער דיכטער אין זיין דיכטערישער גרויסקייט. ערשט אין די בירא־בידזשאַנער לידער קומט אַ ריכטיקער „לעבן זאָל דאָס לעבן!", ווייל דער דיכטער האָט געגלויבט, אַז ער באַזינגט אַן אויפגאַנג פון אַ נייעם לעבן. ס'זיינען לידער וועגן און פון היימלאַנד און די טענער זיי־נען אוממיטלבאַרע, וואָס דערהויבן זיך צו אַ ריכטיקן אָראַטאָרישן גע־זאַנג:

„מיר בויען אַ היים אויפן ראַנד פונעם לאַנד,
אויף ברעגן אַמורער שטייט אויף אונדזער קאַנט,
די טייגע טרעט אָפּ, ווען זי הערט אונדזער שפּאַן,
מיר שפּאַנען מיט פעלקער מיט אַלע באַנאַנד,
ווען סירויִשן די לידער אין בירא־בידזשאַן.
מיר וועקן די וועגן. מיר שניידן דעם וואַלד,
אויף אונדזערע ערדן איז קיינער ניט אַלט.
צעוואקסן זיך דערפער אין פרייד און אין זעט,
מיט גאַסן, מיט פלעצער צעשפּרייטן זיך שטעט."

ס'איז אַ ריכטיקער „מאַיעסטאָסאָ” אין אַ מאַרש־ריטם, שטאַרק אינעם אימפּרעסיאָניסטישן. אינעם אימפּרעסיאָניסטישן שטייגט איציק פעפערס דיכטערישע פּאָטענץ און באַזונדערס אין זיינע לידער וועגן בירא־בידזשאַן. און דווקא ווייל דאָרט זאָל אויפשטיין און ס'זאָל זיך בויען אַ נייער אידישער לעבן. ער ווערט באַגייסטערט פון דער רחבות פונעם לאַנד, פון די נאַטור־שיינקייטן און יעדעם ליד זיינס וועגן דעם ווערט ממש אַ מוזיק, אַ סימפּאָניע פון טענער און פאַרבן, ארויסגעבראַכט אין אַ ריטמישער פּלאַסטישקייט, —

„דאָס האָסטו, בירע־בידזשאַן,
זיך צעזונגען אויף די וועגן,
אומעטום, בירעבידזשאַן,
גייט דיין שיינקייט מיר אַנטקעגן."

און אין דער שיינקייט זעט ער לאַנד אין אויפבלי, מענטש אין אויפגאַנג צו אַ נייעם לעבן, אין זיין נייעם תקון דורך ארבעט. אויף אַלע וועגן באַרג־אַרויף זעט ער שפּאַנען דעם מענטשן, און דעמאָלט „טוט אַ זינג די גאַנצע געגנט, ווען די מזרח־זון גייט אויף”. דער דיכטער הערט זינגען די הויכע לידער און פאַר זיינע אויגן אַנטפּלעקט זיך אַ פּאַנאָראַמע פון מיידלעך, וואָס שווימען, רייטן, פּאָרן פונעם פעלד־שניט; מיידלעך וואָס פירן מאַשינען, טעסן גראַניט, זייען, שפּינען, פליען, ווי מען פליט, — ס'זיינען די בירע־בידזשאַנקעס און זיי באַגריסט דער דיכטער מיט זיין ליד:

„זייט געגריסט, בירע־בידזשאַנקעס,
זייט געגריסט!" —

און אָט זעט ער גאָר די פּאַסטעכלעך „מיט בייטשעלעך אין די הענט”, אין די זומער־טעג זיינען זיי פון שטעטעלעך אוועק „זיי פלעגן פּאַשען אומעטיק די שטעטלדיקע טעג” און —

„איצט שווימען רואיק זומער־טעג
ווי שיפן ביי דעם ברעג..."

און אַ גאַנץ אַנדערער איז דאָס פּאַסטוכל, דאָס בירע־בידזשאַנער, — קומט דער אָוונט, ווי אַ גאַסט אין טאָל, —

„פאַרזאַמלען זיך די פּאַסטעכלעך
און שפּילן אין פּוטבאָל".

אַזוי גייט דער דיכטער אין די פוסטריט פון דער בירעבידזשאַנער באַזעצונג, אויפנעמענדיק און פאַרשטעלנדיק די שיינקייטן פון דער נאַטור, הייבט אָן מיט אַ געזאַנג צו דער אידישער מוטער, וואָס זינגט שוין אַ ניי וויגליד, זינגט דעם קינד אַז „ס'נעמט די גאַנצע ערד שוין טאָגן" און אַז „קינדער וואַקסן אין דער טייגע, גליקלעכע, ווי דו", שרייבט אונטער דער דיכטער, אַז „ס'איז אונדז גוט, בירעבידזשאַן, וואָס אַ לאַנד באַשטייט פון ברידער"; ער באַזינגט די בירעבידזשאַנקעס און באַוואונדערט, ווי —

„הייבט דער קאַנט זיך ווי אויף פליגל,
לייגט אַ ציגל צו אַ ציגל,
זינגען זאַגען ניט אומזיסט", —

און זינגט אויך דאָס נייע בירעבידזשאַנער פריילעכס, ווייל „עס איז אַ לעבן דאָ פאַרפלאַנצט", און דעריבער —

„אויב געזונגען איז געזונגען,
אויב געטאַנצט, זאָל זיין געטאַנצט, —
און אַז מ'טאַנצט,—

„טאַנצן שניטער, טאַנצן זייער,
פּיאָנערן, רויט־אַרמייער,
טאַנצט אַ מיידל פון וואָלין,
מיט אַ בחור פון פּאָלטאַווע,
אַלע פעלדער זיינען גרין,
אַלע וועלדער קוטשעראַווע.
ראָהאַטשעווער און אָדעסער!
זאָל די ראָד נאָך ווערן גרעסער!
ווען סע טאַנצן די טשערקאַסער,
הייבט אין בירע זיך די וואַסער,
ווען סע טאַנצן די וואָלינער,
ווערן אַלע סאָפּקעס גרינער,
קומען אומאַנער אַריין,
שווימט אין פלעשלעך דער וויין!"

און ווי זאָל מען ניט טאַנצן אַ פריילעכס, ווען אומעטום „וואַרטן רייכקייטן צעזייט, וואַרטן רייכקייטן פאַרגרייט" און קומט צו אַ חתונה אינעם נייעם אידישן בירע־בידזשאַן איז עס שוין איינמאָל אַ כאַסענע, גייט ממש אַלעם אויף רעדלעך, — „זיבן נייטאָרנס האָבן די פּאָוועלע

געגרייט, זיבן וועבערנס די מאַנטעלעך געשטריקט, זיבן קעכערינס די געגדזעלעך געפליקט", פון אומעטום קומען מחותנים, „מען טופּעט און מ'טאַנצט" און ס'פעלט אויך ניט דער לץ, דער מאַרשאַלעק. דער דיכטער זאָל ממש ווי אויפלעבן דעם שטייגער פון אַן אַמאָליקער אידישער חתונה, דער אופן איז גאָר אַן אַנדערער, ווייל אויך די כלה איז אַן אַנדערע און אפילו איר נדן איז אויך אַ גאַנץ אַנדערער, — איר נדן איז —

„צוויי צעפּלעך ביז די סאַמע קני, אַ קוש אין אַ פאַרטאָג,
צוויי אויגן, ווי די קאַרשן גרויס און פערלדיקע ציין,
און הענט צוויי ברוינע, גאָלדענע, אַ שמייכל מלא חן, —

אַ חתונה טאַקע אַ חריפות, הוילע פרייד, אָן דעם טרויער פון אַמאָל, און עס זיינען ביי דער חתונה אויך פאַראַן אידל מיטן פידל און בערל מיטן באַס און אויך „אַ שער האָט מען ניט פיינט". און דאָס עסן?

„צוועלף מינים קוגעלעך, לעבערלעך מיט שמאַלץ, האָניקלעקעך, שטרודל מיט קישמיש, ווישניאַקעס און ווײַנען, קאַטשקעס און אינדיקעס און —

„דער טייך אַמור האָט יאָרנלאַנג די פיש פאַר זיי געוויגט,
די ערד אַליין האָט ברויט פאַר זיי און ווײַנטרויבן געשיקט."

ס'איז אוים מיט די אַמאָליקע „בולבעס", דער טיש איז יעדן טאָג פול מיט עוף און פיש, דאָס לאַנד האָט פון אַלעם און גיט אַלעם, דעריבער —

„איז דרעמלט ניט, כלי־זמרימלעך, זאָל שפּילן דער באַיאַן,
דאָס פייקל זאָל אַ פייקל טאָן אויף גאַנץ בירעבידזשאַן!"

אַזוי זינגט אוים איציק פעפער די געשיכטע פון בירעבידזשאַן אין ליד, זינגט אין דער וויזיע ווי עס זאָל זיך אָנהייבן און וואַקסן אַ נייער אידישער לעבן, אַ קערנדיקער און געזונטער, אַן אַרבעטנדיקער און פּראָדוצירנדיקער און ער ווענדעט אָן דערביי דעם פאָלקסטימלעכן טאָן און סטיל. אַ דאַנק דעם געווינט זיין בירעבידזשאַנער ליד, מער אימפּרעסיוויקייט, אָננעמענדיק ערטערווייז עפּישע פאָרמען, און מ'דאַרף עס אונטערשטרייכן, אַז גראַד ווען איציק פעפער זינגט אידיש, דערצו אין אַ פאָלקסטימלעכן טאָן, באַקומט זיין דיכטונג אַ באַזונדערן שוואונג, און גייט אויף פונעם מוזיקאַלישן צו אַ ריכטיקער אידישער פאָלקסטימלעכער ניגונדיקייט.

— 7 —

## אין פייער און פלאַם: „איך בין אַ איד!"

איז אויף איציק פעפער אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין דער דיכטער פון רעוואָלוציע און בירגערקריג, איז אים אויך געווען באַשערט די פּיין צו מוזן אין ליד דערציילן וועגן דעם גרויזאַמסטן קריג, וואָס די וועלט

און אידן האָבן געהאַט אויסצושטיין. ער וועט שוין אַזוי בלייבן דער דיכטער פון צווישן צוויי וועלט־מלחמות. ס'איז אים ניט באַשערט צו קענען ווייטער דיכטן, און ווען יאָ וואָלטן עס געווען מער רעמיניסצענסן און רעמיניסצענסן געפינט מען שוין אויך אין זיין לעצטן קריגסליד. געלעבט האָט אַ לאַנד רואיק אין אַ גרויסער אָנשטרענגונג און קאַמף פון איבערבוי און אויפבוי, מ'איז שוין אַרויס אויף אַ וועג, וואו מענטשן האָבן אין פרייד געקענט זינגען „דאָס לעבן איז געוואָרן גרינגער, געוואָרן בעסער איז דאָס לעבן" און מיטאַמאָל האָט אַ ווילדער און באַר־באַריש־פאַרברעכערישער שונא איבערגעפאַלן דאָס לאַנד. מ'איז געוואָרן געצוואונגען אָפּצושטעלן דעם אויפבוי, און מיט געווער אין די הענט זיך שטעלן צו פאַרטיידיקן דאָס ליבע פאָטערלאַנד, וואָס איז מיט בלוט און העכסטע קרבנות אויסגעקעמפט געוואָרן. ניט גרינג איז זיך צו שיידן מיט אַזאַ פאָטערלאַנד. אויס דעם איז ניט קיין וואונדער, וואָס די סאָוועטישע מענטשן האָבן אַלע ווי איינער זיך פאַראייניקט אין איין משפּחה צו אַ גרויסן און אַנטשיידנדיקן קאַמף. אויך דער דיכטער געהער צו דער משפּחה און ער וועט ניט בלייבן אין אַ זייט; ער גייט צוזאַמען און גלייך מיט אַלע, אָבער פאַר איציק פעפער, דעם דיכטער און דעם אידן, איז דער קאַמף קעגן שונא אַ צווייענדיקער, — ערשטנס פאַר זיין לאַנד, און, צווייטנס, אויך פאַר זיין פאָלק, און אויף דעם גיט ער זיין שבועה:

„אָט דאָס איז מיין שבועה, וואָס כישווער איצט דעם לאַנד פון די ראַטן,
מיין אוראַלטן פאָלק און מיין אַלטינקער מאַמען און טאַטן,
און דאָס איז מיין נדר: און אויב איך וועל ביידע זיי ברעכן,
זאָל דעמאָלט מיין פאָלק מיט דער שפּיז פון פאַראַכטונג מיר שטעכן!"

אינעם צייכן פון קריג און געפאַר האָט דער דיכטער אויך דערזען זיין אוראַלט אידיש פאָלק, דאָס פאָלק ניט נאָר פון היינט, נאָר אויך פונעם נעכטן, פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. און ווידער האָט ער פאַר זיך די וויזיע פון זיין אַלטן טאַטן, און קומט צום אמת, אַז מ'קען האָבן אַ סך גוטע פריינט, געגוג גוטע שכנים, אָבער „אַ טאַטן האָט מען איינעם". און גליקלעך איז דער מענטש, וואָס וועט די שפּעטערדיקע דורות קאָנען זאָגן, אַז „איך האָב מיט שטאָלץ דורך טעג און נעכט דעם טאַטנס נאָמען דורכגעטראָגן". איציק פעפער גלויבט, אַז ער וועט מיט שטאָלץ טראָגן דעם טאַטנס נאָמען, דאָך מערקווירדיק זיינען זיינע שטי־מונגען, ווייט ניט ענלעכע צו די, וואָס ער האָט אויסגעדיכטעט אין זיינע פריערדיקע לידער. ער ווערט אפילו אַ בעל־מאמין, ער רעדט וועגן אַ בת־קול, דאָס בת־קול וועט זיינע אויגן שליסן, ווען ער וועט זיך דאַרפן לאָזן „אין ווייטן וועג, אין שטילן רואיקן און גלאַטן":

„ווי שיין און יום־טובדיק וועט זיין די ערשטע זעאונג מיט זיין טאַטן,

און סעדער אייביקע פון רו, אין אָנהייב־צייט פון לעצטן טרויער,
ווי שווער, ווי גרינג איז יענער וועג, וואָס פירט צו אייביקייט צו גרויער."

די שטימונגען און מחשבות רעגן אים צו טרויעריקער לירישקייט און ער פאַרטראַכט זיך וועגן דעם גורל פון זיין אַלטן פאָטער, צי לעבט ער נאָך, אפשר האָבן אים גאָר די שונאים אומגעבראַכט און אפשר איז ער גאָר,

„מיט שכנים זיינע אין וואַלד און שפּירט דורך צווייגן נאָך די צינדער,
נאָך יענע וועלף מיט שאַרפע ציין, וואָס טראָגן אומקום און סכנה, —
און ער גרייט אויך פאַר זיי דעם טויט, די לעצטע גאָלדענע מתנה".

ער איז פאַרטיפט אין רעיונות און וויזיע וועגן דעם גורל פון זיין טאַטן, דער איד און מענטש, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין הערלעך האַרץ, — ס'איז זיין טייערסטע ירושה, וואָס ווערט אין פייער ניט פאַר־ברענט, ווערט אין וואַסער נישט דערטרונקען", אין דער גאָרער וועלט איז גאָר ניט פאַראַן אַזאַ רייכקייט וואָס זאָל דעם דיכטער קענען פאַר־בייטן דאָס האַרץ פון זיין טאַטן ווייל —

„...נאָר אַ האַרץ, אַ הערלעך האַרץ גייט דורך דורך פעלקער און דורך דורות,
און האָט פאַר פלאַם, פאַר סם און בליי, פאַר שטויב און זשאַווער ניט קיין מורא,
אַ האַרץ אַזאַ, וואָס הערט ניט אויף אַקעגן שלעכטס און פאַלשקייט זידן
קאָן זיין ביים העלד, וואָס גייט אין שלאַכט און ביי אַ שטילן שפּאָלער אידן."

און ווידער מאָדנע: איציק פעפער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגע־וויזן אַזאַ צוגעבונדנקייט צו זיין שטאָם, ווי גראָד אין די מלחמה־לי־דער. און קיינער ווידער אין דער אידישער דיכטונג און אפילו אויך אין דער אוניווערסאַלער, האָבן נישט באַזונגען אַזוי אַן אַלטן טאַטן, ווי אי־ציק פעפער. עס איז ניט גלאַט אַ געזאַנג, נאָר אַ ווירקלעכע מוזיק פון אַ ליבנדיקן האַרץ, אַן איבערגעגעבענעם און צוגעבונדנס. דער דיכטער אַנטפּלעקט זיך אין זיינע זון־געפילן. מעגלעך, אַז דער קריג, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט אין א געפאַר דאָס לעבן און עקזיסטענץ פון זיין שטאַם, האָט אויפגעבונדן די צונג זיינע אויסצוזינגען, וואָס ער האָט אויפן האַרץ. און אַזוי באַזינגט ער אויך זיין אידיש פאָלק, זעענדיק ווי עס איז אַרומגערינגלט מיט די לויערנדיקע געפאַרן פונעם ברוינעם הונט, —

„וואָס וויל ער וואָס, דער ברוינער הונט?
ער וויל מיין פאָלק פון דריערד פאַרווישן.
מיין פאָלק איז אַלט, נאָר ס'איז געזונט
און גייט אין שלאַכט מיט בלוט מיט פרישן!

ווי שיר־השירימדיק, ווי ריין
גייט דורך זיין ליבע דורך די יאָרן,
ווי יונג זיינען נאָך זיינע ציין,
און ווי נביאיש איז זיין צאָרן!
ווי הויך און זוניק איז זיין שוואונג,
ווי טיף דער ברויז פון כוחות פרייע,
וואָס מיינט ער וואָס דער קוילער־יונג,
אַז סיקומט די צייט, ווען סיזיגט די חיה?"

דער דיכטער שטעלט אַוועק זיין פאָלק קעגן דעם שונא דער חיה און אויף זיינע ליפּן איז גרייט דער אורטייל פאַרן שונאדיקן קוילער־יונג. אין מאָמענטן פון גרויסער געפאַר אַנטפּלעקן זיך אים די אייגנ־שאַפטן פון זיין פאָלק, ער דערשפּירט גערעכטן קאַמף און גבורה און בלי ספק איז עס געוואָרן די דערקענטעניש, וואָס האָט אָנגערעגט דעם דיכטער אויסצושרייען פאַר דער גאָרער וועלט „איך בין א איד!". דאָס ליד „איך בין אַ איד" געהער אפשר צו איציק פעפערס שטאַרקסטע דיכ־טונגען און אין דעם פּרט מעגלעך איז עס אויך די שטאַרקסטע אין דער גאַנצער אידישער דיכטונג, באַזונדערס באַמערקנסווערט איז דער פאַקט, וואָס צום ערשטן מאָל אינעם גאַנצן שאַפונג־פּראָצעס זיינעם רעדט איציק פעפער, אַז ס'איז „דער וויין פון דורותדיקן דויער", וואָס האָט אים גע־שטאַרקט אין זיין וואַנדערוועג, אַז די בייזע שווערד פון פיין און טרויער האָט ניט געקענט פאַרניכטן זיין פאַרמעג און זיין פאַרמעג זיינען זיין פאָלק, זיין גלויבן און זיין בליען און אפילו אונטער דער שווערד האָט ער געשריען „איך בין א איד".

דאָס ליד דריקט אויס אַ נייע דערקענטעניש אין איציק פעפערס דיכ־טונג. צום ערשטן מאָל רעדט דער דיכטער וועגן דעם מאַרטירערוועג פון זיין פאָלק, ער זעט דאָס פאָלק אין גאַנג פון די יאָר־טויזנטער, דער וועג־גאַנג שפּרייט זיך זינט גלות מצרים ביז די מאָדערנסטע צייטן און אויף דעם וועג איז אַלע מאָל געוואַקסן די אידישע גבורה. ס'לעבן אויף אין אים די וויזיע פון בר־כוכבאס רוף, „דער קלוגער קנייטש פון ר' עקיבא, די חכמה פון ישעיהוס וואָרט, דער שוואונג פון די מכבייער העלדן, שלמה המלכס וואונדער־שכל, היינריך היינעס קרומער שמייכל, יהודה הלוים קלאַנגען, שפּינאָזאַ, וואָס האָט געמאַכט גרוימער די רוימען, קאַרל מאַרקס וואָס האָט אָפּגעפרישט מיט נייער רויטקייט דאָס אוראַלטע אידישע בלוט. דער דיכטער זעט אין זיינע אייגענע אויגן די שיין, שטיל־קייט און דראַנג פון זון־פאַרגאַנג, ווי ס'אָט עס געמאָלט לעוויטאַן, ער האָט אין זיך פון מענדעלעס געבענטשטן גאַנג, — פונעם וויטן אמאָל ביזן היינטיקן היינט גייט אַדורך פאַר זיין וויזיע די געשיכטע פון זיין

אידישן פאָלק. און דער דיכטער, וואָס באַטראַכט זיך פאַרן זון פון די סאָוועטן, רופט אויס מיט שטאָלץ, —

„דאָס ווידערקול פון זיפהר האַפן
הילכט אָפּ ווען ס׳טוט אַ קלונג מײַן קול.
די אומבאַקאַנטע טעלעגראַפן
דערטראָגן מיר דורך ים און טאָל
דעם שלאָג פון האַרץ אין בוענאָס־אײַרעס.
און פון ניו־יאָרק אַ אידיש ליד,
דער שווידער פון בערלינער גזרות, —
איך בין אַ אידן!״

דער דיכטער איז אויך שטאָלץ אויף זײַן סאָוועטיש לאַנד, שטאָלץ קלינגען אים די נעמען פון יעקב סווערדלאָוו און קאַהאַנאָוויטש און אפילו דאָס בלוט פון די אומגעקומענע סאָוועטיש־אידישע העלדן פאַפער־ניק און גאָרעליק שרײַט אַרויס פון דר׳ערד און בריט „איך בין אַ איד״.

ווירקלעך: אַ גאַנץ נײַער טאָן אין איציק פעפערס ליד! ער ווערט באַהויכט פון דער דערקענטעניש, אַז עס איז פאַראַן אַ אידיש פאָלק, צעזייט איבער פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט, אָבער א פאַרבונדנס צווישן זיך אין א גאַנצקייט. און פון איין דערקענטעניש קומט ער צו דער צווייטער, — צו דער פון אידישער המשכדיקייט, — אַנשטאָט נאָר מענטש אַליין, ווי אַמאָל, שטייגט זײַן געוויסנדיקייט צו מענטש־איד, וואָס פאַרבינדט זײַן סאָוועטיש־אידישן היינט מיטן אַלגעמיינעם אידישן אַמאָל. זײַן וויזיע פירט אין דער אידישער פאַרגאַנגענהייט, פאַרגע־שטעלט אין דער פאַרשיידנקייט פון אַלע אירע ניואַנסן. אָט שוועבט פאַר אים די וויזיע פון דער טערקישער שאַל, — „און ס׳טוט די דערמאָ־נונג אַ שלאָג ווי א קוואַל״, ווי קומט זי אַהער אַצינד די אַלטע זײַדענע טערקישע שאַל? אַמאָל ערגעצוואו האָט ער שוין געזען די שאַל, אָבער שווער איז אים זיך צו דערמאָנען וואו און ווען „אין וועלכן יאָרהונדערט, אין וואָס פאַר אַ לאַנד״. זײַן זיידע האָט געקויפט די שאַל בײַ אַ טערק „אויף טונקעלע, רווישיקע מערק״, ער האָט זי א מתנה זײַן כלה געבראַכט, נאָכהער האָט די באָבע פאַרן טויט פאַרטרויט דער טאָכטער די שאַל אַזוי, —

„פון דורות צו דורות געגאַן איז די שאַל,
געזאַפּט אין די פעדים פון טרערן די גאַל,
געהיט אויף די קווייטן די צאַרטקייט פון הענט,
און האָט מיט איר בונטקייט דורך דורות געבלענדט,
זי האָט אין יום טובים געלויבט אויף דער שײַן,
און האָט די סמנים פון פלאַמיקן ווײַן...״

אָבער נײַן, עס זײַנען ניט קיין סמנים פון פלאַמיקן ווײַן, —

„מ'עט האָט מיטן טיכל דעם ווייכס און דעם צאַרטס
פאַרהאַלטן ביים ברודער דאָס בלוט פונעם האַרץ,
ווען ער האָט זיין לעבן אין קריגן געשטעלט
און האָט אונדזער היימלאַנד באַשיצט ווי א העלד."

פּחד און אומעט ווייען פונעם טיכל און ס'ווירקט אַזוי אויפן דיכטער, אַז ער טוט פאַלן אויף דער אוראַלטער סאָפקע און קושט „די צערּיסענע טערקישע שאַל..."

דיכטערישע שטימונגען און איבערלעבונגען אין צייט, פאַרבונדענע מיט אויפגעטויכטע וויזיעס. און די וויזיע האָט אויך איר פאַרוואָס: אין איר און דורך איר ווערט רעליעפער דער שיין פון אידישער העלדישקייט אין די היינטיקע מאָדערנע צייטן. דורך דער רעאַליטעט פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז שוין געוואָרן לעגענדע, ווערט זיניקער די מאָדערנע צייט און איציק פעפער בינד'ט עס אין זיין באַלאַדע וועגן „שנירל פּערל". אַלס איז דאָס שנירל פּערל, פאַרשיידענע גלגולים האָט ער דורכגעמאַכט ביז עס איז געקומען צום איד, ערגעצוואו און ערגעץ־ווען צום סוף פון אכצנטן יאָרהונדערט „האָבן די פּערל אויף זיין חתונה געטאַנצט", אַזוי זיינען די פּערל געגאַנגען פון דור צו דור און מ'האָט זיי הייליק געהיט, געהיט אפילו דעמאָלט ווען —

„ניט איינמאָל האָט די נויט אין שווערע טעג געבריט,
מ'האָט אַלץ פאַרקויפט, — אַ פּיסנע שטיקל ברויט זאָל ווערן,
מ'האָט אַלץ פאַרקויפט, נאָר זיי, די פּערל, ניט".

און וואו זיינען אַצינד די פּערל, די כשרע און ריינע? צי האָט די כלה זיי פאַרהיט —

„...פון פינגער פון געמיינע
און ווי דעם ים געהאַלטן ניט באַפלעקט?"

ניט פאר זיך האַלט זי זיי, די פּערל, ווייל מ'נעמט ניט מיט דאָך גאָרניט אין גרוב, נאָר מיט די פינגער פלעג זי זיי טאַפּן, ווען אירע אויגן האָבן שוין שוואַך געזען, אָבער אָטאיז פּלוצים געקומען א גרוס א טרויעריקער, אַז איר אייניקל איז אין שלאַכט געפאַלן, —

„איר גרויסער אוצר איז געפאַלן אין געשלעג,
ווען דייטשן האָבן זיינע פריינט באַפאַלן,
האָט ער, איר אייניקל, זיך געשטעלט אין וועג,
מ'האָט איר דערציילט, אַז איבער פינצטערע וואָקזאַלן
האָט זיך צעלויכט זיין נאָמען."

פּליסן טרערן פון אירע „רויטע טויטע אויגן", דער אומגליק האָט זי נאָך מער צו דער ערד געבויגן און מיט אירע פאַרטויבטע אויערן הערט זי קוים א ליד. אָפטמאָל האָט זי געהערט דאָס ליד, אָבער עס איז ניט די שטים פון איר אייניקל, — דאָס זינגען זיינע פריינט, וואָס האָבן

מיט אים געשפּילט נעבן דער טיר. זיי פאָרן, זיי קומען צו איר, און אַזוי, נישט־ווילנדיק, טאַפּט זי די פּערל, אין וועלכע זי האָט שוין כמעט פאַרגעסן. און ווען די רייטער זיינען נאָנט ביי דעם פּלויט, שטרעקט זי אויס צו זיי די הענט מיט די פּערל:

„איך וועל שוין אויף זיין חתונה ניט טאַנצן,

און דאָס איז אַלץ וואָס איך קען אייך שענקען פאַר מיין טויט!"

און ווען זי האָט זיי דערלאַנגט די פּערל, האָט זיך איר פּנים אויסגעלייטערט און צו די רייטער האָט זי אַ שטילן זאָג געטאָן „זייט ווי ער!". זי האָט זיי געגעבן די ווייסע פּערל־שיינקייט און זיי האָבן גענומען די פּערל, ווי אַ געוועהר מ'נעמט:

„פאַרנאַכט האָט מען די גוטע אַלטיטשקע באַהאַלטן,
אינאיינעם מיטן אייניקל, געשטעלט איין צאַם,
די פּערל אירע האָבן אינעם רוים דעם קאַלטן
צעפלאַמט זיך מיט אַ פּולווערדיקן פלאַם.
די רויטע פאָלקן טראָגן זיך פאָרויס צעטראַלטע,
און סירוישט דאָס פעלד פאַר זיי, ווי עס האָט גערוישט דער ים."

קרעפּטיק־ליריש איז די באַלאַדע און ווירקנדיק ווערט זיין ליד ווען ער זינגט וועגן אידישער מאַרטירעריי, וועגן אידישער גבורה. אין אַזעלכע לידער ווערט דער דיכטער דער גרויסער וויזיאָנער, וואָס קוקט טיף און זעט דורך די ווייטקייטן פון אידישער דורותדיקייט דאָס אידישע גבורה־שטייגן, ניט אַ צופעליקייט, איז דאָס אידישע גבורה־שטייגן, ניט פון עמיצן גענומען און פון קיינעם ניט באַווירקט, נאָר עס איז די איבערגעליפערטע דורות־ירושה. אין דער דורות־ירושהדיקייט זיינען אויסגעוואָקסן מאָטעלע ליבמאַן, דער ברענענדיקער יונג פון דער בוינע, וואָס קען זיך מקריב זיין אבי צו נעמען נקמה פונעם שונא; אין דעם ליכט העלט די פיגור פון זכריה דעם בעל־עגלה, וואָס האָט פלוצים בכיון דעם וועג פאַרלאָרן אום צוזאַמען מיט אַנדערע אידישע זקנים, וואָס פאָרן מיט אים, נישט צו בויגן דעם קאָפּ פאַר די דייטשן און טריי האַלטן דעם ירושה־אָנזאָג „תמות נפשי עם פלישתים", ווייל, —

„אויב סירופּט דער טויט שוין — איז ניט שייך צו רעדן,
דאַרף מען כאָטש ווי מענטשן פאָרן אין גן־עדן", —

און אַנדעריש וועט אויך ניט זיין דער איד גאָרעליק, ווען די דייטשן זוכן שוין לאַנג אַרום „פאַר זיין בלוט, פאַר זיין דראַנג", — ער וועט נעמען נקמה פונעם שונא פאַרן ברודער „וואָס האָט ביי דער שטאָט לעניגראַד מיטן זיין לעבן דעם וועג צו דער שטאָט זיי פאַרשטעלט", ער וועט נעמען נקמה —

„פאַר דעם לעמבערגער מיידל, וואָס בענקט איצט נאָך דיר,
פאַר דער אַלטיטשקער מאַמע, וואָס וואַרט ביי דער טיר",

און העלדנמוט וועט ווייזן שימעלע גוטניק דער פּארטיזאַנער, וואָס „אָט איז ער אַ פוקס, אָט איז ער פויגל, אָט איז ער אַ טאָפּאָל, אָט איז ער אַ זאַנג".

אין אַזאַ שטייגער זינגט אויס איציק פעפער די גבורה פונעם סאָוועטיש־אידישן מענטש, ער זינגט שוין וועגן אידישער גבורה, די גבורה איז אַ אידישע, וואָס ציט זיך זינט דורות און דער וועג פון דער גבורה איז געגאַנגען דורך ליידן און פּיין, — ס'זיינען די פּיין און ליידן פונעם גאַנצן אידישן פאָלק און דעריבער קען נישט דער דיכטער אַנדערש ווי נאָר שיקן אַ קללה אויפן אידישן צורר:

„דער האַס צו דער גזלה, וואָס וויינט אין די געטאָס דערשראָקן,
דאָס אידישע בלוט אויף די פעלדער, די גאַסן, די ברוקן,
זאָל אויפשטיין און ווערן די שרפה וואָס וועט דיך פאַרצוקן."

ס'איז די קללה פון אַ אידן, וואָס האָט דערשפּירט די ווייען און ליידן פון זיין שטאַם, פון זיין גאַנצן פאָלק און עס איז אויך דער קרייצוועג פון איציק פעפערס דיכטונג, וואָס האָט פון תחילתדיקן איד־פאַרניינונג אים געבראַכט צו איד־באַיאָאונג און מיט אַ באַוואוסטזיין פון אַזאַ אייגעם, פאַר ווער —

„געבענטשט זיינען די, וואָס געדענקען די קברים,
וואו עס ליגט אונדזער פאָלק, אונדזער גרויס, אונדזער אָרימס."

אַזאַ איז דער וועג פון דיכטער־מענטש צו איד־דערקענטעניש, ניט סתם מענטש, נאָר איד־פאָלק, — דער דיכטער האָט נישט פאַרגעסן און ער קען ניט פאַרגעסן זיין שטאַם, אין אַן עת צרה איז ער מיט זיין פאָלק און ווערט דער באַרד ניט נאָר פון פאָלק־גבורה אין לעבן, נאָר אויך פון גבורה־מעכטיקייט אין טויט.

— 8 —

## איציק פעפערס „שוואַנען־ליד": „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ"

„אַ מענטש האָט זיין שאָטן, אַ מענטש האָט זיין ניגון,
דער ניגון פאַרגייט און דער שאָטן באַגלייט אים דעם מענטשן".

מיט דעם זאָג הויבט אָן איציק פעפער זיין גרויס און אייגנאַרטיק ווערק, די פּאָעמע „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ". סיי דער ניגון, סיי דער שאָטן מאַכן אים מחשבותן און ווערן פאַר אים וויזיאָנערישער אמת וועגן דעם געשעענעם מיט זיין אידישן פאָלק. די פרייד האָט זיך אָפּגעטאָן פונעם דיכטער, טרויעריק איז זיין ליד, ער האָט דערשפירט אַז ער

איז דער זון פון א געפייניקטן פאָלק. שרעקלעך ווערט זיין וויזיע ווען אין דמיון שוועבט אים אויף דאָס בילד פונעם געטאָ. זיין וויזיע פירט אים איבערן געטאָ, וואו זיין פאָלק האָט געקעמפט ביזן לעצטן אָטעם־צוג, טיף איז דער צער, אָבער דורך צער רעדט אויך אַרויס זיין באַוואונדערונג:

„רבונו של עולם, אָט דאָ האָבן אידן,
דעם גאָלדענעם פּאָדים פון דורות געצויגן,
די גאָלדענע קייטן פלעגן אידן דאָ שמידן,
די גאָלדענע פּאַווע מיט מיידלשע אויגן
האָט דאָ זיך א נעסט אין די סעדער געשאַפן.
דער אייביקער טרוים האָט געהאַט דאָ אַ האַפן".

ווי מ'זאָל ניט באַטראַכטן, אַנאַליזירן און קריטיקירן איציק פעפערס דיכטונג און זיין דיכטערישן גאַנג, וועט מען די פּאָעמע „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ" מוזן אויסטיילן ווי א באַזונדער ווערק אין זיין שאַפערישן פּראָצעס. ס'איז ממש דער טרויער פון אַלע נביאים, וואָס האָבן געקלאָגט אויפן אידישן חורבן און דאָס ווערק גופא מעג באַטראַכט ווערן ווי א מאָדערנער ביבלישער „איכה" פונעם אידישן פאָלק. דער גאַנצער טייל פון דער פּאָעמע איז א תוכחה'שער און די פאָרם איז אַן אוממיטלבאַר־ביבלישע, — א ריכטיקער „איכה" צוזאַמען מיט „האזינו השמים". טיילווייז פילט מען אין דער פּאָעמע אויך אַ ביאַליקישן אָטעם, שטריכן פון ביאַליקס באַרימטער פּאָעמע „משא נמירוב", אָבער בעת ח. נ. ביאַליק איז אין זיין פּאָעמע מער דער מקונן און דער בעל־מוכיח, איז איציק פעפער דער מקונן־באַוואונדערער און דער מיט לײַדן דורכגעדרונגענער אויפגעברויזטער געמיט. ח. נ. ביאַליק האָט גערופן דעם בן־אדם אים צו באַווייזן אידישן חורבן און בושה, בעת איציק פעפער מאַכט זיך אַליין פאַרן גערופענעם, ווען דער געוויסן רופט אין געטאָ ער זאָל דאָרט מיט אייגענע אויגן זען די גרויסע טראַגעדיע, אָבער וואָס איז ניט קיין שאַנד, נאָר דער אויסדרוק פון העכסטער אידישער גבורה. די שאָטנס פונעם וואַרשעווער געטאָ לאָזן ניט צורו דעם דיכטער, פּײַניקן זיין באַוואוסטזיין און געוויסן און אין אַזאַ גראַד, אז ער קאָן ניט אַנדערש ווי נאָר אויסרופן, —

„איך שעלט מיינע פינגער, וואָס זיי זיינען פינגער,
און ניט קיין פאַרסמטע, פאַרגיפטעטע קוילן.
און סיברענט דער געוויסן, וואָס ביאָטעס, וואָס כיזינג גאָר,
וואָס כיבין ניט דאָס יינגל דאָס ברוינע פון פוילן,
דאָס יינגל פון וואַרשע, וואָס איז ווי א מלאך
געקומען צו מיר אין א נאַכט אין א גרויער,
דאָס וואַרשעווער יינגל, — אַ גרויסן מהלך

איז ער דורכגעשוואומען אויף פליגל פון טרויער
ביז ער איז געקומען אין אונדזערע קאַנטן."

דער דיכטער גופא שווימט אויף די פליגל פון טרויער, ווען זיין וויזיע אַנטפּלעקט פאַר אים די הורבות פון וואַרשעווער געטאָ וואו ער פאַרנעמט די מיסטעריעזע שטים פונעם וואַרשעווער יינגל —

„געבענטשט זיינען די, וואָס געדענקען די קברים,

וואו סיליגט אונדזער פאָלק אונדזער גרויס, אונדזער אָרימס, — אויף די פליגל פון זיין וויזיע ווערט דער דיכטער געטראָגן קיין פוילן, עס טראָגט אים דער וויי און צאָרן פון זיין אידיש פאָלק. דער דיכטער ווייסט אויך, אַז אויב מ׳טראָגט נאָר אין וועג דעם געווויסן, אויב דאָס בלוט איז נאָר נישט פון שימלדיקן וואַסער, אויב טרוים און שוואונג זיינען ניט גלאַט אַ חלום, דער וועט שוין קומען בשלום. אין אַזאַ באַוואוסטזיין טראָגט אים די וויזיע זיינע צו די קברים פון פוילן און ער מחשבותט אַז שאָטנס פאַרשווינדן, ווען מענטשן פאַרשווינדן, אָבער —

„און נאָר פון געציילטע און נאָר פון גבורים,
און נאָר פון חכמים, די שונאים פון קייטן
פאַרבלייבן די שאָטנס די דורות באַגלייטן,
די שאָטנס פון הייסע פאַרטרוימטע געהירן,
די שאָטנס פון שאַרפע, צעממיתטע שאַרבנס,
איז זאָלן די שאָטנס צום לעבן אונדז פירן,
און זאָלן די קדושים אונדז לערנען צו שטאַרבן, —

טרויעריק איז דאָס בילד, — חרובע הויפן, ליידיקע געוועלבן, חרוב איז דער אַלטער בית־המדרש „וואָס ליגט אַ טויטער", אין זיין דמיון זעט דער דיכטער פליען ווייסע און רויטע פעדערן, צעהוידעטע שטומע שאָטנס, — און בעת זיין וויזיע פאַרנעמט אַזאַ שרעקלעך בילד, קוקט ער זיך אַרום, אַז איינער פעלט אים, עס פעלט אים דאָס וואַרשעווער איינגל. און דער קאָנטראַסט פון דער נאַטור צו דער וויזיע פונעם דיכטער? די שטערן מיניען זיך, ווי פריער שיינען זיי און גיסן זייער שיין אויף די ראַנדן פון תליות, דער ווינט טראָגט זיך איבער געסלעך און שפּילט זיך מיט לופטיקע גרינגע פעדערן, וואָס פליען צו קברים, צו בערגלעך, צו גריבער,

„אויף לייגן זיך אונטער די קעפּ די געטויטע
די נאָך ניט באַערדיקטע קעפּ פון די קדושים".

דער ווינט קען ניט רוען. אַלץ מער שרעקלעכע זעונגען אַנטפּלעקן זיך פאַרן דימיון. אָט נישטערט דער ווינט אַ בלאַט פון אַן אַלטער הגדה, באַזוימט מיט אַש און צענעצט אין בלוט, פּרוּווט אַ טראָג טאָן אַ שטיק ספר תורה, אָבער דער פאַרמעט ווערט זיך און בלייבט אויף

דער ערד "און ס'ווייעט פון געלעסטערטע אותיות מיט ווערדע, מיט ווער־טער געזאָגט און נאָך ניט־דערזאָגטע".

און ווען די נאַכט קומט, — רוקט זי זיך בייז ביי פאַררויכערטע ווענט, די שטערן קריגן זיך אָן ווערטער און בשכנות מיט הייזער פאַר־ברענטע וויינען „די שורות פון „בראשית", דאָס בלוט און דאָס ווינגל". בלאָנקעט אַזוי דער דיכטער איינער אַליין, דאָס יינגל פון וואַרשע איז ערגעצוואו פאַרשוואונדן, האָט אים פאַרלאָזט און ווען דער דיכטער זאָל קענען וויסן, אַז דער יאָמער וועט אים העלפן, וואָלט ער זיך צעיאָמערט, ער וואָלט זיך צעהוליעט ווי אַ חיה, אָבער ער שווייגט און אין שווייגן, אין פינצטערניש פון דער נאַכט, דאכט זיך אים, אַז „פונדערווייטנס גייט צו אים זיין העלער באַגלייטער", ס'דאכט זיך אים, אַז פון בלוט און נעפל הויבט ער זיך, ביינער מיט ביינער שליסן זיך צוזאַמען, די לונ־גען נעמען אין זיך לופט שעפן און די ליפן פליסטערן: „מאַמע". דער דיכטער לאָזט זיך צו אים, נאָר „אין נעפל אַנטרינט ער". דער דיכ־טער איז שוין דורכגעפלויגן די חרובע שטאָט", דאָס אידישע פעלד און דעם פוילישן צווינטער" און יאָגט אַלץ ווייטער און נישטערט די וועגן.

ס'איז ירמיהו־ און יחזקאל־טאָן צוזאַמען, אַ סך שאַרפער ווי דער טרויער פונעם נביא און טרויעריקער ווערט דער דיכטער ווען אין זיין דימיון קומען אים אַנטקעגן אידישע שטעטלעך, וואָס קוקן אויף אים ווי פאַרגליווערטע גולמס, אומעטום נאָר בית־עלמינס, די פעלדער זיינען פאַרזייט מיט ביינער, בוימער טראָגן זיך אים אַנטקעגן „מיט שטריק, ווי די רינגען אויף בייסיקע צווייגן", פעלדער פאַרסמאַליעטע זינקען אין שווייגן, זעלטן דערהערט מען עפּעס אַ שאָרך פון אַ חיה,—

„וואָס טאַפּט מיט די לאַפּעס די סטעזשקע, די נייע,
און זוכט דאָ אַ נאָרע אויף קאָנען באַהאַלטן
אַ קינדעריש העמדל, אַ שטיוול אַן אַלטן,
וואָס זי האָט געבראַכט פון דער געטאָ צו שלעפּן".

און ווידער באַפעלט אים דאָס יינגל פון פוילן צו פליען צו די קברים פון פוילן. געבראַכט האָט ער אים, דעם דיכטער, אין געטאָ און אַליין איז ער ווידער פאַרשוואונדן. און ווידער איז דער דיכטער אַליין אין דער הויפּטשטאָט פון פוילן, — די שטאָט ליגט אַ חרובע איבער גרי־בער, די גאַסן טליען נאָך ווי האַלעוועשקעס, די געסלעך שטומען אין חשבון פאַרזונקען. פחדים־פול איז דאָס בילד, און פונעם דיכטערס האַרץ רייסט זיך אַרויס אַ ווײ —

„רבונו של עולם! אָט דאָ האָבן יידן
דעם גאָלדענעם פאָדים פון דורות געצויגן,
די גאָלדענע קייט פלעגן אידן דאָ שמידן,
די גאָלדענע פּאַווע מיט מיידלשע אויגן

האָט דאָ זיך א נעסט אין די סעדער געשאַפן,
דער אייביקער טרויס האָט געהאַט דאָ אַ האַפן."

נישטאָ שוין מער א שפּור פון אַ אידישן לעבן אין פּוילן און קוקט מען אריין אין די אידישע הייזער, זעט מען, אַז דאָרט לעבט דער פאַרברעכן, „דאָס וואוינט דער ביזיון אין היימען געשענדעטע מיט פענצטער צעזעצטע", מ'הערט נאָך דעם אָפּהילך פון די לעצטע שאָסן, דער לעצטער געשריי פון די פרויען, און אויף ציכטיקע קישנס ליגן רויבערישע לאַפּעס פאַרקרעצטע. דער שונא פראַוועט דאָ זיין יום־טוב, אין די אידישע הויפן קושט דער שונא זיינע זונות, מיט אידישע ספרים הייצט ער די הרובעס און שיכור מייקענען זיי אויף אידישע קברים. פונעם דיכטערס מויל רייסט זיך אַרויס אַ קללה מיט אַן אָפּפרעגן צוזאַמען:

„זאָל ווערן פאַרשאָלטן, פאַרשאָלטן זאָל ווערן,
„זאָל ווערן פאַרשאָלטן, פאַרשאָלטן זאָל ווערן,
די שיין פון פרימאָרגן, וואָס האָט די גזלנים
די וועגן באַלויכטן, דער נאַכטיקער שטערן
פאַרשאָלטן זאָל ווערן. ער האָט די גזלנים
די וועגן באַלויכטן, פאַרשאָלטן זאָל ווערן
די לופט פונעם פרילינג, וואָס האָט די גזלנים
דעם אָטעם געפרישט און די לונגען צעבלאָזן
און פרישקייט געשאָנקען דעם רויבערשן פּנים."

דער דיכטער איז מקלל די נאַטור דערפאַר וואָס זי האָט נישט רעוואָלטירט קעגן די מערדער. ער פרעגט פאַרוואָס איז דאָס גראָז נישט געוואָרן רויט אַנשטאָט צו זיין גרין; פאַרוואָס האָט די ערד נישט געציטערט און ניט אראָפּגעוואָרפן אַלע אירע אויסוואורפן, פאַרוואָס האָט דער דונער ניט צעקנאַלט די קיילערס ביי זייערע סעודות, פאַרוואָס זיינען די פירות ניט געוואָרן גיפטיק ווי שנאה, — אַרום און אַרום איז אַזוי פיל בלוט, אַז די טויען זיינען שוין אפילו פון בלוט רויט געוואָרן און די רעגנס וואָס פאַלן אויף פליינען, אָבער —

„מען דאַרף ניט קיין טרערן, פון טרערן ווערט גרינגער,
זאָל שווער זיין, ווי שווער איז די לופט אין א באָינע,

אַלעס זאָל שווער זיין: שווער זאָל זיין די קללה „וואָס פאַלט אויף די שונאים"; שווער זאָל זיין די פויסט „וואָס צעפּלעט די באַצווינגער", נאָר —

„זאָל שטאָלץ זיין, זאָל שטאַרק זיין ביים יתום דאָס פּנים".

און אויך ער דער דיכטער וועט זיין אַן אַנדערער, — ער וועט ניט רייסן די מלבושים, ווי זיין אור־זיידע, וועט נישט שיטן קיין אַש אויף זיין קאָפּ, ווי זיין זיידע, —

„איך האָב געירשנט דעם ריינעם געוויסן,
דעם אַש און דעם טרויער פון ביידע,
מיין אור־זיידע וואָלט אויף די שייטערס געצאָרנט,
אַ שווערד אין די הענט וואָלט גענומען מיין זיידע.
און איך האָב געירשנט דורך טויזנטער יאָרן
די שווערד און דעם צאָרן פון ביידע".

עס איז אַזאַ געבאָט און אַזאַ גורל: „צו שטאַרבן אויף נאָבאַמאָל צו ווערן געבוירן".

„צו שטאַרבן אויף נאָבאַמאָל צו ווערן געבוירן", — פערזן פון גוואַלדיקער דיכטערישער קראַפט און דערהייבונג און אַן אויסדרוק פון גוואַלדיקן גלויבן און לעבנסווילן. פאַרן דיכטער איז עס אַן אָנהייב פון אַ נייער הגדה, פון אַ נייעם יציאת מצרים, געזען אין אַ באַזונדערער מענטש־ און פאָלקס־גבורה, — אַ סדר־נאַכט פון שלאַכט קעגן אַ וואָלף, וואָס האָט זיך פאַרטאַיעט. אין אַזאַ רעאַליטעט לעבט אויף ביים דיכטער די וויזיע פונעם אידישן לעבן אין פוילן אין דער פאַרגאַנגענהייט. אַלע מאָל האָט מען געזאָגט אין דער סדר־נאַכט „עבדים היינו" און עס איז געווען אַ פרייהייט „געקויפט נישט פאַר געלט, נאָר פאַר ליידן און טרויער" און דעם דיכטערס וויזיע פאַרבינדט זיך מיט דער באַרימטער פסח־נאַכט אין וואַרשעווער געטאָ ווען פאָלק האָט פון דער הגדה און סדר גענומען געווער און אָנגעהויבן דעם אויפשטאַנד קעגן דעם פאַר־טאַיעטן נאַצי־וואָלף. אויפן טיש אין געטאָ האָט מען געענטפערט מיט אַ שיסן פון דער געטאָ, —

„אויף שנאה מיט שנאה, אויף פייער מיט פייער,
עס האָבן זיך ביקסן מיט ביקסן צערעדט דאָ,
געשוימט האָט די געטאָ מיט שרפות מיט נייע".

געקומען זיינען די שונאים ווי אַלטע גזלנים צום ערשטן סדר אום ווידער צו דערמאָנען „עבדים היינו", —

„...נאָר מיהאָט זיי באַגעגנט
מיט בליצן און דונערס, מיט בליי האָט גערעגנט
אין וואַרשעווער געטאָ, די בלאַסע קיסרים
אין קיטלען אין ווייסע, די מלכהס די שלאַנקע
אין הויכע פאַריקן, סיי רייך און סיי אָרים,
מען האָט זיך געוואָרפן אויף ריזיקע טאַנקן,
מיט ליידיקע הענט און מיט אייזערנעם צאָרן.
און יינגלעך, וואָס זיינען בר־מצווה געוואָרן,
און האָבן געפרעגט ביי די טאַטעס די קשיות
דעם זעלביקן אָוונט, פון אַלקערלעך שטילע,
זיי האָבן געטראָגן אין זעקעלעך און תפילין

דעם טויט פאַר די שונאים, מיט פלאַמען געוואַשן,
זיי האָבן די גאַסן, מיט שרפות געאַקערט
די ווילדע חיילות, וואָס האָבן געהוליעט
אין בריסל, אין ניצע, אין פראָג און אין קראָקע".

ס'איז ניט צו פאַרגלייכן דאָס בילד און אויסדרוקן ווי דער דיכ־טער גלאָריפיצירט דעם קאַמף אין געטאָ און ווי ער שטעלט פאַר די אידישע גבורה אינעם קאַמף. זיי, די קעמפער פון געטאָ, זיינען פאַר אים די ריכטיקע קדושים, שטאָלץ אין זייער קאַמף און שטאָלץ אין זייער פאַלן אין קאַמף, ווייל הויך האַלטן זיי די פאָן און ס'שרעקט זיי נישט אָפּ וואָס דעם שונאס קויל האָט די פאָן שוין דריי מאָל דורכגעלעכערט. אָבער זי פאַרלירט ניט דעם מוט און אויך דער ווי ברעכט ניט איר נעכ־טיקן שטאָלץ און זי היט אירע וואונדן, —

„... ווי אייביקע צייכנס,
ווי צייכנס פון אומקום, פון צער און נצחון,
זי פלאַטערט מיט רויט פון די זיידעס און טאַטעס,
מיט גבורה פון זיך און מיט זויבער פון טעכטער."

און אויך דער וועכטער פון דער פאָן, הגם דריי וואונדן בריען שוין זיין לייב, נעמט נישט אראָפּ דאָס אויג פון דער פאָן. ער שטייט אַליין אַ שטאָלצער, אַ שלאַנקער, שטייט ווי אַ פעסטונג, וואָס גיט זיך נישט קיין וואקל, ער שטייט ווי אַ שלאַכטמאַן, וועמענס פאַקל איז די פאָן. צוויי מעת־לעת ווי ער איז שוין נישט געשלאָפן, ער האָט שוין אויך פאַרגעסן דעם טעם פון אַ דרימל, פריער איז נאָך געקומען צו אים די מאַמע זיינע און געבראַכט עפּעס צום עסן, אָבער מער קומט זי ניט און ווער ווייסט וואָס מיט איר איז געשען, אפשר איז זי שוין גאָר אַ טויטע געפאַלן, שטייט ער אַצינד איינער אַליין, איינער אַליין אויף אַ הויכן באַלקאָן, ווייל אַזוי האָט אים די עדה פאַראָרדנט, אפילו די ברידערלעך קומען שוין מער ניט, פריער זיינען זיי דאָך געקומען מיט פרייליכע בשורות און „איצט שטייט ער אַליין דאָ פאַרגרויט און פאַרפינצטערט," —

„פון לוסטיקן קונדס געבליבן קיין שפור איז.
ווער קאָך עס דאָס ווארשעווער ייגגל דערקענען,
עס זיינען שוין גרוי זיינע ייגגלשע לאָקן,
צעאַקערט זיין שטערן איז ווי ביי אַ זקן,
און נאָר זיינע אויגן אין פינצטערניש ברענען,
די אויערן הערן דאָס פייפן פון קוילן,
דעם יאָמער, וואָס טראָגט זיך אַרום איבער פוילן,
די אויערן הערן נאָר קרעכצן, וואָס רייצן
און בריען און פאַלן אויף חורבות דערוואָרגן", —

מיטאמאָל האָט זיך אנטפּלעקט אידישע גבורה, אַן אומבאַשרייב־לעכע אידישע העלדישקייט. מ׳גייט שוין ניט מער אויף קדוש השם, ווי שאָף צו דער שחיטה, נאָר „זיי שיסן, זיי לעבן, זיי שטאַרבן, זיי שיסן״, און מ׳רייסט ניט קיין קריעה און מען פאַרגיסט ניט קיין טרערן, מ׳זיצט נישט קיין שבעה, מ׳פאַסט נישט קיין תעניתים, — דאָס איינציקע קול אין וואַרשעווער געטאָ זיינען די ביקסן.

קרעפּטיק איז די וויזיע פונעם דיכטער און קרעפטיק איז זיין דיכ־טעריש וואָרט, זיין מחשבותן וועגן דעם קאַמף אין געטאָ און וועגן אי־דישער גבורה. און ער קען זי, דער דיכטער, די אידישע גבורה, ער זעט זי דורך די דורות פון אידישן לעבן און ליידן אין געטאָס, וואָס זיינען אין אָפּגרונט געזונקען, וואו פונקען פון אוראַלטע שלאַכטן זיינען אַלץ געוואָרן רייפער און רייפער, מ׳וויל שוין מער נישט קניען פאַר דער אַלטער פרינצעסן, פאַר דער נויט פון אצינד, —

„מע שיסט אין געטאָ, און סטראַגן זיך פלאַמען
ווי בשורות פון אומקום, פון טויט און פון וואונדער.
עס טראָגן זיך פלאַמען דורך דורות באַוואונדערט,
ווי שטאָלצע שליחים אין בלוט־רויטן סאַמעט,
צום יום־טוב פון פרייהייט, מען שפּאַנט ניט באַזונדער,
דעם יאָך טראָגן אָקסן געשפּאַנטע באַזונדער,
די קרוינען פון רום טראָגן העלדן צוזאַמען.
עס טראָגן זיך העלדן געוואַשן אין פלאַמען,
און ווער קאָן זיי איצט שוין די וועגן פאַרצאַמען?

קיינער וועט שוין די וועגן פאַרצאַמען, ווייל ס׳קעמפן שוין אידן באַפרייטע און דער קאַמף האָט זיין גרויסן זין, — נקמה צו נעמען פונ־נעם שונא, און ס׳איז פאַרבונדן מיט א דערהייבנדיקן טרוים — „די פאָן פונעם פאָלק זאָל נישט שטאַרבן!״ די שאָטנס פון וואַרשעווער געַ־טאָ — „זיי קאָנען ניט שטאַרבן און קאָנען ניט לעבן״ און אין דער נאַכט קומען זיי און וועקן, זיי קומען ווי תושבים, ווייל אין וואַרשע האָבן זיי פאַרלאָרן זייערע גופים און אַלע זיינען זיי געוואָרן אַליינע, — דער סוחר מיט גאָלדענע פּאות ווי רענדלעך, דער בעטלער וואָס פלעגט זיך שלעפּן ווי א טאָרבע, דער דיכטער מיט זיינע אומענדלעכע טרוימען, די באָבע, דאָס יינגל מיט פרייליכע בשורות פון חדר, די כלה אין אירע ווייסע און זייבערע קליידער. אַלע באַגלייטן זיי דעם דיכטער, ווער מיט א קללה, ווער מיט א בענטשונג, ווער מיט א תפילה און ווער מיט א האָפענונג אויף די קאַלטע ליפּן. זיי שווימען נאָך דעם דיכטער און באַ־קוקן די וועגן און שוועבן אינעם פוסטן רוים מיט פויסטן, וואָס ווייסן שוין דעם טעם פון געשלעגן און מיט הערצער „וואָס ווייסן דעם פרייז פון פאַרלוסטן״. און ווי דער דיכטער פאַרלאָזט נאָר די געטאָ־קוואַר־

טאַלן, באַווייזט זיך פאַר אים ווידער דאָס וואַרשעווער יינגל. אָבער ער רעדט נישט, ער שווייגט, ער פירט נאָר דעם דיכטער צו ווייזן אים די וואַרשעווער סעדער. און וואָס איז געוואָרן פון די וואַרשעווער סעדער? אַנשטאָט סעדער ציען זיך טליות און אויף די טליות הענגען באַנאַנד „דער עושר, דער בעטלער, די שנור און די שוויגער". און —

„אָט שטייט אין שאָטן אַ בוים אַ צעשפּרייטער
אַ ריז אין אַ זילבערנער באָרד מיט אַ ברייטער,
אַ שפּיץ פון דער באָרד אין די ציינער פאַרביסן,
דעם לייבישן קאָפּ צו דעם הימל פאַררייסן —
דאָס איז הלל צייטלין."

ער הענגט מיט די הענט אויף די ריפּן און זיינע געשוואָלענע ליפּן זאָלן ווי פּליסטערן שטיל צו וועלן פאַרטרויען אַ סוד זיין נאָענטן שכן גדליה דעם שוסטער. און די שטאַנגען רוישן:

„ווען פּרץ זאָל לעבן, וואָלט פּרץ געהאָנגען!
זיי קוקן ניט איינער דעם צווייטן אין פּנים,
זיי האָבן די ציינער פאַרקריצט, ווי עקשנים,
און סיקען זיי אַפילו דער טויט ניט פאַרשליסן
די זויבערע קוואַלן פון מוט און געוויסן.
ס'איז איין באָרד אַ שוואַרצע, די צווייטע אַ ווייסע,
עס דוכט: ס'איז גאָרנישט קיין וואָר, עס איז אַ מעשה,
אַ שרעקלעכע מעשה, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן
מיט איינעם אַ מענטשן, ווען ער איז געשלאָפן..."

ווען ס'זאָל זיין נאָר אַ חלום! אָבער דער חלום ווערט צערינען ווען די סעדער פון וואַרשע אַנטפּלעקן דאָס אמתדיקע בילד, — זיי הענגען אויף שטאַנגען, ווער אין שוסטערשן רעקל מיט לאַטעס און ווער מיט אַ שוואַרצער קאַפּאָטע אַ לאַנגער; איינער מיט גראָבע שוסטערשע פינגער, דער צווייטער מיט פינגער „אויף מישן די ספרים". איינער דעם צווייטן האָט געזוכט אַ האָפענונג, אַ גלויבן צו פאַרטויבן דעם אַלגעמיינעם אומגליק, די טויטע האָבן זיי גערופן פון די קברים „צום אויפשטאַנד אין שלאַכט קעגן שדים־באַצווינגער" און ווען מ'האָט געשאָסן אין וואַרשעמורדישן צאָרן. —

„און זיינען אין פאַלמען פאַרוואַנדלט געוואָרן,
און זיינען אין שאָטנס פאַרוואַנדלט געוואָרן...
און זאָל זיי דער טויט פון דער ערד ניט פאַרשטויסן,
און זאָלן זיי הויך זיין אינעם פאָלק אינעם גרויסן".

דורך די קדושים פון וואַרשעווער געטאָ זעט דער דיכטער דאָס פאָלק און גרויס און טייער איז אים די קדושה, וואָס האָט שוין איר דורותדיקע געשיכטע. ס'איז אויך די געשיכטע פונעם אידישן מאַרך „אויף חרובע

ווענט א צעשפּריצטער", — שוין אינעם אַלטן מצרים האָט מען מיט אים, מיטן אידישן מאַרך, פּתום און רעמסס געמויערט, ווי מיט ליים, פלעגט מען מיט אים, ווענטן באַנייען. וואָס האָט מען דען נישט געטאָן מיטן אידישן מאַרך?

„מען פלעגט זיי פאַרניכטן, פאַרברענען, פאַרשטיינען,
און זיי פלעגן לעבן און ברויזן און יורען,
און אויב עס איז געקומען א משה רבנו,
האָט ער אים, דער מאַרך דער געטויטער, געבוירן".

דער מאַרך פון אידישן פאָלק, — איבעראַל געפינט מען אים, אויף שוימיקע פלאַמען, אויף די פעלדער פון רוים און אויף די גאַסן פון מאַדריד; אויף די ברעגעס פונעם ריין און אין אַמסטערדאַמער רויך. רוצחים האָבן אים אויף שפּיזן געטראָגן און זיין קראַפט האָבן זיי אויף תליות געוואָרפן. ער האָט געוואָגלט און געוואָגלט, זיך געוואַלגערט אין הקדשן, זיך פאַרלוירן אין שטויבן און, אויב עס איז געקומען א שלמה המלך, האָט אים געטויטער מאַרך געבוירן, —

„דער אידישער מאַרך איבער ווענט דער צעשפּריצטער,
דורך יאָרן, דורך דורות אין דימענטן בליצט ער.
מען טרעט אים, ווי זאַמד, נאָר זיין אומרו מען צערטלט,
ווי גאָלדענע אוצרות מען היט אים, און כאָוועט,
מען קושט אים, מען קרוינט מיט רום און מיט כבוד,
מען האַקט אים מיט העק און אויף פלעצער מען פערטלט,
מען האַלט אים אין סייפן, מען פאָרשט אים, מען פרישט אים,
מען וויקלט אין זון אים, מען וויקלט אין ווינט אים,
מען טאַנצט אויף זיין אַש, ווי די רויבער די פלישתים,
מען זעצט אים אויף טראָנען, מען וואַרפט פאַר די הינט אים.
די שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ דערציילן,
ווי ער איז געפאַלן און האָט זיך געהויבן,
צו הויך איז זיין יחוס, צו שטאָלץ איז זיין גלויבן,
אַז ער זאָל זיין גורל מיט ווערים צעטיילן,
ווער סימיינט, אַז זיין גייסט איז אין טרוים נאָר אומענדלעך
זאָל קומען אין טויטע, אין וואַרשעווער הויפן,
אַהער, וואו געקאָנט מיהאָט די אייביקייט קויפן
פאַר מוט און פאַר לעבנס און ניט פאַר קיין רענדלעך".

די וואַרשעווער טויטע האָבן באַוויזן וואָס הייסט מוט און וואָס הייסט לעבן. זייער פינצטערער נחת איז נקמה פאַר פיין און מיט שטאָלץ האָבן זיי נקמה גענומען. זיי האָבן אויך באַוויזן, אַז „דער טויט איז א ליגן". און ווען זיי גייען, די שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ, גייט פאַרויס דער זקן דער געניטער און זיין וואָרט איז פאַר זיי הייליק געוואָרן.

ער גיט די צוואה, אַז וויפל ס'זאָל ניט בלייבן, הונדערט, פּופּציק, צען. איינער, און ווער ס'זאָל נישט בלייבן לעבן, זאָל פּלאַמען די צוואה אין די דורות פון שנאה. און אויב נאָר איינער וועט זיך ראַטעווען, אויב נאָר איין איד וועט בלייבן „טאָ זאָל ער דעם אומגליק פאַר דורות באַשרייבן" און —

„דורך פלאַמען געפּענטעט, דורך רויבער פאַררינגלט,
געבליבן איז איינער — דאָס וואַרשעווער יינגל."

אים, דעם וואַרשעווער יינגל, איז געווען פאַרטרויט דער גרעסטער כבוד צו באַוואַכן דעם גרעסטן אוצר, — די פאָן פון דער געטאָ. דריי טעג איז ער געשטאַנען אָן ברויט, אָן וואַסער, קיינער איז אים נישט געקומען פאַרבייטן, — האָבן אַלע אין אים פאַרגעסן? ס'דוכט זיך אים, אַז אַזוי שטייט ער שוין אַ גאַנץ יאָר ניט געגעסן און אַליין וואונדערט ער זיך ווי קאָן ער זיך נאָך האַלטן. ער קאָן שוין מער אפילו די ליפּט נישט כאַפּן. אַרום און אַרום ליגן מתים, ערשט האָט ער געזען, ווי מען האָט זיין רבין אויף פיקעס געטראָגן, ווי מ'האָט די צונג ביי זיין זיידן מיט צוואַנגען געריסן, דער מאַמעס דורכן פענצטער געשליידערט, „פון אַנגסטן און ליידן ווערט גרוי דאָ די פאָן מיטן יינגל צוזאַמען", אָבער ווען די דייטשן נעמען פּילדערן און קוועלן, פליען צום העכסטן שטאָק צו צע־רייסן די פאָן פון דער געטאָ, ווייסט שוין דאָס וואַרשעווער יינגל וואָס ער האָט צו טאָן, — צוויי קוילן האָט ער געשיקטע און גרייטע, קומט איין שאָס און אַ צווייטער, קערן זיך איבער די דייטשן און פאַלן אַריין אין די גריבער. יאָ, צוויי קוילן האָט געהאַט דאָס וואַרשעווער יינגל, איין קויל פאַרן שונא, „די צווייטע", —

„און איצט האָט ער גאָרנישט, סיבאַרינגלען אים קראָען,
דער טויט איז זיין לעבן. די פאָן זיין צוואה.
זי איז זיין ירושה, זיין גלויבן, זיין האָפן,
מיט איר איז זיין וועג צו דער אייביקייט אָפן, —

„די פאָן פון דער געטאָ", — ס'איז דעם יינגלס איינציקע טרייסט און דאָס ווייסט נאָר זיין געוויסן. ער ווייסט אַז אַ פאָן טאָר ניט פאַלן אויף דר'ערד, ווי אַ קרבן, אַזוי האָט ער גענומען די פאָן די צעווייטע, האָט צונויפגעוויקלט אירע ברייטע פאַלדן, האָט זי אַרויפגעוואָרפן, ווי אַ מאַנטל אַ גרינגן אויף זיינע פּלייצעס, קוטעט זיך איין אין איר רום און אין איר וויטיק און טוט זיך אַ וואָרף פון צעשייטערטן גאָרן, „אַזוי איז די פאָן ניט געלעסטערט געוואָרן". קוילן באַגלייטן אים, עס באַגלייט אים אַ טויבער געוואָי פון שאַקאַלן און דאָס וואַרשעווער יינגל טראָגט זיך אַלץ מיט דער פאָן אויף די אַקסל, די הענט זיינע זיינען ווי פליגל, די אויגן ווי שטראַלן און די געשוואוירענע שינדער זוכן אַלץ די פאָן און איר היטער. אָט ווייזט ער זיך, דוכט זיך, ווידער און אָט־אָ פאַרשווינדט ער. ער טראָגט

זיך און פּאַלט ניט, — ווער האָט אים באַפליגלט, — דאָס וויגליד אין וויגל? די טויב נאָכן מבול? אָדער גאָר דער גלויבן און קראַפט פון די אָבות „וואָס איז נישט געפאַלן און וועט שוין ניט פאַלן"? און אפשר האָט אים געשאָנקען פליגל דער מלאך, וואָס איז געקומען צו אברהם אָבינו? און אפשר גאָר דער, וואָס האָט משה רבנו געלינדערט דעם טויט מיט א קוש?

„ווייס זיינען די פליגל? דאָס וואַרשעווער יינגל, דאָס יינגל פון<br>
געטאָ, איז יונג נאָך און ווייסט ניט.<br>
דאָס ווייסן ניט יענע, וואָס האָבן קיין טרייסט ניט<br>
און האָבן קיין האָפנונג מער אין דעם קיום.<br>
דאָס ווייסן די אַלטע און נייע נביאים,<br>
די דורות די פריע, די דורות די שפּעטע,<br>
דאָס ווייסן די פאָנען, וואָס קומען באַגריסן.<br>
די פאָן פון דער געטאָ. דאָס ווייסט דער געוויסן,<br>
דאָס ווייסן די שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ,<br>
דאָס ווייסן די פשוטע מענטשלעכע ריזן,<br>
וואָס טראָגן די גרויסע גאולה אויף ש{פּיזן."

אָט אַזוי הייבט זיך אָן די נייע אגדה, וואָס דערציילט, אַז געווען איז א וועלט, געלעבט האָט א שטאָט. די שאָטנס פון ווארשעווער געטאָ בלאָנ־קען אַרום נאָך מיט לייזיקע הענט און מיט טרויער באַשאָנקען, זיי בלאָנ־קען, —

„פון גאַס צו גאַס און פון געסל צו געסל,<br>
זיי האָבן דעם וועג צו דעם זיג ניט פארגעסן."

די „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ" זיינען די גרויסע וויזיע פונעם דיכטער. איציק פעפער זינגט אויס זייער הגדה, דערציילט זייער „איכה", און ס'איז ניט סתם א מאָדערנער „איכה", עס איז ניט א געזאַנג צו און וועגן א „טויטער שטאָט", נאָר עס איז דאָס הויכע און גרויסע ליד, א „שיר השירים" פון אידישער טהרה און גבורה, דערהויבן צו אַן אבסאָ־לוט־נביאישן טאָן, צו אַן אויטענטישן נאַציאָנאַלן עפּאָס. און אויב די פּאָעמע איז דעם דיכטערס שוואַנען־ליד, דאָס לעצטע וואָס ער האָט גע־זונגען און געדיכטעט, וועט זיין נאָמען בלייבן נאָך מער געהייליקט. די פּאָעמע „די שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ" פאַרדינט און איז ראוי צו פאַרנעמען אַן ערשטן אָרט, נישט נאָר אין דיכטערישע ווערק וועגן אי־דישער מאַרטירעריי, נישט נאָר אין דער געשיכטע פון דער אידישער דיכטונג, נאָר אויך ווי דער אויטענטישער און אומפאַרגלייכלעכער עפּאָס פון אידישער נאַציאָנאַלער טהרה און גבורה, גיין אין די ערשטע רייען אין דער געשיכטע פון דער אידישער נאַציאָנאַלער און פאָלקס־אייביקייט.

# דוד בערגעלסאָן — שטריכן און כאַראַקטעריסטיק

## קאַפּיטל איינס

דוד בערגעלסאָן איז דער גרויסער בר־מזל און מוצלח אין דער אידישער ליטעראַטור. עס איז אויך אַפילו אמת, אַזאַ מען האָט אים געשענקט ווייניקער אויפמערקזאַמקייט ווי יעדן אַנדערן אידישן שרייבער. די אידישע קריטיק האָט אים קוים־קוים באַמערקט. אָבער אַרום קיין איין שרייבער האָט מען ניט געפירט אַזעלכע שטרייטן ווי אַרום דוד בערגעלסאָנען. די אינטעליגענץ האָט אין אים דערזען דעם עלעגישן באַזינגער פון איר טרויער, די קליינבירגערלעכקייט האָט אים באַטראַכט ווי איר אַפּוטרופּוס, און דער אַרבעטער גופא האָט געהאַט צו אים אַ קנאַפּן צוטרוי און ווייניק סימפּאַטיע מחמת דעם, ווייל ער האָט זיך ניט געפונען אין בערגעלסאָנס ווערק. עס האָבן ווירקלעך געמוזט פּאָרקומען גרויסע אויפטרייסלונגען, אַז מ'זאָל דערזען דעם שרייבער אין זיין ריכטיקן געשטאַלט, אין זיינע כוונות און שטרעבונגען.

די עפּאָכע פון 1907־טן יאָר איז געווען די צייט פון גרויסע פּאָליטישע און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע דורכפאַלן, ווען דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן איז באַהערשט געוואָרן פון פּעסימיזם און סקעפּטישקייט. מ'האָט דעם איינדרוק, ווי דוד בערגעלסאָן גופא זאָל זיין דער דורכגעדרונגען־אָנגעשטעקטער מיט דער מחלה פון אַ דור. דאָך איז עס ניט מער ווי אַ געשיקטער מאַסקירן זיך, מאַכן אַ שיינע מינע צו אַ פרעמדן טרויער. עס איז אויסער ספק, אַז אינעם פּעריאָד צווישן 1907 און 1914, די אָנהויב־ערע פון בערגעלסאָנס שאַפן, האָט דער שרייבער געשוועבט אין אַ חלול פון סקעפּטישקייט, דאָך אַריבערגעטראָגן אויף אַ דור, וואָס גייט אַוועק און פאַרשווינדט. דוד בערגעלסאָן האָט אָנגעהויבן מיטן סקעפּטישן, אָבער עס איז געווען אַ רעזולטאַט ניט פון דעם דיכטערישן עמפּינדן און מענטאַליטעט, נאָר פון דעם אומצוטרוי צו אַ דור, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אומפּראָדוקטיווקייט און אימפּאָטענץ אויף אַלע געביטן פון לעבן, — אומפּראָדוקטיווקייט פון אידייע און שטרעבונג, אימפּאָטענץ פון ווילן און דענקען, — דוד בערגעלסאָן

האָט געזען קללה פון אַ דור און עס באַנומען אין דער שאַרפקייט פון דער צייט, פון אומשטענדן, וואָס ענדערן זיך און ווערן קאַטאַסטראָפאַל. ער האָט באַגריפן די אומזיניקייט פון אַ לעבן, אין וועלכן ניט בלויז מענטשן פאַרלירן יעדן זין פאַר אַ נאָרמאַלן און שעפערישן טאָן, נאָר פילן זיך אימפּאָטענט עפּעס אויסצובעסערן, האַלטן זיך אַליין פאַר אי־בעריק אין לעבן, אינעם גייסט ווי די העלדן פון זיין ראָמאַן „אָפּגאַנג", הנהקע ליובאַר, שרייבט אַריין אין איר אַלבום:

„יעדער מענטש וואַרפט זיין נעץ אין ים אַריין, און יעדערן שיקט זיין מזל עפּעס צו. יעדערער האָט פאַר זיך אַ טרייסט. איז אָט אַמאָל קען טרעפן: נאָך לאַנגע יאָרן שלעפּט אַ מענטש זיין נעץ פון ים אַרויס און זעט, אַז זי איז פּוסט, זיין מזל האָט אים גאָרנישט ניט צוגעשיקט. מילא, זאָגט דער מענטש צו זיך, וועט שוין זיין אַזוי... וועל איך שוין, ווי ניט איז, דורכקומען אָן אַ טרייסט, אָן אַ פרייד ביי זיך אין האַרץ".

בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן זעען אויס טראַגיש און טרויעריק, אָפּט־מאָל ווערן זיי טראַגיקאָמיש אין זייער טרויער און שטענדיק מחשבותן זיי מיט זיך אַליין, פּונקט ווי מינוטאַ אָדער נאַגעל אין קנוט האמסונס „מיסטעריעס" ריידן מיט זיך און צו זיך אַליין. דוד בערגעלסאָן גיט זיינע פּערסאָנאַזשן פיל איבערלעבונגען, אָבער ער דערלאָזט ניט, אַז זיי זאָלן זיך אויסלעבן אין זייער מחשבותדיקן איבערלעבן און אָפּט־מאָל דערפירט ער עס ביז אַן אַכזריותדיקן פּונקט. עס מאַכט אפילו דעם איינדרוק, ווי ער זאָל גיין דעם וועג פון זיינע העלדן, זיין זייער גע־טרייער שומר און באַגלייטער, אָבער אין תוך איז עס אומריכטיק. — ניט דוד בערגעלסאָן גייט דעם וועג פון זיינע פּערסאָנאַזשן, נאָר ער שיקט זיי נאָך זיין איראָנישן שמייכל, וועלכער נעמט ביי אים אָן אַן אויסזען און אַ פילן פון בלוט און פלייש, — עס איז די קויל, וואָס ער וואַרפט אַריין אין האַרץ פון זיינע פּערסאָנאַזשן, פאַרוואונדעט זיי ביז בלוט, דאָך אַף אַזאַ שטייגער, ווי ער זאָל כלומרשט האָבן מיט זיי מיט־לייד און זיין דער שותף צו זייערע איבערלעבונגען. פון דעם נעמט זיך, פאַרוואָס מען באַטראַכט דוד בערגעלסאָנען, ווי דעם מן־הצד־גייער און באָאָבאַכטער פון זיינע פּערסאָנאַזשן, אָבער ער גופא מאַכט דעם איינדרוק, ווי ער זאָל גאָר זיין דער מיטבאַטייליקטער אין זייער צער, ווי ער זאָל זיך אָננעמען זייער קריוודע און באַוואוילהטקייט, ווי ער זאָל צוזאַמען מיט זיי פּראָטעסטירן, וואָס דער גאָט און דאָס לעבן איז זיך מיט זיי „זייער ניט לייטיש באַגאַנגען; גלייך ווי ער זאָל האָבן אַ פאַר שיינע וועלטן אויף אויסצוקלייבן און האָט זיי, ווי אויף צו להכעיס, אַראָפּגעלאָזן דווקא אויף אָט דער וועלט, דער אומווירדיקער", אַלנפאַלס האָט מען אַזאַ איינדרוק, ווען מען שפירט די כלומרשטע זאָרגזאַמקייט,

מיט וועלכער ער גייט אַרום זיינע פּערסאָנאַזשן, אָבער עס איז אין תוך אַ ספּעציפיש־מעפּיסטאָפעלשע איינגנשאַפט: עס איז די זאָרגזאַמקייט, פון הינטער וועלכער עס שטעקט אַרויס שאַרפער חוזק און בייסנדיקע איראָניע.

יאָ, אַנדערש זעט ניט בערגעלסאָן זיינע פּערסאָנאַזשן. ער זעט זיי אין אַ ליכט פון אַ בייסנדיקער איראָניע, פון אַן אַבסאָלוטן חוזק און דעריבער זעט אים אויס צו זיין אומווירדיק אויך זייער וועלט, דאָך טרעט ער ניט אַרויס, ווי אַן אַבסאָלוטער באַשולדיקער, נאָר ער געפינט אויף זיי אַ זכות: זיי, די פּערסאָנאַזשן גופא זיינען ניט שולדיק, וואָס זייער וועלט איז אַזאַ און ניט קיין אַנדערע. עס קומט זיי אויך ניט צו משפּטן און פאַראורטיילן נאָר דערפאַר, ווייל עס פעלט זיי ווילן די וועלט איבערצואַנדערשן, אויסקעמפן פאַר זיך אַן אַנדער לעבן, — עס איז שוין זייער גורל אַזאַ און עס איז אויך זייער אורטייל צו לעבן ווילנ־לאָז, הילפלאָז. און איז דען פאַראַן אַ שווערערער אורטייל, ווען מען מאַכט זיך אַליין דאָס לעבן פאַר אַ לאַסט, אונטער וועלכער מען מוז רעזיגנירן און פאַרשטילט ווערן אָן אַ מינדסטן פּראָטעסטירן? עס איז אפשר דער איינציקער מאָמענט, ווען דוד בערגעלסאָן ווייזט אַרויס אַ ביסל מיטלייד צו זיינע פּערסאָנאַזשן און דעריבער מאַכט ער, אַז זייער אוועקגיין פון דער וועלט זאָל זיין אַ לירישער, אָן רעש, ווי עס גייט אַוועק פון דער וועלט זיין מלך. מלך האָט אפילו אַן אויסרייד, פאַרוואָס ער גייט אַוועק פון דער וועלט אָן רעש, פאַרוואָס ער קלאַפּט ניט מיט דער טיר, — „כדי ניט צו וועקן קיין קינדער מיט בלאַסע בעקעלעך", — אָבער דוד בערגעלסאָן גופא וויל ניט, אַז זיין פּערסאָנאַזש זאָל פאַר־שווינדן פון דער וועלט אָן אַ ווידוי און אָן אַ תיקון, שטעלט ער דעם אַוועקגייענדיקן אַ כנגד, אַ צווייטן, דענקענדיקן, מחשבותדיקן „איך", וואָס ציט זיך מיט אַלע הושים צו אַ לעבעדיקער וועלט און וואָרנט מיט גרויסער מאָנונג, אַז „דער עיקר איז אומרו", — דער אומרו, וואָס דוד בערגעלסאָן האָט אַרויסגעבראַכט דורך זיינע פּערסאָנאַזשן אויף אַן אוי־סערסט־אייגנאַרטיקן אופן און מערקווירדיקן שטייגער.

* * *

אין סטיל און פאָרם דאַרף מען אַוועקשטעלן דוד בערגעלסאָנען צווישן מענדעלען און שלום־עליכמען, אָבער אין אונטערשייד צו מענ־דעלען שטעלט זיך ניט דוד בערגעלסאָן אויפן באָדן פון זיינע פּערסאָ־נאַזשן, ער דרינגט ניט אַריין אפילו אין זייערע דלד־אמות, נאָר ער גייט גאָר ביי זייערע ראַנדן, ווי אַ צווייטער שאָטן, וואָס טיילט זיך צומאָל אָפּ און האָט ליב לויפן אין זיגזאַג־באַוועגונגען. דעם דיכטער איז ניט

פרעמד די וועלט פון זיינע פּערסאָנאַזשן און טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט געקענט זייער וועלט, האָט זי אים ניט געלאָקט, ניט געצויבערט, דאָך האָט אים אינטערעסירט די וועלט צו באָאַבאַכטן, צו האַלטן זי אונטער אַ לופּע און זי אַנטפּלעקן אין אירע קליינלעכע און מיזעראַבלע ניואַנסן. אָפּטמאָל האָט ער די וועלט באַטראַכט ווי אַ מיקראָב און אַ מאָל האָט ער זי גאָר געשטעלט אונטער אַ בין־השמשותדיקער פּערספּעקטיוו, כדי איר צוצוגעבן מער בילדערישקייט, אימפּרעסיווקייט. אויף דעם פּאָן האָט ער אויך געשטעלט זיינע פּערסאָנאַזשן, ווען ער האָט געהאַט בדעה אָדער געמוזט זיי פּאָרשטעלן אין פּאָרטרעט. אין אַזעלכע פאַלן דערנענ־טערט זיך דוד בערגעלסאָן צו "שלום־עליכמס סטיל פון באַשרייבן און איראָניזירן, אָבער דאָס איראָניזירן איז ביי אים ניט אַ ציל, נאָר אַ מיטל בולטער אַרויסצוברענגען כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן און פּסיכישע נויגונגען. און וואָס זעט אייגנטלעך דער דיכטער, ווען ער נעמט רוים און פּערסאָנאַזש אונטער פּערספּעקטיוו? „די הייזער דרימלען מיט אַ דרימל אָן אַ סוף און זיי הערן זיך צו צו דער גרויער סביבה־שטיל־קייט". עס שמעקט שוין דאָ אויך מיט סאַטירע ענלעך צו דער פונעם רוסישן שרייבער גאָגאָל און די סאַטירע ווערט נאָך שאַרפער, ווען ער שניידט דורך די סביבה־שטילקייט מיט אַ לעבנס־קעגנשטאַנד: „קומט אָן אַהער אַ פור, ניט מער... זי טראָגט דאָ דורך איר פוסטן גלעקער־קלינגערייַ".

עס איז אייגנטלעך דאָס בילד פון דעם שטעטל, וואָס זעט אויס קאָמיש און נאָך מער טראַגיקאָמיש. עס האָט ווייניק פרייד דאָס שטעטל, פונקט ווי די מענטשן, וואָס טרעטן איבערן שטעטלשן באָדן. אַ מאָד־נעם באַוואוסטזיין און פילן פאַרמאָגן די מענטשן פון בערגעלסאָנס שטעטל, — זיי לעבן אין אַ באַוואוסטזיין פון „טעג וואָס שלינגען מענטשלעכע ווילנס" און דאָס שאַפט אויך די איבערצייגונג, אַז מען לעבט אין אַ „וועלט, וואָס טויט מענטשן, איידער זי דערפילט פאַרלאַנ־גען". און האָבן שוין טאַקע דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן קיינע פאַר־לאַנגען? זיי זיינען בלויז די ווילנסלאָזע און געשטרויכלטע, אָבער פאַר־לאַנגען פעלט זיי ניט. אָט דערמאָנט מען זיך אינעם שרייבער פון דער דערציילונג „אָן אַ נאָמען": דער שרייבער זאָגט, „אַז איך וועל שוין זיין גאָר אַ זקן, וועל איך ליגן אין בעט און וועל דרייען מיטן ציינלאָזן מויל: איך וויל נאָך אַ ווערסנע, איך וויל נאָך אַ ווערסנע". דוד בערגעל־סאָנס פּערסאָנאַזשן זיינען באַהערשט פון אַ גרויסער בענקעניש און זייער פעלער באַשטייט אין דעם, וואָס די בענקעניש איז געוואָרן ביי זיי אַ ווילנסלאָזע מחלה, דעריבער איז אויך אומבאַגרענעצט גרויס זייער צער. אין דער דערציילונג „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט" באַקלאָגט זיך בודמאַן אַז „אין האַרצן האַרבסט, אים איז אַלצאיינס. קיין הנאה וועט

ער שווין ניט האָבן". אָבער עס איז ניט יאוש און ניט פאַרצווייפלונג, נאָר דווקא נירוואַנע, אַ מין מאָרפיניזירטער אָדער קאָקאַיניזירטער באַ־וואוסטזיין־צושטאַנד, וואָס פירט צו אַ ווילנסלאָזן מחשבותן, איבער־וועבט מיט אַ צערדיקער בענקעניש, געוועגדעט ניט אויף אַן אידייע, אָדער פאַרלאַנג צו אידייע, נאָר גאָר צום סענסועלן, וואָס שטרייכט אונ־טער אַ באַשטימטע גייסטיקע און אַפילו אויך פיזישע אימפּאָטענץ, — בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן זיינען שאַרף באַהערשט פון אַזעלכע צו־שטאַנדן און אָפטמאָל נעמט עס אָן ביי זיי אַפילו אַ כאַראַקטער פון אַ הוילן אָפענעם ציניזם... בורמאַן פילט אַ האַרבסט אין האַרץ, ווייל ער ווערט געפּייניקט פונעם סענסועלן. אין אַ מאָמענט פון הפקר־ציניזם טרעט ער איבער דעם שוועל פונעם שלאָפצימער, וואו עס געפינט זיך דער אָנגעמערקטער פון אים קרבן צו גניסן, כדי צו פילן כאָטש מיט עפּעס דעם עולם־הזה. ענלעך איז אויך דער בייניש רובינשטיין אין דער דערציילונג „אַרום וואָקזאַל" און אַזעלכער איז אויך דער דיכטער וועג־צעל אין דער דערציילונג „מיט איין נאַכט ווינציקער", — יעדער פּער־סאָנאַזש האָט אַליין זיין לעבן אָפּגעפּסקנט, אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל און וואַרט אָדער אויף אַ נס אָדער אויף אונטערגאַנג און אַלע האָבן פאַר אַלץ איין פאַרענטפערונג: „דאָס לעבן איז איינטאָניק און ביז גאָר לאַנגווייליק". אָפטמאָל נעמען אויף זיך בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן פריי־ווילינקע ליידן און פּיין, ווי זיי זאָלן זיין די קידוש־השם־מאַרטירער און דעריבער קוקט מען צו מיט צער זייערע מאַטערנישן. עס זיינען אַלץ נעגאַטיווע שטריכן, דאָך פאַרמאָגן זיי אויך געוויסע פּאָזיטיווע אייגנ־שאַפטן, אָבער זיי זיינען די שוואַכע און ווילנסלאָזע און דערפאַר זיינען זיי פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג און אומקום. מלך פונעם ראָמאַן „אָפּגאַנג" איז אַפילו אַן עקשן, דערצו מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, פונדעסטוועגן האַלט ער ניט אויס לאַנג אין זיין עקשנות. ער האָט זיך ניט געקענט צופּאַסן צו די אומשטענדן פון דער גרויסער שטאָט, וואו מען לעבט ניט און מען שטאַרבט ניט, נאָר מען גוססט, ער האָט בשום אופן ניט געקענט ווערן אַ שותף צו די שווין ניט מענטשלעכע שמייכלען פון ד"ר גראַביי, צו די שמייכלען, וואָס שטעלן זיך ביי די זייטן פון יעדן לעבנס־אויפטו און טויטן אים מיט כלומרשטער קלוגשאַפט: „נעכ־טיקע טעג!".

דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן האָבן פאַרלאַנגען, אָבער זיי זיינען געגליכן צו דער עקרה, וואָס איז פלוצים מעוברת געוואָרן, האָט ניט קיין קראַפט צו געבוירן און איז מאַפּל. אויס דעם פעלט זיי אויך אָרגאַנישע אַנטוויקלונג, — זיי ווילן און קענען ניט און דאָס איז אויך די סיבה, פאַרוואָס זיי זיינען באַהערשט פון אַן אייביקער מורא, דערי־בער טאַקע זיינען זיי מרה־שחורהדיק און האָבן אַן אויסזען, ווי זיי

זאָלן זיין איינגעוויקלט אין אַ טונקעלן שלייער. בערגעלסאָן האָט דעם געגעבן אַ ריכטיקע דעפיניציע, — ער רופט עס „דער פאַרשלייערטער טעות", אונטער וועלכן דער דיכטער גופא קען אָפּטמאָל ניט אונטער־שיידן, וואָס זיין באַטרעפנדיקער פּערסאָנאַזש שטעלט מיט זיך פאָר: מענטש אָדער ליאַלקע! — און עס איז ביי אים אַלצאיינס חל אויף מענער־ ווי אויף פרויען־פּערסאָנאַזש...

* * *

דוד בערגעלסאָן מאַכט ניט קיינע מחיצות צווישן זיינע מענערי־שע און פרויעשע פּערסאָנאַזשן. אַלע זיינען זיי ענלעך איינע אויף די אַנדערע אין זייערע פאַרלאַנגען און ווילנסלאָזיקייט. מלך און משה־חיים פון „אָפּגאַנג", חנהקע ליובאַר און חוה פּויזנער פון זעלבן ראָמאַן, מי־רעלע פון „נאָך אַלעמען", ביינֹיש רובינשטיין פון „אַרום וואָקזאַל" אָדער דער העברעישער דיכטער הערץ פון „נאָך אַלעמען", זיינען איינע און די זעלבע, אַלע זיינען זיי דער גרויסער „פאַרשלייערטער טעות", וואָס שוועבט אין אַן עולם־הטועה פון בענקענישן און ניט פאַרווירקלעכטע פאַרלאַנגען. זייער גורל איז צו בלייבן דמיון און מחשבותן און קיינ־מאָל ניט ווערן טאַט. זיי זיינען דער מיראַזש, דער שפּינוועבס פון אַ פּרוי־האַרבסט, וואָס טראָגט זיך גלייכגילטיק אין אוויר און פאַרשווינדט אָן אַ תיקון. מען קען זאָגן, אַז דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן לעבן אין אַ גלייכגילטיקייט צו זיך אַליין, צו דער וועלט. פּונקט, ווי זייער לעבן, זיינען זיי באַהערשט פון פּאַסיוויטעט און אַפּאַטיע, מעג אַפילו דער אַרום זיך באַוועגן, מעג אַרום זיי זיך שפּירן אַ דינאַמיק פון דערשיילונגען און טאַטן. שילדערט דוד בערגעלסאָן אין דער דערציילונג „אין איינעם אַ זומער" דעם תכלית פון אַן אַרבעטער־שטרייק, קומט צום אויסדרוק אַ פאַבריק, וואָס איז דער אייגנטלעכער פּערסאָנאַזש פון דער דערציי־לונג, האָט ער מורא אַריינצודרינגען אינעם אינערלעכן פון דער פאַבריק צוליב דער האַלטונג פון זיינע פּערסאָנאַזשן, צוליב זייערע פּסיכישע נייגונגען און גייסטיקער פאַראַנלאַגונג, — צוליב דער אַקציע און האַל־טונג פון זיינע פּערסאָנאַזשן אויסער דער פאַבריק איז ער געצוואונגען צו באַנוגענען זיך בלויז מיטן דערציילן, אַז עס גרייט זיך אַ שטרייק. אַרום דער פאַבריק דרייט זיך אַפילו דער סאָציאַליסט אייזיק, אַ מענטש מיט אַ „סטאַזש", ווייל ער איז אַ פּאַרטיי־מאַן, איז שוין געזעסן אין תפי־סה, אָבער סיי די פאַבריק, סיי די אַרבעטער גייען אַריין ווייניק אין זיינע אַפּרטייאישע אויסרעכענונגען. דאָס פּאַרטייאישע און דאָס סאָציאַליס־טישע זיינען ביי אים אַ לאָ־דווקא, עס איז אַ צופעליקער אָנוואוקס און אייזיק גופא וועט געווים ניט קענען דעפינירן ווי און וויאַזוי ער קומט

צום סאָציאַליזם. דער סאָציאַליזם איז ביי אים ניט אַן אָרגאַנישער פּראָ־צעס, ער איז ביי אים ניט אַ רעזולטאַט פון געדאַנק און אידייע, פון פילן און עמפּינדן, נאָר אַ צופעליקייט, וואָס שטעלט אים אַוועק, ווי אַן אַקראָבאַט, אויף אַ טראַפּעציע אין דער סביבה פון זיין בירגערלעכער טראַדיציע און האַלט אים אויף אַ דיסטאַנץ פון דער פאַבריק, דאָרט וואו דער סאָציאַליזם שמידט זיך אין אַן אַקטיוויטעט־פּראָצעס. וואָס טוט דען אייגנטלעך אייזיק אינעם מאָמענט פון שטרייק? ער איז שטאַרק באַשעפטיקט מיט זיין ליבע און העלפט זיינע שוועסטערקינדער מעלקן די קי, שניידן דעם פעטער אידלס היי אָדער סתם זיך אַרומבלאָנקען אין ליידיקגייעריי. און ווייל ער אַמאָל זען די פאַבריק, מוז ער אַרויפקריכן אויפן דאַך פון פעטער אידלס הויז... עס איז שאַרפע איראָניע, אוי־סערסט כאַראַקטעריסטיש פאַרן פּערסאָנאַזש, פאַר זיינע האָריזאָנטן. אַזאַ איז שוין דער גורל פון דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן: זיי האָבן האָריזאָנטן, אָבער דאַך טאָפּטשען זיי זיך אויף איין אָרט. זיי וואָלטן רק געוואָלט, אַז דאָס גרויסע זאָל געשען פון זיך אַליין: „זיי ווילן באַ־קומען די מעגלעכקייט אַרומצושפּאַנען דאָ אייביק מיט פאַמעלעכע, לע־גענדאַריש־גרויסע טריט, אַזוי, אַז מיט אַ פּאָר שפּאַן זאָלן זיי דעם ווייטן, ווייטן האָריזאָנט דערגרייכן״, — אָבער עס איז בלויז זייער דמיון, אַ ניט־פעסטער ווילן. אין בעסטן פאַל דערגרייכן בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן דעם נאָענטסטן וואָקזאַל, אָבער אַפילו דאָ פאַרשפּעטיקן זיי דעם צוג. זיי האָבן מורא זיך צו באַוועגן, ווייל ווייטער ווי צו קומען צום וואָקזאַל גייען ניט זייערע השגות און דערהויפּט האָבן זיי מורא צו לאָזן זיך אין ווייטע וועגן.

* * *

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן איז זייער ניצשעאַנישער אינדיווידואַליזם, פאַרוועבט אין אַ נאָגנדיקער מאָנאָטאָנקייט און נירוואַנע־מחשבותן. די מאָנאָטאָנקייט שפּרייט פאַר זיי אַש־גרויע שאָטנס, וויקלט זיי אין אַ נעפּלדיקייט, וואָס נאָגט לייב און נשמה, צעפרעסט דעם גאַנצן וועזן פונעם מענטשן־לעבן, — אויס דעם דערשפּירן זיי טראַגיק, באַדנלאָזיקייט, פאַרלירנדיק יעדן אָנשפּאַר־פונקט. און וואָס הייסט דען פאַרלירן יעדן אָנפּשאַר־פונקט, אויב ניט בלייבן הענגען אין אַ חלול? אינעם חלול דערשפּירט מען ווי,פּיין, פּחד און מרה־שחורה און דאָס צייכנט אָן דעם וועג באַרג־אַראָפּ. און דעם באַרגאַ־ראָפּ מיידט ניט אויס קיין איינער פון דוד בערגעלסאָנס פּערסאָ־נאַזשן: צום באַרג־אַראָפּ גייען יצחק־בער, מלך, מירעלע, ביניש רובינ־שטיין חוה פּויזנער, חנהקע ליובאַר, דער דיכטער ווענצעל, מיכאל לע־

ווין, חיים־משה, דער דיכטער הערץ, די אַקושאַרקע שאַץ, פּרעגער און אַלע אַנדערע פּערסאָנאַזשן, אַפילו די, פאַר וועלכע ער האָט אינעם ווייַטערדיקן געזוכט און געפונען אַ תיקון אין אַ לעבנס־טראַנספאָרמאַציע. אָבער מיט אַ כיוון ווערן אַרויסגעשטעלט אויף דער ערשטער ליניע די פּערסאָנאַזשן פון „נאָך אַלעמען" און „אָפּגאַנג", ווייל גראָד אין די צוויי ווערק, קומט ביי די פּאָרגעשטעלטע פּערסאָנאַזשן אַמשאַרפסטן צום אויסדרוק דאָס ניצשעאַניש־אינדיווידואַליסטישע און שאָפּענהויעריש־פּעסימיסטישע. דאָ האָט פּרעגער הנאה פון שפּייען אין פּרעמדע מיאוסע פּרצופים, פונקט ווי נאַגעל אין קנוט האַמסונס „מיסטעריעס" שפּייט אין פּנים דעם הויקערדיקן מינוטאַ און חיים־משה פּראָקלאַמירט זיין נירוואַנאַ־פילאָזאָפיע: „שוויַיג, שוויַיג, וועסט זיך אויסשוויַיגן אַ שיין לעבן", און עס איז אַבסאָלוט נאַטירלעך פאַרן חלול, אין וועלכן די פּערסאָנאַזשן שוועבן. דער חלול איז דאָך זייער געגאַרטער, „לעגענדאַריש־גרויסער שפּאַן צום האָריזאָנט", אָבער אינעם דמיונישן אָנבליק פון די לעגענדאַרישע האָריזאָנטן דערזעען זיך די פּערסאָנאַזשן אין אַ נאָגנדיק־בענקענדיקן בין־השמשות פון אומזיסטע דערוואַרטונגען און אייביק ניט־פאַרווירקלעכטע האָפענונגען.

אין דעם אייגנטלעך דריקט זיך אויס די טראַגיק פון דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן און זייער טראַגיק איז אַ רעזולטאַט פון אַ זעלבסט־אורטייל און זעלבסט־פאַראורטיילן זיך: יעדער איינער פון די פּערסאָנאַזשן טראָגט זיך אַרוים אַן אייגענעם פּסק־דין. ווייל זיי האָבן ניט וואָס צו טאָן אין לעבן. דאָך האַנדלען זיי ניט, ווי ניצשעס זאַראַטוסטרע, וואָס גייט אוועק איז די בערג בלייבן אין איינזאַמקייט און זיך אינספּירירן אין אַ מחשבותן, — עס וואָלט געווען אַ צו גרויסע אָנשטרענגונג פאַר דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן, פאַר אַזאַ קרבן מוז מען פאַרמאָגן אַ שטאַרקן ווילן און נאָך אַ גרעסערן כוח, — דעריבער טאַקע בלאָנקען זיי זיך אַרום ווי אַ שפּינוועבס, און פון ערשטן האַרבסט־ווינטל ווערן זיי געטריבן צו אַן אייביקער רו. דער דיכטער נעמט עס מיט איראָניע, מיט שמייכל, אָבער אין דער איראָניע פילט זיך אויך זיין טיפער מיטלייד מיט די פּערסאָנאַזשן. ס'איז דאָך אייגנטלעך די וועלט, וואָס דוד בערגעלסאָן האָט תחילת געהאַט אין זיין מיליע, עס איז די אינספּיראַציע פון זיין דיכטערישן מחשבותן און פילן און טאַקע נאָר דערפאַר, ווייל תחילת האָט ער בלויז געזען אַ גרויסן „נאָך אַלעמען", אַ „פאַרשלייערטן טעות", אַן „אָפּגאַנג", אָן אַ תיקון, אָן אַ נייעם אָנוואוקס. דאַרום טאַקע שטאַרבן זעלטן בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן, בלויז מיט קליינע אויסנאַמען באַגייען איניקע פון זיי זעלבסטמאָרד, ווי צום ביישפּיל מ ל ך אין „אָפּגאַנג", און דאָס דינסטמיידל אסתר אין „דער טויבער". מיט די לעבעדיקע ווידער באַגייט ער זיך אין רוב

אַנרחמנותדיק־גרויזאַם: לעבעדיקערהייט פירט ער זיי אַרום זייער איי־גענעם קבר, זיי זיינען די לעבעדיק־וואַנדלענדיקע געשפּענסטער, שאָטנס, מיט אַ מאָדנעם קין־צייכן אויפן שטערן, — זיי ווייזן פאַר דער גאַנצער וועלט זייער אייגענעם „פּה נקבר".

* * *

עס איז דער ערשטער פּעריאָד פון דוד בערגעלסאָנס שאַפן, ווען דאָס אידישע פּאָליטישע און סאָציאַלע לעבן איז שוין אַפילו דיפערענ־צירט, קלאַסן־פאַרטיילט און עס שפּילט זיך אָפּ אַ העפטיקער פּאָליטי־שער און סאָציאַלער קאַמף אין דער אידישער סביבה, — אַ קאַמף צווישן נאַציאָנאַל־פּאָליטישע און סאָציאַל־פּאָליטישע טענדענצן, — דער דיכ־טער גופא איז שוין טיילווייז דעפינירט, ערגעץ וואו אין זיינע ערשטע ווערק שניידט דורך אַ פאָדים, וואָס אַנטפּלעקט די דיכטערישע סימפּאַ־טיע פאַרן סאָציאַל־אונטערדריקטן, אָבער ער קען זיך ניט באַפרייען נאָך פון דעם באָדן און פון דער מענטאַליטעט, פון וואָס עס איז אַרויסגע־וואַקסן זיין דיכטערישער אָנהייב. דוד בערגעלסאָן קריטיקירט דאָך אייגנט־לעך שאַרף, איראָניש אויסחוזקנדיק, ער באַנעמט דורכוים די טויגע־נישטיקייט און שוואַכקייט, ווילנסלאָזיקייט און אומפּראָדוקטיווקייט פון זיינע פּערסאָנאַזשן, ער זעט אויך קלאָר דעם פונאַנדערפאַל פון דער סביבה, פון די פאַקטאָרן, וואָס האָבן די סביבה צעמענטירט, אָבער מיט־אַמאָל דערשפּירט ער מיטלייד, רחמנות, מיט אַלע זיינע פּערסאָנאַזשן און האָט מורא אָפן צו ריידן וועגן זייער ענדגילטיקן אורטייל. ער שפּירט, אַז עס פאַרמעסט זיך קעגן די פּערסאָנאַזשן אַ נייע קראַפט, וואָס וואָלט זיי נאָך געקענט געזונט־מאַכן, דערציען צו נוצלעכקייט און פּראָדוקטיוו־קייט, אָבער ער האָט תחילת מורא פאַר אַזאַ פאַרמעסט און לאָזט לי־בערשט די אויפגייענדיקע נייע כוחות אָדער אין אַ פולשטענדיקן שאָטן אָדער אין אַ שטומען פּראָטעסט, איידער זיי לאָזן אין אָנגריף אויפן אונטערגייענדיקן.

עס איז דער שאַפונגס־פּעריאָד, ווען דער דיכטער מיידט אויס אָפענע און קלאָרע דעפינירטקייט און לענט זיך אָן אויף אַ שיכט, וואָס שטייט נאַציאָנאַל אויף אַ שיידוועג, פּאָליטיש איז דער שיכט אין פול־שטענדיקער דעקאַדענץ, פיזיש אויסגעשעפּט, זיין טיפּישער צייכן איז חלושדיקייט, ער איז גייסטיק אומפּראָדוקטיוו און אימפּאָטענט: דער קליינבירגערלעכער שיכט מיט זיין ספּעציפישער אינטעליגענץ האָט אַפילו געשאַפן און פאַרמאָגט אַ געוויסע קולטור־באַזע, אָבער וואָס איז צו זיי געקומען מער פון דעם אַסימילאַטאָרישן, פון פרעמדע איינפלוסן, ווי פון אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן אָדער סאָציאַל־פּאָליטישן באַוואוסטזיין. דוד

בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן געהערן צו אַ שיכט, וואָס קען זיך ניט דע־פינירן פאַר נאַציאָנאַלן אָדער סאָציאַל־פּאָליטישן, אָבער עס קלעפּט זיך ניט צו אים אויך דאָס אַסימילאַטאָרישע, ווייל עס הערשט איבער אים אַ געשפּענסט פון אידישער טראַדיציע, פון אידישער יחוסדיקייט. עס איז אַ וועג אָן אַן אויסוועג און פון דעם שאַפט זיך סיי דאָס רעאַקציאָנערע, סיי דאָס באָדנלאָזע פון דעם שיכט, דער גיין פאַרלירט דעם ציל. דאַרום טאַקע ווערן אַזוי גיך מיד און אויסגעשעפּט די בערגעלסאָנישע פּערסאָנאַזשן, — זיי פאַרלירן זיך אין דער אייגענער רעאַקציאָנערישקייט און זיינען גרייט זיך צו פאַרהאַלטן אויפן ערשטן וועג־אָפּשטעל, דאָך ניט כדי איבערצוכאַפּן דעם אָטעם אָדער זיך אָפּרוען, נאָר פּשוט אויסן ציל צו פאַרשפּעטיקן דאָס ווייטערדיקע גיין, ווי מען זאָגט, „צו פאַר־שפּעטיקן דעם צוג", ווייל זיי האָבן זיך ניט וואוהין צו איילן, ווייל זיי ווען קיינמאָל גאָרניט פאַרשפּעטיקן, מחמת עס פעלט זיי ציל און צוועק, אידייע און שטרעבונג, צוליב וואָס עס זאָל זיך לוינען צו קעמפן און זיך מקריב זיין.

אין אַלגעמיין זיינען די פּערסאָנאַזשן פון דוד בערגעלסאָנס ערשטן שאַפונגס־פּעריאָד עלעמענטן פאַר אַ פּסיכאָפּאַטאָלאָגישן שטודיום, — דער דיכטער בליקט אַריין טיף אין דער נשמה פון די פּערסאָנאַזשן און ליפערט דעם געהעריקן דאָקומענטירטן מאַטעריאַל, צום אַנאַליזירן, אַנט־פּלעקט די סביבה־סטיכיע פון זייער גייסט און מענטאַליטעט. די פּער־סאָנאַזשן פון דעם פּעריאָד געהערן דורכוים צו דער קאַטעגאָריע פון די דעזעקווילבירירטע, — זייער דעזעקווילבירירטקייט איז אַ רעזולטאַט פון סאָציאַלער אומדעפינירטקייט, פון סאָציאַלער דערקענטעניש, וואָס ווערט ריכטיק קלאָר, ווען מען פירט אַריבער דאָס ווערק פונעם שרייבער פונעם פּסיכאָלאָגישן אויפן סאָציאַלן.

## קאַפּיטל צוויי

צעגלידערט מען דוד בערגעלסאָנס שרייבן אינעם ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן, קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז דער דיכטער האָט ניט בלויז איינגעטיילט זיינע פּערסאָנאַזשן אין באַשטימטע סאָציאַלע קאַטעגאָריעס, פאַרבונדן מיט זייער גייסטיקן און עקאָנאָמישן דאַזיין, נאָר אַז די פאַרשיידענע פּערסאָנאַזשן פונעם רוב ווערק זיינען צווישן זיך קרובהש פאַרבונדן און אַז דאָס שאַפן זיינס איז געגאַנגען אויפן אופן און סטיל פון טרילאָגיעס. צום ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן גע־הערן די ווערק „דער טויבער", „אַרום וואָקזאַל", „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט", „נאָך אַלעמען", „אָפּגאַנג" און „יוסף שאָר", — לפנים זאָלן עס זיין ווערק פאַר זיך, מיט באַזונדערע און פאַרשיידענע פּערסאָנאַזשן,

מיט פאַרשיידענע אינהאַלטן, דאָך אין וועזן איינגעטיילט אין צוויי טרי־לאָגיעס, פון וועלכע צו דער ערשטער געהערן די ווערק „דער טויבער“, „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט“ און „יוסף שאָר“ און צו דער צווייטער „אַרום וואָקזאַל“, „נאָך אַלעמען“ און „אָפּגאַנג“, אין רעזולטאַט אַלע צווישן זיך פאַרבונדן אין אַן אַלגעמיינהייט פון אידייע, שטימונגען און דעקאַדענץ־פונאַנדערפאַל. דער דיכטער באַנוצט אין די ווערק אַ פּאָזי־טיוון שאַפן פאַרצושטעלן נעגאַטיווע אינהאַלטן און הגם דער תחילת איז געווען „דער טויבער“, וואו דער דיכטער האָט אַריינגעבראַכט אַ געוויסע סאָציאַלע דיפערענציאַציע פון מענטשן און שיכטן, איז דער שליסל דאָך דער „אַרום וואָקזאַל“, וואָס הייבט אָן דעם שטח פון דער סביבה־ און פערסאָנאַזשן־אויסוויקלונג.

מערקווירדיק, דער הויפּט־פּערסאָנאַזש אינעם „אַרום וואָקזאַל“ זייַנען ניט די פערסאָנאַזשן פון דער דערציילונג, נאָר דווקא דער וואָקזאַל גופא. עס איז דער אויסגאַנגס־פונקט פון דער פערסאָנאַזשן־סביבה און דער אָנרעגער צו אַ מחשבותן און בעקעניש. דוד בערגעלסאָן האָט באַ־נוצט אין זיין ווערק אַן אינטערעסאַנטן און אייגנאַרטיקן מעטאָד: דער פּערסאָנאַזש גופא פונעם ערשטן פעריאָד פון זיין שאַפן שטעלט ביי אים פאָר אַ באַשטימטן „נאַטיור מאָרט“, אַ מין „טויטע נאַטור“, דער פער־סאָנאַזש איז ניט בלויז אַפּאַטיש, נאָר אויך דורכויס סטאַטיש, בעת די נאַטור גופא איז ביי אים אַ ריכטיקע „נאַטיור וויוו“, אַ באַלעבנדיקע דערשיינונג, וואָס שפּראָצט און שפּרודלט מיט אַ געזונטן, שטאַרקן און בילדעריש־רייכן לעבן. עס איז דער גרויסער קאָנטראַסט אין דוד בער־געלסאָנס שאַפן, און דאָ געווינט דער וואָקזאַל אַ באַזונדערע, ניט בלויז סימבאָלישע, נאָר אויך רעאַליסטישע באַדייטונג. עס איז דער פּונקט, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט די בערגעלסאָנישע פּערסאָנאַזשן אין זייערע בענקענישן און שטימונגען אויפן וועג פונעם אונטערגייענדיקן שטעטל צו דער אויפגייענדיקער גרויסער שטאָט און אין דעם ווערט אויך פאַר־טיילט דאָס אידייאישע און וועזנטלעכע פון זיין ערשטער טרילאָגיע: „אַרום וואָקזאַל“ און „נאָך אַלעמען“ זיינען די פּערספּעקטיוו פון דער גרויסער שטאָט אויפגענומען פּאָזיטיוו, בעת „אָפּגאַנג“ איז שוין גאָר די נעגאַציע פון דער גרויסער שטאָט. און אין דעם שאַפט ער אויך אַ ספּע־ציפישן תיקון־פאַר די הויפּט־פערסאָנאַזשן: ביינעש רובינשטיין פון „אַרום וואָקזאַל“ איז דער ערב פון דער גרויסער שטאָט, מירעלע פון „נאָך אַלעמען“ איז דער ערב און אין דער גרויסער שטאָט גופא, מלך און דער אינטעליגענט חיים־משה זיינען די נעגאַציע פון דער גרויסער שטאָט, אָדער פון דער גרויסער שטאָט דער גאַנג צוריק אין שטעטל. עס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַרן סאָציאַלן באַנעם און דערקענטעניש פון דוד בערגעלסאָנס דערמאָנטע פערסאָנאַזשן. אין דעם ווערט אונטער־

געשטראָכן די אידייע: „אַרום וואָקזאַל" און „נאָך אַלעמען" זיינען דער ריכטיקער אויסדרוק פון דער אידישער און קליינבירגערלעכער טראַדי־ציע, ווי די לעצטע האָט זיך געפורעמט אין די אומשטענדן פון קליינ־שטעטלדיקן לעבן און „אָפּגאַנג" איז דער ראָמאַן פון דער קליינשטעטל־דיקער אידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט ניט פאַרמאָגט קראַפט און מוט, סענטימענט און מענטאַליטעט צו דעפינירן זיך אינעם סאָציאַלן און איבערהויפּט אין אַן אידייע־באַקענטעניש.

געוויס דאַרף מען אָנהייבן דוד בערגעלסאָנס ווערק פונעם „טויבן", ווייל מער אָדער ווייניקער מערקט אָן דער דיכטער אין דעם ווערק גע־וויסע דעפיניציעס. קלאָרער זיינען זיי ביים עקספּלואַטירנדיקן צד און אומקלאָרער ביים עקספּלואַטירטן, אָבער דער מאָמענט פון פּראָטעסט שטרייכט אונטער די עטיק פונעם עקספּלואַטירנדיקן שיכט, דאָך איז שוין געוואָרן אַ מנהג אָנצוהייבן בערגעלסאָנס שאַפן פונעם ראָמאַן „נאָך אַלעמען". עס איז צוליב דעם, ווייל דאָס ווערק איז קאַפּיטאַל און צווייטנס, ווייל דער הויפּט־פּערסאָנאַזש איז די פרוי, דאָך איז דער ראָ־מאַן אַ מיטלפּונקט צווישן „אַרום וואָקזאַל" און „אָפּגאַנג" און עס וועט אַלע מאָל זיין ריכטיקער אָנצוהייבן מיט „אַרום וואָקזאַל", הגם איינער פון די הויפּט־פּערסאָנאַזשן שפּילט אַ קנאַפּע ראָל אין דער האַנדלונג. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז דער קאָנטראַסט: עס איז צום ערשטן מאָל, ווי אין דער אידישער ליטעראַטור איז אריינגעפירט געוואָרן דער וואָק־זאַל, ניט בלויז, ווי אַן עקאָנאָמישע קאַטעגאָריע, נאָר ווי אַ ליניע, וואָס פירט פונעם קליינעם שטעטל אין דער גרויסער שטאָט. ביי דוד בער־געלסאָן שפּילט ער אַ גרויסע ראָל. אויף אַזאַ שטייגער איז „אַרום וואָק־זאַל" אַ מין אריינפיר אָדער שליסל צום דיכטערס ווערק פון ערשטן שאַפונגס־פּעריאָד. אין דער דערציילונג ברענגט אריין דוד בערגעלסאָן אַ טיאַפּזש, כאַראַקטעריסטיש פאַר דער סביבה, צייט, גייסט און סאָציאַ־לע אומשטענדן. די דיפערענציאַציע פון פּערסאָנאַזשן איז אויך די די־פערענציאַציע פון דער סביבה אין איר עקאָנאָמיש־סאָציאַלער איינטיי־לונג. דער פאַרמיטלער, וואָס האָט זיך פונעם שטעטל אריבערגעטראָגן צום וואָקזאַל, שפּילט אַ געוויסע ראָל אינעם אידישן לעבן און קאָנצענ־טרירט אַרום זיך דעם רוב פּערסאָנאַזשן פון אַ געוויסער עקאָנאָמישער אַקציע, וואָס באַאיינפלוסט און האָט אַ ווירקונג אויף דער סביבה, ווי אויף די גייסטיק־סאָציאַלע שטימונגען. גייניש רובינשטיין, די צענטראַ־לע פיגור פון דער דערציילונג, איז טאַקע דער אויסדרוק פון בענקענישן, ער איז דאָס צילברעט פון דעם דיכטער, אָבער ער איז ניט אַזוי וויכ־טיק, ווי די אַנדערע, וואָס פורעמען און שטעלן פאַר צייט און סביבה. מענדל מאַרגוליס, דער פּאָסעסאָר אָדער חנינא דער פּראָצענטניק שפּילן אַ גרעסערע ווערט, ווייל עס איז דער אַריינפיר אין די אייגנשאַפטן פון

דער אידישער עקאָנאָמיק, פּונקט ווי דער פּערסאָנאַזש ליפּאַק איז שוין אַן אָנדייט אויף אידישער דעקלאַסירטקייט און פירט צו דער אידייע און געדאַנק פון אַ נויטווענדיקן רעקאָנסטרואירן דאָס אידישע עקאָנאָמיש־סאָציאַלע לעבן. און וואָס איז דען פּיווניאַק, אויב ניט וואָקזאַל־אויפלאַגע פון אַ טיפּישן מנחם־מענדל, פּונקט ווי מאיר העכט איז דער ריכטיקער אויסדרוק פון אַ באַלעבעסלדיקן וואוילשטאַנד, געשטעלט אויף אַ פּאָן פון אַ געוויסער אײדלקייט?

דוד בערגעלסאָן האָט בלויז פּאַרזען צו דעפינירן אַ ביסל גענויער און קלאָרער זיינע פּערסאָנאַזשן אין זייער אַקציע און טאָג־טעגלעכער אַקטיווקייט, אָבער פון זיך אַליין רייען זיי זיך איין אין באַשטימטע קאַטעגאָריעס. דער עקסטערן איציק פון „אַרום וואָקזאַל״ איז צוגעפּאַסט פאַר דער סביבה, ווייל ער לעבט פון דעם, וואָס פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים ווילן בילדן זייערע קינדער, אָבער אין אַנדערן שטעלט פאַר יעדער איינער פון די פּערסאָנאַזשן אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער עקאָנאָמישער סביבה. מענדל דער פּאָסעסאָר איז נאָך פאַרבונדן מיטן פעאָדאַלן, אָבער ער האָט אַ שייכות צום וואָקזאַל און צו דער פאַבריק, און חנינא דער פּראָצענטניק איז שוין דער אָנדייט אויפן אַנטשטייענדיקן אידישן פינאַנץ־קאַפּיטאַל. פּונקט ווי אַלע קאַפּיטאַלן הייבט אָן אויך דער אידישער פון פּראָצענט, ער איז דער נויטווענדיקער רעזולטאַט און דערשיינונג פונעם אידישן האַנדל, ער איז אויסגעוואַקסן אינעם קליינעם שטעטל און די פּראָצענט־אָנזאַמלונג וועט פאַרגרעסערן ניט בלויז זיין פּאָטענציעלן ווערט, נאָר דער האַנדל אַרום וואָקזאַל וועט אים אויך פאַרבינדן מיט דער איבעריקער גרויסער וועלט און פאַרוואַנדלען אין אַ באַנק־קאַפּיטאַל.

אין אַלגעמיין האָט יעדער פּערסאָנאַזש זיין שטריך און דער שטריך איז בילד פון סאָציאַלער סביבה און עקאָנאָמישער פונקציע. די סביבה פאָדערט צופּאַסונג, געוויסע פּיפּיקייט און פעיקייט און שוין בייניש רובינשטיין זאָגט אַרויס אַ גרויסן אמת: „אַ סוחר, אַז ער קען קיין געלט ניט אויסנאַרן, קען ער ניט לעבן״. עס איז די ריכטיקע פאָרמולירונג און מען דאַרף קענען זיך אַריינפּאַסן אין דער פונקציע. אויך בייניש רובינשטיין וואָלט זיך אַריינגעפּאַסט אין דער פונקציע, אָבער ווען זיין חוש פאַרן גייסטיקן זאָל ניט זיין אײדעלער, ווי ביי אַנדערע, אָדער ריכטיקער געזאָגט, ווען דאָס אָרט פון דער עקאָנאָמישער צופּאַסונג זאָל ביי אים ניט פאַרנעמען דאָס סעקסועל־לײדנשאַפטלעכע. עס איז די ווירקונג פון אַ פאַרבאָרגענעם עראָטיזם צו דער פרוי פונעם יונגן סוחר אַבראַמטשיק פרידמאַן, צו קלאַראַן, וועלכע פילט זיך אַגב אויך אומבאַפרידיקט, דאָך שוין מער אינעם ריין־עראָטישן, ווי אינעם סעקסועלן. אין די בענקעניש און אומעט פון איר לעבן פעלט איר בלויז דער ליבע־פּראָצעס. דער

גורל פון דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן איז צו פילן שאַרפע בענקע־נישן, אָבער זיי ווייסן ניט וואָס און וואוהין זיי ווילן. דוד בערגעלסאָן שטרייכט עס גלייך אונטער אינעם ביניש רובינשטיין:

„אָט אין דעם בית־מדרש האָב איך געלערנט... אָט אין יענעם הייפעלע איז אַ רייכער „בעזדיטניק" געזעסן, דער „בעזדיטניק" האָט אַ ביבליאָטעק געהאַט, — פלעגט ער ביי איִם ביכער אויף לייענען נעמען... און דאָרט אין טאָל איז ער יום־טובים־צייט אויף דעם גראָז, וואָס ביי דער פּוסטער מיל, געלעגן, געקוקט אויף די ברייטע הימלען".

דאָס הויפּטזאַכלעכע ביי ביניש רובינשטיין איז אַן אומדעפינירטע בענקעניש און דאָס ענלעכע געפינט מען אַפילו ביי דעם וואויל־האָבנ־דיקן סוחר מאיר העכט. אויך מאיר העכט באַטאָנט: „אַז וויבאַלד ער אַליין, מאיר העכט, הייסט דאָס, וואָס האָט סוחרים אַזוי פיינט, קען זיך זעלבסט פון סוחריי ניט באַפרייען, טאָ צו וואָס־זשע נוצן אָט־די טיף־קלוגע ביכער און וואָס פאַר אַ הילף קענען זיי די מענטשן ברענגען".

די ווערטער זיינען גראָד כאַראַקטעריסטיש פאַרן פּסיכישן צושטאַנד און מענטאַליטעט פון דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן, זיי ליידן פון אינטע־ליגענטישקייט, אָפּטמאָל אַפילו אַן איבערגעטריבענע, אָבער אין רוב אַ קרענקלעכע, — די אינטעליגענטישקייט ווערט אַ מאַניע, אַ געשפּענסט, עס שוואַכט אָפּ דעם ווילן, מען דערפילט זיך איבעריק אין לעבן, אין דער גאַנצער וועלט און מען קען זיך אַליין ניט קלאָר מאַכן צוליב וואָס מען לעבט. עס איז אַלץ ווייל זיי זעען זיך אינעם בילד פון דער סביבה, וואָס מען געפינט ניט אַגב ביי אַנדערע פּערסאָנאַזשן, וועלכע באַטראַכטן דאָס לעבן פּשוט, באַלעבעסלדיק, ווי צום ביישפּיל דער סוחר מאני דרעל. פאַרן סוחר מאני דרעל האָט דאָס לעבן געפונען אַ ריכטיקן תיקון, פאַר אים זיינען אַלע פּראָבלעמען געלייזט און ער דאַרף זיך איבערהויפּט ניט פאַרטראַכטן. זיינס האָט ער דערגרייכט: ער דרייט זיך אַרום דער צוקער־פאַבריק און אַרענדירט דעם פּריצעס מיל, — עס איז אַ גאַנץ פיינער באַשטאַנד און ער קען זיך פילן צופרידן.

דוד בערגעלסאָן וואָלט זיך אייגנטלעך געקענט באַגיין אָן דעם, אַז ער זאָל איינשליסן אין זיין דערציילונג „אַרום וואָקזאַל" מאיר העכט און מאני דרעל. אָן שום שטערונג וואָלט ער געקענט דעם גאַנצן סיפּור־המעשה וויקלען בלויז אַרום ביניש רובינשטיין און זיינע בענקענישן, אַרום זיינע ניט געשטילטע ליידנשאַפטן צו אַבראַמטשיק קויפמאַנס פרוי קלאַראַ, אָבער דעמאָלט וואָלט דער דיכטער ניט דערגרייכט דאָס, וואָס ער וויל אויסברייען. עס גייט ניט דוד בערגעלסאָנען אינעם סיפּור־המעשה, — אַנאַליזירט מען דוד בערגעלסאָנס ווערק קומט מען גרינג צו דער איבערציייגונג, אַז ער איז גאָר ניט מקפּיד אויפן סיפּור־המעשהדיקן,

עס פעלט ביי אים איבערהויפּט אַ סיפּור־המעשה. דער רוב פון זיינע ראָמאַן־ווערק זיינען אַ זאַמלונג פון עפּיזאָדן, באַזונדערע דערציילונגען, און אַפילו געקירצטע נאָוועלן, וואָס בינדן זיך אין אַ פּערסאָנאַזשן־גאַ־לעריע, אין אַ מין פּערסאָנאַזשן־פּאַנאָפּטיקום. די כאַראַקטעריסטיק און טאַט פונעם פּערסאָנאַזש איז פאַרן דיכטער פיל וויכטיקער, ווי דער סיפּור־המעשה און דאָ שטעלט פאַר דער דיכטער די פּערסאָנאַזשן אין זייערע אָפּענע, באַשיינפּערלעכע און פאַרבאָרגענע קאָנטראַסטן. אַלע אייגנטלעך קאָנצענטרירן זיי זיך אויף איין פּונקט, — קיינער פון זיי קען ניט אויפקלערן און דעפינירן דעם צוועק פון זייער לעבן, ווער פון די פּערסאָנאַזשן עקזיסטירט און ווער עס צאַנקט און אַלע אָן אויסנאַם קענען זיי קומען צום זעלבן אויספיר, ווי בייניש רובינשטיין, ווען עס באַהערשט אים די בענקעניש פון לאָזן זיך ערגעצוואו אין דער וועלט אריין, הגם ער אליין וואָלט ניט געקענט זאָגן און אויסטייטשן דעם צוועק פון אַזאַ רייזע:

„ער דאַרף צום וואָקזאַל קומען... ער דאַרף זיינע חפצים, וואָס זיינען אין פויערשן שטיבל געבליבן, צונויפּנעמען... ער דאַרף ער־געץ אַוועקפאָרן, נאָר וואוהין, צוליב וואָס פאָרן, — דאָס האָט ער ניט געוואוסט און געקוקט, ווי די לבנה באַווייזט זיך אויפן גרינעם באַרג, וואָס אַנטקעגן".

* * *

דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן קוקן אין די ווייטקייטן און זעען ניט קיין ציל, זיי האָבן פאַר זיך האָריזאָנטן און מערקן ניט די פּערס־פּעקטיוו און אַזעלכעס געשעעט מיט זיי, ווייל זיי שטייען אינעם איבער־ברוך פון עפּאָכעס, פון אידייען און געדאַנקען. עס ענדערט זיך די מענ־טאַליטעט, ווייל עס ענדערט זיך דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער באַ־שטאַנד. עס איז אַן עפּאָכע פון עולים און יורדים, פון שטייגנדיקע און פאַלנדיקע און אַמשאַרפסטן ווערט עס כאַראַקטעריזירט אינעם ראָמאַן „נאָך אַלעמען". מען איז געוואוינט צו באַטראַכטן דעם טיטל פונעם ראָמאַן, ווי אַ מין סימבאָל, ווי אַ מין איכה־קלאָג, אָבער עס איז אַ פראַ־גע פון אַקצענט און דאָ דאַכט זיך, אַז דער אַקצענט איז ניט געוועגדעט אויפן סימבאָלישן, נאָר דווקא אויפן רעאַליסטישן. „נאָך אַלעמען" סימ־באָליש איז אַ פאַרענדיקטער פּראָצעס, אָבער דוד בערגעלסאָן איז זיך ניט מכוון אויף פאַרענדיקטקייט, ווייל ער ענדיקט איבערהויפּט ניט קיין אַקציע, נאָר ער איז מער אויסן אויף אַ פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד. „נאָך אַלעמען", וואָס פאַרשפּילן דען אָט די אַלע מענטשן, ווען זיי האָבן סיי ווי סיי ניט קיין ציל און זעען ניט קיין צוועק אין זייער לעבן? און דאַ־

דוּם איז דער ראָמאַן „נאָך אַלעמען" מער רעאַליסטישער הומאָר און סאַטירע, ווי סימבאָלישער אָנדייט. און איז עס דען ניט אַ רעאַליזם, ווי די הויפּט־העלדין פון ראָמאַן מירעלע כאַראַקטעריזירט די סביבה:

„זיי זיינען אַזעלכע עקלדיקע, אָט די אידן... דער טאַטע אירער איז געוויס שולדיק, וואָס ער האָט זייער געלט איבערגעפּירט, אָבער פונדאַנען איז דאָך ניט געדרינגען, אַז זיי מעגן פראַנק און פריי ביי זיי אין שטוב אַרומלויפן און שרייען אויף אַזאַ קול „גוואַלד, ער ראַ־בעוועט!", אַז מען זאָל עס אין דער צענטער גאַס דערהערן".

אָדער:

„וועלט־סוחרים, ספּעקולאַנטן, וואָס האָבן קיין מורא ניט צו מאַכן קניהות אויף איבעראַיאָר, אין אַ היפּשע, האַלב־ליכטיקע פּאָ־דערשטיבל, אַ פולגעפּאַקטע מיט וואַרטנדיקע עקאָנאָמען און משר־תים, וועלכע זיינען אין יעדער רגע גרייט זיך אַנטקעגן דעם אַרויס־גייענדיקן באַלעבאָס אויסשטעלן, אָפּנעמען זיינע באַפעלן און זיך אין פאַרשיידענע ערטער פונאַנדערפּאָרן".

איז עס דען קנאַפּע רעאַליסטישע כאַראַקטעריסטיק פון דער סביבה און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן? דאָ אייגנטלעך ליגט אויך דער שליסל פונעם ראָמאַן „נאָך אַלעמען", דעם ריכטיקן צווייטן טייל פון דער טרי־לאָגיע, וואָס הייבט אָן מיטן „אַרום וואָקזאַל" און ענדיקט מיט „אָפּ־גאַנג" און אין געוויסע הינזיכטן אַנטפּלעקט עס אויך באַשטימטע סאָ־ציאַלע קאַטעגאָריעס אין זייערע אַנטוויקלונגען און ענדערונגען. ווער איז דען אייגנטלעך דער גדליה הורוויץ, מירעלעס פאָטער? מירעלע גופא גיט זיין אַ ביאָגראַפישן שטריך:

„איר טאַטע שטאַמט אויך פון אַן אַלטער גערמאַנישער משפחה, וואָס האָט זיך לאַנגע צייטן מיט זיך אַליין משדח געווען און ווערט אפּנים פון אַלטקייט דעגענערירט. מעגלעך, אַז דערפאַר פּילט שוין צייטנוויז זי, מירעלע, אַזאַ פוסטקייט און טויג ניט צו גאָרניט".

אָבער עס איז ניט בלויז אַ פאַמיליע־דעקאַדענץ, נאָר אויך שיכטן־דעקאַדענץ אין די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדן. עס איז קלאָר, אַז גדליה הורוויץ האָט דערגרייכט זיין אויפשטייג צוזאַמען מיטן פעאָ־דאַליסטישן קאַפּיטאַל. ער איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיטן פריץ און פונקט, ווי דער פריץ האָט געשאַפן אַ געוויסע אַריסטאָקראַטישע טראַ־דיציע, אַזוי האָט אויך גדליה הורוויץ געשאַפן אידישן טראַדיציאָנעלן יחוס, וואָס שטערט, אַז זיין טאָכטער מירעלע זאָל זיך מתחתן זיין מיטן אויפגעקומענעם נגידס זון וואָווע בורנעס. האָבן אָבער דער אויפגייענ־דיקער אינדוסטריעלער און האַנדלס־קאַפּיטאַל אַרויסגעשטויסן דעם פעאָ־דאַליסטישן קאַפּיטאַל און דער פריץ איז געוואָרן אַ יורד, גייט אים אויך נאָך גדליה הורוויץ. דאַרום טאַקע קען מען מערקן דעם געראַנגל,

דעם שטילן קאמף צווישן אַן אָפּגייענדיקן און אויפגייענדיקן, וואָס וואָלטן צווישן זיך געקענט קומען צו אַ קאָמפּראָמיס, ווען מירעלע זאָל פאַרבויגן אויף איר יחוס, אויף איר אָפּשטאַם און איינגיין אויפן שידוך מ־טן אויפקומענדיקן וואָווע בורנעס. עס קומט צום אויסדרוק אַ טיפּי־שער גרעאַנגל צווישן דעם משכיליש־נגידישן דור, רעפּרעזענטירט דורך גדליה הורוויץ, וואָס לאָזט ניט איבער קיין יורשים, ווייל אַ טאָכטער קען ניט זיין דער ווייטערדיקער ריכטיקער יורש, אַלנפאַלס האָט דער נגידיש־משכילישער דור ניט באַוויזן צו באַפעסטיקן זיינע בירגערלעך־גייסטיקע פּאָזיציעס, עס פעלט דעם שיכט דערצו געזונט בלוט און דאַ־רום ווערן זיי אַרויסגעשטויסן דורך די בורנעסעס, וואָס הייבן זיך אַרויס פון די פּראָסטאַקישע פּאָלקס־שיכטן, שאַפנדיק אַ נייעם וואַוילשטאַנד, וואָס איידלט זיי. גדליה הורוויץ איז דער יחוס פון גייסט, די בורנעסעס זיינען דער יחוס און קראַפט פון געלט און אויס דעם לערנט שוין וואָ־ווע בורנעס זיינע מנהגים ניט פונעם אָפּגייענדיקן גדליה הורוויץ, נאָר דווקא פון די עומות־העולמדיקע פּריצים, מיט וועלכע ער קומט אין געֿ־שעפטלעכן באַריר. גדליה הורוויץ איז אַ איד און איז אידישלעך, הגם ער דערציט זיין טאָכטער אין אַזאַ שטייגער, אַז עס בינדט זי מיט גאָר־ניט צום אידישן לעבן. אויך די בורנעסעס זיינען אידן, אָבער דער קו־מענדיקער דור וועט שוין ניט זיין אַפילו אידישלעך, ווייל ערשטנס פעלט דעם דור אידישע טראַדיציע און צווייטנס מישט ער זיך מיט אַ גאַנץ אַנדער וועלט און עס ציט אין גאַנץ אַנדערע ריכטונגען, וואו מען זאָל ניט וויסן ניט זיין אָפּשטאַם און ניט זיין יחוס און אויב וואָווע בורנעס וויל דווקא זיך משדה זיין מיט דער יחוסדיקער אינטעליגענטישער אי־דישער טאָכטער מירעלע איז בלויז צוליב דעם, ווייל זי מאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּריצעטע און מען וועט זיך קענען פּרעזענטירן מיט איר צווישן די פּריצים, מיט וועמען וואָווע בורנעס האָט עסקים. אויף אַזאַ שטייגער איז וואָווע בורנעס דער אָנהייב פון דער אידישער אַסי־מילאַציע, דורך וועלכער דער אידישער מיטלשטאַנד, געשטיגן אין זיינע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, האָט זיך באַמיט אַריינצופּאַסן זיך און זיך אויסמישן מיט דער הערשנדיקער ניט־אידישער מערהייט. אָבער אויך גדליה הורוויצעס טאָכטער מירעלע איז פרעמד איר פאָטערס טראַדיציאָ־נעלער אידישקייט, פּונקט ווי עס איז איר פרעמד דער מאָדערנער נאַ־ציאָנאַליזם פון העברעאישן לערער הערץ און פון די אַנדערע שטעטלשע אינטעליגענטן, — ניט ווייניקער ווי וואָווע בורנעס, איז אויך מירל דער ריכטיקער עלעמענט פון אסימילאַציע און דאָ איז אויך די סיבה פאַר־וואָס זי פילט תחלית־שנאה צו די שטעטלדיקע אידן, צו זייער גייסטי־קער שמוציקייט און מנחם־מענדלשן האַנדל־וואַנדל, דאָך איז זי אין איר אַסימילאַטאָרישקייט פאַרשיידנאַרטיקער פון וואָווע בורנעס. פאַר וואָווע

בורנעם האָט דער אַסימילאַטאָרישער מאָמענט אַ געוויסע באַרעכטיקונג אינעם סאָציאַלן און זיין עקאָנאָמישע פּאָזיציע, ווי דוד בערגעלסאָן שטרייכט עס אונטער גאַנץ טרעפלעך:

„ער איז בטבע געווען אַ סבלן און אַ שטילער, געהאַלטן פונעם אויפגעקומענעם און גביריש־שווייגנדיקן טאַטן און האָט געוואָלט, אַז ביי זיי אין שטוב זאָל אַלץ צוגיין אַזוי שטיל און לייטיש, ווי ביי די פּריצים, וואָס מיט זיי האָט ער דורכן פּריץ פון זעכצן יאָר אָן עסקים געהאַט".

און אַנדערש ווידער איז די אַסימילאַציע פון מירעלען. איר אַסימילאַציע איז פאַרבונדן מיט דער שטרעבונג צום וועלטלעכן, ווייל דאָס טראַדיציאָנעל־אידישע איז איר ניט בלויז דערווידער, נאָר פּשוט פרעמד, ארויסגעדרונגען פון דעם אידישן מנהג, אַז אַ טאָכטער איז מען ניט אַזוי מחנך אין הילכות אידישקייט, ווי מען איז מחנך אַ זון און דאָס ווערט אויך דער שטער־פּונקט, פאַרוואָס מירעלע פילט זיך פרעמד צו די בורנעסעם און טאַראַביים. איר וועג ליגט שוין ניט צום שטעטל, — און דאָס איז אויך די סיבה פאַר וואָס זי ווערט די כלה פון זיידענאָוור־סקין, הגם זיידענאָווסקי שטייט אויף איין ליניע מיט וואָווע בורנעס. פון איין זייט האָט דערביי אַ ווירקונג דאָס וועלטלעכע און פון דער צווייטער זייט דער טרוים וועגן דער גרויסער שטאָט: „יעדנפאַלס האָט ער, שמואליק זיידענאָווסקי, אַן אייראָפּעאישן אויסזען... יעדנפאַלס האָבן דאָרט אין קרייזשטאָט אַלע אויף אים געקוקט".

מירל וועט זיך אינעם ווייטערדיקן ניט באַפרידיקן אויך מיט שמואליק זיידענאָווסקי, זי וועט האַסן איר קינד און פאַרלאָזן דעם מאַן, ווייל זי איז איבערהויפּט די בענקענדיק־אומבאַפרידיקטע נאַטור, וועל־כער עס פעלט מוט צום לעבן און צום דענקען, קענען אויפנעמען און באַטראַכטן דערשיינונגען און דורך איר האָט דוד בערגעלסאָן געהאַט בדעה פאָרצושטעלן און שילדערן דעם וועזן און זין פון זיינע פּערסאָ־נאַזשן אויפן וועג פונעם שטעטל צום וואָקזאַל, וואָס פירט אין דער גרוי־סער קרייזשטאָט. אָבער האָט עס דוד בערגעלסאָן געוויזן סתם אַזוי, אָדער אויך מיט אַ געוויסן מיין, מיט אַ באַשטימטער כוונה?

דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן לעבן אין אַ צייט פון סאָציאַלן איבערברוך און דעקאַדענץ. עס איז ניט וויכטיק צי זיי געהערן צו דער אידישער אָדער ניט־אידישער סביבה, — דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן לעבן מיט די שטימונגען פון דעם באָדן אויף וועלכן זיי זיינען אויס־געוואַקסן און ציען זייער פּאָדים ניט אינעם אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, נאָר פיל פריער, פון דער צווייטער העלפט פון ניינצנטן יאָרהונדערט, ווען עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין רוסלאַנד די פּויע־רים־קנעכטשאַפט און דער פעאָדאַלער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אָנגעהויבן

ברעכן אונטערן דרוק און דראַנג פֿונעם אַנטשטאַנענעם אינדוסטריעלן און האַנדלס־קאַפּיטאַליזם. מיטן צוזאַמענברוך פֿונעם פעאָדאַלן קאַפּיטאַליזם האָט אויך אָנגעהויבן צוזאַמענברעכן דאָס נגידישע אידישע שטעטל, וואָס האָט געהאַנדלט און געלעבט פֿונעם פעאָדאַל, מיט דעם הייבט אויך אָן די ירידה פֿון גדליה הורוויץ, וואָס איז געווען געקניפּט און געבונדן מיטן פּריץ. ער איז געווען דעם פּריצעס מעקלער, דער אָפּנעמער פֿון זיינע וועלדער, ער האָט באַזאָרגט דעם פּריץ מיט די נייטיקע קאַפּיטאַלן, אָבער קוים איז דער פּריץ געוואָרן עקאָנאָמיש שוואַך, האָט עס אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף גדליה הורוויץ און אים געצוואונגען אָפּצוטרעטן דאָס אָרט די נחום טאַראַביים און אברהם־משה בורנעסעס, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין פּיפּיקער פֿונעם גדליה הורוויץ. גדליה הורוויץ איז אין זיין וועזן, אין זיין טראַדיציע געבונדן מיט דער אַריסטאָקראַטישקייט פֿון דעם פּריץ, ניט־אומזיסט שטרייכט אונטער דוד בערגעלסאָן, אַז גדליה הורוויץ שטאַמט פֿון אַן אַלט־גערמאַנישער משפּחה, בעת די טאַראַביים און די בורנעסעס זיינען די פּשוטע מענטשן, די אַזוי גערופֿענע „מיעשטשאַניעס”, וואָס זיינען אַרויסגעוואַקסן פֿונעם קליינשטעטלדיקן האַנדל און פֿאַרנומען גלייך אַ פּאָזיציע, ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שפּורן פֿון אַן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל. דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַל האָט זיך גענייטיקט אין זייער פֿאַרמיטלונג, ניט בלויז כדי צו פֿאַרבינדן זיך מיטן קאָנסומענט, נאָר כדי אויך אַרויסצושטופּן דעם פּריץ און זיינע אַרויסהעלפֿער. אויף אַזאַ שטייגער ווערן זיי אַ דירעקטע קאָנקורענץ פֿאַר גדליה הורוויץ. דאָך זוכן זיי זיך מיט אים מתחתן צו זיין, ווייל עס אימפּאָנירט זיי דער יחוס פֿון אַ יורד און דורך דער טאָכטער זיינען זיי אויסן זיך איינצוקויפֿן אין אַריסטאָקראַטישקייט, זיך שטעלן אויף דער ליניע פֿון די פּריצים. עס טוט עס ניט אַזוי דער אַלטער אברהם־משה בורנעס, ווי דער יונגער וואָווע בורנעס, וועלכער האָט געוואָלט, אַז „ביי זיי אין שטוב זאָל אַלץ זיין אַזוי שטיל און ליטיש, ווי ביי די פּריצים” און בשתיקה לערנט ער אפילו ביי אַ לערער, אַז ער זאָל געפֿעלן ווערן גדליה הורוויצעס טאָכטער מירל. דוד בערגעלסאָן שילדערט דאָ אַ נאַטירלעכן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, פֿאַרבונדן מיטן עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און פּאָליטישן, — דער איבערגאַנג פֿונעם פעאָדאַליזם צום אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם און ווי אַזוי עס האָט געווירקט אויף דער סביבה פֿון דער אידישער באַלעבעסלדיקייט און אינטעליגענץ. עס איז וויכטיק און כדאי אונטערצושטרייכן: דוד בערגעלסאָן שטעלט פֿאַר צוויי צווייגן פֿון דער אידישער עקאָנאָמיק אין זיינע ווערק, — פֿון איין זייט איז גדליה הורוויץ דער וואַלד־סוחר, ווייל די פּריצים זיינען אויסער באָדן אויך געווען די גרויסע וואַלד־אייגנטימער און פֿון דער צווייטער זייט רעדט ער וועגן דער צוקער־פֿאַבריק,

עס איז די אינדוסטריאַליזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט און דייטעט אָן דעם שטח, וואו די האַנדלונג שפּילט זיך אָפּ. די צוקער־אינדוסטריע אינעם אַלטן רוסלאַנד איז געווען אין רוב קאָנצענטרירט אויף אוקראַינע און דאָס קלערט אויף, וואו עס געפינט זיך דער טעטיקייט־שטח פון דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן און פאַרוואָס עס קומט ניט ביי אים צום אויסדרוק דער אידישער אַרבעטער: די צוקער־פאַבריקאַציע האָט קיינמאָל ניט אויפגענומען קיין אידישע אַרבעטער און דאָס צאַרישע אוקראַינע האָט ניט פאַרמאָגט אַזעלכע אינדוסטריעס, וואָס זאָלן איבער־הויפּט אויפנעמען אידישע אַרבעטער, און אויף וויפל דוד בערגעלסאָן האָט געשילדערט די אידישע סביבה האָט ער ניט געהאַט פאַר זיך אין יענער צייט אַן אַרבעטער־ווירקלעכקייט. ער האָט בלויז געזען פאַר זיך דעם אידישן באַלעבאָס, דעם גרויסן סוחר און זיינע פאַרמיטלער און אויב ער דיפערענצירט זיי שוין אין זיין „אַרום וואָקזאַל“, שטעלט ער זיי פאַר אין אַ פיל גרעסערער דיפערענצירטקייט און בילדערישקייט אינעם „נאָך אַלעמען“, וואו ער שליסט אָפּ אַן עפּאָפּייע פונעם אידיש־באַלעבעסלדיקן לעבן, ווי עס איז פונעם אידיש־טראַדיציאָנעלן אַריבער צום אַסימילאַטאָרישן, — דער אייגנטלעכער אָנהייב פון דער אידיש־באַלעבעסלדיקער און באַלעבעסלדיק־אינטעליגענטישער דעקאַדענץ.

עס איז קלאָר: דוד בערגעלסאָן שטעלט פאָר אין זיין „נאָך אַלע־מען“ צוויי דורות פונעם אידישן לעבן אין זייער גרויסער און ווירקנ־דיקער סתירה. גדליה הורוויץ איז דער טיפּישער פאַרטרעטער פונעם פּריצישן און טראַדיציאָנעלן אינעם אידישן לעבן, ער איז סיי דער בעל־תורה, סיי דער בעל־יחוס, בעת טאַראַביי און אברהם־משה בורנעס זיי־נען די טיפּישע פּראָדוקטן פונעם אַנטשטייענדיקן אינדוסטריעלן קאַפּי־טאַל, אויך שוין אויפן וועג צום פינאַנציעלן קאַפּיטאַל, וואָס שאַפן אָפּ טראַדיציע און פאָדערן פלינקייט, צופּאַסונג, „טעמפּאָ“ פון באַוועגונג און האַנדלונג, וועלכע גדליה הורוויץ קען ניט אָניאָגן און ווערט דאַרום דער אַרויסגעשטויסענער. דוד בערגעלסאָן שילדערט זיינע פּערסאָנאַזשן אין זייער מאָבילקייט אויפן וועג פונעם שטעטל צום וואָקזאַל און פון דאָרט אין דער גרויסער קרייזשטאָט, וואָס גיט מער שאַנסן און מעגלעכ־קייטן. עס זיינען די פאַקטאָרן פונעם עקאָנאָמישן, אין וועלכער דער טעכנישער פּראָגרעס שפּילט אַ ווירקנדיקע און אַנטשיידנדיקע ראָל. גדליה הורוויץ איז געוואוינט צו פאָרן מיטן פאַעטאָן, מיט דער בריטשקע און די נאַ־שפּיץ־געשפּאַנטע פערד זיינען פאָרט ניט אין שטאַנד אָנצויאָגן דעם באַן, — צוליב דעם טאַקע קאָנקורירן אים אויס די טאַראַביים און די בורנעסעס. אגב ווייזט אַרויס דוד בערגעלסאָן מער סימפּאַטיע צו גדליה הורוויץ, און נאָר מחמת דעם, ווייל דאָס גייסטיק־טראַדיציאָנעלע פונעם אַלטן אידישן משכיל איז אים נעענטער און ליבער, ווי דאָס עם־

הארצישע, אסימילאטאָריש־געקינצלטע און פּריציש־נאָכגעמאַכטע פון די בורנעסעס.

* * *

אין געוויסע הינזיכטן דעקט אויף דוד בערגעלסאָן די עקאָנאָמי־שע דיפערענצירונג פונעם אידישן שטעטל אין די צייטן פון אַן איבער־גאַנג פונעם פעאָדאַליסטישן פּעריאָד צום אינדוסטריעל־קאַפּיטאַליסטישן און שטרייכט אונטער, ווי אַזוי דער אידישער באַלעבאָס האָט זיך בהדרגהדיק באַהעפט מיטן אינדוסטריעלן לעבן אין דער פאָרעם פון אַ פאַרמיטלער, הענדלער אָדער אַליין ווי אַ פאַבריק־אייגנטימער. ער ווייזט אויך, ווי אַזוי די זעלבע אַנטוויקלונג האָט געמאַכט איר ווייטער־דיקן גאַנג פונעם אינדוסטריעלן צום פינאַנציעלן קאַפּיטאַל. אין דער הינזיכט זיינען בערגעלסאָנס ווערק אַ באַשטימטער בייטראָג צו דער גע־שיכטע פון דער אידישער עקאָנאָמיק און אויב ער האָט עס ניט געגעבן אין דעטאַלירטע סכעמעס, ברענגט עס אַרויס דער דיכטער דורך זיינע פערסאָנאַזשן. שמואל זיידענאָווסקי פון „נאָך אַלעמען”, צום ביישפּיל, איז שוין אַ טיפּישער פאַרטרעטער פונעם פינאַנץ־קאַפּיטאַל, ער האָט שוין צו טאָן מיט די בענק, דערפאַר טאַקע איז שוין זיין אָרט אין דער גרויסער שטאָט. דאַרום ציט תחילת מירעלען מער צו זיידענאָווסקין, ווי צו אַנדערע. צו אים, ווי צום אידן אָדער הענדלער, פילט שוין ניט מירל אַזאַ שנאה, ווי צו אַלע אַנדערע. די זיידענאָווסקים זיינען איר אויך נאָענטער אין יחוס, ווייל זיי טראָגן שוין אויף זיך דעם גלאַנץ פון דער גרויסער שטאָט און פאַרמאָגן אַ שיין פון קולטור, אָבער אויך ער, דער זיידענאָווסקי, איז ניט דער, וואָס קען באַפרידיקן דעם גדליה הורוויצעס טאָכטער אין איר אויסוואַל, ווייל גראָד מירל געהערט צו די, וואָס ניט בלויז זיי לעבן איבער, נאָר זיי מחשבותן אויך און גראָד קומט זי צו אַ טיפּיש־שאָפּענהויערישן אויספיר, וואָס ווערט אויך דער אורטייל פאַר איר סביבה און צייט:

„אַלע מענטשן זיינען שוין אייגנטלעך צו אַלט און צו קלוג אויף ווייטער צו לעבן. צייט איז שוין אפשר, אַז אַלע זאָלן זיי וואָס גיכער שטאַרבן, און אַז אויף זייער אָרט זאָלן געבאָרן ווערן אַנדערע”.

עס איז מירעלעס סכעמע אין אורטיילן מענטשן און צייט און עס איז אַ רעזולטאַט פון איר אינטעליגענץ, וואָס נעמט מער דעם וואָרצל אינעם אינסטינקט, אינעם אינטואיטיוון, ווי אינעם אינטעלעקטועלן. איר מחשבותן איז אַ רעזולטאַט נישט פונעם וואָליטיוון, פונעם ווילן־ווירקנ־דיקן, נאָר פונעם אַפעקטיוון און עס איז ביי איר פאַרבונדן מיטן סעק־סועלן, ריכטיקער געזאָגט, מיטן סענסיטיוון. פּונקט ווי ביינישׁ רוביג־

שטיין אין „אַרום וואָקזאַל״ אַזוי ליידט אויך מירל פון אומבאַפרידיקטע סעקסועלע פאַרלאַנגען, וואָס זיינען אַלעמאָל ביי איר מער דמיון ווי טאַט, מער פּאַסיווע פאַרשטעלונג ווי באַוועגונג און באַזונדערס שטרייכט עס אונטער דוד בערגעלסאָן אין מירלס טרוים וועגן דעם אומבאַקאַנטן פּאָליטעכניק:

„און איבער עפּעס פילט זי נאָך צו זיין אויסגעלאַסענעם קוק אַ שטילע און תאוההדיקע אויפרייצונג, אַן אויסגעמישטע מיט יצר־הרע־געדאַנקען און מיט אַ טיפער אינעווייניקסטער געפאַלנקייט. די תאוההדיקע אויפרייצונג ווערט פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט דער אָפּלויפנדיקער פור, נאָר די געפאַלנקייט בלייבט, פאַרשטאַרקט זיך און גייט איבער אין אַן אינעווייניקסטער חרטה־פּוסטקייט. דערפילט זי מיטאַמאָל, ווי קליין און געפאַלן זי זעט אויס איצט אין די אייגענע אויגן, און וויל פון זיך אָט דעם געפיל פאַרטרייבן, דערמאָנט זיך איבער עפּעס אינעם פאָרשטאָט פון ווייטן קראַנק און אין אים, שמואליק זיידענאָווסקין אַליין...״.

פאָרשטעלונג איז ביי מירעלען גרעסער און ווירקנדיקער ווי טאַט און אַזוי פירט זי זיך אין דער גאַנצער פּאַנאָראַמע פון איר מענער־אַרומרינגלונג. צו איינציקע האָט זי באַציאונג ווי צו מענער, מיט וועלכע זי וואָלט געקענט פאַרבינדן איר ווייטערדיקן לעבן, ווי צום ביישפּיל וואָווע בורנעס און שמואליק זיידענאָווסקי, און די אַנדערע זיינען בלויז אָביעקטן פון איר בענקעניש און שפּיל, פון איר סעקסועל־פאַרדמיונטער אומבאַפרידיקטקייט. צו די אַנדערע געהערן נתן העלער, דער קרומער סטודענט ליפּסקי, טאַראַביים זון, דער פּאָליטעכניק, מאָנטשיק, סאַפּיאַן, — זי איז דער שפּיגל פון דער סביבה, אין וועלכער עס רעליעפיזירן זיך אויך די פּרויען־פּערסאָנאַזשן, די אַקושערקע שאַץ און די רעוואָלוציאָנערע, געזעצטקלוגע קורסיסטקע מרים ליובאָשיץ, און איבער אַלע שטייט מירל מיט איר לעצטן אויספּיר פון אַ מענטש, וואָס האָט קיינמאָל קיין זומער ניט געהאַט און אויך פאַרשפּילט אַ לעצטן האַרבסט. די אָנרעגונג צו דעם איז דער העברעאישער דיכטער הערץ, — פאַר מירלען איז ער דער איינער, וואָס ווייסט נאָך „עפּעס״, נאָר ער האַלט עס בסוד און דורך דעם קומט זי צום העכסטפּונקט פון איר לעצטן מחשבותן, ווען אין וויזיע זעט זי אַן אַנדער מירל, וואָס ווינקט צו איר פונדערווייטנס:

„קיינער ווינקט צו איר, זי ווייסט ניט, צוליב וואָס עס בלאָנדזשעט אַרום מירל הורוויץ. און איך מירל, וואָס איך ברען אין פייערדיקן עק הימל אויפן האָריזאָנט, איך האָב שוין אַמאָל אויך אַרומגעבלאָנדזשעט און האָט אויך ניט געוואוסט צוליב וואָס״.

עס איז דוד בערגעלסאָנס אויספּיר און אורטייל ניט בלויז פאַר מירלען, נאָר פאַר דער גאַנצער סביבה פון איר אַרומרינגלונג און דער

דיכטער צילט אויפצודעקן די פוסטקייט און אינהאַלטסלאָזיקייט פון לעבנס, ווען זיי זיינען ניט דעפינירט פאַר אַ געוויסן ציל און שטרעבונג אין לעבן. עס זיינען מער שאָטנס, וואָס בלאָנקען אַרום אין אַ פינצ־טערניש, און אויב דוד בערגעלסאָן טיילט אוים די מירל, ווי אַ שיין, דינט עס אים ווי אַ פּראָזשעקטאָר צו באַלייכטן אַ רעאַליזם אין די אומ־שטענדן פון אַן איבערגאַנג־עפּאָכע, ווען איין עקאָנאָמיש־קאַפּיטאַליס־טישע פאָרעם איז פאַרשוואונדן און אַן אַנדערע איז געקומען צו פאַר־נעמען איר אָרט, אויסברייטערן און פאַרטיפערן די פוסטקייט, אין וועל־כער דער גייסט פאַרלירט זיין לעצטע אחוזה און אָטעם. אויף אַזאַ שטיי־גער איז דער „נאָך אַלעמען" ניט בלויז דער ראָמאַן פון דער שטעטל־דיקער אידישער נגידהשאַפט אין אירע פאַרשיידענע טראַנספאָרמאַציעס, נאָר אויך די טראַגעדיע פון דער אידישער בירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס בלאָנקעט זיך אַרום אין די אומשטענדן „אָן אַ ציל און אָן אַ שטרעבונג", — אין „נאָך אַלעמען" גיט דוד בערגעלסאָן די אַלגעמיינע שטריכן פון דער טראַגעדיע און ביכטיק קאָנקרעטיזירט ער עס אינעם דריטן טייל פון דער טרילאָגיע אָדער גרופּן־שאַפונג „אָפּגאַנג", די ריכ־טיקע טראַגישע געשיכטע פון דער אידישער אינטעליגענץ אין די אומ־שטענדן פון די קאַפּיטאַליסטישע ענדערונגען און אַנטוויקלונגען.

* * *

מירל אייגנטלעך איז שוין די, וואָס זוכט דעם פאַרלאָרענעם עיקר און רעדט וועגן דעם מיטן קרומען סטודענט ליפּסקי:

„ליבע איז ניט דער עיקר, יעדערער פאַר זיך ווייסט עס... און דאָך דער עיקר אַליין וואו איז ער? אפשר איז פּאָרט פאַראַן אַזאַ ווינקל אין לעבן, וואו מען קען וועגן אים אַ פּאָר ווערטער הערן!"

עס איז דער פּאָזיטיווער שטריך פון מירלס מחשבותן, וואָס באַנעמט די אומצופרידנקייט פונעם לעבן, און ווייסט, אַז עס איז צוליב דעם, ווייל עס פעלט אַן עיקר, און אַן ענלעכע אומצופרידנקייט געפינט מען אפילו ביי די סאַפּיאַנס, אַקושערקע שאַץ און אַנדערע, וואָס האָבן ווײ־ניקער גייסטיקע פאָדערונגען און געפינען אויף זייער שטייגער אַן אחוזה אין לעבן, און די אייגנשאַפט פון די אומצופרידענע באַשטייט אין דעם, וואָס קיינער טוט גאָרניט דאָס לעבן אויסצובעסערן:

„אַלע, די אַקושערקע פּאָליע, סאַפּיאַן, ליפּסקי זיינען ניט צו־פרידן מיטן לעבן, נאָר קיינער פון זיי טוט גאָרניט, כדי אָט דאָס לעבן איבערצומאַכן, און אויף דער וועלט זיינען פאַראַן פיל אַזעלכע אומ־צופרידענע אַקושערקעס פּאָליעס, סאַפּיאַנס, און אַלע קומען זיי זיך איצט אין אָוונט צונויף אין באַלויכטענע הייזער, וואָס אין פאַרשיי־דענע שטעט און שטעטלעך, און אַלע גייען זיי נאָכדעם צו זיך אַהיים

און טוען דאָרט ווייטער דאָס, וואָס זיי האָבן שוין געטאָן נעכטן, דאָס, וואָס איז שוין פיל מענטשן פאַר זיי נמאס געוואָרן צו טאָן".

מירל רעדט אין נאָמען פונעם אינטעליגענטן־שיכט, וועמען עס פעלט פאַרמעסט און שוואונג. ערשט די ריכטיקע אויסוויקלונג ברענגט דוד בערגעלסאָן אין „אָפּגאַנג", וואָס איז אַ מין אויפבינדונג פון „אַרום וואָקזאַל" און „נאָך אַלעמען". יעדער טייל פונעם גרופּן־שאַפונג איז געווידמעט אַ געוויסן שיכט. אינעם „אַרום וואָקזאַל" קומט צום אויסדרוק דער קליינבירגער אין אַלע זיינע השגות און שטרעבונגען, אינעם „נאָך אַלעמען" דער עקאָנאָמישער אויפשטייג און אַנטוויקלונג פון דער אידישער גרויס־בורזשואזיע, און דער דריטער טייל איז די טראַגישע געשיכטע פון דער אידישער אינטעליגענץ אין דער אומדעפינירטקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. אין דער זעלבער צייט ווייזט ער אויך ווי דער האַנדלס־קאַפּיטאַל, פּערזאָניפיצירט אינעם רייכן קרעמער עזריאל פויזנער, אינעם פאַרמעגלעכן עוזר ליובאַר און סוחר בראָמבערג, ווירקט אויף דער פאַרענדערונג פונעם שטעטל, ווי די אידישע אינטעליגענץ איז פאַרבונדן מיט דעם שיכט, אָבער עס איז אַלץ ניט קיין ישועה און ניט קיין סגולה. „אָפּגאַנג" איז אייגנטלעך ניט קיין ראָמאַן און ניט קיין דערציילונג, עס איז דאָרט איבערהויפּט ניט פאַראַן קיין האַנדלונג, — עס איז מער אַ סקיצנבוך אָדער אַן עפּיזאָדן־זאַמלונג פון אַ פּערסאָנאַזש, וואָס איז געקומען פאַרבייטן אַ טויטן אָדער דערמאָנען דעם זכר פון אַ טויטן אין אַ סביבה פון בענקענדיקע און גייסטיק־יור־דישע מענטשן. עס איז כאַראַקטעריסטיש און מערקווירדיק: דוד בער־געלסאָן הייבט אָן דעם „אָפּגאַנג" מיטן אַריינפיר, אַז „שפּעט נאָך האַלבן טאָג האָט מען מקבר געווען מלכן אויפן קליינשטעטלדיקן ראַקיטנער בית־עלמין", און מיט דעם הייבט זיך אָן די אָדיסייע פונעם טויטן מלך צווישן די לעבעדיקע. באַלד נאָך מלכס טויט באַווייזט זיך אין שטעטל זיין חבר חיים־משה און חיים־משה גייט אַרום צווישן די לע־בעדיקע רק מיט איין געדאַנק, — דערגרונטעוועץ די סיבה פון מלכס פּלוצימדיקן טויט, ווי אַ געשפּענסט פירט ער אים אַרום צווישן די לע־בעדיקע און ער לעבט אין האַלוצינאַציע־שמועסן מיטן טויטן מלך. אפילו נאָכן טויט איז מלך זיין פירער און ראַטגעבער אין לעבן, אָבער זיינען דען דער מלך און חיים־משה צוויי באַזונדערע אָדער אפשר גאָר איי־נער, דער איינער, וואָס איז לאַנג שוין טויט פאַרן לעבן, דאָך וואָס זוכט פאַר זיך אַ תיקון? ס'דרינגט שוין אַריין אַ ביסל אין דער ספּערע פון מיסטיק און סימבאָליק, אָבער מיט דעם צאָלט בערגעלסאָן צינז דער צייט, ווען דער מענטש האָט געלעבט און געגלויבט אינעם דואַליזם פון גייסט און נשמה. אין אַ מאָמענט פון מחשבותן פאַראַט זיך חיים־משה אַליין, אָדער גאָר דער דיכטער, אַז חיים־משה און מלך זיינען איין מענטש:

„גייענדיק איינער אַליין צוריק אין וואַלד אַריין, האָט ער אומ־ באַמערקט פאַר זיך אַליין אָנגעהויבן טראַכטן וועגן מלכן, אומבאַ־ מערקט פאַר זיך אַליין גענומען פירן מיט אים אין געדאַנק אַ שמועס: ער חיים־משה און מלך, דאָס זיינען אין תוך גענומען איין מענטש; ער, חיים־משה, איז אָפּגעזונדערט און שטרענג, וויל ער ניט מוחל זיין קיינעם, וויל ער אָנשמעקן אין לעבן מער, ווי אין דעם איז פאַ־ ראַן, ער מוז סוף־כל־סוף אין זיך גובר זיין זיין אייגענעם ווייך־שמייכ־ לענדיקן מלכן, וואָס האָט אויף יעדערן אַ זכות און קומט אַריין אין יעדער שטוב און לאָזט דאָרט איבער זיין ברכה. נאָר אָט איז אַ פאַקט: מלך האָט דווקא איצט נאָכן טויט באַקומען מער וואָג — מלך מיט זיין שעמעוודיקן ווייך־שמייכלענדיקן פּנים".

אַלזאָ: מלך און חיים־משה זיינען איין מענטש, אָבער מיט אַ נשמה־ דואַליזם, אַריינגעפּאַפּסט מער אין דער אידישער, דאָך טיילוויז אויך אין דער קריסטלעכער עטיק. מלך איז פאָרגעשטעלט אין געזיכט פון אַ שמייכ־ לענדיקן קריסטוס און חיים־משה איז דער שטרענגער סטאָיקער, וואָס וויל קיינעם ניט מוחל זיין, וואָס וויל דערגרונטעוועון אינעם לעבן, וואָס דאָס לעבן פאַרמאָגט אָדער קען געבן, — דוד בערגעלסאָן שטעלט דאָ אוועק דעם אינטעליגענט אין דער קאַטעגאָריע פון אַ פילאָזאָף, דאָך, וואָס דענקט מער אינעם טראַנסצעדענטאַלן, ווי אינעם קאָנקרעטן, מאַ־ טעריעלן, אָדער עקזאַקטן, הגם מען ווייסט, אַז חיים־משה איז אַ מאַטע־ מאַטיקער, אָבער די עקזאַקטע וויסנשאַפט באַנוצט ער ניט צום דעפינירן קלאָרע און אָפענע אמתן, נאָר גאָר צו מאַכן היפּאָטעזן, וואָס פירן צו די שטערן, „העכער פונעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד און באַגריף". אין אַלגעמיין שפּילט חיים־משה די ראָל פון אַ „האָמאָ סאַפּיענס", פון אַ רעזאָנירנדיקן בעל־שכל, און דאָ זאָל אויך קאָרעגירט ווערן, אַז דוד בערגעלסאָן האָט זיך אין דער הינזיכט ניט געפונען אונטערן איינפלוס פון אַ קנוט האַמסון, נאָר מער פון אַ פּשיבישעווסקי און זשעראָמסקי. זיין חיים־משה דערמאָנט מער אין פּאָבראַטימסקי, דעם העלד פון זשע־ ראָמסקיס „די טאַטן פון זינד" און אין פּשיבישעווסקים העלד פון „האָ־ מאָ סאַפּיענס", בלויז אַרויפגעפירט אויף אַ אידישער באַזע.

עס איז אינטערעסאַנט: חיים־משה, וואָס טראָגט אַרום אין לעבן דעם שאָטן און זכר פונעם פאַרשטאָרבענעם מלך, שפּילט אין „אָפּגאַנג" די זעלבע ראָל, וואָס מירעלע אין „נאָך אַלעמען". מירעלע גרופּירט אַרום זיך אַ גאַלעריע פון מענער, און חיים־משה קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ גאַלעריע פון בענקענדיקע, סענסיטיווע־אומבאַפרידיקטע פרויען. זייערע בענקענישן גייען אייגנטלעך אויף מלכן, אָבער אינעם לעבעדיקן חיים־ משהן געפינען זיי דעם מלך־רעפלעקס. עס זיינען די פרויען חוה פויז־ נער, עטל קאַדיס, חנהקע ליובאַר און טיילוויז אויך די פרייע צוהערערין

אסתר פיך, און יעדע פון די פרויען איז צוגעפּאַסט צו אַ באַשטימטער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער קאַטעגאָריע. יעדע טראָגט איר בענקעניש אויף אַ פאַרשיידנאַרטיקן אופן און דורך זיי ברענגט בערגעלסאָן אויך צום אויסדרוק די ווירקונג פונעם האַנדלס־קאַפּיטאַל, וואָס שלאָגט טיפע וואָרצלען און באַאיינפלוסט דאָס לעבן. די עטל קאַדים איז אייגנטלעך אַ מין צווייטע אויפלאַגע פון אַ מירל וואָס איז פאַריתומט געוואָרן און לעבט אין די איבערבלייבעכצן פון איר יחוס און די איינציקע, וואָס וועט נאָך באַקומען אַ תיקון איז חוה פּויזנער, ווייל אַ דאַנק דער סאָ־ציאַלער און עקאָנאָמישער באַזע פון איר פאָטער, דעם רייכן קרעמער עזריאל פּויזנער, וועט זי זיך מתחתן זיין מיטן אויפשטייגנדיקן אינ־דוסטריעלער, דעם אינזשעניער דעסלער. איז דעסלער אַמאָל ניט דער פּאָליטעכניק, צו וועלכן מירל האָט בענקעניש, דער שטאַם פון דער משפּחה טאַראַביי, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין אַן אינזשעניער דעסלער, דער טאָרף־פּראָדוצירער און באַלעבאָס פונעם בראָוואַר? עס איז פאַראַן דאָ אַ פאַרשטענדלעכע פאַרבינדונג צווישן צוויי עקאָנאָמישע קאַטעגאָ־ריעס און אַרום דעם ווערן אויך דעפינירט די אַנדערע סאָציאַלע שיכטן און עקאָנאָמישע קאַטעגאָריעס פונעם שטעטל, ווי דער פאַרמעגלעכער עוזר ליובאַר און דער יונגער בראָמבערג. עס איז אויך צום ערשטן מאָל, ווי דוד בערגעלסאָן פירט אַריין דיפערענצירונג פון סביבה. אין „נאָך אַלעמען" איז די סביבה נאָך איינהייטלעך, — דוד בערגעלסאָן זעט דאָרט בלויז דעם שיכט פון די גדליה הורוויצעס, טאַראַביים און בור־נעסעס, אָבער דאָ זעט ער שוין אויך דאָס הינטערשטעטל, וואו עס לעבט די אָרעמקייט. פאַר חיים־משהן איז דער צענטער פון שטעטל בלויז אַ מין פאַרבינדונג צווישן דעם וואַלד און די אָרעמע טיילן פון שטאָט און די פּערסאָנאַזשן ווערן דאָ טיפּיש פאַרטיילט צווישן סביבה. פון איין זייט דער פאַרמעגלעכער שיכט, ווי עזריאל פּויזנער, עוזר ליו־באַר און דער יונגער בראָמבערג און פון דער צווייטער זייט זיינוול פּאָטשטאַר, דער שוסטער־יונג זאַלקער און שאָולקע שניידער, וואָס טראָגן זיך שוין אַרום מיט אַ געוויסן האַס און פיינטשאַפט צו די פאַרמעגלע־כע, און צווישן די שטייט דער טייל פון דער אינטעליגענץ, ווי דר. גראַ־ביי, סטודענט בריל, אַנשל צודעק און אַנדערע, וואָס זעען מער די פאַר־מעגלעכע ווי די אָרעמע, באַטראַכטנדיק די טעכטער פון די פאַרמעגלע־כע, ווי גוטע און לוינבאַרע שידוכים, הגם זייער סעקסועלע באַפרידי־קונג וועלן זיי גיכער זוכן ביי די נייטערקעס לאה די שוואַרצע אָדער דעם דינסטמיידל חיהקע. אַגב שטרייכט דאָ אונטער דוד בערגעלסאָן, אַז דאָס, וואָס דער פּשוטער מענטש טוט אין דער סעקסועלער באַפרי־דיקונג מגושמדיק, באַמיט זיך דער אינטעליגענט צו טאָן איידל און פאַרבאָרגן. דער אויסנאַם אין דער סביבה איז דער פאַרוואַלטער פון

דער תלמוד־תורה פרעגער, וואָס איז דער אָפענער און אומפאַרשעמטער ציניקער.

דאָך גייט ניט אַזוי דוד בערגעלסאָנען אינעם אונטערשטרייכן די דעקאַדענץ פון דער אינטעליגענץ־סביבה, ווי אינעם אָנדייטן, אַז עס הייבט זיך אָן שוין אַ געוויסע דיפערענצירונג, הגם נאָך ניט קיין קלאָרע און זיכערע, אָבער דאָך שוין אַ ווירקנדיקע. וועגן מלכן ווייסט מען, אַז אין דער גרויסער שטאָט איז ער געוועז אָנגעשלאָסן אין אַ פּאַרטיי און איז צוליב דעם געוועז צוויי יאָר פאַרשיקט, בעת חיים־משה איז דער הומאַניטאַרער סטאָיקער און לעבט נאָך מיט דער אידילישער טראַדיציע פון זיין פאָטער:

„אַלע זיינען דאָך דאָרטן אין דער גרויסער שטאָט געוועזן זיכער, אַז ער, חיים־משה, האָט קיינמאָל קיינעם ניט ליב געהאַט. נאָר אין אמתן האָט ער שטאַרק ליב געהאַט דעם טאַטן זיינעם — ער איז געוועזן אַ היגער, און זיי, די קרעמער, האָבן אים באַדאַרפט קענען. ער, חיים־משה, זאָגט זיי אויף נאמנות: קיין פוסטן קאָפּ האָט אָט דער אויסערלעך פרומער איד ניט געהאַט. זאָלן זיי אים מוחל זיין, וואָס ער האָט זיך אַלע יאָרן אַרומגעטראָגן מיט זיין פירוש אויף תהילים און מיט זיינע חנדלעך אויף אבן־עזרא. דערפאַר האָט ער ווינציקער ווי אַלע אַנדערע אינזינען געהאַט פרנסה. ער איז געוועזן אַ וויסנ־דורשטיקער. אַז דאָס היגע, צווייטע ווייב זיינס איז געשטאָרבן, האָט ער פאַרקויפט די שטוב, און איז אַוועקגעפאָרן אויף צוויי חדשים אויסקוקן פּאַלעסטינע. אַלע זיינע יאָרן, האָט ער נאָכדעם אים, חיים־משהן, געשריבן, האָב איך געטראַכט וועגן ארץ־ישראל. מיר טוט באַנג, וואָס איך האָב ניט געהאַט אויף הוצאות אַראָפּצופאָרן און אַ קוק טאָן אויף אַלעקסאַנדריע של מצרים".

עס איז שוין דאָ פאַראַן אַ רמז ניט בלויז אויף דער אידישער וואוילקענעוודיקייט, אויפן כאַראַקטער פון דעם אידישן משכיליזם, נאָר אויך אויף פּאַלעסטיניזם, וואָס איז נאָך פאַרלויפיק אַ גייסטיקע קאַטע־גאָריע, בעת אין אַנשל צוריק ווערט שוין בפירוש אַרויסגעבראַכט די אידייע פון ציוניזם, אַרויסגעדרונגען פון אַנשלס דערקענטעניש:

„ער איז אַ סקעפּטיקער, אַנשל צודיק, און איז שוין אַ פּאָר יאָר געוועזן אין פּאַלעסטינע. ער גלויבט בכלל ניט, אַז אין גלות זאָל עפּעס אויפגעטאָן ווערן".

אַנשל צודיק איז דער המשך פונעם העברעאישן לערער הערץ. דוד בערגעלסאָן שטעלט פאַר דורך אים אַ געוויסע נייגונג און קאַטעגאָריע פון דער אידישער אינטעליגענץ, וואָס באַקענט זיך צו נאַציאָנאַליסטישע פּראָבלעמען, אָבער אַגב־אורחהדיק, אומבאַגרינדעט, פּונקט ווי ער ווייזט אויך אָן אינעם שמועס צווישן זאַלקערן און חיים־משהן אויפן אָנהייב

פונעם רעוואָלוציאָנערן אין דער אידישער סביבה, דאָך וואָס קומט ניט פונעם אינטעליגענטישן, נאָר פונעם פשוטן, פונעם פאָלקס־שיכט:

„ביי אים, זאַלקערן, איז אויך פאַראַן אַ אינגערער בראַטאָק, אַ רעוואָלוציאָנער. דרייט זיך אַרום די גאַנצע צייט ערגעצוואו צווישן כערסאָן און ניקאָלאַיעוו, אַ כוואַט אַ בחור. באַגעגנט ער זיך מיט אָט דעם בראַטאָק זיינעם. פשוט אויף דער גאַס באַגעגנט ער אים און זאָגט צו אים אַזוי:

„וואָס זשע הערט זיך עפעס, יונה?" — זאָגט ער צו אים.

„וואָס זאָל זיך הערן, ענטפערט יונה, עס וועט זיין גוט".

„ניין, ניט דאָס מיין איך, זאָגט ער צו יונהן, עס איז דאָך שוין אַ פּאָר יאָר איגגאַנצן שטיל ביי אייך".

„האָב קיין יסורים ניט".

„טאָ זע־זשע, זאָגט ער צו יונהן, זע־זשע, עס זאָל די גבירים נאָכאַמאָל אַ קיל טאָן אין פופיק. כע־כע־כע!".

אויף אַזאַ שטייגער פירט שוין אַריין דוד בערגעלסאָן אַ געוויסן אָנדייט אויף דער סאָציאַלער דיפערענצירונג פונעם אידישן שטעטל, אָבער נאָך גענוג אומקלאָר און ניט דעפינירט. עס איז פאַראַן סאָציאַלע צעגלידערונג, אָבער ניט רעליעף אונטערגעשטראָכן, פונאַנדערגעטיילט, דאָך איז שוין פאַראַן אַ מין קאַטעגאָריע־איינטיילונג. עס איז פאַראַן דער רייכער טייל און דער אָרעמער טייל פונעם שטעטל, אויף דער אַרענע טרעט דאָ אַרויס דער אידישער קרעמער און דער אידישער באַלעבאָס, וואָס לעבט פון הייזער־גיטער, ביי דער זייט זעט מען אויך דאָס שטעטלשע הינטערגעסל, אָבער וואָס עס האָט דוד בערגעלסאָנען אַממערסטן אינטערעסירט איז צו געבן דאָס בילד פון דער אידישער אינטעליגענץ, אָנווייזנדיק, אַז זי געפינט נאָך ניט איר תיקון, ניט אין דער גרויסער שטאָט און ניט אינעם שטעטל. ווער זיינען דען מלך און חיים־משה?ביידע האָבן זיי זיך פון דער שטעטלדיקער ווירקלעכקייט אַריבערגעטראָגן אין דער גרויסער שטאָט, אָבער אויך דאָרטן האָבן זיי ניט געפונען קיין תיקון פאַר זייער נשמה און גייסט און דארום וואַנדערן זיי צוריק אין שטעטל. וואָס טוען מלך און חיים־משה אין דער גרויסער שטאָט? ביידע דרייען זיי זיך אַרום דאָרטן אין דער טומלדיקער גרויסער שטאָט, און ביידע געדענקען, אַז זיי טראָגן קליינע, קוים מערקזאַמע הויקערלעך אויף די אינגלשע פלייצעס.

„די ירושה־מתנה, אַזוי רופן זיי אָט די הויקערלעך, און שמייכלען איינער צום צווייטן, די ירושה־מתנה פונעם קליינשטעטלדיקן אידן, דעם טאַטן.

„און ביידע דרייען זיך דאָרטן אַרום פאַרטייעו, וואָס טומלען.

ביידע לייגן דאָרטן צו אַן אויער און זיינען צופרידן:
„עס איז גוט!"
אַז איינער פון זיי באַמערקט דאָרט אין שטאָט עפּעס אַ נייעס,
קומט ער מיט דעם פריילעך צו לויפן צום צווייטן:
„האָסט געהערט?"
ער איז נתפּעל:

„הערסטו, זאָגט ער, די וועלט וואָלט ניט ווערט געווען אַ גראָשן, ווען זי׳ לאָזט זיך ניט באַטראַכטן".

דער צווייטער כאַפּט עס באַלד אונטער:
„וואָס־זשע, שמייכלט ער, אַ באַקאַליי־קלייטל, אַ?... מיט אַ גלעקל?..."

און דער ערשטער ענטפערט גלייך אָפּ:
„און נאָך מיט וואָסער גלעקל!...".

אין דעם דיאַלאָג איז פאַראַן איינגנטלעך דער שליסל צום רוב פּער־סאָנאַזשן און זייער גייסטיקער וועלט, וואָס געפינען ניט קיין מנוחה און עס אַנטפּלעקט די גייסטיקע האָריזאָנטן פון דער אידישער אינטע־ליגענץ, פאַרבונדן מיט דער צייט און עפּאָכע, וואָס דוד בערגעלסאָן שילדערט. דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער אינטעליגענץ איז אָדער יאוש אָדער ציניזם און אין ביידע פאַלן איז אַריינגעוועבט די מיסטישע שטימונג. די ניט־דעפינירטקייט, דאָס וועלן „קוקן רק אין די הימלשע ספערן" דערוייטערט די פּערסאָנאַזשן פון דער רעאַליטעט און דעמאָלט ווערן זיי אָדער מיסטיש געשטימט, אָדער זיי לעבן אין אַ מין נירוואַנע־צושטאַנד. חיים־משה איז דער ריכטיקער אויסדרוק פון אַזעל־כע נירוואַנע־צושטאַנדן, הגם עס רייסט זיך דורך ביי אים מאָמענטווייז אויך אַ מין סטאָישער הומאַניטאַריזם. וועגן מלכן ווייסט מען, אַז ער איז געווען אַ פּאַרטייער און מסתמא זיך אומגעקערט אין שטעטל אַן אַנטוישטער און זיין אַנטוישונג איז געקומען פון צוויי קוואַלן. ערשטנס פון אַ ניט־באַפרידיקטער ליבע, אָדער ריכטיקער געזאָגט, ניט קענען זיך דעצידירן צווישן דער פּראַקטיש־קאָקעטער נגידישער מיידל חוה פויזנער און ראָמאַנטישער בעל־יחוסדיקער עטל קאַדים און צווייטנס צוליב דער ווירקונג וואָס עס האָט אויף אים אויסגעאיבט דער אַלטער יצחק־בער. יצחק־בער איז ניט בלויז דער טיפּ פון אידישן משכּיל, נאָר דער שאַרפער ראַציאָנאַליסט, ביי וועמען דאָס ראַציאָנאַליסטישע גרענעצט זיך מיט קריטישער באַציאונג און בייזקייט צו דער גאַנצער וועלט. אינעם ווייַ־טערדיקן וועט ער ווערן דער „בירגער וואָליע ברענער", אָבער אין די אומשטענדן פונעם רעאַקציאָנערן שטעטל, אָפּהענגיק פון דער נגידהד־שאַפט איז ער דער שווייגזאַמער און פון צייט צו צייט דער בעל־מוסר.

די הויפּטראָלן אינעם ווערק שפּילן יצחק־בער, חיים־משה און דער טויטער שאָטן פון מלכן און צוזאַמען מיט זיי גייען די מיסטיש־טרוי־מערישע און פּראַקטיש־ראָמאַנטישע חוה פויזנער, עטל קאַדיש און חנהקע ליובאַר, — די פּרויען לײַדן פון זייער סעקסועלער אומבאַפרי־דיקטקייט, — דאָס באַלעבאַטיש־טראַדיציאָנעלע לאַסטעט איבער זיי, פּונקט ווי איבער מלכן און חיים־משהן דאָס הויקערל, די ירושה־מתנה פונעם קליינשטעטלדיקן אידן דעם טאַטן", — דאָ ליגט די סיבה פון זייער טראַגעדיע, אין וועלכער חוה פויזנער קומט צום אויספיר, אַז „ניט מען לעבט, ניט מען שטאַרבט אין ראַקיטנע, נאָר מען גוססט" און חיים־משה קומט צום אויספיר, אַז עס וועט מוזן קומען דער דין־וחשבון:

„ער האָט זיך אומגעקערט צוריק אין וואַלד אַריין, צוריק צו זיך אין צימער:

„דער עיקר איז אומרו, מלך".

און נאָך:

„ביסט גרייט, מלך?"

„איך בין גרייט, חיים־משה".

„טאָ קום, מלך, קום צום דין־וחשבון".

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אויב אַפילו יצחק־בער, אויב יצחק־בער איז עפּעס אויסן גע־ווען מיט זיין שטומען ערנסט, איז יעדנפאַלס ניט נאָכצוטאָן דיר, נאָר פאַרקערט, טאָן דעם היפוך. ער האָט זיך דאָך נאָך אין די יונגע יאָרן צעקריגט מיט גאָט".

„איז צוליב וואָס נוצט די ווייכקייט בנוגע צו אַ וועלט, וואָס מען אָנערקענט זי ניט? צוליב וואָס שמייכלסטו, מלך?"

נאָר אַקעגן, אויפן ניט געפאַרבטן קאָמאָד, שטייט מלכס קליינע סטאַטועטע און שמייכלט אַלץ מיט איר שטענדיקן שעמעוודיקן שמייכל.

חיים־משה זעט זי פון אַקעגן, פון בעט, און ווערט אומרואיק:

„וויפל פאַנאַטיזם! וויפל עקשנות אין אָט דער גוטסקייט מלכס!..."

„און דו האָסט דאָך אויך ניט אָנערקענט די וועלט, מלך, פאַר־וואָס־זשע ביסטו אַזוי שטיל אַוועקגעגאַנגען?"

אדרבה:

„אַוועקגיין דאַרף מען מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיר, און זאָל אַ ציטער טאָן די שטוב, זאָלן זיך אויפכאַפּן די קליינע קינדער".

עס איז דער אומרו, ווי דוד בערגעלסאָן וויל אים זען אין אַן אַזוי געראָפענעם שטומען פּראָטעסט און עס איז דער דין־וחשבון, וואָס קען אינעם ווייטערדיקן ווערן דער ריכטיקער „מידת הדין" און דאָ האָט דוד בערגעלסאָן זיך באַנוצט מיטן פּסיכאָלאָגישן, קעדיי רעליעפער

אַרויסצובערענגען דאָס סאָציאַלע אין קאָנטראַסט און אונטערשייד. דער קאָנטראַסט און אונטערשייד צווישן מענטאַליטעט און סביבה פאַראור־זאַכן די טראַגעדיע פון דוד בערגעלסאָנס אינטעליגענטישע פערסאָנאַזשן און אין דעם פּרט זיינען „אַרום וואָקזאַל" און „נאָך אַלעמען" אַ פּאָן, וואָס באַלייכט דעם וועזן פון דער אידישער אינטעליגענץ אין איר ניט דעפינירטקייט און דעריקערשט אין איר טראַגעדיע און טראַגישקייט אין די אומשטענדן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און קאַפּיטאַ־ליסטישע דיפערענציאַציעס.

## קאַפּיטל דריי

דוד בערגעלסאָן האָט אָנגעהויבן זיין שאַפן מיט דער דערציילונג „דער טויבער", און ניט צופעליק: עס איז געווען דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך געוואָרפן דעם שרייבער אין די אויגן, ווען ער האָט דערשפּירט אין זיך קינסטלערישע שטרעבונג, אָדער ריכטיקער געזאָגט, קינסטלע־רישע אָנרעגונג. ער האָט תּחילת דערזען, אַז עס איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישן דעם שטעטלדיקן באַלעבאָס, וואָס פילט זיין קראַפט און מאַכט, באַווירקט פון זיין עקאָנאָמישן שטאַנד און סיטואַציע, און דעם אַרבעטער, וואָס האָט נאָר דאָס רעכט עקספּלואַטירט צו ווערן און מוז בלייבן שטום אַפילו דעמאָלט, ווען די ווירקלעכקייט פאָדערט פּראָ־טעסט. שוין דאָ איז פאַראַן דער קאַרדינאַלער אונטערשייד צווישן דעם עקספּלואַטירער און עקספּלואַטירטן און דער דיכטער שטרייכט אונטער, אַז די עקאָנאָמישע באַזע גיט אַלע פּריווילעגיעס, די פּריווילעגיע צו באַפעלן, עקספּלואַטירן און דער באַעוולטער מוז בלייבן שטום, ניט ווייל ער קען זיך ניט פאַרטיידיקן, נאָר ווייל דאָס עקאָנאָמישע איז פאָר־לויפיק נאָך שטאַרקער פונעם פיזישן. דאָס עקאָנאָמישע איז פאָרלויפיק נאָך דאָס געזעץ, וואָס באַשטימט די פאַרהעלטענישן און דאָס רעכט. דאָס איז אייגנטלעך די אידייע און זין פון דער דערציילונג, ווער איז דען אייגנטלעך דער „טויבער"? די אַקומולאַציע, די אָנזאַמלונג פון פרימיטיווע פיזישע קרעפטן, וואָס ווערן אומרחמנותדיק עקספּלואַטירט און אויסגענוצט פונעם שטעטלשן מילנער, מענדל ביק. עס איז פאַראַן דער בולטער קאָנטראַסט צווישן דער פרימיטיווער פיזישער קראַפט פו־נעם טויבן און דער פיזישער נעבעכדיקייט פונעם מילנער מענדל ביק, אָבער מחמת דעם עקאָנאָמישן געפינט זיך מענדל ביק אין דער פּריווי־לעגירטער לאַגע צו זיין דער באַשיצטער, ווען דער טויבער זאָל פאַר־נעמען קעגן אים אַן אָנגריף. אויס דעם בלייבט דעם טויבן בלויז צו פּראָטעסטירן און ווען עס פעלט אים די מעגלעכקייט אויסצולאָדן זיין

פיזישע קראַפט, ווערט די פיזישע קראַפט די לאַסט, וואָס ברענגט אים אום.

דער קאָנטראַסט צווישן פיזישער קראַפט און עקאָנאָמישער קען אָנגענומען ווערן ווי די באַזע, ווי דער יסוד פון דער דערציילונג, אָבער אין דער זעלבער צייט דינט עס אויך דעם שרייבער אַרויסצוברענגען ווירקנדיקע פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן. אין אַזאַ קאָנטראַסט ווייזט אויך בערגעלסאָן דעם אויבן און אונטן, אונטערשטרייכנדיק, אַז דער עקספּלואַטירער נעמט זיך אַלע רעכטן איבערן עקספּלואַטירטן, וועלכן מען מעג אומבאַשטראָפט באַעוולהן. אין דער זעלבער צייט אַנטדעקט אויך דער דיכטער, אַז עס איז פאַראַן אַ גרויסע סתירה צווישן דער מאָראַל און ווירקלעכקייט. מענדל ביק איז דער רעליגיעזער מענטש, וואָס וואָלט דאָך אייגנטלעך געדאַרפט אויספאָלגן די פאָרשריפטן פון דער אידישער רעליגיעזער מאָראַל, וועלכע האָט פאָרגעשריבן „לא תרצח" און „לא תגנוב", אָבער דעם מילנערס גאַנצע מענטאַליטעט גייט גראַד אויפן עובר זיין אויף די פאָרשריפטן. דאָ איז בולט די סתירה צווישן דעם מענטשלעכן און רעליגיעזן, אָבער פאַר די מענדל ביקס איז דאָס רעליגיעזע בלויז אַן אויסערלעכער לבוש, מיט דער הילף פון וועלכן זיי גנבענען די דעה פון אַנדערע, אפילו אינעם „לא תנאוף" און פשוטן בלוט־פאַרגיסן. אין געוויסע הינזיכטן איז עס אַ שאַרפע קריטיק אויפן רעליגיעזן, ווייל דאָס רעליגיעזע דערלויבט, אַז אונטער אַזאַ פאַרדעק, זאָלן ממש דורכגעפירט ווערן פאַרשיידענע פאַרברעכנס. מענדל ביקס לעבן איז פול מיט הוילע פאַרברעכנס דירעקטע און אומדירעקטע: אומדירעקט איז ער שולדיק אינעם זעלבסטמאָרד פון טויבנס טאָכטער אסתר, וואָס ווערט פאַרגוואַלטיקט פונעם נגידישן זינדל און דירעקט איז ער שולדיק אינעם טויט פון דעם טויבן. אָבער קען דען דער טויבער געפינען פאַר זיך ערגעצוואו דאָס געזעץ, וואָס זאָל אים פאַרטיידיקן? דאַרום מוז ער בלייבן טויב און שטוב און עס בלייבט אים בלויז די מעגלעכקייט צו האַנדלען אין אַ צושטאַנד פון פּסיכאָלאָגישן אַפעקט, וואָס טרעפט ווידער ניט דעם נגיד, נאָר די קו פון דער אָרעמער פרוי. עס איז אַ נאַטירלעכע אויסלאָדונג פון נקמה אין דער אַקומולאַציע פון פּרימיטיוו־פיזישע קרעפטן, וואו עס פעלט נאָך דער קלאָרער באַוואוסטזיין פאַרן באַגאַנגענעם אומרעכט, — דער שטומער פּראָטעסט איז דאָ אַ נאַטירלעכער, פאַראורזאַכט אויס די סאָציאַלע אומשטענדן און פאַרהעלטענישן, און דער דיכטער נוצט אויס צו וואַרפן שוין אויך אַ ליכט אויף אַ נייער קראַפט, וואָס וואַקסט און וואָס וועט ווערן דער דין און משפּט פאַר די מענדל ביקס. עס איז שוין פאַראַן דער אָנדייט אויף אַ וואַקסנדיקן סאָציאַלן באַוואוסטזיין, וואָס צייכנט אָן אַנדערע וועגן פון פּראָטעסט און קאַמף, ווי די, וואָס עס ווענדעט אָן דער טויבער, — עס זיי־

נען די מאָמענטן, ווען דרך־אגב ווערט דערמאָנט וועגן אַ שטרייק, וואָס גרייט זיך אויף דער מיל פון מענדל ביק, — די סאָציאַלע אומצופרידנ־קייט הייבט אָן שווין זיך אַריינצורייסן אויך אין מענדל ביקס הויז, דאָך פעלט נאָך דעם דיכטער דאָס דעפינירטע פאַרן סאָציאַל־דיפערענצירנדיקן, אַז ער זאָל קענען בליקן אין ווייטערדיקע פּערספּעקטיוון. אָבער איז עס אמאָל ניט אַ רעזולטאַט פון דעם, ווייל די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג צו יענער צייט, ווען דער „טויבער" איז פאַרפאַסט געוואָרן, האָט ערשט גענומען שטעלן אירע ערשטע שריט?

אין יעדן פאַל איז דער „טויבער" פאַרבונדן מיט עפּאָכע, מיט אַ באַשטימטן צייט־אָפּשניט פון אידישן לעבן און ברענגט אַרויס אַ טאָפּלטן שטריך, — סימנים פון סאָציאַלער דיפערענציאַציע און די צביעות פונ־נעם רעליגיעזן, וואָס גיט צו דעם ווערק ממש אַ סאַטירישן כאַראַקטער. ביידע סימנים זיינען פאַרבונדן מיטן רעאַליזם פון דער קליינבירגער־לעכקייט און פשוטן מענטשן, וואָס געפינט אויסדרוק ניט בלויז אין „טויבן", נאָר אויך אין דער דערציילונג „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט" מיט אַ געוויסן המשך אין „יוסף שאָר", וואָס איז אַ מין סינטעז פון אַ גרופּע פּערסאָנאַזשן, אין וועלכער עס טרעפן זיך צונויף און שטויסן זיך צוזאַמען די קליינבירגערלעכע מאַסע מיט דער שטעטלשער נגדיה־שאַפט.

אין דער הינזיכט פאַרדינט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט די דער־ציילונג „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט", ווי אַ מיטלפּונקט צווישן דעם „טויבן" און „יוסף שאָר". בערגעלסאָן נעמט זיי די באַזע פון גרופּן־שאַפונגען און מערקווירדיק איז דערביי די פאַרטיילונג פון די איינפלוסן: אין „טויבן" געפינט מען כמעט דעם זעלבן מאָטיוו, ווי אין שלום־עליכמס „מענטשן", די דיפערענץ צווישן דעם „אויבן" און „אונטן", צווישן „באַלעבאַטישן צימער" און „קיך", בעת אין „אין אַ פאַרגרעב־טער שטאָט" געפינט מען אין געוויסע פּרטים אַ מענדעלע־מאָטיוו: דער שטעטלשער קאַמף מיטן לעצטן בעל־טאַקסע. אַנדערש ווערט נאַטירלעך זיין דער נוסך פון „יוסף שאָר", וואו דוד בערגעלסאָן שאַפט אַ סינטעז פון פּערסאָנאַזשן, — אין דעם ווערק קומט שוין דער דיכטער אויף דער פאַרבינדונג טיילוויז מיטן „אָפּגאַנג" — אויך „יוסף שאָר" איז געשיכטע, וואָס פאַרבינדט אויף אַ רעאַליסטישן אופן יורדישע און פאַר־מעגלעכע בירגערלעכקייט מיט השכלהדיקער אינטעליגענץ. דער דיכטער קומט אויף די שפּורן, וויאַזוי עס ווערט בהדרגהדיק אָפּגעווישט די טראַ־דיציע פונעם אידישן יחוס, ווי עס הייבט זיך אָן די יחוס־ירידה און צום אויסדרוק קומט די אידישע אַרויפגעאַרבעטע פאַרמעגלעכקייט, וואָס פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין לעבן אַדאַנק איר עקאָנאָמיש־קאַפּיטאַליסטי־שער סיטואַציע.

אין אַלגעמיין זיינען דוד בערגעלסאָנס ווערק צווישן זיך געבונדן, שטעלן פאָר אַ מין טעמאַטישע גאַנצקייט, די סביבה איז אומעטום כמעט די זעלבע ווי די מאָטיוון, וואָס בינדן זיך אין רוים פון טאָט און אקציע. אין „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט" שפּילט דער שטאָט־פּלאַץ און דער שטעטלשער מאַרק די זעלבע ראָל, וואָס אין „אַרום וואָקזאַל" דער וואָק־זאַל. בורמאַן קען זיין אַ קרוב פון יצחק־ברוכן אָדער וואָלאָדיאַ פון „אַרום וואָקזאַל", מיטן אונטערשייד; וואָס בורמאַן דערגרייכט אַ פולשטענדיקע באַפרידיקונג סיי אין מאַני רימער, פּרויקע טשערקעסעס פרוי און אין פּראָדאָטשקען, עלישעס פרוי, דאָך איז עס ניט דאָס הויפּטזעכלעכע, — דעריקערשט איז דאָס פאָרשטעלן דעם נייעם שטעטלשן שיכט, וואָס באַ־קומט לשון און איז גרייט אויף אַקציע, אָנשטאָט סוחרים, מעקלערס און קאָמיסיאָנערן, ווי אין „אַרום וואָקזאַל", טרעטן דאָ אַרויס קצבים און קרעמער. דוד בערגעלסאָן שילדערט אין דעם ווערק אויסשליסלעך די קליינבירגערלעכע סביבה אין אירע צווישנזיכעדיקע באַציונגען און פּאַר־העלטעניש, ווי אין איר שנאה צו יעדן איינעם, וואָס וויל זיך שטעלן העכער פון איר, אָדער זיך אויסשטעלן מיטן גרויסשטאָטיש. דאָס שטעטל פילט איבערהויפּט אַ שנאה צום גרויסשטאָטישן, ווי צו די, וואָס האָבן זיך מיט אַ באַזונדער גדלות אומגעקערט פון דער גרויסער שטאָט צוריק אין שטעטל. דוד בערגעלסאָן שטרייכט עס אונטער אין די באַציונגען צו עלישע אָסנאַס, דעם איינקל פון רייכן מלך גוי, און פּרויקע טשער־קים, דעם געוועזענעם עקסטערן אָדער שטודירנדיקן:

„אַלע האָבן אים פיינט געהאַט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך, ווי עלישע, צו שפּעט און מיט צו פיל גדלות אומגעקערט פון זיין עקס־טערנישן לעבן, וואָס אין די גרויסע שטעט, און האָט דאָ, ווי יענער, ניט באַדאַרפט אָנקומען ניט צום שוחט, ניט צו קהל און ניט צום רב. די גאַנצע שטאָט האָט געהאַט אין אים אַ נקמה, און ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער אירע גאַסן און האָט ניט געהאַט צו וועמען „אַ וואָרט אויסצורייד ן"."

דאָס שטעטל קוקט מיט שלעכטע אויגן אויף יעדן איינעם, וואָס קערט זיך אום פון דער גרויסער שטאָט. דאַרום פילט די שטאָט אַ ווי־דערווילן סיי צו עלישע אָסנאַס, סיי צו פּרויקע טשערקים, אָבער דער ווידערווילן איז אַ פאַרשיידנאַרטיקער. עלישע אָסנאַס האָט מען פיינט, ווייל ער איז דער איינקל פונעם בעל־טאַקסע און איז געקומען אויס־נוצן דאָס שטעטל פּונקט ווי דאָס האָט געטאָן זיין זיידע, דער רייכער מלך גוי. אין עלישע אָסנאַס זעט דאָס שטעטל דעם שאָטן פונעם אַוועק־געגאַנגענעם תקיף און דער קאַמף פון די קצבים, וואָס ווערן געשטיצט פונעם שטעטל, איז פאַקטיש אַ קאַמף קעגן דעם תקיף, וואָס שטייט אין פאַרבינדונג מיט „נאַטשאַלסטוואָ", — עס איז דער קאַמף קעגן דעם

לעצטן בעל־טאַקסע, וואָס פאַרענדיקט זיין לעבן ניט אויף אַ נאַטירלעכן אופן, נאָר געבראָכן די ביינער, בעת די שנאה צו פּרויקע טשערקים טראָגט אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. ערשטנס, ווייל ער איז אַ קמצן, עס הייסט, אַז דאָס שטעטל קען פון אים גאָרניט האָבן, און צווייטנס, ווייל ער דאַרף ניט אָנקומען ניט צו קהל, ניט צום רב און האָט ניט צו טאָן מיטן שוחט. עס הייסט אַז ער איז דער טרפות־־מענטש און וויל זיך ניט אויסמישן מיט קהל, איז ער דערפאַר דער פאַראַכטעטער, — דער פאַראַכטעטער, ווייל עס פעלט אים דער סאָציאַלער געפיל, אָבער ניט ווייניק האָט אויך פּרויקע טשערקים אַ קריטישע באַציונג צו דער שטעטל־שער סביבה, אַרויסגעדרונגען פון זיין פאָלגנדיקן מחשבותן ביי פאַרשיי־דענע פאַלן און אומשטענדן:

„1) ער מיינט עס באמת: געלט איז טאַקע אַ גוטע זאַך, אָבער ניט אַלץ, ער איז דאָך ניט געגליכן צו אָט די אַלע אַרומיקע דובראָ־וויטשער בהמות.

„2) בכלל יאָגט ער זיך שוין גאָרניט אַזוי נאָך געלט. ער איז דאָך נאָך, חוץ אַלע פאַרדינסטן זיינע, אַ פאַרמאַצעווט, וויל ער, וואַרפט ער אַוועק אָט די אַלע מסחרים און שטעלט זיך אַרבעטן אין אַן אַפּ־טייק, אין אַ דאָרף...

„3) אַ מענטש, למשל, קערט זיך אום צום פריערדיקן געדאַנק, אַז ער פאַרדינט זיך וויפל ער דאַרף און איז אָנגעטאָן און איז זאַט, הייבט ער זיך אָקאָרשט אָן צוצוקוקן און רחמנות האָבן אויף זיך און אויף דער אַרומיקער פרעמדער וועלט...".

אינעם שטייגער פון אַזעלכע מעדיטאַציעס קומט פּרויקע טשערקים אויך צום אויספיר, אַז דובראָוויטש איז אַ פאַרברעגטע שטאָט, —

„און אים פאַרבענקט זיך שטאַרק נאָך אַן אויסגעאיידלטן לייַ־טישן מענטש, וואָס וואָלט איצט הנאה געהאַט פון אַרומגיין אַ ביסל ליידיק, אָט אַזוי ווי ער, און וואָס וואָלט אים איצט געקענט אויס־הערן".

און דאָ אייגנטלעך איז אויך דער שליסל פון דער דערציילונג. עס איז אַ סאָציאַל־פילאָזאָפישע מעדיטאַציע און דוד בערגעלסאָן פאַראיי־ניקט צוויי מעשות אין איין רעאַליסטישער דערשיינונג, וויילביידע מעשות דרינגען אַרויס פונעם שטעטלשן פילן און ווירקלעכקייט. עס זיינען פאַראַן צוויי פּאָליוסן, — דער גראָביונגישער עלישע אָסנאַס און דער אינטעליגענטישער פּרויקע טשערקים, ביידע האָבן זיי זיך אומגע־קערט פון דער גרויסער שטאָט, דער ערשטער מיט זיין גערירשנטער גראָב־יונגישקייט, אָבער שוין אַ מאָדערניזירטער אינעם אויסערלעכן אויסזען און דער צווייטער מיט אַ ספּעציפישער פאַרדאָרבנקייט. אויך דאָס שטעטל איז פאַרדאָרבן און די פאַרדאָרבנקייט איז גורם קעגנזייטיקע שנאה און

דוד בערגעלסאָן שילדערט עס אויף אַ טיפּאַזש פון דריי מענער אין דער מסיבה פון צוויי פּרויען, איינע פּשוט ציניש, עלישע אַסנאַסעס פרוי פּראַדאַטשקע און די צווייטע אין אירע בענקענישן, פרויקע טשערקיסעס פרוי די קורסיסטקע מאַני רימער, אַלע אומבאַפרידיקטע אין זייערע סעקסועלע לײדנשאַפטן.

עס איז די אייגנשאַפט פון אַ שיכט, וואָס איז וואווילשטייענדיק, וואָס האָט ניט קיין גייסטיקע פאָדערונגען און אינהאַלטן; עס איז אַ מערקווירדיקער שטריך פון דוד בערגעלסאָנס ווערק: ער שטעלט פאָר דאָס שטעטל אין אַ הויכן ציניזם, אָן שום אידעאַליזאַציע און דער ציניזם באַציט זיך אויף אַלע אָן אויסנאַם, ניט בלויז אויפן געוועזענעם סטודענט און ראַבינער בורמאַן, נאָר אַפילו אויף די צוויי שניידער־יונגען, וואָס ווערן אַריינגעבראַכט אין דער דערציילונג ווי אַן עפּיזאָד:

„צוויי שניידער־יונגען, וואָס זיינען מבינים אויף געטאָקטע גלייכע ווייבערשע פלייצעס, האָבן זיך באַלד געוועט, צי אונטער דעם גרינעם קורץ־אָרבלדיקן קאָפּטל, וואָס לאָזט פריי דעם היפּשן און פולן האַלדז, טראָגט זי אַ העמד, צי ניין. איינער האָט דאָרט בכיוון אויסגעשריען אויף אַ קול:

„נאָר איינער, עס איז היינט אַזאַ מאָדע, ווי איך בין אַ איד... ווייבער טראָגן ניט קיין העמדער".

און די באַציונג און מחשבותן פונעם ראַבינער בורמאַן וועגן דער שוואַרץ־חנעוודיקער שלאַנק־וואוקסיקער מאָדיסטין?

„אין די אויערן האָט אים נאָך אַ שאָרך געטאָן דער געראַוויש פון איר אונטערשטן זיידענעם קליידל, און אין דער זעלבער צייט האָט זיך מיטאַמאָל אַזוי געשטאַרקט דער מאַנסביל אין אים, אַז ער האָט זי שיר לעבן זיך ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט איר נאָכגעקוקט מיט שמייכלענדיקע אויגן".

אַלע זיינען דאָ ציניש און בורמאַן איז דער רעפּרעזענטאַטיווסטער אין זיין ציניזם, ביי וועמען דאָס גאַנצע לעבן איז איינגעשטעלט אויפן גראָב־עפּיקורעישן:

„מענטש איינער, קענסט נאָך אָפּלעבן אַ שיינעם טאָג: אַהער אין שטאָט איז אַראָפּגעקומען אַ שיין און ציקאַווע ווייבל".

אַזאַ איז די וועלט פונעם סטודענט בורמאַן און אַזאַ איז אויך דער שטייגער פון דער סביבה אָן שום אונטערשייד צווישן דעם ראַבינער, שטעטלשן דאָקטאָר און דער פּשוטער מאַסע, פאָרגעשטעלט אין די קרעמערס, קצבים, און הויפּטזאַכלעך אינעם שטענדיק שיכורן שדכן, — עס איז בערגעלסאָנס נעגאַטיווע באַציונג צום שטעטל און דאָס אונטערשטרייכן אַ פולשטענדיקע דעקאַדענץ צו וועלכער גראָד דער אינטעליגענטישער טיפּאַזש קומט אויס אָן אויסגעשפּראָכענע באַוואוסטזיניקייט.

אויף אַזאַ שטייגער ווערט די דערציילונג „אין אַ פּאַרגרעבטער שטאָט" אַ פולשטענדיקע סאָציאַל־רעאַליסטישע סאַטירע און אויב מען געפינט אין איר מענדעלע־שטייגער און נוסח, געפינט זיך דוד בערגעל־סאָן ניט ווייניק אונטערן איינפלוס פונעם רוסישן סאַטיריקער גאָגאָל, אַפילו אינעם לירישן, וואָס דינט דעם דיכטער אָפטמאָל צו מאַכן רעליע־פער דעם רעאַליזם פון דער סאַטירע. און דערצו די פאָלגעווודיקייט פונעם שעפערישן. עס פאַרדינט אונטערגעשטראָכן צו ווערן: תחילת הייבט אָן דוד בערגעלסאָן מיטן מענטשן, — אין „טויבן" שפּילט די הויפּטזאַכ־לעכע ראָל דער מענטש אין זיינע אינדיווידועלע באַציונגען און נאָכדעם קומט דער קאָלעקטיוו, איינגערוימט אינעם שטאָטישן פּלאַץ. דאָס לעצ־טע ווערט פאַרגעשטעלט אין „אין אַ פּאַרגרעבטער שטאָט". סיי אינעם ערשטן, סיי אינעם צווייטן שפּילט זיך ניט אָפּ די אַקציע אינעם הויז, — אין „טויבן" שפּילט זיך אָפּ די גאַנצע אַקציע אין מיל, אין „אין אַ פּאַרגרעבטער שטאָט" אויפן שטאָט־פּלאַץ און ערשט נאָכדעם קומט „יוסף שאָר", וואָס איז שוין אַ מין סינטעז פונעם טיפּאַזש, פון שטאָט און שטעטל און די אַקציע ווערט איבערגעטראָגן אין הויז, אינעם מש־פּחה־לעבן, ווייל אין „יוסף שאָר" קומט צום אויסדרוק אַ העכערער שיכט, וואָס האָט שוין אַנגעזאַמלטע טראַדיציע און שטייט אויף אַ באַ־שטימטער שטופע פון גייסט און קולטור.

* * *

אויף וואָס פאַר אַ שטייגער מען זאָל ניט באַטראַכטן דוד בערגעל־סאָנס ווערק, איבערהויפּט פונעם ערשטן פּעריאָד, קען מען דערפאַרן, אַז עס איז ניט אַ שאַפן לשם אַרויסברענגען דעם סיפור־המעשה אָדער פּערסאָנאַזשן־שטימונגען, עלעגיע אָדער ליריק, געווים פעלן ניט אָט די אַלע איינגנשאַפטן, ווי עס איז נאַטירלעך פאַר יעדן אמתן און גרויסן קינסטלער, נאָר עס איז אין פולן זין פון וואָרט אידישע קולטור־געשיכטע מיט באַשטימטע אָנדייטן אויף דער אַנטוויקלונג פונעם אידיש־בירגער־לעכן געדאַנק, פאַרבונדן מיט עקאָנאָמישע אַספּעקטן און סאָציאַלער די־פערענצירטקייט. קיין איין אידישער שרייבער האָט ניט אַזוי מקפיד גע־ווען אויף דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער באַזע פון זיינע פּערסאָ־נאַזשן, ווי דוד בערגעלסאָן און ווי ער זאָל ניט פאָרשטעלן דעם פּער־סאָנאַזש, אין סימפּאַטיעס אָדער אַנטיפּאַטיעס, אין יחוס אָדער פּראָס־טאַקישקייט־אָפּשטאַם, קומט ער צום עקאָנאָמישן, מיט וועלכן דער פּער־סאָנאַזש איז פאַרבונדן אָדער פון וועלכן דער פּערסאָנאַזש איז אַרויס־געוואַקסן. ס'איז אויסער ספק, אַז אינעם ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן שענקט דוד בערגעלסאָן זיין הויפּטזאַכלעכע אויפמערקזאַמקייט אויס־

שליסלעך דעם בירגערלעכן שיכט, אָבער ער נעמט אים ניט ווי אַ מין אַמאָרפע, פאַרגליווערטע מאַסע, נאָר אין אַ פולשטענדיקער באַוועגלעכער דיפערענצירטקייט. עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, ווען דוד בערגעלסאָן שטעלט פאָר אין זיין טרילאָגיע „אַרום וואָקזאַל", „נאָך אַלעמען" און „אָפּגאַנג", עס איז שוין אויך אָנגעדייטעט געוואָרן דער כאַראַקטער פון די צוויי רעאַליסטישע ווערק „דער טויבער" און „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט" און אַ שריט ווייטער איז די דערציילונג „יוסף שאָר". דוד בערגעלסאָן שילדערט פּערסאָנאַזשן, מענטשן, סביבה און אייגנשאַפטן, אָבער עס וואָלט געווען אַ בלויז, ווען צווישן דעם אַלעמען זאָל ער געווען האָבן פאַרגעסן אין דער אידישער משפחה, אין איר געשיכטע און אַנטוויקלונג, אין איר אָפּשטאַם און טראַדיציעס, אין איר גייסטיקייט און גלייכצייטיק לײדיקייט. אין פולן זין פון וואָרט געפינט מען עס אין דער דערציילונג „יוסף שאָר". פונקט ווי „אָפּגאַנג" איז די געשיכטע פון דער אידישער בירגערלעכער אינטעליגענץ, אַזוי איז „יוסף שאָר" די געשיכטע פון דער אידישער משפחה אין אירע פאַרשיידענע אַספּעקטן און ניט אָן אַ כיוון האָט דוד בערגעלסאָן אָנגעהויבן מיטן צווייטן דור. אויך „יוסף שאָר" פאַרמאָגט ניט קיין סיפּור־המעשה, עס איז אַן אָנהויפונג פון עפּיזאָדן און די עפּיזאָדן וויקלען זיך אַרום צוויי פּערסאָנאַזשן, אַרום די צוויי נגידישע יורשים אַברהם ראַפּאָפּאָרט און יוסף שאָר. און ווער זיינען אייגנטלעך די צוויי פּערסאָנאַזשן, פון וואַנען קומען זיי און אין וואָס באַשטייט דער אונטערשייד צווישן איינעם און צווייטן? שוין אינעם אַריינפיר באַמערקט דוד בערגעלסאָן, אַז דער גרויס־סעטרעניצער שאָר איז געווען „אַן אַלטער גאַוווהניק, אַ שוטה און דערצו נאָך אַן עם־הארץ אַ גרויסער, און האָט אַלע זיינע יאָרן געוואָלט נאָכמאַכן דעם בריסקער ישועה־העשל ראַפּאָפּאָרט, וואָס האָט פאַרפירט גרויסע צוקער־פאַבריקן דאָ אין געגנט".

פון דעם גופא איז שוין קלאָר, ווער עס איז געווען דער אַלטער שאָר און ווער דער ישועה־העשל ראַפּאָפּאָרט און נאָך שאַרפער איז דער אונטערשייד, ווען יוסף שאָר ווערט אינספּירירט זיך מתחתן צו זיין מיט ישועה־העשלס אייניקל שרה לעווין. דער דיכטער ברענגט עס אַרויס אין דער מעדיטאַציע פון אַברהם ראַפּאָפּאָרטס פּרוי:

„ווער זיינען אַזוינס אָט די גרויס־סעטרעניצער שאָרן? קליינע, כמעט אויפגעקומענע מענטשעלעך, וואָס שטאַמען פון ניט קיין איבעריק שיינעם אָרט און לעבן ערגעץ פון תמיד אָן מיט אַ קאַרג אָפּגעבאַזונדערט לעבן".

דוד בערגעלסאָן שטעלט פאָר אין קאָנטראַסט דעם צווייטן דור פון דער אידישער משפחה. ביידע האָבן אַ שייכות און זיינען פאַרבונדן מיטן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל, אָבער בעת ישועה־העשל ראַפּאָפּאָרט איז

דער אָנדייט אויפֿן אידישן יחוס, ־טראַדיציע און משכילישקייט, איז יוסף שאָרס פֿאָטער דער מענטש אָן יחוס, אָן טראַדיציע און אָן דער איידל־קייט, מיט וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די ראַפּאָפּאָרטס, וואָס האָבן זיך רק געקענט פֿאַרבינדן מיט זייער גלייכן, הגם די עקאָנאָמישע אומשטענדן האָבן געפֿירט דערצו, אַז געשעפֿטלעך האָבן די משפּחות געהאַט צווישן זיך אַ מין אומדירעקטע פֿאַרבינדונג און עקאָנאָמיש־פֿי־נאַנציעל האָט יוסף שאָרס פֿאָטער תהילת איבערגעשטיגן די ראַפּאָפּאָרטס, ווי עס דרינגט אַרויס פֿון אַברהם ראַפּאָפּאָרטס אַ מחשבותן:

„ער האָט נאָר געדענקט, אַז ער איז ישועה־העשל ראַפּאָפּאָרטס עלטערער זון, גיט זיינע צדקות און האַלט שטאַרק זיינע טראַדיציעס. דער פֿאָטער זיינער פֿלעגט קיינמאָל קיין שידוך ניט אָפּזאָגן. פּלוצים האָט ער זיך דערמאָנט, אַז צוריק מיט אַ יאָר פֿינף, ווען ער איז נאָך לחלוטין אַזוי רייך ניט געווען, האָט אים אַ געלט־מעקלער געקראָגן ביי אָט דעם יוסף שאָרס פֿאָטער אַ היפּשע הלוואה".

אַלנפֿאַלס איז אַברהם ראַפּאָפּאָרט אַ העכערע שטופֿע אין דער עקאָ־נאָמישער קאַטעגאָריע. ער איז שוין ניט נאָר דער אינדוסטריעלער, דער בעל־הבית פֿון צוקער־פֿאַבריקן, נאָר אויך דער פֿינאַנציסט, פֿאַרבונדן מיט דעם באַנק־וועזן, ער האָט שוין צו טאָן, אַזוי צו זאָגן, מיט אַקציע־קאַפּיטאַל, וואָס פֿירט אים אַריין אין אַ גאַנץ אַנדערער סביבה און אומ־שטענדן. אַברהם ראַפּאָפּאָרט ברייטערט אויס דעם יחוס און טראַדיציע פֿון זיין פֿאָטער און איז שוין אַ גאַנץ אַנדערער אין זיינע פֿירונגען, ווי ישועה־העשל ראַפּאָפּאָרט, „ער איז אַ ציוניסט, ווייסן זיי, און האָט אָנ־געקויפֿט אַ סך ערדן אין פּאַלעסטינע. ער האָט אייגענע צוקער־פֿאַבריקן וואָס באַטרעפֿן מיליאָנען, און זיין איינציק מיידל איז אַ סקולפּטאָרין און לערנט אין פּעטערבורגער אַקאַדעמיע".

עס איז אויך אַ זייער כאַראַקטעריסטישער שטריך: דוד בערגעל־סאָן שטרייכט אונטער אַז די אידיש־נגידישע פּרווי איז מער מקפּיד אויפֿן יחוס ווי דער מאַן און מען טרעפֿט עס ניט בלויז ביי דער ישועה־העשל ראַפּאָפּאָרטס שנור, נאָר אויך ביי יוסף שאָרס מומעס:

„חוץ דעם האָט ער דאָ, אין היפּשן בערגיקן גרויס־סטטרעניץ, געהאַט צוויי אַלטע שטאַרק רייכע מומעס, וואָס האָבן זיך שוין ניט אָנגעקערט מיט קיינעם פֿון די אָרטיקע אויפֿגעקומענע גבירים און זיינען ניט געגאַנגען צו זיי אויף חתונות. זייערע קינדער האָבן זיי דורך אַזעלכע מינים באַזונדערע אויסלענדישע שדכנים חתונה־געמאַכט אין אויסלאַנד און אַליין האָבן זיי שוין געוואוינט ווייט פֿון ווימלדיקן שטאָט־צענטער, אין צוויי גרויסע ירושה־הייזער, וואָס האָבן אויפֿן זעלטענעם דורכגייער תמיד אַ בלאָז געטאָן מיט לייטישער מרה־שחורה און מיט אַלטער אומעטיקער גבירהשאַפֿט. זיי זיינען געווען די „פּניי"

פון דער שטאָט, אָט די צוויי מומעס אסתר און האָדל, און האָבן קיינמאָל ניט געטאָן קיין שידוך מיט קלענערס פון זיך. נאָר ערשטנס האָט יוסף שאָר לחלוטין ניט געקענט אויף זיך זאָגן, אַז אויך ער שטאַמט פון גאָר דער געהויבענער זייט שאָרן. זיין פאָטער איציק־מאיר שאָר איז געווען אַ חסידיש־פאַנאַטישער און קאַרגער איד, אַ כעסן, אַ באַרימער און בעל־גאווה, וואָס אַלע מיל־מענטשן האָבן אים געחניפעט אין די אויגן און האָבן זיך אים נאָכגעקרימט הינטער די פלייצעס".

יוסף שאָר שטאַמט פון אַ פשוטן פאָטער. יוסף שאָר גופא ווייסט עס און דאָרום מערקט מען אין אים אַן אויסערגעוויינלעכע פאָרזיכטי־קייט און מחשבותדיקייט, ווען יעקב־נתן דער ווידערפּאָליער שלאָגט אים פאָר דעם שידוך מיט אברהם ראַפּאָפּאָרטס שוועסטער שרהלע, פונדעסט־וועגן איז אויך אין זיין משפחה פאַראַן אַזעלכעס, וואָס האָט אַ שייכות צו אינטעליגענץ, משכילהדיקייט, אויב ניט פונעם פאָטערס זייט, איז פון דער מוטערס. יוסף שאָרס זיידע פון דער מוטערס צד איז געווען אַ מענטש אַן אונטערנעמער, דער איינציקער פעלער איז בלויז דער פאָ־טער און דאָס וואָס מען ווייסט ניט פונוואַנען זיין זיידע שטאַמט. זיין יחוס־בריוו געפינט מען אין די דערקלערונגען פונעם יורדישן נגיד און וועלטלעכן מענטש מעריינים, — „ער רעדט דאָך מכוח יוסף שאָרס זיידן פון דער מוטערס צד, מכוח שמואל רב־רבין, וואָס איז אַמאָל אַראָפּגע־קומען קיין גרויס־סעטרעניץ פון טיף פּוילן, זיך געקויפט אַ הויז אין פראָנט און האָט פאַרפירט גרויסע קאַלך־אויוונס אין געגנט. אים גע־פעלט אָט־דער זיידע יוספס, וויל ער, אַז די טאָכטער זאָל אויך וויסן, אַז דאָס איז געווען אַ זעלטן־קלוגער איד, אָט דער שמואל רב־רבין".

אין אַלגעמיין שטעלט פאָר דוד בערגעלסאָן דריי אידישע משפחות, צוויי אין צווייטן דור און איינע אין ערשטן דור, וואָס געהערט שוין צו די יורדים, אָדער וואָס גייט צו דעקאַדענץ, ווייל עס זיינען ניט פאַראַן קיין זין נאָר טעכטער. צו די ערשטע צוויי געהערן אברהם ראַפּאָפּאָרט און יוסף שאָר און צו דער דריטער דער אַלטער מוריינים, דער וועלט־לעכער מענטש און משכיל — געוויים איז ער דער פאָרלויפער און פּראָ־טאַגאָניסט פון גדליה הורוויץ, פונקט ווי זיין טאָכטער מינע איז דער יוגנט־פּעריאָד פון מירעלען. דער אַלטער מוריינים איז דער ריכטיקער פאַרטרעטער פון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט הינטער זיך אַ לאַנגן יחוס־צעטל:

„אַך, יאָ, אָט דער אַלטער וועלטלעכער מוריינים, וואָס האָט גע־האַט הינטער זיך אַ גאַנצע קייט פון געשטאָרבענע זיידעס גבירים, אין זיינע געהויקערטע פלייצעס איז שוין לחלוטין ניט געווען צו דערקע־נען, אַז זיין גרויס־סעטרעניצער גוס־פאַבריק האָט דריי יאָר נאָכאַנאַנד

געמאַכט אומגליקלעכע געשעפטן און אַז איצט שטייט זי שוין אינ־גאַנצן און אין איר געוואַלדיק־הויכן ריזן־קוימען מאַכן זיך פויגלען נעסטן. אין צוג מיט זיין יונגער טאָכטער איז ער נאָך געפאָרן מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, מיט צוויי גרויטער אויסלענדישע סאַקוואָיאַזשן, מיט אַ גרויס קעסטל שאָקאָלאַד אויף צובייסן און אַפילו מיט אַ ספּעציעלן רייזנטאַש אויף פּאַפּיראָסן".

דוד בערגעלסאָן שטעלט פאָר דריי משפחות אין זייער אָפּשטאַם, יחוס און רעאַליסטישע טאַטן, פאַרבונדן מיט זייער עקאָנאָמישער סי־טואַציע און סאָציאַלער שטעלונג, — עס איז איין און דער זעלבער שיכט, אָבער דיפערענצירט און עס איז צו זען, אַז די גרעסערע סימ־פּאַטיע האָט דוד בערגעלסאָן פאַרן אַלטן מוריינים, הגם ער גייט בלויז דורך ווי אַן עפּיזאָד, אָבער ער איז דער שפּיגל פאַר די אַנדערע צוויי משפחות, וואָס קאָנטראַסטירן זיך אין יחוס און טראַדיציע. עס איז שוין אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז די גרעסטע מקפּידים אויפן יחוס און טראַדיציע זיינען די בירגערלעכע פרויען, דאָך באַווייזט אויך דוד בערגעלסאָן ווי אַזוי די בירגערלעכע פרוי פאַרלאָזט בהדרגהדיק דאָס טראַדיציאָנעלע לעבן און באַהעפט זיך מיט אַ נייעם, מיט אַ וועלטלעכן, וואָס פירט אַריין אין אַנדערע ספערן. מינע מוריינים בלייבט שוין ניט דאָס שטעטלדיקע מיידל, נאָר די גרויסשטאָטישע, וואָס פאַרברענגט דעם רוב פון איר לעבן אין אויסלאַנד, דאָס זעלבע געשעט אויך מיט אַברהם ראַפּאָפּאָרטס טאָכטער נעסיע, וואָס לערנט אין דער קונסט־אַקאַ־דעמיע און שרהלע לעווין, וואָס געפינט זיך שוין אין אַנדערע קרייזן מיט אינטערעס פאַרן סקולפּטאָר יואל וויינטרויב. עס איז אויך אמת, אַז אומדירעקט שטעלט פאָר דוד בערגעלסאָן דעם יואל וויינטרויב אין ניט סימפּאַטישע שטריכן, — עס ווערט קלאָר פון דער פּרעזענטירונג, וואָס עס מאַכט אים דער רויטלעכער סטודענט, אַ ציוניסטישער מתיף, אָבער אין דער זעלבער צייט שטרייכט אונטער דער דיכטער, אַז ביידע אינטעליגענטן, דער מענטש פון קונסט און דער מענטש פון גייסט, ווערבן אַרום דעם רייכן איד. דער רויטלעכער סטודענט איז פאַרבונדן מיט אַברהם ראַפּאָפּאָרט אַ דאַנק דער ציוניסטישער אידייע, אַברהם ראַ־פּאָפּאָרט איז דער טעטיקער ציוניסט, וואָס איז אַקטיוו אין דער באַוועג־גונג, ער פאָרט שוין אויף ציוניסטישע צוזאַמענפאָרן און דער ציוניס־טישער סטודענט ווייזט אַרויס אינטערעס פאַר שרהלע לעווין און איז פאַראינטערעסירט צו דעספּרעסטיזשירן דעם סקולפּטאָר יואל וויינ־טרויב, ווייל אויך ער וואָלט זיך געוואָלט אַריינבאַקומען אין דער רייכער אין יחוסדיקער משפחה פון אַברהם ראַפּאָפּאָרט. דער דיכטער ווייזט עס אָן דורך־אגב מיט אַ שטריך און איז אויסן מיט דעם אונטערצור־שטרייכן, וואוהין עס נויגט דער וועזן און דער גייסט פון דער אידי־

שער אינטעליגענץ, ווי וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר אין אירע סאָציאַלע שטרעמונגען.

עס איז אויסער ספק, אַז דוד בערגעלסאָן נוצט אויס די געלעגנהייט אָנצודייטן אויף דער אַנטשטייאונג פונעם ציוניזם און ווייזט אָן אַפּן קרייז, וואו דער זעלבער האָט באַקומען זיין אויסוויקלונג. דער ציוניזם איז פאַרבונדן מיטן פאַרמעגלעכן אידישן שיכט און איז געקומען צו פאַרבייטן דעם משכיליזם, — עס איז אַ צווייטער פעריאָד פון דער אי־דיש־בירגערלעכער קולטורעלער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג און אין גע־וויסע הינזיכטן ווערט די באַוועגונג אויסגעטראָגן פון דער אידישער אינטעליגענץ, וואָס זוכט לשם קאָנוועניענץ דעם וועג צו דער אידישער בורזשואַזיע, דאָך איז דוד בערגעלסאָן אויסן אונטערצושטרייכן אויך אַנדערע שטימונגען, וואָס הערשן אין דער אידיש־בירגערלעכער סביבה. יוסף שאָר קען ניט נאַטירלעך גענומען ווערן ווי אַביישפּיל, הגם אין אַ שטריך ווערט אָנגעוויזן, אַז ער איז אַ העברייער, אָבער דערפאַר ווערן אַרויסגעבראַכט ראָמאַנטישע שטימונגען אינעם פערסאָנאַזש פונעם רבישן זונדל איציקל, און די ראָמאַנטישע שטימונגען האָבן אַ באַזע. זיי וואָרצלען אינעם אונטערגאַנג פונעם רבישן הויף און אויף אַזאַ שטייגער פאַרבינדן זיך אין דער דערציילונג „יוסף שאָר" פיר עפּיזאָדן, גרעסער פאַרגעשטעלטע און אייניקע וויניקער אויסגעוויקלטע. ערשטנס דריי געשיכטעס פון אידישן משפּחה־יחוס, — די משפּחה אברהם ראַפּאָ־פּאָרט, די גרויסשטעטישע מענטשן, פאַרבונדן מיט דער צוקער־אינ־דוסטריע און באַנקוועזן, די יורדישע משפּחה מוריינים, וועמענס גוט־פאַבריק איז שוין לאַנג אין באַנקראָט, און יוסף שאָר, דער קליינשטעטל־דיקער יונגערמאַן, דער באַלעבאָס פון אַ געירשנטער מיל און דער רבי־שער הויף, וואָס איז שוין אין אַ פולשטענדיקער דעקאַדענץ:

„דעם רבינס גרויסער גוט־אידישער הויף האָט שוין זינט עטלע־כע יאָר געהאַלטן אין איין וועלקן. יעדער צימער איז געווען פול מיט צרותדיקע סודות, מיט צולהכעיסן און קריג. דער אַלטער רבי, דער גרויסער למדן, איז פון יאָר צו יאָר געוואָרן פרומער, ניט געוואוסט, אַז ער איז מסוכן קראַנק און האָט ווי אַמאָל געפאַסט גרויסע תעניתים ביי זיך אין די אָפּגעשלאָסענע צימערן. צוריק מיט אַ פּאָר יאָר האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון „נעמען קוויטלעך" און האָט געגלויבט, אַז ער לעבט אויסשליסלעך פון די דריי טויזנט רובל, וואָס ער באַקומט פאַר גרויס־סעטערניצער רבנות. שונאים, וואָס זיינען פון תמיד אָן געווען זיכער, אַז ער איז ניט אַזאַ תם ווי ער מאַכט זיך, האָבן אים חושד געווען, אַז פון „קוויטלעך נעמען" האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פּשוט דער־פאַר, ווייל „דאָס געשעפט גייט אונטער".

דעם רבינס זון איציקל איז די סתירה צו יוסף שאָר און דאָ קומט

אַרויף דוד בערגעלסאָן אויף ווייטערדיקע מאָטיוון פונעם אידישן לעבן: ער ווייזט, וויאַזוי די אידיש־טראַדיציאָנעלע משפּחה ווערט אויפגעלייזט אין איר יחוס, ווערט ניוועלירט אינעם לעבן. דער דריטער דור וועט שוין גיין אויף אַנדערע וועגן. דעם גורל פון יוסף שאָר און פון איציקל דעם רבינס ווייסט מען ניט, — דוד בערגעלסאָן דערציילט ניט וועגן זיי, אָבער דערפאַר שטעלט ער אַוועק קלאָר דעם גורל פון ישועה־העשל ראַפּאָפּאָרטס משפּחה: דורך שרהלע לעווין און אברהם ראַפּאָפּאָרטס טאָכטער נעסי דרינגען אריין די ראַפּאָפּאָרטס אין דער אַנדערער וועלט, אין דער וועלט פון קונסט און עס קען ווערן דער ריכטיקער וועג, וואָס פירט פונעם דערוואַכטן ציוניסטישן נאַציאָנאַליזם ביים צווייטן דור צו אַ וועלטלעכער אַסימילאַציע פונעם דריטן אַנטשטייענדיקן דור.

מען געפינט ניט קיין סיפּור־המעשה אויך אין דוד בערגעלסאָנס „יוסף שאָר". דער עפּיזאָד איז אַ דרך־אגבדיקער, — די געשיכטע פון אַ יונגנמאַן, אַ רייכער יורש, וואָס וואָלט זיך געוואָלט מתחתן זיין מיט נגידים, אָבער דער אָפּשטאַם איז די שטערונג. — און דער דיכטער נוצט אויס דעם עפּיזאָד כדי אַרויסצוברענגען בילד און כאַראַקטער פון פאַר־שיידענע אידישע בכבודיקע משפּחות, דערביי ניט בלויז אין זייער סאָ־ציאַלער שטעלונג, נאָר אויך אין עקאָנאָמישן מעמד, — די געשיכטע פון די משפּחות איז אויך די געשיכטע פון דער אידישער עקאָנאָמיק, פון דער אידישער קאַפּיטאַליסטישער און אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, — אין דעם פּרט האָט דוד בערגעלסאָן אויסגעשעפּט דעם שיכט היס־טאָריש, קולטורעל, עקאָנאָמיש און סאָציאַל, — זינט זיין אַנטשטייאונג ביזן אָנהויב פון זיין דעקאַדענץ און דאַרום קען מען מיט רעכט אָננע־מען, אַז „יוסף שאָר" איז ניט בלויז די קונסט פון שילדערן און דער־ציילן, נאָר אויך אידישע געשיכטע: עס איז די גענעאַלאָגיע פון דער אידישער בירגערלעכער משפּחה. און דאָס אַנטפּלעקט אויך דעם כאַראַק־טער פון דוד בערגעלסאָנס ווערק אינעם ערשטן פּעריאָד פון זיין גרופּן־שאַפונג. „יוסף שאָר" שליסט אָפּ אַ סאָציאַל־רעאַליסטישע טרילאָגיע „דער טויבער", „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט" און „יוסף שאָר" גופא און איז אויך אַ שליסל־ווערק צו אַ צווייטער גרופּן־שאַפונג, צו אַ צוויי־טער טרילאָגיע, וואָס וויקלט אויס די ערשטע אין אַ ווייטערדיקן גאַנג. צו דער צווייטער טרילאָגיע געהערן „אַרום וואָקזאַל", „נאָך אַלעמען" און „אָפּגאַנג", — אין די ערשטע צוויי קומען מער צום אויסדרוק פאַר־סאָנאַזשן, בעת „אָפּגאַנג" איז די פולשטענדיקע געשיכטע פון דער אידי־שער אינטעליגענץ אין אירע אייניקע דיפערענצירונגען און שטימונגען און פאַרבינדט זיך פולשטענדיק מיט „יוסף שאָר", די ווירקלעכע גע־שיכטע און גענעאַלאָגיע פון דער אידיש־בירגערלעכער, יחוסדיקער און טראַדיציאָנעלער משפּחה.

## קאַפּיטל פיר

עס איז כדאי צו דערמאָנען די שמועסן, וואָס דער לעבעדיקער חיים־משה פון „אָפּגאַנג" פירט מיטן טויטן מלך. פּסיכיש גענומען, איז איז עס אַ ריכטיקער פאַל פון האַלוצינאַציעס, אָבער דוד בערגעלסאָן האָט פאַר דעם אַ צווייטן נאָמען, — עס הייסט „דענקען אויף אַ קול" און חיים־משהס „דענקען אויף אַ קול" ווערט אויסגעדריקט אין פאָלגנ־דיקן דיאַלאָג מיטן טויטן מלך:

„פאַרוואָס ביסטו אַזוי שטיל אַוועק, מלך?"

„דו ווייסט, חיים־משה".

„כדי ניט אויסצוואַוועקן קליינע קינדער?"

„יאָ, חיים־משה, זאָלן דרימלען קינדער, זאָלן דרימלען קינדער מיט בלאַסע בעקעלעך".

„אָבער עס איז דאָך הוילער שד, מלך, הוילער שד, אין גוטסקייט און שעמעוודיקן שמייכל".

חיים־משה איז אַ מין צווישן פון אַ אידישן „אָבלאָמאָוו", ווי ער איז פאַרגעשטעלט אינעם ווערק אונטערן זעלבן נאָמען פונעם רוסישן ראָמאַניסט גאָנטשאַראָוו, און אַ „גלאַן" פון קנוט האַמסונס ראָמאַן „פּאַן", מיטן אונטערשייד, וואָס ער איז גענויגט צו אַ שטענדיקן מחש־בותן. דמיון און רעיונות זיינען זיין אייגנשאַפט, — מאָמענטנווייז ווערט ער שטאַרק באַהערשט פון יצחק־בערס באַהויפּטונג וועגן „נתגלה ווערן" און „טאָן דעם שטאַרקן קלאַפּ מיט דער טיר", אָבער אין רוב לעבט ער אין חלול פון הוילע געפילן. אַמאָל באַהערשט חיים־משהן אפילו אַן אומרו, ער שטעלט דעמאָלט אָן דעם אויער און נעמט זיך איינהערן, דאָך אָנשטאָט צו הערן דעם לעבעדיקן פּולס און גאַנג פונעם לעבן, הערט ער גאָר אַ שטיל קלאַפּן, ווי פון אַ ניט־לעבעדיקן נפש, פון אַ פרוי „מיט אַ בלאַס און צעשראָקן פּנים".

מיט דעם האָט דוד בערגעלסאָן באַצאָלט זיין צינז דער מיסטיק, טיילווייז אויך דעם סימבאָליזם. ער ראַנגלט זיך צווישן אַ רעאַליזם און מיסטישע שטימונגען, וואָס טרעטן אַרויס נאָך בולטער אין דער דער־ציילונג „ביינאַכט". די דערציילונג קלינגט ממש ווי אַ מיסטעריע. עס ווערט דערציילט, ווי אַ צוג לויפט אין אַ פינצטערער רעגנדיקער נאַכט איבער „שוואַרצע זומפּן און וויסטע זאַמדיקע פעלדער". אינעם זעלבן צוג פאָרט אַ איד, אַזאַ מיסטעריעזער און מאָדנער איד, ער קוקט רק יעדן אין די אויגן, זוכט עפּעס ביי יעדן און מאָנט ביי דער נשמה, שטום און נאָגנדיק, אָן אויפהער. ער מאָנט גאולה און דאָ זאָגט אונטער דער דיכטער אַ סברה, אַז די גאולה וועט אפשר קומען פון „גאָטס וואָרט". אינעם זעלבן צוג פאָרט אויך אַ פּשוטער בחור, אַ „רויט־באַקיקער בחור

אין ליבל און שטיוול" און ער זאָגט נאָך וואָרט ביי וואָרט די תורה־רייד, וואָס דער אַלטער נאַכט־איד טראָגט אים אונטער. און וואָס פאַר אַ תורה־רייד טראָגט אים אונטער דער נאַכט־איד? אַז אין אָנהויב איז די ערד געווען „לער און וויסט" און דעמאָלט האָט גאָט באַשלאָסן, אַז „איך וועל אָפּמעקן פון דער ערד אַלץ וואָס איך האָב באַשאַפן", און אויס דעם וואָס דער „פּשוטער מענטש וועט זיך אומקערן און דערנענטערן צו גאָטס וואָרט, וועט אויפהערן דער מבול", — די קאַטאַסטראָפעס, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט דאָס אידישע לעבן.

עס איז דוד בערגעלסאָנס אַ צינז דער מיסטיק, אָבער וואָס האָט אים דאָך ניט פאַרכאַפּט ביז דער טיפקייט פון דער נשמה, אין זיין דיכטעריש מחשבותן און נאָכדענקען. עס איז אַ צייט פון אַן איבערברוך אינעם אידישן לעבן, די צייטן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט געטראָפן דוד בערגעלסאָנען ניט דעפינירט, פּונקט ווי עס האָט געטראָפן דעם רוב פון די אידישע דיכטער און אינטעליגענץ, אָבער באַלד האָט דוד בערגעלסאָן באַנומען די געשאַפענע ווירקלעכקייט און גענומען גלייכן זיינע פּערסאָנאַזשן, מאַכן זייער השבון, אונטערשטרייכן זייערע אייגנשאַפטן און נויגונגען, ווי אויך באַשטימען זייער גורל. עס איז דער פּעריאָד ווען דוד בערגעלסאָן שאַפט ניט קיין גרעסערע ווערק, נאָר דריקט אַלץ אויס אין אַ סעריע דערציילונגען, וואו דער סיפּור־המעשה שפּיגלט אָפּ צייט און שטימונג. אין די דערציילונגען איז דער דיכטער דורכויס רעאַליסטיש, אויך אורטיילמעסיק און פורעמט זיך גופא אויף די וועגן צו אַ נייעם באַוואוסטזיין און נייער שעפערישער טעמאַטיק. עס איז אַ צווישן־ און דער אָנהויב פון אַ צווייטן פּעריאָד און צו דער צייט געהערן דוד בערגעלסאָנס דערציילונגען, קאָנצענטרירט אונטער די טיטלען „וועלט־אויס, וועלט־איין", „צוגווינטן" און „שטורעמטעג". שוין די טיטלען גופא זאָגן עדות וועגן געוויסע ענדערונגען, דייטן אָן אויף עפּעס נייעס, און אַפילו סך־הכלדיקייט, וואָס גרייכט צו אַפּאָטעאָז אינעם ראָמאַן „מידת הדין", וואו עס קרייצן זיך ריכטיק צוויי וועלטן, — אַ בירגערלעכע אין אונטערגאַנג און אַ רעוואָלוציאָנערע אין אויפשטייג.

עס איז גענוג צו נעמען דעם טיטל „וועלט־אויס וועלט־איין" צו באַגרייפן דעם כאַראַקטער פון די דערציילונגען. עס איז שוין קלאָר, אַז עס טרעפן זיך צוזאַמען צוויי וועלטן, פון וועלכע איינע איז פאַרגיין, הגם דער טיפּאַזש און פּערסאָנאַזשן זיינען דאָ גאַנץ אַנדערע ווי אינעם ערשטן פּעריאָד, זיי געהערן אַלע מער צו דער קליינבירגערלעכקייט אָדער צו דער אינטעליגענץ און דוד בערגעלסאָן באַנוגנט זיך צו נעמען זיי מיט אַן איראָניע, מיט אַ שמייכל, איבערהויפּט ווען ער שילדערט די מענטשן פון דער וועלט־אויס. אגב מערקט זיך דאָ אויך אַ געוויסע נערוועזקייט אין בערגעלסאָנס שרייבן, אייניקע פון די פּערסאָנאַזשן באַ־

טראַכט ער פּשוט מיט אַ בייזקייט און שטעלט פאַר דאָס שטעטל פון פאַר דער רעוואָלוציע אין אַן אויסערסט קרומען, אָפּשטויסנדיקן ליכט. די טי־פּישע פּערסאָנאַזשן זיינען דאָ די פון „שבט גדליה", „נאַטאַן קאַץ", „סערלס חלק", „שונאים", „„אַ ראָמאַן" און אַנדערע איז שוין אויך בערגעלסאָנס בליק אויף די יורדים. ער מיידט אויס כמעט זיי צו דערמאָנען און אויף וויפל זיין טאָן איז אַ געלאַסענער, רואיקער, פאַרגינט ער זיך דער חוזק איבערן כלומרשטן יונגנמאַן נאָטע, וואָס בייט אַלע מאָל די ווייבער, איבערן בוכהאַלטער יאָסל בודניצקי, וואָס ווענדט אָן אין לעבן אַ סאָפּיסטישע פילאָזאָפיע. דאָס מיידל, אין וועלכער ער איז פאַרליבט, די פּיאַניסטקע סאַראַ בריסקין, איז פון אַ יורדישער משפחה, „דוכט זיך, אַן איידל קינד", אָבער ביי איר געפינט מען שוין ניט קיין סימן פון אינטעליגענץ און יחוסדיקן שטאָלץ.

„וועלט־אויס וועלט־איין" איז בערגעלסאָנס אַ רבנן־קדיש נאָך דער בירגערלעכער קליינשטעטלדיקער משפחה און דער דיכטער אַנטפּלעקט זי אין איר צערודערטקייט און פונאַנדערפאַל. אָט זיינען די צוויי ברידער פון דער דערציילונג „שונאים", יאָסל און אריה, ביידע געוועזענע סוח־רים, וואָס זיינען אין די אומשטענדן פון דער רעוואָלוציע געוואָרן קוס־טאַרן, אַ מין היים־אַרבעטער, וואוינען ביידע אויף איין גאַס, איינער קעגן דעם צווייטן, דאָס שטעטל איז שוין לאַנג סאָוועטיזירט און זייערע קינדער זיינען אויף סאָוועטישע שטעלעס, אָבער די ברידער זיינען צע־קריגט נאָך פון אַמאָליקע צייטן און קענען ניט קומען צו אַ שלום צווישן זיך. די ברידער ריידן ניט צווישן זיך און ווען עס קומט ביי איינעם פון די ברידער דער טאָג פון אַ שמחה, לאָדט ניט איין איין ברודער דעם צווייטן און די שנאה ווערט נאָך שטאַרקער, טיפער. און צוליב וואָס דערציילט עס דוד בערגעלסאָן? כדי אונטערצושטרייכן, אַז די קליינ־בירגערלעכקייט איז פאַראורטיילט אין אַלע הינזיכטן, אַז זי וועט שוין זיך ניט ענדערן ביז איר פולשטענדיקן אונטערגאַנג, ווייל אַפילו די סאָ־ציאַלע פאַרענדערונגען זיינען ניט אין קראַפט צו באַווירקן זייערע אינ־דיווידועלע באַציאונגען.

און נאָך מער כאַראַקטעריסטישער איז די דערציילונג „שבט גדליה". דער העלד הייסט מאַטעס, שבט גדליה איז אַ צונעמעניש, ווייל דער העלד איז אַ גבר, אַ ריז. מאַטעס דער בעל־עגלה איז דער אויסדרוק פון דער פּרימיטיווער רוי־קראַפט, צייכנט זיך אויס מיט זיין קרעפטיקער פיזישקייט, אָבער דערפאַר דורכויס גייסטיק טעמפּ, ספּעציפיש עם־האַרציש. ער פאַרמאָגט אָבער אַ בלינדע שנאה צו די נגידים, איבער־הויפּט צו די אַרויפגעאַרבעטע און איז באַזונדערס מקנא זיין געוועזענעם חבר זיינוול, וואָס איז פּלוצים געוואָרן אַ בעל־עגלה: זיינוולען האָט די באַן אָפּגעשניטן אַ האַנט און ער האָט אַזוי אַרום באַקומען די ערשטע

דריי טויזנט רובל. מאַטעס איז זיך מתקנא אין זיינוועלען און קלערט ווי אַזוי צו קענען באַקומען די ערשטע דריי טויזנט רובל. מאַטעס קומט פּשוט צו דער איבערצייגונג, אַז אַ נגיד מוז האָבן אַ חסרון, — עס איז אגב די איבערצייגונג פונעם גאַנצן שטעטל, ביז מאַטעס לייגט זיך אונטער אין אַ פיינעם טאָג אונטער אַ באַן־וואַגאָן, כדי אַזוי אַרום צו דערגרייכן זיין ברענענדיקן וואונטש נאָך געלט.

אין אַלגעמיין מאַכט דאָ דוד בערגעלסאָן אַ מין אונטערצי דער בירגערלעכער וועלט און צעגלידערט די בירגערלעכע משפּחה אין איר דעקאַדענץ. אין דער דערציילונג „צוויי שוועסטער", וואו עס פילט זיך אויך די יורדישקייט, זיינען די צוויי שוועסטער פּאָלי און מורע פאַרליבט אין איין און דעם זעלבן יונגנמאַן, אין אַ מאָלער, וואָס קען גלייך זיך וואַרפן אויף דער פערצן־יאָריקער מורע ווי אויף דער אַכט־און־צוואַנציק־יאָריקער פּאָליע. דער מאָלער האָט אפילו אַ שייכות צו דער קינסטלערישער אינטעליגענץ און דוד בערגעלסאָן שטעלט אים פאָר אויסערלעך אין סימפּאַטישע שטריכן, אָבער עס באַפרייט אים ניט פון מיסברויכן מיט אַ מינדעריעריקער מיידל. דוד בערגעלסאָן זאָל דאָ ווי קומען צום אויספיר, אַז די קונסט פאַרגיט ניט דעם קינסטלער אפילו, ווען ער באַגייט גרויסע עבירות און ווי אַ קאָנטראַסט שטעלט ער פאָר אין אַ צווייטער דערציילונג, „די דינאַמישע רגע", אַ צווייטן קינסטלער, שוין אַ וועלט־באַרימטקייט, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין איידעלער און צאַרטער באַציאונג צו דער פרוי. אין דער דערציילונג שטעלט אַרויס בערגעלסאָן דעם קינסטלער ווי אַ פּרעדילעקטן פערסאָנאַזש. ער פאַרמאָגט אַלע מעלות, ער צייכנט זיך אויס מיט זיין ערנסט, אָבער ער קען פון ערנסט אַריבער אויך צו קינדישער שטיפערישקייט. ער איז די מעלה און אייגנשאַפט פון גרויסן אויפריכטיקן קינסטלער: ער איז גוט, צוגעלאָזן און הגם ער איז לייכטזיניק אין אַ געוויסער מאָס, קען ער זיך אָבער אויך קאָנצענטרירן און בלייבט דערביי אויסערסט באַשיידן, אָבער דערפאַר איז שוין אַנדערש דער, וואו עס פעלט דאָס אויפריכטיק־קינסטלערישע און דאָס הויפּט־אָרט פאַרנעמט דאָס גראַפאָמאַנישע. דער דיכטער מאַקס וועצעל פון דער דערציילונג „מיט איין נאַכט וויניקער" איז ניט בלויז דער גראַפאָמאַן, נאָר אויך דער אָפּגעלאָזענער, פוילער און אין אַלע פּרטים אַ טויגעניכץ. וועצעלס סביבה: שיכורים, גנבים, גאַסן־פרויען, הגם אַליין איז ער נאָך אַלץ אָרנטלעך. אַליין איז ער אַ הונגעריקער, עס איז אים קאַלט, ער איז שטענדיק אָפּגעריסן און האָט ניט וואו צו נעכטיקן, און ניט האָבנדיק וואוהין זיך אַהינצוטאָן, לאָזט ער זיך איבער די „יום־טובדיקע באַלויכטענע גאַסן" אָן באַוואוסטזיין, אָן אַ וויסן וואוהין ער גייט, אָבער דערפאַר ווען ער ניכטערט זיך אויס דערפילט ער אַן עקל

צו אַלע גראָבע קעפּ, מערסטנס צו די קריטיקער, וואָס ווילן אים ניט אָנערקענען.

אין אַזאַ שטייגער ברענגט בערגעלסאָן אַ קאַליידאָסקאָפּ פון פּער־כּאָנאַזשן, דיפערענצירטע אין סאָציאַלער און גייסטיקער אָנגעהעריקייט, אָבער וואָס געהערן אַלע צו דער בירגערלעכער סביבה. די סאָציאַלע מאָ־מענטן זיינען דאָ שאַרפער, בולטער, עס איז אפילו פאַראַן קאָנטראַסט, איבערהויפּט ווען דער דיכטער באַרירט די קינסטלערישע וועלט און שטעלט זי פאָר בלויז אָדער אין איר באָהעמישקייט, הומאַניזם אָדער פּעסימיזם, — עס איז די אַבסאָלוטע אידייענלאָזיקייט, אָבער דער דיכ־טער איז פאָרזיכטיק אין אַרויסזאָגן אַ לעצטן אורטייל, הגם ער ווייסט שוין גוט, אַז עס זיינען אַלץ פאַרפאַלענע מענטשן, וואָס וועלן ניט האָבן קיין תקומה, ניט קיין תיקון. און אַנדערש איז דער דיכטער, ווען ער שטעלט פאָר דעם „בירגער וואָליע ברענער". וואָליע ברענער איז שוין דער אַנדערער, דער נייער מענטש, וואָס האָט זיך דעפינירט און געפונען זיין ריכטיקן תיקון: פונקט ווי אַמאָל יצחק־בער אין „אָפּגאַנג" האָט אויך וואָליע ברענער זיך צעקריגט מיט גאָט, געזוכט אַ נייעם, אַ קאָנ־קרעטן גלויבן און האָט אים ענדלעך אויך געפונען: „אויף צו פאַר־טרייבן די צייט האָט מען געמוזט אַמאָל אַריינקוקן אין אַ ספר. היינט אָבער — זינט דער רעוואָלוציע מיט דער סאָוועטסקע וולאַסט — איז דאָס לעבן אַרום און אַרום אַזוי טשיקאַווע, אַז מען קען אויסקומען מיט לייענען אַ בלאַט צייטונג און אָפּט אפילו אָן אַ צייטונג אויך. מען קוקט זיך צו צו דעם וואָס אין לאַנד און אויף דער וועלט טוט זיך, און פון דעם אַליין קומען שוין אַרויף פאַרשיידענע געדאַנקען".

וואָליע ברענער איז אויך דאָס מחשבותן פון דוד בערגעלסאָן, ווע־מען ער שטעלט, ווי דעם גרויסן קאָנטראַסט צו די אַזוי גערופענע „גע־וועזענע מענטשן", דער דיכטער שטרייכט אונטער, אַז באַוואוסטזיין איז ניט פאַרבונדן מיט עלטער אָדער יוגנט, נאָר מיט פאַרשטענדעניש, מיטן פאַרמאָגן אַ קלאָרן בליק, וואָס דרינגט אַרוים פון די נייע „צוג־ווינטן", אין וועלכע די שוואַכערע פאַרלירן זיך, בעת די שטאַרקערע געפינען אַ נייעם, מעכטיקערן און שאַפערישן גלויבן.

* * *

„וועלט־אוים וועלט־איין" איז דער שייד־וועג, וואָס שטעלט אַוועק דעם דיכטער ניט בלויז פאַר אַ נייער ווירקלעכקייט, פאַר נייע פּראָבלע־מען, פאַרבונדן מיטן אַנטשטיין פון אַ נייעם דאָזיין, נאָר אויך פאַר נייע אַנטשיידונגען. עס איז דער אַריינפיר אין אַ נייעם טיפּאַזש, דעפינירט אין אַ נייעם רעאַליזם, אין נייע פאָרמען פון לעבן און פאַרשטענדעניש. מען געפינט נאָך נישט די נייע ווירקלעכקייט אין דער „וועלט־איין

וועלט־אויס", ווייל דאָרט פירט נאָך דער דיכטער זיין אָפּרעכענונג, אָבער ער טרעט אַרויס שטאַרקער און מעכטיקער אין אַ צווייטן עטאַפּ פון אַנטוויקלונג, באַטיטלט פון דוד בערגעלסאָנען מיטן אַלגעמיינעם אויסדרוק „צוגווינטן". שוין דער טיטל איז אויך עפּעס מכוון און דער טיפּאַזש גופא באַקומט אַן אַנדער פּרצוף, פּונקט ווי דער פּייזאַזש איז שוין אויך אַן אַנדערער. דאָס אָרט פון דער באַלעבאַטישער גאַס אינעם קליינעם שטעטל פאַרנעמט דער וועג, דאָס פעלד, דער וואַלד און דאָס שטעטל גופא איז שוין פאַרגעשטעלט אינעם קאָנטראַסט סיי פון גאַסן, סיי פון איבערלעבונגען:

„אָרעמע געסלעך, שמוציקע סיטקעס און סתם פייכטע קעלערס קערן זיך אויס אויף דער לינקער זייט, שיטן אויס אַלץ, וואָס זיי פאַר־מאָגן, אין דרויסן אַרויס. אויף דער הויפּטגאַס שטייט מען אומעטום — אויף טראָטואַרן, אויף גאַנעקעס פון הייזער, אויף טרעפּלעך פון קלייטן. מען שמייכלט מיט די נעזער, גלייך עמעצער האָט נאָר וואָס געזאָגט אַ חכמה, מען שטעלט זיך אויף די שפּיץ־פינגער, מען קוקט זיך איין אין דער ווייטסטער טיף פון דער לאַנגער גאַס און מען וויל זען מיט די אייגענע אויגן, ווי אַזוי די גבירים טראָגן אין „רעווקאָס" אַריין די „פּירערס". די גבירים האָבן זיך אין עק גאַס פאַרזאַמלט אין באַנק. דאָ אויף די טראָטואַרן האָט מען געשמועסט, אַז עס וועט זיי העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס".

כאַראַקטעריסטיש איז דאָס מחשבותן פונעם פּשוטן איד, וואָס קומט פונעם הינטערגעסל, איצי זשוואַוועס. דאָס נייע איז פאַר אים אַ גרויסער ענין און חשיבות, אָבער עס האָט נאָך ניט דעם פאַרנעם וואָס ער וואָלט געוואָלט זען, דאָס אָפּרעכענען זיך מיט די נגידים: „און עס דוכט זיך: עס איז גאָרניט געשען, — די גבירים זיינען ווי תמיד גבירים, און ווער ווייסט? מעגלעך דאָס טראָגט מען זיי שוין אויף דער הינטער־טיר שלח־מנות". די האַנדלונג הויבט זיך אָן אַ סוף ווינטער צום גאַנג פונעם פּרילינג און איצי זשוואַוועס אין דער דערציילונג „אַ מעשה מיט גבירים" האָט מורא, אַז עס וועט גיין פאַרלאָרן נאָך אַ פרי־לינג פון דער גרויסער אָפּרעכענונג. דער דיכטער שטעלט זיך שוין אָפּ אויף דער זייט פון די באַעוולהטע און האָט הנאה סיי פון זייער מח־שבותן, סיי פון זייער צופרידנקייט און האָפענונג. אויף אַזאַ שטייגער ווערט דאָ אויסגעברייטערט די פּערסאָנאַזשן־פּאַנאָראַמע, וואָס באַנוגע־נען זיך נישט מיט אַ „שטילן פּראָטעסט", נאָר האָבן שוין דאָס רעכט צו פאָדערן, אָפּן אַרויסזאָגן זייער ווילן. דער שיכט פונעם ערשטן פּעריאָד פון דוד בערגעלסאָנס שאַפן איז אין דעם פּעריאָד שוין ניט דער טרעגער, נאָר דער געטראָגענער פון אַ האַנדלונג, בעת אַ צווייטער שיכט איז אויפן וועג צו אַ נייער אויסקריסטאַליזירונג און אויספורע־

מונג. אין „צוגווינטן" קומען אַרויס אויף דער אַרענע נייע ווירקנדיקע עלעמענטן, — דער אַרבעטער, סיי דער מאַן, סיי די פרוי, פּונקט ווי דער באַלעבאַטישער האַנטווערקער און סאָציאַליסט, וואָס איז נאָך פאַרנומען מיטן טעאָרעטיזירן און קריטיקירן. דאַרום פּאַרציט אים דוד בערגעלסאָן דעם נאָמען: „דאָס סאָציאַליסטל".

אויף אַזאַ שטייגער הייבט זיך אָן דער צוזאַמענשטויס צווישן צוויי פאַרשיידנאַרטיקע שיכטן, אָבער דער צווייטער שיכט איז נאָך אַלץ שטום, ער האָט זיך נאָך ניט גענוג אויסגעפורעמט צו באַנעמען דעם ווערט און די קראַפט פון דער רעוואָלוציע, — עס האָט אים פאַרכאַפּט ווי אַ סטיכישע קראַפט, די קראַפט פאַרגאַפט אים און די פאַרגאַפּונג מראָגט זיך אַריבער אויך אויף דער מענטאַליטעט פונעם דיכטער. פאַר דוד בערגעלסאָנען איז דער אָנהייב פון דער רעוואָלוציע, דער גרויסער צוגווינט, וואָס ענדערט די פּאַנאָראַמע,—אַ סענסיביליטעט, נאָך ניט פאַרוואַנדלט אין אַ באַוואוסטזיין־דערקענטעניש, הגם אין איניקע פּערסאָנאַזשן אַנטפּלעקט זיך דער פּראָצעס, — דער איבערגאַנג צו אַ נייעם, אויסגעפורעמטן באַוואוסטזיין. אין אַזאַ ליכט דערשיינט דער דאָקטאָר מאָטי שטיינבערג אין דער דערציילונג „געבורט". דוד בערגעלסאָן שטעלט אים פאָר, ווי דעם פּאָזיטיוון טיפּ, הגם זיין תחילתדיקער אַריינטרעטן אין דעם רויטאַרמייאישן שפּיטאָל איז מער פאַרבונדן מיטן שטרעבן צו אינדיווידועלער זעלבסטזיכערקייט, ווי אויסן ווען דינען דער זאַך. דאַרום טאַקע ציט ער זיך צוריק פונעם שפּיטאָל, ווען ער דערפאַרט, אַז מ'האָט דערמאָרדעט אין אַ פּאָגראָם זיין פרוי און פאַלט אַריין אויף אַ צייט אין אַ צושטאַנד פון אַ פּסיכישער אַפּעקטירטקייט. דאָך ווירקט עס אויך אויף זיין מחשבותן, אויפן באַאָבאַכטן און נאָכדענקען, איבערהויפּט ווען ער שטויסט זיך צוזאַמען מיט דער האַלב־משוגענער אַלטער מויד, — גראַד דער צוזאַמענטרעף ווירקט אויף אים אויסלייטערנדיק. ערשט דעמאָלט באַגרייפט ער ריכטיק די ווערטער, וואָס איינער לייזער פרידקין האָט אים ביי אַ געלעגנהייט געהאַט געזאָגט:

„פטור, נו, וואָס פאַר אַ פראַגע? איך האָב איין אויסוועג —
איך טרעט אַריין אין דער פּאַרטיי...".

דוד בערגעלסאָן איינגנטלעך הייבט שוין דאָ אָן אָנצומערקן די וועגן פון דער אינטעליגענץ אין אירע ספקות און אַנטשיידונגען. אָן ענלעכן פּערסאָנאַזש געפינט מען אויך אין דער דערציילונג „דער לאָך, דורך וועלכן איינער האָט פאַרלאָרן". דער פּערסאָנאַזש יאַנאַ גריגאָריעוויטש איז אָן אינטעליגענט און אַ שרייבער, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט דער רעוואָלוציאָנערער איבערגאַנגס־צייט. אין אַ געוויסן פּרט פאַרמאָגט ער באַוואוסטזיין, אָבער זיין מענטאַליטעט איז אַטראָפירט און זיין דענקען גייט ניט ווייטער פון די אינדיווידועלע שטימונ־

גען. ספּאָנטאַן טרעפט ער זיך צוזאַמען מיטן האַלב־נאַרמאַלן פֿלאַפּלדיקן סאַנאַטאָריע־מענטש מוני און דאָס צווינגט אים זיך צו פֿאַרטראַכטן פֿונדאַסניי וועגן זיך אַליין, וועגן זיין וועזן אינעם רעוואָלוציאָנערן אויפֿבוי. דער מוני איז דער אָנרעגער צום מחשבותן, און אויך דער, וואָס שטרייכט אונטער דאָס כאַראַקטעריסטישע אינעם רעוואָלוציאָנערן מענטש:

„איר האָט אָקאָרשט געהערט, ווי מען רעדט דאָ אויף מיטינגען? מען זאָגט עס פּשוט און קורץ און שאַרף מיט אַ פּשוטער קללה אין דער מאַמען אַריין..."

עס איז כדאַי אונטערצושטרייכן, אַז סיי די ערשטע, סיי די צווייטע דערציילונג זיינען כמעט ענלעך אין דער טעמע, — ביידע פּערסאָנאַזשן זיינען אינטעליגענטן, וואָס געפינען זיך אויף אַ שיידוועג, ביים ערשטן איז די פרוי אומגעקומען אין אַ פּאָגראָם און דאָס פירט אים צו אַ פאַרצווייפלטער לאַגע, דעם צווייטן האָט פאַרלאָזט די פרוי און דאָס האָט אין אים אויסגעבילדעט אַ גלייכגילטיקייט, אַן אַפּאַטישע באַציאונג צו מענטשן, וואָס קען אייגנטלעך אויסגעטייטשט ווערן אויף פֿאַרשיידענע אופנים.

אין אַלגעמיין באַמיט זיך שוין דוד בערגעלסאָן צו זיין דעפינירט און באַווייזט פֿאַרשיידענע פּערסאָנאַזשן אינעם פּראָצעס פון זייערע טראַנספאָרמאַציעס. עס טרעפט זיך צוזאַמען אַ נייער טיפּאַזש מיט אַן אַלטן, וואָס לעבט נאָך אין רעמיניסצענסן, אָבער וואָס פילט שוין גאַנץ שאַרף, אַז ער האָט פאַרלאָרן יעדן באָדן. עס אַנטשטייט אַ נייע ווירקלעכקייט און אין דער ווירקלעכקייט האָט דאָס וואָרט דער הערשל טאָקער, דער רעוואָלוציאָנער, וואָס קען גיין אויף קרבנות, וואָס דרינגט אַריין אין אַלע ווינקעלעך פון לעבן און איז אַ נייע יוגנט, וואָס שאַפט איבער און בויט פונדאָסניי. אין דער דערציילונג „אין סטעפּ" איז דער טיפּאַזש שוין פולשטענדיק אַ נייער, וואָס הייבט אָן דעם רעקאָנסטרוקציע־פּראָצעס אין די אומשטענדן פון די ראַטנפאַרבאַנדישע פאַרענדערונגען. עס איז שוין פאַראַן דער סימן פון דער קאָלעקטיווער באָדן־באַאַרבעטונג און צווישן דעם מאָדיפיצירט זיך אויך דער אַלטער דור, אָבער דאָס הויפּט־וואָרט באַקומט דער האָרעפּאַשנער מענטש און די נייע האָרעפּאַשנע פרוי מאַלי, „באָרוועס, מיט טונקל־ברוינע צוויי און צוואַנציק־יאָריקע פולקעס, מיט אַ צענפּונטיקן האַמער אין האַנט", — דאָ קומט שוין אַ געשטאַלט פון אַ גאַנץ אַנדערער פרוי, ניט פון די מירעלעך און ניט פון די חנהקע ליובאַרס. דוד בערגעלסאָן זעט שוין די פּערספּעקטיוון פון אַ נייער רעאַליטעט, און אַזוי זעט ער שוין גענוי און קלאָר די קאָנטורן פון אַ נייעם טיפּאַזש, וואָס גרייט זיך צו פּרעזענטירן אַ נייעם אויפגייענדיקן אַקטיוון און טעטיקן שיכט.

געווים לוינט זיך אויך אָפּצושטעלן אויף דער דערציילונג „אין א סאָוועטישן שבת", וואו עס קומט ווידער צו אקציע־אויסדרוק וואָלי ברענער, אָבער עס וועט זיין ניט מער ווי א הוספה צו דער קלאסיפי־קאציע, וואָס גייט ביי דוד בערגעלסאָנען אויף געוויסע אידייאישע ריכ־טונגען: „א מעשה מיט גבירים" איז דער אָנהייב פון דער ראטנמאכט און דער אָנהייב פון דער שיכטן־דיפערענציאציע, „דער לאָך" און „גע־בורט" זיינען די אינספּיראציע צו א דערקענטעניש און באוואוסטזיין, „הערשל טאָקער" איז די מאגיק פון רעוואָלוציאָנערער פליכט און פאר־אנטוואָרטלעכקייט און „אין סטעפּ", ווי „אין א סאָוועטישן שבת", זיינען דער אָנדייט אויף דער סאָציאַלער איבערשיכטונג, א חוץ די קינ־דער־דערציילונגען, וואָס האָבן א באזונדערן ווערט און באדייטונג.

עס לוינט זיך אייגנטלעך אָפּצושטעלן אויף יעדער בערגעלסאָנס דערציילונג, ווייל דער שרייבער איז אין זיי דורכויס רעאַליסטיש און גייט אויפן וועג פון נייע אָנשויאונגען און גייסטיקן איבערבוי. אין דעם פּרט פאָרדינט אויפמערקזאמקייט דער באנד „צוגווינגען", וואָס איז א ווייטערגאנג פון די דערציילונגען „שטורעמטעג", דאָך איז כאראקטע־ריסטישער פאר דער דיכטערישער אָנשויאונג און רעוואָלוציע־באַנעם דער צווייטער באנד, ווי דער ערשטער. דוד בערגעלסאָן הויבט אָן תחילת מיטן שילדערן דעם רעוואָלוציאָנער און פּארטיזאן באַטשקאָ אין דער צייט פון בירגער־קריג, פון מאכט־איבערגאנג, אָבער ער קען זיך נאָך ניט אָן עצה געבן מיטן העלד. פּונקט ווי דער העלד אליין, איז אויך כאַאָטיש דוד בערגעלסאָנס פאָרשטעלונג וועגן דער רעוואָלוציע, וועגן דעם רעוואָלוציאָנערן טאַט, — ער באטראכט די רעוואָלוציע ווי א שקוואַל, וואָס האָט זיך אראָפּגעלאָזט פון אומבאוואוסטקייטן און דריקט, דארום טאַקע פאַלט ער אריין ערטערווייז אין באנאַלע מאָמענטן, אָבער עס איז דערביי פאראן אויך א געוויסער פאָרדינסט: דער דיכטער פאָר־רעמט זיך אין א נייער טעמאַטיק און ווייזט שוין דעם שטייגער, ווי עס טרעפן זיך צונויף אין א דירעקטן קאמף צוויי קלאסן, — דער אויפ־וואכנדיקער רעוואָלוציאָנערער און דער אָפּגייענדיקער בורזשואזער. חוץ וואָס ער ברענגט ארויס דאָס פולשטענדיקע בילד פונעם בירגער־קריג. דער דיכטער זעט דעם קאמף, שפּירט די טריט פון דער רעוואָלוציע און האָט פאר איר רעספּעקט: „עס האָט געוועקט דרך־ארץ, עס האָט גע־שראָקן", פּונקט ווי עס איז פאראן א בענקעניש נאָך דער רעוואָלוציע, ווי דער רויטארמייער זאַזוליע מחשבותט אין דער דערציילונג „אויף דער הונדערט און איינסטער וויאָרסט":

„אַ וועלט אַ רויבערישע, אַ זינדיקע, איז קראַנק פון רויבערייען און זינד, און צווישן אַט דער וועלט — ער, זאַזוליע איינער אַליין. ער רעדט זיך פאַר איר דורך אין טעלעפאָן מיט אַ זויבערער וועלט,

אַ ליכטיקער, אַ געלייטערטער דורך אויפגעהויבענע הענט מיט בלויזע, פֿאַכענדיקע שווערדן. און צו אָט דער גלוסטיקער גן־עדנדיקער וועלט פירן דעם טעלעפֿאָנס דראָטן ווייט, ווייט, אַ מהלך רוב".

אויך אינעם צווייטן עטאַפּ פון דוד בערגעלסאָנס שאַפֿן געפינט מען בענקעניש־שטימונגען, אָבער זיי זיינען שוין פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַ־ראַקטער. דערצו הייבט זיך אָן דער גרויסער פונאַנדערגאַנג פון מענטשן. דאָס לעבן פונעם הויז האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין גאַס אַריין אויף נאָענטע און ווייטע וועגן און מענטשן לויפן, ווי אין בהלה. דאַרום אויך שטורעמטעג. עס קומט אויף דער צייט און דעם קרייץ־צוג פון פּערסאָ־נאַזשן, וואָס געהערן צו פאַרשיידענע סאָציאַלע קאַטעגאָריעס — ער ווייזט די מענטשן אין די אמשטענדן פון בירגער־קריג, פון וואַנדערונגען, פון איבערבוי און איבערשיכטונג, אין אויסוואַנדערונג אויף אַ פרעמדן באָדן. כאַראַקטעריסטיש צווישן דעם אַלעמען איז די דערציילונג „צווישן עמי־גראַנטן", אינעם טייל פונעם מחשבותן וועגן דער דיכטערישער אויפ־גאַבע:

„שרייבער, האָב איך געטראַכט, זיינען ווי דער געוויסן פונעם פאָלק. זיי זיינען זיינע נערוון, זיי שטעלן פאַר זייער פאָלק פאַר דער וועלט, פון די ווערק פון שרייבער וויל מען נאָכדעם וויסן, ווי אַזוי האָט אין זייערע צייטן געלעבט זייער פאָלק".

עס איז אגב אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דוד בערגעלסאָנס שאַפֿן. עס איז שוין ביי אַ געלעגנהייט געהאַט אונטערגעשטראָכן גע־וואָרן, אַז דוד בערגעלסאָן איז ניט בלויז די רעאַליטעט פון אַ דיכטע־רישער קינסטלערישקייט, נאָר גרויסע אידישע קולטור־ און סאָציאַלע געשיכטע און ווי אַזעלכער דערשיינט ער אין אַלע זיינע גרעסערע און קלענערע ווערק, אין זיינע ראָמאַנען און נאָוועלן, וואָס וועלן דינען דעם קינפטיקן געשיכטע־שרייבער פעסטצושטעלן די אייגנשאַפטן פון אַן עפּאָ־כע, די שטימונגען פון באַשטימטע שיכטן. און דאָס ענלעכע געפינט מען אויך אין די „שטורעמטעג". אין די דערציילונגען „בירגער־קריג", „איי־נעמס אַ וועג", „הינטער אַ ברענענדיק שטעטל", „אויף דער הונדערט און איינסטער ווערסט", אַנטפּלעקט דוד בערגעלסאָן דעם כאַראַקטער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, דעם אָנהויב פונעם בירגער־קריג און דעם מענטש אין דער רעוואָלוציע, דעם רעוואָלוציאָנער גופא ווי דעם ביר־גערלעכן מענטש, וואָס האָט זיך אָדער פאַרלאָרן אָדער געזוכט אַ צופּאַ־סונג; אין די דערציילונגען ווידער „צווישן צוועלף פונקטן", „אַלט־וואַרג" און „צווישן עמיגראַנטן", ווערט אַרויסגעבראַכט די איבערגאַנג־צייט און די דעקאַדענץ פונעם בירגערלעכן שיכט אין דער עמיגראַציע, בעת אין די דערציילונגען „אַ זעלטענער סוף", „חובות" און „אַ צענ־

וובלדיקער" איז שוין פאראן דער אָנהויב פון ראַטנפאַרבאַנדיש־אידישן איבערבוי און איבערשיכטונג.

„שטורעמטעג" איז דער איבערברוך אין דוד בערגעלסאָנס שאַפן, צום אויסדרוק קומען שוין דאָ נייע אידייען און נייע מענטשן, — עס איז די רעוואָלוציע אין איר גאַנג און אַנטוויקלונג און דוד בערגעלסאָן מאַכט דאָ דעם שלום מיט די מענטשן, וואָס קענען כאַראַקטעריזירט ווערן מיט אַ באַמערקונג אין דער דערציילונג „די דינאַמישע רגע":
„יענע וואָס זיינען מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אינעם אמת פו־נעם לעבן און האָבן פאַרוואַנדלט דאָס לעבן אין אַ קאַריקאַטור פון זייער אמת".

דוד בערגעלסאָן אַגב אליין פלאָנטערט זיך נאָך אין דעם און פאַלט אַריין אין אַ מין אמת־קאַריקאַטור, ווען ער שילדערט דעם פּאַרטיזאַן באַטשקאָ, אָבער באַטשקאָ איז ביי אים נאָך ניט אַן עיקר, עס איז ביי אים בלויז דער גרויסער פונאַנדערלויף און פונאַנדערקום פון אַלטע און אַ נייעם פונקט, צום מידת־הדין און ערשט אינעם „מידת־הדין" קומט ניט בלויז די גרויסע אָפּרעכענונג, נאָר אויך דאָס ענדגילטיקע און אַנט־שיידן־דעפינירטע פונעם דיכטער.

* * *

„מידת־הדין" איז אַ קאַליידאָסקאָפּ פון פּערסאָנאַזשן, וועמענס גורל עס ווערט דעפינירט אינעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע. עס הייבט זיך אָן דער ענדגילטיקער פונאַנדערפאַל פונעם בירגערלעכן שיכט, דער אומ־קום פון די פאַרמעגלעכע, ווי די לעצטע דיפערענציאַציע פון דער אינ־טעליגענץ. גראַד אין דעם ראָמאַן, וואָס האָט שוין אַ באַשטימטן סיפּור־המעשה, פאַרענדיקט דוד בערגעלסאָן די געשיכטע פונעם אידישן ביר־גערלעכן שיכט, שטעלט אים פאָר אין דעם פונאַנדערפאַל פון זיין טראַ־דיציע, פירט צו איר די געשיכטע פון דער בירגערלעכער אינטעליגענץ אין אירע פאַרשיידענע מיסטישע אָדער פּאָליטישע שטימונגען און הייבט אָן אַ בלעטל נייע געשיכטע פון אַ נייעם אויפשטייגנדיקן קלאַס און פון דער אינטעליגענץ, וואָס איז דורך אַ מחשבותן געקומען אויף אַ וועג פון אַ נייעם און ריכטיקן רענעסאַנס. דער טיפּישער פאַרטרעטער פון אַזאַ איבערגאַנג צו אַ נייער אינטעליגענץ איז דער סטודענט יוזי ספּיוואַק. דאָס נייע אָדער דער ווידערגעבורט קומען צו אים ווי אַן אַנטפּלעקונג:

„ביסלעכוויז, מיט יעדער נייער שעה, זינקט ער טיפער אין אָט דעם דרעמל און ביסלעכוויז באַקומט דאָ אין קאַמער די שיין אַרום אים אַזאַ באַלייכטונג, גלייך ערגעץ זייער ווייט, קעגנאיבער דעם הויכן געקאָוועטן פענצטערל, זעצט זיך מעת־לעתן־לאַנג איינע און די זעלבע

פאַרגייענדיקע זון, קיינמאָל האָט זיך נאָך די זון ניט געזעצט אַזוי ווייט און אַזוי לאַנג ווי זי זעצט זיך איצט".

„דענסטמאָל, ביי אָט דעם לאַנגן זון־זעצן קומט אים אויס מאָד־נע, וואָס דער טויט פון אים, יוזין, הייבט זיך אָן פון לעבן, און ניט נאָר מיט זיין אייגענעם לעבן הייבט זיך אָן זיין טויט, נאָר מיט דעם לעבן פון זיינע פריערדיקע דורות".

עס איז די לעצטע קוהלת־שטימונג פון דעם אינטעליגענט, וואָס שליסט אָפּ א פאַרגאַנגענהייט און דערהויבט זיך צו א נייעם רענעסאַנס. און ער ווערט דער שפּיגל פאַר די אַנדערע אינטעליגענטיש־דענקענדיקע פּערסאָנאַזשן, ווי א ד"ר באַבאַצקי, ברידער פּאָקראַס, סאָפיא פּאָקראַס, ציין־דאָקטאָר גאַלאַגאַנער און אַנדערע. די אַלע מענטשן לעבן אין דער פאָרמול וואָס אַנאַטאָל פראַנס האָט אויפגעשטעלט פאַר זיינע פאַרשיי־דענע פּערסאָנאַזשן, „די מענטשן זיינען געבאָרן געוואָרן, געליטן, גע־שטאָרבן", הגם ביי דוד בערגעלסאָנס פּערסאָנאַזשן איז עס אַביסל אַנ־דערש: „„זיי ווערן בלויז געבאָרן און ליידן" און שטאַרבן ניט, ווי דער זעלבער יוזי ספּיוואַק באַמערקט אין „מידת־הדין": „דער טויט פון אים, יוזין, הייבט זיך אָן פון לעבן", און נאָך ריכטיקער: „אַלץ איז שוין געווען. אים, יוזין, האָט מען שוין געשאָסן, ער לעבט שוין ניט מער".

אַלץ לעבעדיקע שאָטנס פון לאַנג גוססדיקע און טויטע דורות, וואָס וואַנדלען אַרום אין אַפּאַטיע און גלייכגילטיקייט, צווישן וועלכע אייניקע ווערן פּלוצלינג באַלויכטן מיט א מין העל־דענקעריי און מיט מאָמענטן פון א צופעליקער דערוואַכונג. אַזאַ מאָמענט לעבט איבער תחילת דער „עס־ער" יוזי ספּיוואַק, ווען ער טרעפט זיך צוזאַמען אין תפיסה מיטן אַרעסטירטן זייגערמאַכער. ערשט דעמאָלט דרינגט אַדורך א ריכטיקער באַוואוסטזיין:

„ווי ניט ווי, אין דער ברודיקייט, וואָס ציט זיך פון אָט דעם אידן און פון אַנדערע אַזעלכע, ווי ער, איז געווען באַטייליקט אויך ער, יוזי, נאָר דאָס אַלץ איז דוכט זיך שוין געווען אַזוי לאַנג, און די פוסטקייט וואָס ער טראָגט אין זיך, איז איצט אַלץ איינס, צי דאָס איז געווען צי ניט. די פוסטקייט וואָס ער טראָגט אין זיך וויל בלויז איין זאַך: דרעמלען... דרעמלען און געדענקען:

„„ווען א ריינע האַנט זאָל וועלן לייטערן די וועלט, וואָלט זי ווירקלעך באַדאַרפט אויסרוימען אָט דעם גאַנצן ברוד דאָ אין צימער, צוזאַמען מיט אים, דעם דרעמלדיקן יוזין".

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז דוד בערגעלסאָן קען ניט פירן זיין העלד צום טויט, ווייל עס וואַרט אויף אים א נייער ווידערגעבורט און דער דיכטער באַווייזט, ווי אַזוי עס קומט דער בהדרגהדיקער איבערברוך. יוזי ספּיוואַק פון „מידת־הדין" איז ביי דוד בערגעלסאָנען דער ערשטער פּער־

מאַנאַזש, וואָס שטייט שוין אויף אַ באַשטימטער פּאָליטישער פּלאַט־פאָרם, איז פאַרבונדן מיט אַ באַשטימטער פּאָליטישער סבֿיבֿה און דער איבערברוך אין אים קומט פאָר ניט אַ דאַנק זיין מחשבֿותן אָדער רע־וויזיע, נאָר אַ דאַנק אַן אויסערלעכער ווירקונג, אַ דאַנק אַ נייער רעאַלי־טעט: עס איז דער צוזאַמענטרעף מיטן קאָמיסאַר פיליפּאָוו, וואָס דייטעט אָן יוזין אויף זיין סאָציאַלן אָפּשטאַם. עס איז דער פאַקטישער שטריך פון אַ קלאַסן־סתירה, — פאַר דוד בערגעלסאָנען איז עס אַבסאָלוט ניי, ווייל אינעם רוב פון זיינע ווערק ביז „מידת־הדין" שילדערט דער דיכ־טער אַן אומדעפינירטע און אומדיפערענצירטע סבֿיבֿה. אין דער סבֿיבֿה פעלט ביי דוד בערגעלסאָנען דער פּראָלעטאַריער, ער ווערט דערמאָנט בלויז דורך־אגבֿ, דערצו מיט אַ נעגאַטיוון שטריך, ווי אין „אָפּגאַנג", אָבער שוין אין „מידת־הדין" פירט אים אַרויס דוד בערגעלסאָן ממש מיט פאַראַד אויף דער בינע. דער דיכטער שטעלט פאָר דעם סאָציאַלן און מאָראַלישן פונאַנדערפאַל פונעם שטעטל, פון אַ סבֿיבֿה און שיכט, — ער שילדערט דאָס פאַרשווינדן פון אַ דעקאַדענץ־קלאַס און ווייזט ווי אַזוי אויפן אָרט פונעם אָפּגייענדיקן און פאַרשווינדנדיקן שיכט קומט אַ נייער, אַ יונג־רעוואָלוציאָנערער, מעכטיק־קעמפנדיקער און בויענדי־קער. אין דעם פּרט איז „מידת־הדין" דער היפּוך צו „אָפּגאַנג", עס איז דער שלום פון אַן עפּאָפּייע און דער אָנהויב פון אַ נייעם אויפגאַנג, פּער־זאָניפיצירט אינעם יונגן רויטאַרמייער פיניע און דעם שניידער־מיידל מיטן רויטן טשיפּיקל. אין אַלע בערגעלסאָנס עלטערע ווערק האָט גע־פעלט די יוגנט, מען האָט געהאַט צו טאָן אויסשליסלעך אָדער מיט רייפע אָדער מיט פאַרעלטערטע מענטשן, דאַקעגן אין „מידת־הדין" קומט שוין צום אויסדרוק די יוגנט, ווי אַן אָרגאַניזירנדיקער קערן, וואָס צעמענ־טירט די שטעטלשע אָרעמקייט און האָרעפּאַשנעדיקייט אַרום דער רע־וואָלוציע און ראַטנמאַכט.

* * *

„מידת־הדין" איז דער איבערברוך אין בערגעלסאָנס שאַפן. דאָס הינטערגעסל קומט שוין דאָ צום שאַרפסטן אויסדרוק און מיט אַ באַ־דייטנדיקער דינאַמיק, באַזונדערס טיילן זיך אויס די פיגורן פון די בעל־עגלות, וואָס שפּילן אַ באַזונדערע ראָל בעת דער רעוואָלוציע און צייכענען זיך אויס מיט זייער פינצטערקייט. דורך זיי וואַרפט דוד בער־געלסאָן אַ לעצטן שיין אויפן שטעטל בעת רעוואָלוציע און קאָנטער־רע־וואָלוציע. „מידת־הדין" ווי געזאָגט, איז אַן אָפּשלוס און האָט אַ שייכות צו דער צווייטער עפּאָכע פון דוד בערגעלסאָנס שאַפן. דער דיכטער באַ־פרייט זיך דאָ פולשטענדיק פון דער פאַרגאַנגענהייט, שטעלט דעם גאַנצן

עבר צו א גערעכטן משפט און שטרייכט אונטער אויסשליסלעך דאָס רעאַליסטישע. מיטן אָנדייטן כאַראַקטעריזירט דער דיכטער די גאַנצע עפּאָכע אין אירע פאַרשיידענע ענדערונגען. פּערסאָנאַזשן ענדערן זיך ווי אין א קאַליידאָסקאָפּ און באַקומען ווער אורטייל און ווער תּיקון. רעוואָלוציע, בירגער־קריג און עמיגראַציע גייען דורך ווירקלעך אָדער ווי שטורעמטעג, אָדער ווי א צוגווינט, אָדער גאָר ווי וועלט־אויס, וועלט־איין און די פאַרענדערונג פון די פּערסאָנאַזשן איז דורכויס א באַשײנפערלעכע. דער אַלט־באַקאַנטער יצחק־בער פון „אָפּגאַנג”, וואָס האָט געלערנט חיים־משהן קוקן אין די שטערן און פאַרנעפּלטע ספערן, ווערט פאַרוואַנדלט אין א ריכטיקן בירגער וואָליע ברענער, מלך איז שוין לאַנג טויט און חיים־משהן האָט מען ארויסגעוואָרפן פון זיין צימערל און אויף זיין אָרט אריינגעזעצט אהינצו דעם אידייאיש־געענדערטן יוזי ספּיוואַק, דאָס הויפּט־אָרט פאַרנעמט דער אָפּפערווויליקער רעוואָלוציאָנער הערשל טאָקער און פראַדאָטשקע פון „אין א פאַרגרעבטער שטאָט” איז די ריכטיקע מאַניטשקע פּיאַטניצקי פון די „צווישן צוועלף פונקטן”.

סיי דער ערשטער, סיי דער צווייטער פּעריאָד פון דעם דיכטערס שאַפן האָבן געפאָדערט ניט בלויז דעפיניציע, נאָר אויך א סינטעז. אין דעם פּרט איז „מידת־הדין” א קאַרדינאַל ווערק און א ווענדפּונקט אינעם שאַפן. גראָד „מידת־הדין” באַשטעטיקט, אַז בערגעלסאָן איז אין זיין שאַפן קיינמאָל ניט געשטאַנען אויסער רוים און צייט, זיין שאַפן איז אַלעמאָל געווענדעט אויף א באַשטימטער קאַטעגאָריע און ער זעט די כּוחות, אָדער די וואָס גייען אוועק, אָדער די וואָס קומען און ווייסט אונטערצושטרייכן דאָס פּסיכאָלאָגישע. דער נייער אויפגעיינדיקער קלאַס אין „מידת־הדין” ווייסט שוין ניט פון א נירוואַנאַ־צושטאַנד, ניט פון צוועקלאָזע בענקענישן און טראַכטענישן, ער איז הוילע דינאַמיק און טאַט און דאָס פּראָבלעם פון לעבן און טויט גייט ביי זיי אין אַנדערע באַגריפן און פאָרשטעלונגען. אין רוב איז אַלץ דאָ געווענדעט ניט אויפן יחיד, נאָר אויפן ענדערן דעם סדר פון דער וועלט. די נייע פּערסאָנאַזשן לעבן אין אַן אבסאָלוטן אמת און באַוואוסטזיין, וואָס רעגט אָן צו באַיאָען דאָס לעבן. דער איבערברוך קומט פאָר מיט יוזי ספּיוואַקן און פון דעם דרינגט ארויס ניט בלויז דאָס באַיאָען דאָס לעבן, נאָר אויך א גלויבן אין אַן אומפאַרמיידלעכן און נאַטירלעכן זיג:

„עס איז גוט, — האָט ער געזאָגט, — מירן זיגן... און ער האָט געוואונען אויסמאָלן פינקען ווי אַזוי די וועלט וועט אויסזען שפּעטער, שפּעטער, אַז מען וועט זיגן”.

יוזי ספּיוואַק פון „מידת־הדין” איז שוין א מדרגה פון אַן אויסגעפורעמטן באַוואוסטזיין, — יוזי ספּיוואַק איז דער אינטעליגענט, וואָס האָט דורכגעפירט זיין אייגענעם השבון־הנפש און איז דורך א פּילאָזאָ־

פישן מחשבותן געקומען צו זיין סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער דערקענטע־ניש, דאָך שוין פיל פריער פאַר דעם, אין דער צווישנצייט, הייבט אָן בערגעלסאָן אַרויסצוברענגען דעם רעוואָלוציאָנערן מענטש, וואָס קומט ניט פונעם באַלעבאַטישן, נאָר גאָר פונעם נידעריקן שיכט, פונעם הינ־טערגעסל, אָבער ער גייט נאָך אַלץ פאַרזיכטיק און שטעלט פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן עלעמענט מער אין אָפּאָזיציע צו דער שטעטלשער באַלע־באַטישקייט, ווי אינעם רעוואָלוציאָנערן טאַט. דער רעוואָלוציאָנערער מענטש גייט אַפילו ביי בערגעלסאָנען מיט זיכערע שריט, דינאַמיש און קרבנות־גרייט, אָבער דער דיכטער גופא פילט זיך נאָך ניט איבעריק זי־כער אינעם פאַרענדערט־סאָציאַלן. דערום טאַקע שטעלט ער פאַר לייזער־קען און עליקן פון דער דערציילונג „בירגער־קריג" אין אַ מין האַלב־דעפינירטקייט, פונקט ווי דער פויער באַטשקאָ דערשיינט פאַר אים אין אַן עכטער רעוואָלוציאָנערישקייט. דוד בערגעלסאָן האָט אַפילו געהאַט דערביי אַ גוטע כוונה: ער וויל אַנטפּלעקן ווי אַזוי אומשטענדן און צייט באַגינסטיקן אַפילו דעם פשוטן מענטשן צו ווערן אַ רעוואָלוציאָנערער פירער, צו ווערן דער אַנטשיידער פון גורלות, דאָך וואַרפט דער דיכטער נאָך אַלץ מער זיינע בליקן צו דער סביבה פון חיימל באַסשעוועס און די קיוועס פונעם דראַטש, וואָס דערנענטערן זיך אַלץ מער צו זייער אַנטשיידענער גסיסה. דאָס שטעטל מיט אַלע אירע בירגערלעכע מענטשן גוססט, דער רעוואָלוציאָנערער שקוואַל בויט איבער זיי אַ לעצטע מצבה פאַר זייער פאַרגאַנגענהייט, עס איז געקומען אומפאַרמיידלעכער טויט, אָבער די רעוואָלוציע גופא באַטראַכט ניט בערגעלסאָן ווי אַ דעפינירטן פּראָצעס, נאָר ווי אַ פּאַטאַליטעט, ווי אַ גרויסן תוהו־ובוהו, וואָס אַנט־פּלעקט סימנים פון אַ נייעם לעבן און נייער וועלט אין ווערן. דער דיכ־טער קוקט אויף די אָנהייבן פון דער רעוואָלוציע, ווי אויף אַ מיסטעריע און באַמערקט ווענגן דעם ריכטיק אין זיין דערציילונג „איינעמס אַ וועג":
„עס האָט געוועקט דרך־ארץ, עס האָט געשראָקן", און מיט אַזאַ טאָפּלטן געפיל נעמט ער אויף דעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז און פירט זיינע פערסאָנאַזשן דורך דעם פּראָצעס פונעם אונטערבאַוואוסטזיניקן צו אַן אויסגעקריסטאַליזירטן באַוואוסטזיין, אַרויסגעדרונגען מער פונעם אינס־טינקט ווי פונעם שכל:

„ער האָט פּלוצלינג דערפילט, אַז מיט די צוויי, וואָס זיצן אויפן וואָגן, איז ער ווי פון לאַנג שוין זייער היימיש, — דאָס זיינען ניט די פאַרשוינען פון זיין שטיף־פאָטער, וואָס ער פלעגט פירן, און די פור אַליין איז אויך עפּעס גאָר אַן אַנדערע, — זי איז קיינעמס ניט און זי איז אַלעמענס."

עס איז אויך דער שטייגער פון דוד בערגעלסאָנס מחשבותן, אָנגע־

רעגט אינעם פּערסאָנאַזש אַבע אין דער דערציילונג „איינעמס אַ וועג" און ווער איז דען דער פּשוטער פּראָסטאַקישער אַבע:

„וואָרום אַבע, קען מען זאָגן, האָט אַלע זיינע יאָרן געטאָן אומ־זיסטיקע און איבעריקע אַרבעט צוליב אַנדערע און דערפאַר ניט באַקומען קיין שום לוין. אין דעם איז באַשטאַנען זיין באַזונדערע געשיכטע — אַ געשיכטע פון אַ באַעוולהטן, פאַר וועמען קיינער שטעלט זיך קיינמאָל ניט איין".

אין אַזאַ ליכט שטעלט פאָר דוד בערגעלסאָן די פּערסאָנאַזשן, וואָס קריסטאַליזירן זיך אינעם רעוואָלוציאָנערישן צו אַ סאָציאַלן באַוואוסט־זיין, דאָך קומען זיי נאָך ניט ביי אים דירעקט, נאָר ווי אַ רעפלעקס, ווי אַ ווידערקול. ריכטיקער געזאָגט, דוד בערגעלסאָן שטעלט זיך נאָך פאָר די רעוואָלוציע ניט ווי אַ דירעקטע אַקציע, אין וועלכער ער אַליין זאָל זיך אַקטיוו באַטייליקן, נאָר ווי ער זאָל זי הערן דורך אַ טעלעפאָן, פּונקט ווי זיין העלד זאָזוליע אין דער דערציילונג „אויף דער הונדערט און איינסטער וויאָרסט":

„אָבער עס איז מער ניט, וואָס די רעוואָלוציע אַז מען שטעלט זי זיך פאָר דורך אַ טעלעפאָן, דערקענט זי דיך ניט אַזוי גרינג פון נעכטן, — ווי אַ טויבלעכער מאַן, וואָס האָט אַ געשלאָגענעם זיכרון און דערפרעגט זיך אַלעמאָל פונדאָסניי:

„האַ, ווער, זאָגסטו, ביסטו?"

דוד בערגעלסאָן גופא שטעלט זיך די פראַגע און אויב ער האָט זי שוין אין די דערציילונגען פון בירגער־קריג און רעוואָלוציע, טרעט די פראַגע אַרויס נאָך שאַרפער אין „מידת־הדין", וואו דוד בערגעלסאָן ברענגט אַרויס ניט בלויז זיין רעוואָלוציאָנערן אַני־מאמין, נאָר אויך אַ רעוואָלוציאָנערע דערקענטעניש, צעגלידערט און דיפערענצירט צווישן די פאַרשיידענע פּערסאָנאַזשן, וואָס געהערן אָדער צום בירגערלעכן שיכט, אָדער צו דער אינטעליגענץ, אָדער צום המון און אַרבעטער. אין „מידת הדין" קומט ניט בלויז דער משפּט פון דער רעוואָלוציע, נאָר אויך דאָס בילד פונעם שטעטל, וואָס האָט פּלוצלינג דערוואַכט ווי אַ בינשטאָק אין אַן ערשטן וואַרעמען פרילינג־טאָג. עס הייבט זיך אָן אַ באַוועגונג, אין וועלכער די פּאַראַזיטן ווערן אַרויסגעשטויסן, פאַרניכטעט און זייער אָרט פאַרנעמט דער פּראָדוצירנדיקער און שאַפערישער עלעמענט. דוד בער־געלסאָן שילדערט עס דורכן קאָמיסאַר פיליפּאָוו, דורכן סטודענט יוזי ספּיוואַק, דורכן יונגן רויטאַרמייער פּינקע און מיידל מיטן רויטן טשי־פּיקל, — דער דיכטער באַפרייט זיך דאָ פון סימבאָליק, מיסטעריעזקייט און בענקענישן און שטרייכט אונטער בלויז דאָס רעאַליסטישע, דאָך איז ער ניט פריי פון ראָמאַנטישן, אויסגעדריקט אין די סצענעס צווישן יוזי ספּיוואַק און דעם רויטאַרמייער פּינקע, רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק איז

די סצענע צווישן פינקען מיטן ארבעטער־מיידל אינעם רויטן טשיפיקל, נאיווער ראָמאַנטיציזם פון דערוואַכנדיקע געפילן, פאַרבונדענע מיטן גאַנג פון אַ רעוואָלוציאָנערן טאַט און דערוואַכנדיקן באַוואוסטזיין. עס איז אַגב אַ פיינער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט און דוד בערגעלסאָן שטעלט אים פאָר ניט בלויז מיט ערנסט, נאָר אויך מיט גרויסער ליבע און סימפּאַטיע.

מיט דעם פאַרענדיקט דוד בערגעלסאָן דעם צווייטן פּעריאָד פון זיין שאַפן און עס איז ניט מער ווי אַן אָפּשלוס פון אַן אָפּגייענדיקער עפּאָכע מיט דער אָנצייכענונג פון קאָנטורן פאַר אַ נייער, וואָס גייט און איז אין ווערן. דוד בערגעלסאָן אַנטפּלעקט ווי אַזוי מענטשן פון אַ באַשטימ־טער עפּאָכע זיינען געבאָרן געוואָרן, געלעבט און געקומען צו זייער נאַ־טירלעכן סוף. עס פאַרשווינדן מענטשן, עס ענדערט זיך אַ סביבה, אָבער דאָס לעבן גייט ווייטער און פון אַ געשיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט וואַקסט ארויס אַ נייע קעגנוואַרט, געענדערט אין דער פאָרעם און דערקענטעניש. אין די נייע פאָרמען און דערקענטענישן וואַקסט אויס אַ נייער מענטש, וואָס הייבט אָן אַ נייעם שאַפערישן פּראָצעס, אַ נייע מעשה־בראשית און דאָס פירט אריין דוד בערגעלסאָנען אינעם דריטן פּעריאָד פון זיין שאַפן.

## קאַפּיטל פינף

דוד בערגעלסאָן איז ניט קיין קינדער־שרייבער, אָבער ער באַמיט זיך אריינצודרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פונעם קינד. ער האָט עס באַ־וויזן אין די פאַרשיידענע אומשטענדן פונעם לעבן און האָלט עס ניט אויף אַן אומגעגרענעצטן שטח, נאָך באַווייזט עס אין די אומשטענדן פון פאַרשיידענע וועלטן. מער פון אַלע טיילט זיך אויס די דערציילונג „דזשיראָ־דזשיראָ", וואָס שטייגט צום העכסט־סאָציאַלן. ווער איז דען דזשיראָ־דזשיראָ? ס'איז אַ טובערקולאָז קינד פון דער איטאַליענישער שווייץ, אַן אריינגעוואָרפענס אינעם ניו־יאָרקער כף־הקלע צו ליידן פון דער מענטשלעכער גרויזאַמקייט. אינעם בילד פונעם קינד ווייזט דוד בערגעלסאָן די פאַרדאָרבנקייט פון מענטשן וואָס זיי דינען רק די אינ־טערעסן פון גאָלד. די מענטשן ווערן ברוטאַל, מענטשנלאָז, פאַרקריפּלטע, גרייט אָוועקצורויבן ביים קינד דאָס לעצטע טראָפּעלע פרייד, דאָס לעצטע ביסעלע לופט און זון. דאַרום ווערט דאָס קינד אויס קינד. און אין אזא שטייגער שטעלט פאָר דוד בערגעלסאָן די דזשיראָ־דזשיראָ, וואָס הייסט אייגנטלעך טערעזאַ און האָט אויסצושטיין פון מענטשן נאָר דערפאַר, ווייל זי וויל זיך פאַרשאַפן אַביסעלע פרייד און פריידיקייט. טערעזאַן האָבן די אומשטענדן שוין לאַנג געמאַכט פאַר אויס קינד, — זי מאַכט מער דעם איינדרוק פון אַ קליין ווייבעלע, וואָס איז הכנאהדיק, איז דורכ־געדרונגען מיט פּראָטעסט צו די אַלע אומרעכטן, וואָס די אַרומיקע באַ־

גייען מיט איר. אָבער ווי אַזוי קען זי אויסדריקן איר פּראָטעסט קעגן דער ברוטאַליטעט פון די מענטשן? ס'איז איר פּאַסיוו קעמפּנדיקער גע־זאַנג, ס'איז דער אויסדרוק פון איר טרויער, מיט וועלכן זי האָט פאַר־לאָזן איר באַרגיקע היים און שוין אויפן שיף זינגט זי אויס אירע בענ־קענישן. גלייך, ווי זי זאָל זיין אַ דערוואַקסענע, האָבן עפּעס האָפענונגען און ווינסן, וואָס זי קען דערוואַרטן אין אַ ווייטער אומבאַקאַנטער מדינה:

„אוי ציטער נישט, מיין שיפעלע

שיפעלע דו קליינס,

טראָג מיך, רעשיק איבער ימים,

שיפעלע אלצאיינס!

כוואַליעס וואָס יאָגן דיך —

זיי טראָגן דיך

רייס ביי כוואַליעס אויפן ראַנד

ביז צום ווייטן, ווייטן לאַנד".

ס'איז אַ ליד ניט ווייט פאַר אַ קינד, ס'זינגט דאָ מער דערוואַקסע־נער שכל, ווי קינדיש געפיל, און דער דיכטער פאַרשאַרפט עס נאָך מער אינעם ווייטערדיקן:

„זאָרג נישט שיפעלע

וואָס דו ביזט פּיצעלע

און ימען זיינען גרויס

אויך איך — אַ ברויז...

זי איז אָן אַ שיעור,

מיין וועלט? —

דאָך...

איך פיל זיך גוט אין איר!..."

דוד בערגעלסאָן שטעלט פאַר דאָס קינד, ווי עס זאָל שוין האָבן אן אייגענע פילאָזאָפיע און באַגרייפט דאָס הערשנדיקע אומרעכט, ווי די משוגעתן פון די, וואָס יאָגן זיך נאָך עפּעס און ווייסן ניט צוליב וואָס, טערעזאַ ווייסט, אַז ס'איז אומזיסט, —

„ביי טערעזאַן אויפן רוקן אַ גרויל — עמעצער וועט נישט דער־לויפן, עמעצער וועט נישט באַווייזן, עמעצער האָט שוין נישט באַ־וויזן".

קוקט טערעזאַ אויף די ניו־יאָרקער וואָלקנקראַצערס, האָט זי דעם איינדרוק, ווי מ'האָט זיי צוגנבעט ביי גאָט און די גנבים גופא באַוויינען די גנבה:

„גנבים פראַנק און פריי... אַמעריקאַנער זיי האָבן קיין מורא נישט, נישט פאַר גאָט און נישט פאַר תפיסה..."

ס'איז פאַראַן אומבאַגרענעצטער צויבער אין דער דערציילונג, אָבער

אין פסיכאָלאָגישן איז די דערציילונג אַ פּולשטענדיקער נאָנסענס, — צו אַ קאָמפּליצירטע און שווערע פילאָזאָפיע וואָרפט ארויף דוד בערגעלסאָן אויפן מוח און דענקען פונעם קינד, אָבער ס'איז דעם דיכטערס אַ וועג, וואָס פירט צום ווייטערדיקן: ס'איז דער וועג, וואָס פירט צו דוד בערגעלסאָנס אין פאַרמעסט גרויסן ראָמאַן „ביים דניעפּר".

„ביים דניעפּר" אָדער „פּענעק" איז אייגנטלעך דוד בערגעלסאָנס אויטאָביאָגראַפיש ווערק. דער דיכטער דיפערענצירט שוין דאָ קלאָר און שאַרף דעם אַזוי גערופענעם אונטערשייד צווישן דעם „אויבן" פונעם הויז און דעם „אונטן", שטוב און קיך געפינען זיך אין אַ שטענדיקן אַנטאַגאָניזם און דאָס נגידישע קינד פּענעק איז אַ מין פאַרבינדונגס־קייט צווישן דעם אויבן און אונטן, הגם פּענעק גופא האָט מער סענטי־מענט פאַרן אונטן ווי פאַרן אויבן. יאַנקל דער בעל־עגלה איז אים ליי־בער, ווי זיין רייכער טאַטע מיכאל לעווין און צו זיין מוטער פילט ער עקל און אָפשיי, ווייל אויך זי פילט צו אים ס'ענלעכע. און ניט אומ־זיסט שענקט דוד בערגעלסאָן אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט פּענעקן, דעם גבירישן מיזיניקל מיט די גנבהשע אויגן און גראָבע ליפּן.

שוין דאָס אויסערלעכע בילד שטעלט פאַר פּענעקן, ווי דאָס קינד פון לײַדנשאַפטן, פון באַשטימטע נויגונגען. דוד בערגעלסאָן שטעלט אים פאָר אין זיין גאַנצער שקאָצישקייט, ווי ס'פּאַסט גאָרניט פאַר אַ נגידיש קינד. דערצו איז פּענעק אַן אויסנאַם אין דער סביבה: אינעם נגידישן הויז זיינען אַלע פאַרמרה־שחורהט, אָבער פּענעק איז שטענדיק לעבעדיק און פרייליך, — ער איז דער אויסגעשפּראָכענער אָפּטימיסט, וואָס ווייסט קיינמאָל ניט פון קיין זאָרג, און נאָר מחמת דעם, וואָס פּסיכאָלאָגיש איז ער דערווייטערט פונעם פּאַטערס הויז. חוץ דעם איז ער אַן אַלטער קאָפּ, אַ קינד מיט גרעאַנקען און איינפאַלן פון דערוואַק־סענע. און אין אַלגעמיין האָט פּענעק אין זיך איינגעזאַפּט פיל אייגנ־שאַפטן פון דוד בערגעלסאָנס פריערדיקע פּערסאָנאַזשן. פּונקט, ווי דער דערוואַקסענער חיים־משה, איז אויך דער קליינער פּענעק צעקריגט מיט גאָט און ס'גייט אים ווייניק אָן, וואָס עס קומען די ימים־נוראים, ס'איז פאַר אַלע אידן, בלויז ניט פאַר אים. דערביי האָט ער זיין אַן אייגענעם מחשבות, אַן אייגענע פילאָזאָפיע:

„פּענעק, ווען מע פרעגט אים אַ דעה וואָלט ער מיט פאַרגעניגן געזאָגט:

— מוחל... מוחל דעם יום־טוב.

„ווייל ימים־נוראים — אַזוי ווילן פרומע אידן האָבן — איז דאָ אין שטאָט פשוט אַ צווייי־וואָכנדיקע מלחמה צווישן מענטשן און גאָט: גאָטס בייזע פיילן רינגלען אַרום דעם מענטשן פון אַלע זייטן, פייפן צוויי וואָכן כסדר אין די אויערן — אָט־אָט וועלן זיי זיך איינ־

שטעקן אין לייב, און דער מענטש צאַפּלט, נעבעך, אין גרויס פּחד, באַשיצט זיך בלויז מיט איין מיטל — מיט איינריידן גאָט, אַז עס איז זייער אַ גוטער, אַ טייערער, אַ וואוילער, אַ ליבער:

— אַך, ס׳אַראַ ליבער!...

וואָס שייך צו פּענעקן, מיינט ער שטילינקערהייט:

— סע גאָרנישט אַזוי די מעשה..."

פּענעק איז איבערהויפּט ביי דוד בערגעלסאָן דער קליינער בעל־שכל, דער קליינער „האָמאָ סאַפּיענס", וואָס האָט זיך געשאַפן אַן אייגענע פילאָזאָפיע און ווענדעט זי אָן אויף די מענטשן פון זיין סביבה און פון זיינע באַגעגענישן. ערשטנס איז פּענעק דער אויסגעשפּראָכענער „סאַנגווויניקער, א מזל!... ער האָט געזונטע בלוטן, דער קליינער", — און צווייטנס צייכנט ער זיך אויס מיט זיין עקשנות און באַזונדערער ליבע צו הפקרות:

„פּענעק קוקט ווי נאַכקע איז געבליבן איינער אַליין מיט זיין טאַטן, דאָך... ער רירט זיך ניט פון אָרט. נאַכקע, זעט ער, האָט עפּעס מסוכן־פאַרעקשנט אין די ברעמען און אין שטערן. פּענעקן געפעלט עס ביז גאָר, ווי אים געפעלט תמיד יעדער ווידערשפּעניקייט — ער האָט מסוכן ליבן צוקוקן אַפילו, ווי עס בונטעווען זיך „נאַטע־רעוואַטע" פערד, בלייבן שטיין אינמיטן וועג און ווילן ניט שלעפּן דעם וואָגן, וויפל מ׳זאָל זיי ניט שלאָגן. אין אַזעלכע פאַלן ווערט פּע־נעק שטענדיק ביז גאָר פאַרקאָכט, פאַרגעסט אָן אַלע זיינע אייגענע צרות, נעמט אָן דעם צער פון די פערד און וויל שטאַרק זיי אונטער־זאָגן „אָט אַזוי... אַזוי... ניט שלעפּן ווייטער!... אין קיין פאַל!.. געבן מיט די פיס, מיט די פיס!..."

און נאָך שאַרפער קומט צום אויסדרוק פּענעקס הפקרות אָדער ליבע צו הפקרות:

„פּענעק האָט מיט גרויס כעס אָנגעהויבן וואַרפן די שטיינער און אַנטלויפן טיפער אין שטאָט אַריין — וואַרפן און אַנטלויפן, וואַרפן און אַנטלויפן. זיין צושטאַנד: ווי ער וואָלט וואַרפן די שטיינער אין די יום־טובדיקע קליידער, וואָס מע האָט פּאַליעקן מיט בלו־מען געמאַכט, אין אַלע עוולות, וואָס ער האָט זיך היינט אין בית־מדרש אָנגעזען; זיין געפיל — ווי ביי אַן אַנטלויפנדיקן הפקר־מענטשן, ווי ביי אַזוינעם, וואָס ער וועט זיך קיינמאָל צוריק ניט אומ־קערן".

דוד בערגעלסאָן גיט דאָס פולשטענדיקע בילד פון פּענעקן אין אַלע זיינע אייגנשאַפטן, ער ווייזט אים מער אין מעלות, ווי אין חסרונות, ווי ער זאָל זיין א מושלם און ער איז איבערהויפּט אַן אויסנאַם אין דער סביבה: „פּענעק איז א מענטש פון יושר, צוזאָגן און ניט מקיים

זיין — ליגט ניט אין זיין טבע". דאָס יושרדיקע ליגט ממש אין זיין בלוט, הגם ער איז מיכאל לעווינס אַ קינד און פּונקט ווי זיין פאָטער איז ער אויך אַ ווידערשפּעניקער. ער איז דער צולהכעיסניק, און האָט ליבע צו אַלעם אַזעלכעס, וואָס זאָל אויפרייצן די בלוטן פון זיינע הויז־מענטשן, פון זיינע עלטערן און האָט הנאה, ווען ער טרעפט אין פּונקט, — ער זעט אויס, ווי אַ קליין שדל, וואָס מוז לעבן אין אַ שטענדיקן אומרו, אין אַ שטענדיקער באַוועגונג, ער האָט פיינט דעם פאָטערס הויז, ווייל דאָרט איז אַלעס פאַרשטאַרט, פאַרגליווערט און דאָס ריכטיקע לעבן דערפילט ער ערשט אין גאַס, איבערהויפּט ווען ער געפינט זיך אין די הינטערגעסלעך פונעם שטעטל. דאָך האָט זיך בערגעלסאָן ניט געקענט באַפרייען, אַז ער זאָל ניט איינטיילן די בענקשאַפט אַפילו פּענעקן. „די וואָך איז ביי אים טייערער געוואָרן פון דעם יום־טוב" און אין זיין בענקעניש דערגייט ער ממש צו פאַנטאַסטיק, — „סיידן נעמען די הינ־טערגעסלעך אויף די פּלייצעס און זיך אַוועקלאָזן מיט זיי איבער דער וועלט", — מ'וואָלט עס אַגב געקענט אָנמעסטן אויף דוד בערגעלסאָן גופא און פּענעק קומט ווירקלעך צו אַזאַ מאָמענט, ווען ער וויל עוקר זיין פונעם פאָטערס הויז, אָבער ס'איז בלויז אַ צייטווייליקע איבערלעבונג, ווייל פּענעקס עובדה איז צו זיין אינעם פאָטערס הויז, מער ווי אין די הינטערגעסלעך דווקא פון זיין געבורט־שטעטל.

אין הויפּטזעכלעכן ווערט פּענעק פאַרגעשטעלט אין פיר וויכטיקסטע מאָמענטן פון זיין קינדהייט: פּענעק בעת זיין פאָטערס קרענק, פּענעקס איבערלעבן ביים שטאַרבן פון זיין שוואָגער חיים, פּענעקס צוזאַמענ־שטויס מיטן הויז ערב ראש־השנה און פּענעק אינעם קאַמף מיט זיין מלמד שלמה־דוד. די פיר מאָמענטן ווערן פאַרצווייגט אין פאַרשיידענע ניואַנסן און צווישן דעם פאַרשטייט שוין פּענעק אויסצואיבן קריטיק קעגן די כלי־קודש:

„— כיהאָב זיי עפּעס פיינט... גלאַט אַזוי... און חוץ דעם — זיי ליגן ביים אָרעמאַן אויף דער פּלייצע... גאָטס קאַפּאָטעס־אונטער־שלאַק... צאָל זיי פאַר יעדן ביסן, וואָס דו נעמסט אַריין אין מויל... אַפילו צו הנאה האָבן פון אַ נקבה... אַפילו חתונה צו האָבן מישן זיי זיך אויך אַריין... טפו זאָלן זיי ווערן! זיי זיינען אומזיסט אַזוי פרום, מיינסטו? — ס'איז זייער פּרנסה... זיי וואַרפן אויף דער שטאָט אַ פּחד, באַגראָבן זאָלן זיי ווערן..."

שוין אין זיין קינדהייט איז פּענעק דער אויסגעפּורעמטער מענטש. אין אַנדערע אומשטענדן וואָלט ער אפשר געווען אַן עילוי, וואָס איז מעריש־עולמות, אָבער דוד בערגעלסאָן וויל אים דווקא זען אין זיין שטיפערישקייט, אין זיין רעוואָלט קעגן דעם נגידישן פאָטערס אויס, אָבער איז פּענעק דער הויפּט־פּערסאָנאַזש, וואָס באַוועגט די האַנדלונג

פונעם „ביים דניעפּר״? ס'וואָלט געווען אַ פעלער אָנצונעמען אַזאַ טעזע: פּענעק איז ניט מער, ווי אַ פאַרבינדונגס־עלעמענט, וואָס אַנטפּלעקט צוויי וועלטן: די וועלט פון מיכאל לעווינס הויז און די הינטערגעסלעך אָדער איבערהויפּט דאָס לעבן פונעם שטעטל. צוויי לעבנס אָדער צוויי ווירק־לעכקייטן לויפן דאָ פּאַראַלעל און שטויסן זיך צוזאַמען. דער צענטער איז מיכאל לעווינס הויז, אין וועלכן דער אָנרעגנדיקער עלעמענט איז מיכאל לעווין. ער איז דער אויסגאַנגס־פּונקט. אַלע בליקן פונעם שטעטל זיינען געווענדעט צו מיכאל לעווינס הויז און אַלע האָבן פיינט דאָס הויז. ס'איז פאַראַן אַ שאַרפע דעמאַרקאַציע־ליניע, וואָס טיילט אָפּ דאָס שטעטל פונעם הויז, ס'איז דער שם־דבר און אַלע ציטערן פאַרן הויז אימת־מוות. אין דער הינזיכט איז פאַראַן אַ קרובהשאַפט צווישן דוד בערגעלסאָנס „ביים דניעפּר״ און מאַקסים גאָרקיס „דאָס שטעטל אָקוראָוו״, הגם „פּע־נעק״ איז אַ ניט־פאַרענדיקטע האַנדלונג, בעת „דאָס שטעטל אָקוראָוו״ איז אַ פאַרענדיקטקייט. פּונקט ווי מאַקסים גאָרקי, נוצט אויס אויך דוד בערגעלסאָן די געלעגנהייט צו געבן דאָס פולשטענדיקע בילד פונעם שטעטל, אָפּגעשפּיגלט אין פּענעקס דינאַמישקייט. ס'איז אייגנטלעך ניט קיין נייעס, אַז דוד בערגעלסאָן זאָל שילדערן און פאָרשטעלן דאָס שטעטל, מ'געפינט עס אין אַלע זיינע פריערדיקע ווערק, אָבער וואָס פאַר אַן אונ־טערשייד אין טיפּאַזש, אין רחבות, אין מאָלן סביבה און אומשטענדן! ערשטנס איז דוד בערגעלסאָן דאָ געוואָרן דער באַריידעוודיקער, דער רע־זאָנירנדיקער, אַמאָל אפילו ביז איבערגעטריבנקייט, דערצו באַמערקט ער אַלעמען אין שטעטל, ער לאָזט קיינעם ניט אויס. צום אויסדרוק קומט ניט בלויז די נגידעשאַפט, נאָר שוין אויך די אָרעמשאַפט און מ'דער־פילט פון וועלכע עלעמענטן דאָס שטעטל האָט זיך קאָמפּלעקטירט, מיט וואָס ס'האָט געאָטעמט און וויאַזוי עס האָט זיך אויסגעלעבט גייסטיק און עקאָנאָמיש. דאָס גייסטיקע איז קאָנצענטרירט אין מיכאל לעווינס הויז. דער דיכטער שטעלט אַוועק דעם משכיל און תלמיד־חכם מיכאל לעווין קעגן דעם ראַציאָנאַליסט דעם אָרעמאַן יהושוע פריידעס. יהושוע פריידעס איז דער טיפּישער משכיל, וואָס לעבט פון דער נגידישער קיצבה, אָבער ער נעמט עס ניט מיט הכנאהדיקייט, נאָר מיט פאַראַכטונג. אין די טיפענישן פון זיין נשמה האַסט ער דעם נגיד, אָבער ער איז אַזוי געוואוינט צו לעבן פּאַראַזיטיש, אַז די „קיצבה״ באַטראַכט ער ווי אַ חוב, וואָס קומט אים פונעם נגידישן מיכאל לעווין. דער צווייטער נגיד פונעם שטעטל איז אהרן־יאַנקל, אָבער ער ווערט פאַרטושט אינעם שאָטן פון מיכאל לעווין. אהרן־יאַנקל איז „יאָ און נישט״ און פּענעק גיט אים די אָפּשאַצונג:

„ער האָט אַ פרישע קראָם, אַ סקלאַד פון ברעטער און געלט אויף פּראָצענט, לופטערט אַ גאַנצן זומער ביי זיך אויפן גאַנעק זיינע

פוטערס און זאָגט דאָרט זייער הייזעריק צום אַלטן קידער־ווידער, וואָס קלייבט שמאַטעס:

„— איך ... אָ — דאָס נשמהלע, וואָס דו זעסט, האָט דריי טו־לופּעס און אַן אַנדערער האָט אַפּילו קיין פוטער ניט... אַזוי האָט גאָט געוואָלט"...

און נאָך דעם פּאָלגן די בעל־מלאכות מיט זייערע געזעלן: רחמיאל דער שוסטער, ישראל דער סטאָליער, דער שטריקל־דרייער, משה דער באָנדער, די צוויי ברידער שמידן לייבל און בערל, נחמן דער פאַרבער, די גאַנצע „חברה פּלעצל" נאָך וועלכן ס'פּאָלגן די געזעלן ברוך נחמן דעם פאַרבערס זון, צאַלעק, מענדיוק און דער קליינער נאַכקע, וואָס איז שוין אין דער קרייז־שטאָט און קומט אין שטעטל מיט אַ נייַ וואָרט, וואָס הייסט „אַגיטאַציע", וואָס זאָגט שוין אָנשטאָט „פאַבריקע", „פאַב־ריק" און ראַשט איבער מיט דעם די שטעטלשע אינגלשקייט. אויף אים פאַלן פענעקס בליקן און מ'דערוואוסט זיך שוין אויך אַ וואָרט וועגן סאָציאַליזם דורך דער קליינער מאַניעס שוועסטער אָלגאַ, וואָס זיצט ער־געצוואו אין תפיסה.

איבערהויפּט דערשיינט דאָ בערגעלסאָן אין אַ נייעם נוסך, ער איז שוין מער ניט דער מילדער, נאָר דער ברוטאַלער ממש ביז ציניזם. ער נוצט אויס פענעקן אַרויסצוזאָגן אמת, אויף וועלכע ער האָט פריער ניט געוואַגט. אין יהושע פריידעס מאַכט ער דעם חוזק אויף דער אידישער פרומאַקישקייט און יהושע פריידעס איז ממש דער גאָט־לעסטערער, דער חוזק־מאַכער פונעם ימים־נוראימדיקן יריד:

„פענעק איז שטאַרק באַשעפטיקט מיטן נאָכקוקן דעם גרייז־גראָען קבצן יהושע־פריידעס: אָנגעטאָן אונטערן טלית אין אַ קיטל, איז ערביידע טעג ראש־השנה דער „אָנהייבער" ביים דאַוונען — זיצט יהו־שוע אויף זיין אָרט אין צפון־זייט, ווייזט, ווי אויף צו להכעיס, ניט אַרויס קיין פּיצל יראת שמים, הערט ניט אויף צו שמייכלען, ווי אַמיסטן, ווי אויף געבן צו וויסן:

„— וואָס־זשע?... מע איז קעגן מיר יוצא?... איז גאָרניט... טשעפּעט מיך ניט, איך טשעפּע אייך ניט — קוויט!"

יעדער באַקומט דאָ זיין כאַראַקטעריסטיק און דוד בערגעלסאָן קאַרגט ניט אין וואָרט. אָבער די שאַרפסטע דעפיניציע גיט ער דורך רחמיאל דעם שוסטער, אויסגעדריקט אין אַ מין פאַלקסטימלעכער פילאָזאָפיע:

„ווער ס'יזאָגט — די וועלט איז קיילעכיק און איך זאָג די וועלט איז גליטשיק; וואָרעם מיזעט דאָך: מיגייט און מיפאַלט — און עס העלפן אַפּילו נישט קיין גאָלדענע פּאָדקאָוועס".

דאָס איז אייגנטלעך דוד בערגעלסאָנס אַן אויספיר און ס'איז דורכ־אויס חל אויפן נגידישן הויז פון מיכאל לעווין. מ. לעווין איז אַ קערן

פון שלעכטס, אָבער מיט אַ דינאַמיק אָדער פון צעשטערונג און בויאונג, כאַראַקטעריזירט אין די ווערטער, וואָס ס'זאָגט אין וואַגאָן צו מיכאל לעווינען זיין געוועזענער שותף נחמיה ברוסטאָנעצקי:

„דו, מיכאל, ביזט שטענדיק געווען אַ גזלן אויף זיך אַליין... אַ גזלן אויף דיין געזונט און אַ גזלן אויף דיינע געשעפטן... ווער סיהאָט זיך צו דיר צוגערירט, איז אינאיינעם מיט דיר ניזוק געוואָרן... דערהויפּט די לעצטע יאָרן... ווייסט פאַרוואָס? — ווייל דו ביזט צוויי מאָל קלוג און דערצו נאָך מיט אַ שמיציק... מיט אַן אויבערשט דריידל... און אין געשעפט דאַרף מען זיין נאָר קלוג איין מאָל... צוויי מאָל חכמות איז גוט אין לערנען, אין געשעפט איז צוויי מאָל קלוג — אַ נאַר... דיר האָט זיך שטענדיק געוואָלט רק עפּעס נייס... אַ ביר־ברויערייַ אין אומאַן האָט זיך דיר געגלוסט... וואָס איז די פּעולה? אַז דו דערלייגסט און דערלייגסט... אין קיעוו אין די ברויערייען דערלייגט מען ניט, און דו דערלייגסט, וואָרעם, וואָס יענע קאָנען, קאָנען מיר ניט... כיהאָב דיר פון אָנהויב געזאָגט: „ס'איז ניט פאַר אונדז"... וואָרעם אונדזער אַ סוחר מוז גיין האַרט ביי דער ערד, זיך דרייען אַרום פּריץ, ווי אונדזערע טאַטעס... וואַלד? האַנדל מיט וואַלד, אַן איטקעלע איז זיס ווי צוקער, אַ גוראַלניע איז געווען גוט אַמאָל, ווען מע האָט געקענט מאַכן עפּעס מיט די גוראַדן. אין בעראַיאַריקן ווייץ איז גוט אָפּצוקויפן ביי אַ פּריץ, וואָס אַז ער וועט ניט האָבן באַלד קיין געלט, וועט ער זיך הענגען. אַמאָל איז גוט אַ מיל — בעסער אין אַרענדע, איידער אַן אייגענע, און שוין... עד כאן, ווייטער קריך ניט. דיך האָט דער קאָפּ געטראָגן צו נייע גרויסע געשעפטן. וואָס דו האָסט פאַרדינט ביי די קליינע געשעפטן, האָסטו דערלייגט ביי די גרויסע. איך וועל דיר אויפמישן די מעשה מיט דער גרויסער גוראַלניע טאַקע ביי דיר אין שטאָט. האָסט זיך אומגעקערט פון אויסלאַנד, בין איך געקומען צו דיר צולויפן — דעמאָלט, שבת־צונאַכטס, „מיכאל", האָב איך געזאָגט, „לאָמיר זי קויפן אויף ברוך, מע וויל פאַר איר אַ שיבוש, מע זאָגט: עס ליגט אין איר עשירות", דו האָסט אָבער ביסט באַלד געקומען מיט דיינע דרייעכצן: „מע דאַרף פריער אַראָפּברענגען אַן אינזשעניער פון זער גרויסער גוראַלניע, קען מען גרינג מאַכן אַ סאַכאַרנע זאַוואָד"... דיינע חלומות. ווי קומסטו צו אַ סאַכאַרנע זאַוואָד? רק סע טראָגט דיך... האָסט זיך אָנגעהויבן קלייבן, דערווייל איז אַראָפּגעקומען פון קיעוו יהונתנס זון, שאָול, ער האָט שוין דאָ ניט ווייט אַ סאַכאַרנע זאַוואָד אין בוב־ליוקע און איינעם אין באָברויש. איצט צענעמט ער די גוראַלניע אויף ברוך און בויט פונעם מאַטעריאַל אַ דריטן זאַוואָד אין יוסטיוקע. שאָול טויג דערצו, און מיך האָט ניט געאַרט, איך זאָל נעמען רווח

„אין זיין מידן שלעפעריקן מוח טוט, ווי ביי דער שיין פון אַ בליץ נאָכאַמאָל זיך אַ דריי דאָס געשלעג אַרום נאָוויצקין, פּאָליציי, זשאַנדאַרמעריע, דער יונגער פּראָקלאַמאַציע־קלעפּער, נאָוויצקיס גע־הרגעט מיידעלע, דער רעדאַקטאָר, דער אַדוואָקאַט, דער שפּיק, — און דענסטמאָל ווערט ער, מאַגידאָוויטש, אויף איין אויגנבליק ביז גאָר קלוג. עס צעשפּאַלט פאַר אים אויף שטיקלעך אָט דער שלעכטער לעבנס־קאָנגלאָמעראַט, און אין אַ שלעפעריקן האַלבן חלום דערזעט ער, ווי עס ווערט אָרגאַניזירט און צוגעגרייט דאָס, וואָס מע רופט „סטיכיע", „פּאָגראָם", „ווידערשטאַנד", „בלוט־בילבול", „געשיכטע".

„ס'האָט זיך אָנגעהויבן", — קלאַס שטייט קעגן קלאַס און בערגעל־סאָן איז אויסן געווען צו שילדערן דעם מענטש אין זיין קלאַסן־אָנגע־העריקייט און פאַרבינדלעכקייט. דער אייגנטימער פון דער הענטשקע־פאַ־בריק פּאָלטאַראַק איז געבונדן מיט זיין קלאַס, מיט דעם קאַפּיטאַליס־טישן קלאַס. די קלאַסן־אָנגעהעריקייט ווערט אויך זיין כאַראַקטעריסטי־שער אינדיווידועלער שטריך. בערגעלסאָן כאַראַקטעריזירט אים, דעם מענטש, פון אַ באַזונדערער ראַסע. קלאַסן־אָנגעהעריקייט פאַראייניקט און אָט קומט ביי אים אַ צווייטער פּערסאָנאַזש מיטן נאָמען ליפּע, אַן אָנטרייבער ביי אַ בינדיוזשניק; ליפּע פילט זיך שוין פאַרבונדן מיטן אונטערערדישן טוער קלים. ליפּע און קלים זיינען צוויי פאַרשיידענע וועלטן, זיי קומען פון פאַרשיידענע סביבות, דאָך פאַראייניקט זיי איין קראַפט, — די קראַפט וואָס האָט פאַראורזאַכט און האָט געבוירן די זאַך פונעם סאָציאַליזם. די אידייע פון סאָציאַליזם איז די קראַפט, וואָס פאַר־אייניקט. די וואָס לעבן מיטן גייסט פון דער אידייע, אָנגערעגטע צו סאָ־ציאַליסטישן טאַטן, פילן זיך ווי איינס און אין אַזאַ טאַט גייען צוזאַ־מען איבער די גאַסן פון דער שטאָט „אַקסל ביי אַקסל — דאָס אינטעלי־גענטישע מיידל אָלגע מיטן אונטערערדישן טוער קלים".

דער צווייטער טייל פונעם ראָמאַן „פּענעק" איז אַ בוך פון דער־טאַלן. בערגעלסאָן באַווייזט זיך דאָ אין אַ ליכט פון באַרעדעוודיקייט, וואָס איז פאַר אים אַ זעלטנקייט, ווען מ'נעמט אין באַטראַכט זיין פריער־דיקן שאַפן, וואו ער האָט באַזונדערס מקפּיד געווען אויפן צימצום פון וואָרט און פראַזע, אויסמיידנדיק דערטאַלן. עס איז אמת, אז דוד בער־געלסאָן האָט אין קיין איין ווערק זיינעם ניט אָנגעווענדעט אַזעלכע ברייטע לייוונטן ווי אינעם צווייטן טייל „פּענעק", די שילדערונגען זיי־נען דאָ ברייט אין פאַרנעם, און ווייט ניט קיין אימפּרעסיאָניסטישע, נאָר דורכויס רעאַליסטישע, מחמת דעם, ווייל אינעם צווייטן טייל איז ער אויסן צו געבן די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ביזן אָנקום פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, שילדערן די סאָ־ציאַל־פּאָליטישע קאַמפן פון יענער עפּאָכע און די פאַרגאַנגענע רעאַלי־

טעט זעט ער דורכן בילד פון מענטשלעכע פּסיכאָלאָגיעס, דאָך אפילו פאַר אַזאַ ברייטן לייוונט איז מער ווירקנדיק אַ צימצום פון שפּראַך, — ווי אַן איבערגעטריבענע באַרעדעוודיקייט. און מערקווירדיק: דאָס באַרעדעוודיקע האָט בערגעלסאָן אָנגעווענדעט נאָר אין די מאָמענטן ווען עס איז אים אויסגעקומען שילדערן אַ פּערסאָנאַזש אָדער אַ טיפּ פון דער בירגערלעכער סביבה. קומט אים אויס שילדערן פּערסאָנאַזשן וואָס זיינען געווען איינגעגלידערט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, הייבט איבערגעטריבענע באַרעדעוודיקייט איז אָפּטמאָל געלעכטער און אַפילו ער אָן ווידער מיטן צימצום, ווייל צימצום איז ליבער שמייכל, בעת פּשוטער חוזק.

קיין ווערק דוד בערגעלסאָנס האָט אַזוי פיל פּערסאָנאַזשן, וויפל דער צווייטער טייל „פּענעק". די פּערסאָנאַזשן פונעם ראָמאַן קען מען איינטיילן אין דריי קאַטעגאָריעס: פּאָזיטיווע, נעגאַטיווע און, אויב דער אויסדרוק איז אַ פּאַסיקער, צווישנדיקע, עס הייסט, אַזעלכע פּערסאָנאַזשן, וואָס האָבן זיך ניט דעפינירט ניט אַהין און ניט אַהער, ווי עס איז ביי אים, צום ביישפּיל, דער פּערסאָנאַזש פישל קראָכמאַלסקי. פישל קראָכמאַלסקי געהער צו דעם טיפּ מענטשן, וואָס רעאַגירט אויף אַלץ מיט פרעגן „איר מיינט עס אויף אָן אמת?", — דוד בערגעלסאָן איז מיט דעם אויסן אַ פּסיכאָלאָגישן שטריך. און עס איז דורכויס אמת, אַז דוד בערגעלסאָן איז געווען אַ סך קרעפּטיקער ביים שילדערן און פאָרשטעלן נעגאַטיווע פּערסאָנאַזשן און כאַראַקטערן, ווי פּאָזיטיווע. ביים שילדערן אַ נעגאַטיוון פּערסאָנאַזש לעבט אויף אין אים זיין טיפּיש־בערגעלסאָנישער איראָניע־הומאָר, וואָס גייט ערטערווייז איבער ביי אים אין סאַטירע. עס איז גענוג בערגעלסאָנען צו זאָגן וועגן זיין פּערסאָנאַזש אַקים סעמיאָנאָוויטש ברוסקין, דעם געשמדטן אידן, אַ רעדאַקטאָר פון אַן אָרטיקער ליבעראַלער צייטונג „אַז ער זעט אויס ווי דער „וועלט־בורה, ווי מע וואָלט אים אוועקגעזעצט אויסגלייכן צעקריגטע צדדים", ווי דער הומאָר גייט אַריבער גלייך אין סאַטירע. און דאָס סאַטירישע ווערט אַ פּסיכאָלאָגישער צושטייער צום כאַראַקטער פונעם פּערסאָנאַזש. ווען עס האַנדלט זיך ווידער וועגן נעגאַטיווע פּערסאָנאַזשן, האָט בערגעלסאָן בדעה צו דעמאַסקירן טאַטן, וואָס צילן צום שלעכטן. וואָס קען מען דען זאָגן וועגן אַזאַ פּערסאָנאַזש אינעם ראָמאַן ווי עס איז ביי אים דער רויטער האָרענבערג, דער פּאַרוואַלטער ביים רייכן שמואלן? האָרענבערג, וואָס נעמט אויף זיך אַלערליי באַשולדיקונגען און אַכזריותן, וואָס מע קאָן נאָר צוטראָגן זיין בעל־הבית? אין געוויסע פּוטים האָט בערגעלסאָן אין זיין צווייטן טייל „פּענעק", אויסגעברייטערט די טעמע פון שלום־עליכמס „מענטשן". אויך שלום־עליכם האָט געזען זיינע מענטשן אין אַ סאָציאַלן ליכט, ער טיילט זיי פאַנאַנדער

און ווייזט אָן אויף די סתירות צווישן דעם „אויבן" און דעם „אונטן", בעת דוד בערגעלסאָן שטעלט עס אוועק אין א ליכט פון דעם „ווייסן הויז", וואו שיינדל די גרויסע „פּראַוועט", — די זעלבע שיינדל די גרויסע מיט אלע אירע חיהש־רויבערישע גענג, וועמענס מאַן בעריש פרענקעל איז „געשווינד רייך געוואָרן". אזעלכע זיינען זיי דאָרט ביי זיך אין דער היים, אָבער אין דער גרויסער שטאָט ווערן זיי די נישטיקע, די יורדים".

ס'איז ניט וויכטיק אויסצורעכענען די אַלע פּערסאָנאַזשן, וועמען דוד בערגעלסאָן נעמט אריין אין דער קאַטעגאָריע פון נעגאַטיווע, פאַר־דאָרבענע, — פאַר אזעלכע פּערסאָנאַזשן פאַרבאָרגט דוד בערגעלסאָן זיין שמייכל, ער האָט דערהויפּט ניט פאַר זיין קיין שמייכל, אפילו דעם קלענסטן, ווי ער האָט, צום ביישפּיל, אין זיין „נאָך אַלעמען" געהאַט פאַר גדליה הורוויצן. אָבער דערפאַר האָט ער א פול מויל שמייכל פאַר די אַלע פּערסאָנאַזשן, וואָס האָבן אמאָל אין אלע זיינע פריערדיקע ווערק ניט געהאַט דעם מינדסטן דריסת הרגל. אין זיין פּענעקישער שריי־בער־פּאַרמאַציע גיט ער אָפּ די אַלע פּערסאָנאַזשן דעם אויבנאָן, די מזרח־וואַנט און פּרעזענטירט זיי ווי די איינציקע פּאַרשטייער פון דער העכסטער סאָציאַלער מאָראַל. אָט די פּערסאָנאַזשן וועלן שוין ענדערן די וועלט, זי מאַכן בעסער. אזעלכע זיינען אינעם ווערק דער אונטער־ערדישער טוער קלים, דאָס אינטעליגענטישע מיידל אָלגע, ניקאָלאַי, שאַ־ליגאַ, טיאָטקע, אַנטאָן, מאַטוסאָוו, יאָסל דער גרעק, לאַפּידעס, זאַכאַ־ריטש, ליובע, ברוך, ליפּע, — די אַלע גייען זיכער אינעם רעוואָלוציאָ־נערן קאַמף. ניט אומזיסט זאָגט אָלגע וועגן אַנטאָנען, ווען זי קלינגט אין זיין טיר „דאָס קלינגט מען צום אויסבאַהאַלטענעם אמתן בעל־הבית פון דער שטאָט". אָדער ווען זי גייט מיט קלימען: „איבער גאַסן און געסלעך, וואָס זיינען אים דאָ אין שטאָט ניט באַקאַנט האָט זי אים גע־פירט מיט אַזאַ געפיל, ווי מען פירט א בעל־הבית איבער זיינע גיטער: וואונדער! זיינע געסלעך און ער קען זיי ניט".

מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז דוד בערגעלסאָן האָט געשריבן זיין „פּענעק" אינעם סאָוועטישן פּעריאָד פון זיין שאַפן, דעריבער איז ניט קיין וואונדער, וואָס דורך די רעוואָלוציאָנערע פּערסאָנאַזשן זאָגט ער אַרויס זיינע אייגענע געדאַנקען, הגם ער ברענגט זיי אין זייער נאָ־מען. געוויס קען מען האָבן סימפּאַטיעס פאַר אזעלכע רעוואָלוציאָנערע פּערסאָנאַזשן ווי עס איז ביי דוד בערגעלסאָן דאָס מיידל אָלגע. אָלגע האָט אין אירע הענט די „טעכניק פון דער אָרגאַניזאַציע אויף אויסצו־שטעלן פּעסער", אויס דעם איז אויך נאַטירלעך איר מחשבותן, אַז —

„סוף כל סוף קאָן זיך אַמאָל פּאַקן אָלגע אַליין. איז וואָס? אַמיי אַ מענטש, באַהיט זאָל מען זיין, שטאַרבט ביי זיין אַרבעט, פּאַרבייט

איס דען ניט אַן אַנדערער? אָלגעס קראַפּט וועט דענסטמאָל איבער־גיין צו אַ צווייטן, צו אַ דריטן און פערטן, אַזוי לאַנג, ביז איר אָר־גאַניזאַציע וועט אין הסכּם מיט אַלע אַרבעטנדיקע זיך דערשלאָגן אירס און וועט ווערן די איינציקע וואָס האָט דאָס רעכט צו פּסקענען, ווער מעג און ווער טאָר ניט אַרומגיין אויף דער פריי, אָר־וואַ!"

דוד בערגעלסאָן האָט געשילדערט זיינע פּאָזיטיווע פּערסאָנאַזשן אין די אומשטענדן פון זייער שווערער און געפערלעכער רעוואָלוציאָנע־רער אַרבעט, אַלע לעבן זיי מיטן באוואוסטזיין און איבערצייגונג, אַז זיי „פאָרן אין דער רעוואָלוציע אריין" און זיינען זיכער, אַז זיי וועלן אָנקומען.

פון א פּאָר זייטיקע באַמערקונגען אינעם ראָמאַן דערוויסט מען זיך אויך וועגן וועלכע רעוואָלוציאָנערן עס האַנדלט זיך: עס זיינען די „איס־ק־אָוועצעס" פון וועמען עס איז אַרויסגעוואַקסן די באָלשעוויסטישע פּאַר־טיי. אין געוויסע הינזיכטן בלייבט דאָ דוד בערגעלסאָן דער איינזייטי־קער, ווייל ער לאָזט אויס אָנצואווייזן, אַז אויך אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּעס זיינען געווען אַקטיוו באַטייליקט אינעם פירן דעם רעוואָלוציאָ־נערן קאַמף. לויט דוד בערגעלסאָנס שילדערונג באַקומט זיך ווי די רעוואָ־לוציאָנערע באַוועגונג צווישן 1905—1917 זאָל געווען האָבן געגאָסן פון איין שטיק באָלשעוויסטישן שטאָל. מעגלעך, אַז ער האָט עס געטאָן בכיוון אונטערן אויסרייד, אַז ער איז נאָר אויסן צו געבן ביאָגראַפישע שטריכן און די אויטאָביִאָגראַפיע פון זיין העלד פענעק. און פענעק אין זיין יוגנט־פאָרמאַציע, דעמאָלט שוין אַ שרייבער, איז פאַרבונדן מיט דער „איסקרא"־באַוועגונג. דוד בערגעלסאָן אַליין זאָגט וועגן פענעקן: „צו וואָס איז ער מיט זיינע שרייבעכצן געגליכן? צו אַ מענטשן, וואָס באַשרייבט יעדעס רעדעלע פון אַ צענומענעם מעכאַניזם, און דעם שכל פונעם גאַנצן מעכאַניזם, הייבט ער ניט אָן צו וויסן", און אויב עס איז אָן אמת וועגן פענעקן, איז עס טיילווייז אויך אָן אמת וועגן דוד בערגעלסאָן גופא, טאַקע פאַרן צווייטן טייל „פענעק", וואו ער איז אויסן געווען צו דערקלערן דעם מעכאַניזם פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי. עס איז נאָר געבליבן ביי דעמאָלן, אומגעוויינלעכע פּאַר דוד בערגעלסאָנס סטיל, אָבער דער סטיל גיט אים אַ מעגלעכקייט, סיי פּאַר איראָניע, סיי פּאַר סאַטירע, אין אייניקע פאַלן אפילו מיט געוויסע איבערטרייבונגען, ווי צום ביישפּיל, ביים שילדערן אַ געוועזענעם „נאַראָדאָוואָליעץ", דעם אידישן פּערסאָנאַזש קאַדיסאָן, וואָס איז פון אַ סאָציאַליסט גאָר געוואָרן אַ נאַציאָנאַליסט. אין דער פּערזאָן פון קאַדיסאָנען רעכנט זיך אָפּ דוד בערגעלסאָן מיט דער אידי־שער אינטעליגענץ, וואָס האָט אַלע מאָל אויפן ערשטן פּלאַן געשטעלט דאָס נאַציאָנאַלע און ערשט אויפן צווייטן דאָס רעוואָלוציאָנערע. בער־

געלסאָן שטעלט אים פּאָר אַ געמיש פון נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, דאָך שפּירט מען, אַז אויך דוד בערגעלסאָן, דער אינטעליגענט, קען זיך ניט באַפרייען פון דעם, ער זאָל ניט געבן זיין פּערסאָנאַזש אַ פּאָר קלוגע ווערטער, וואָס דעקן אויף ניט נאָר זיינע נייגונגען צו פילאָזאָפירן, נאָר אויך זיין אינטעליגענץ און באוואוסטזיניקייט, זיין מענטשישע אחריות־דיקייט. עס דרינגט אַרויס בולט פון אַ שמועס, וואָס דוד בערגעלסאָן פירט צווישן קאַדיסאָנען און זיין פּענעקן, — קאַדיסאָן זאָגט פּענעקן, עצהנדיק אים צו שרייבן וועגן דער אָרעמשאַפט: „אין לעבן, האָט ער געזאָגט, וואַרטן גרויסע מאַטערנישן כמעט אויף יעדן איינעם, וואָס שלאָגט זיך אַרויס פון זיין קלאַס".

דוד בערגעלסאָן האָט ניט אויסגעמיטן צו באַרירן אין זיין צווייטן טייל „פּענעק" אויך דאָס פילאַנטראָפּישע. ער רעדט ניט וועגן דעם אין אַלגעמיין, נאָר ער ברענגט עס אַרויס דורך אַ פּערסאָנאַזש, וואָס ווערט ביי אים באַטיטלט „די זאַווערוכישע דערפאַרענע זשעני אָסטראָווסקי". דוד בערגעלסאָן האָט פאַר איר פאַרשיידענע סינאָנימען ווי „פלאַפלענ־דיקע אויגן", אָבער אין עיקר מיינט ער צו באַצייכענען דורך איר ניט אַזוי דאָס פילאַנטראָפּישע, ווי מיט איר הילף באַווייזן זיין פּערסאָנאַזש קאַדיסאָן אין אַ קרומען שפּיגל פון סאַטירע. ער נעמט אויף מיט חוזק קאַדיסאָנס וועלט־אָנשויאונג און אַלץ פאַר דער זינר צו זיין גענויגט צום נאַציאָנאַלן. דאָס סאַטירישע גייט דאָ ביי דוד בערגעלסאָן אַזוי ווייט, אַז בכיוון פירט ער צו אַ צוזאַמענטרעף קאַדיסאָנען מיט דעם מיידל מאַניע גראַד ביים לאָמבאַרד אום קאַדיסאָן זאָל קענען זאָגן, —

„דאָס האָב איך געטראַכט צי זאָל איך ניט פאַרלייגן אויך מיין וועלט־אָנשויאונג אין לאָמבאַרד".

פונדעסטוועגן האָט דוד בערגעלסאָן געפונען אויך אַ זכות אויף קאַדיסאָנען. און דהיינו: ווען דער אַדוואָקאַט באַראָוואַי, דער רעדאַק־טאָר פון דער ליבעראַלער צייטונג, שלאָגט פאָר קאַדיסאָנען, אָנשטאָט זיין פילאָזאָפישן אַרטיקל „יודאיזם און העלעניזם" צו שרייבן אַרטיק־לען, וואָס זאָלן ריידן און וועקן די אינסטינקטן פון די לייענער, פאַר־לאָזט קאַדיסאָן אַ פאַרביטערטער די רעדאַקציע. ערשט ווען קאַדיסאָן איז אַרויסגעקומען אויף דער גאַס דערזעט ער זיין אידיש פאָלק אין דערוואַרטונג פון אַ פּאָגראָם. די רייכע לייט שטופּן זיך לעבן לאָמבאַרד, זיי טראָגן אַהינצו זייערע זאַכן אום צו ראַטעווען זייער פאַרמעגן, מען זאָל עס ניט צעראַבירן. אין אַזעלכע אומשטענדן גיט דוד בערגעלסאָן קאַדיסאָנען פאַרשיידענע מחשבות און פאַרענדיקט מיט פּענעקס אַ באַ־מערקונג, אַז קאַדיסאָן וועט אָוועקגיין „פונעם לעבן מיט אַ ניט־געהאַל־טענער רעדע".

דוד בערגעלסאָן זאָל אין קאַדיסאָנען ווי האָבן רעוויטאַליזירט אַלע

פערסאָנאַזשן פון זיינע פריערדיקע פאַרפענעקישע שאַפונגען, אָבער בעת אין די ווערק פונעם פאַררעוואָלוציאָנערן פּעריאָד שילדערט ער זיינע פּערסאָנאַזשן אין ליריש - מעלאַנכאָלישע טענער, באַהערשט פון אַ ספּעציפישן שאָפּענהויערישן סקעפּטיציזם, האָט ער אויסגענוצט קאַדיסאָנען אום צו נעמען נקמה אין די פּערסאָנאַזשן פון זיינע פריער־דיקע ווערק. און דאָ ווערט בערגעלסאָן געשטרויכלט, ווייל איראָניע גייט אַריבער אין פּשוטן ציניזם. דאָך ווען עס קומט צו פענעקן, אָדער ווען ער רעדט וועגן מאַניען, וואָס קען באַטראַכט ווערן ווי אַ רעוויטאַליזאַציע פון מירעלען אָדער פון חנקע ליובאַר, שטעלט ער זיי פּאָר אין די העל־כטע פאַרבן. און פאַרוואָס האָט ער פּאָר מאַניען די העלסטע פאַרבן, די דינסטע און פיין־צאַרטסטע שטריכן? נאָר דערפאַר, ווייל מאַניע ליבט פענעקן. מאַניע פאַרמאָגט אַלעס: מיידלשע אומשולדיקע ליידנשאַפטן און גלוסטונגען, מיידלשע שיינקייט און פרויען־שיינקייט, זי אַליין איז אַ קוואַל פון לעבן און באַגייסטערונג פאַרן לעבן. פענעק זאָגט וועגן מאַניען, אַז צו איר „האָט געפּאַסט אַלץ — איר האָבן געפּאַסט אַלע צייטן פון יאָר".

דער צווייטער טייל „פענעק" איז דאָס איינציקע ווערק דוד בער־געלסאָנס וואו דאָס סאַטירישע דאָמינירט דאָס לירישע, און דאָס שאַפט גראָד דעם איינדרוק, ווי אייניקע שטעלן אינעם ראָמאַן זאָלן זיין גע־קינצלטע. דוד בערגעלסאָן האָט אַרויפגעטאָן אויף זיינע אויגן ספּעציפיש־פענעקישע ברילן, אום ניט מיט אָפענע אויגן, נאָר פאַרשטעלטע דורך ברילן מאַכן אַ חשבון מיט דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט. אָבער דער גאַנצער חשבון זיינער איז אינעם ראָמאַן רעדוצירט געוואָרן צו אַ מין וואָוויל־יונגערישן חוזק. ער ווענדעט עס אָן אויף געוויסע פּערסאָנאַזשן, אָבער דער חוזק זאָל זיך ווי אומקערן אויף אים אַליין. ווען דוד בערגעל־סאָן איז אויסן פאַרשטעלן באַרים שוואַרץ, איינעם פון די פּערסאָנאַזשן אין ראָמאַן, קען ער אַנדערש וועגן אים ניט ריידן, נאָר ווי וועגן „עפּעס אַ מין כהן גדול וואָס האָט זיך אַליין געזאַלבט". דעם פּועלי־ציוניסט אָלשאַנסקי רופט ער אָן דער „סקעלעטישער קאָפּל", און קאַדיסאָנען באַ־שענקט ער מיט דער ווייטערדיקער כאַראַקטעריסטיק, —

„— מענטשן, וואָס האָבן לאַנג געדרייט מיטן גראָבן פינגער ביי לערנען תלמוד, דעם תלמוד האָט מען ביי זיי צוגענומען און דער פינגער דרייט זיך נאָך".

און עס איז חל אויף דוד בערגעלסאָן גופא. דוד בערגעלסאָן איז אויסן געווען צו שאַפן אַ נייעם „תלמוד", וואו דער איינציקער „עילוי" זאָל זיין פענעק, אָבער ניט קוקנדיק אויף די ליטעראַריש־קינסטלערישע מעלות פונעם ווערק און אויף אַלע אָנשטרענגונגען, איז „פענעק" דאָך ניט געוואָרן קיין צווייטער בערגעלסאָנישער „תלמוד" און איז נאָר אַ

פינגער דרייען מיטן פינגער ארום מענטשן און זייער געשיכטע אין אן אויפברויז פון רעוואָלוציאָנערע געשעענישן און רעוואָלוציאָנערער גע־שיכטלעכקייט.

* * *

„פענעק" האָט געזאָלט ווערן דער געבורט פון א נייעם אינטעגראַלן רעאַליזם אין בערגעלסאָנס שאַפונגס־פּראָצעס און דער רעאַליזם דאַרף באַקומען א ווייטערדיקע אויסברייטערונג אין די „בירעבידזשאַנער". „בירעבידזשאַנער" איז דער קאָנסטרוקטיוויסטישער שטריך אין דוד בער־געלסאָנס רעאַליזם, און ער באַנוצט זיך מיט דעם ניט בלויז אַרויסצו־ברענגען פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן פון מענטשן, נאָר אויך צום שיל־דערן א מאָדערנעם יציאת־מצרים פון א דור־המדבר. דוד בערגעלסאָן האָט געגלויבט, אז בירעבידזשאַן איז דער אָפּשלוס פון א היסטאָריש־קול־טורעלער עפּאָכע, דער איבערגאַנג פון אַלטע לעבנס־פאָרמען צו נייע אין וועלכע עס ווערט אָפּגעווישט א פאַרגאַנגענהייט און עס אַנטשטייט א נייער מעשה־בראשית.

און די נייע מעשה־בראשית הייבט זיך אָן פּשוט און זאַכלעך:

„געווען אַ פאַרזאַמלונג אין מינסק. מינסק איז עס ניט זשעדנע. נאָר אויך יענער פאַרזאַמלונג זיינען געווען אַ איד־טוער, אַ פּאָר אַג־ראָנאָמען, — אַ פּראָפעסאָר דאַכט זיך. אויך האָבן דערציילט וועגן אַ ניי געפונענע שטיק לאַנד... ניט פאַרגעסן".

ס'איז דער נייער בראשית ברא, וואָס הייבט זיך אָן מיט א דור־המדבר, מיט א דור־הפלגה און דוד בערגעלסאָן שטעלט זיי פאָר אין בילד, אין זייער מחשבותן און פילן. דער דיכטער זאָל דאָ ממש ווי באַ־נוצן זיך מיט ביבלישע טיפּן, אָדער אַלנפאַלס זיין באַאיינפלוסט פון דער ביבל־לעגענדע וועגן דער וועלט־אַנטשטייאונג, — און איז עס דען ניט דער אָנהייב פון א נייער ביבל? ס'איז מערקווירדיק: דוד בערגעל־סאָן פירט די צענטראַלע אַקס פון דער האַנדלונג אַרום דריי יונגטלעכע אַרקע, מאָטל און וועלוול און זיי זאָלן ווי זיין די דריי אָבות פונעם נייעם לעבן און אויפבוי, — זיי זיינען אָט די, וואָס —

„אינדרייען זיינען זיי אין יענעם פרימאָרגן געשטאַנען ביים ברעג פון בירע, מאָטל האָט זיך פאַמעלעכקע צוגעזעצט, גענומען אַראָפּ־שלעפּן פון זיך פריער די שטיוול, נאָכדעם די הויזן. אַרקע האָט גע־פרעגט:

„— וואָס וועסטו טאָן?

„מאָטל האָט שוין געהאַט פאַרקאַטשעט טיף־טיף די אויבערשטע הויזן. — גאָרניט, — האָט ער געענטפערט, — אָן דאָרט, אין ווינקל,

האָבן זיך פאַרהאַלטן ביים ברעג קלעצער, — כיוועל אַריין אויף אַ רגע און וועל זיי אָפּשטופּן.

„— טאַקע מיט דעם — מיטן אָפּשטופּן פונעם ברעג די פאַרהאַלטענע קלעצער, האָט זיך אויף מאָרגן אָנגעהויבן מאַטלס, אַרקעס און וועלוולס אַרבעט אין בּיראָבּידזשאַן".

זיי זיינען די „קאָמוניסטישע טרויקע" און זיינען די סתירה צו די יודל ליפשיצעס און זיינוול בראָדסקים, וואָס שפּילן די ראָל פון דתן ואבירומס אין דער אידישער איבערוואַנדערונג און קאָנסטרוקטיווער אַרבעט, זיי זיינען די שטערער און שעדיקער און דוד בערגעלסאָן האָט מיט אַ כיוון אַריינגעבראַכט אַ פאַרשיידנאַרטיקן, ניט איינהייטלעכן טיפּאַזש אין דער איבערוואַנדערונג קיין ביראָבידזשאַן. ער זאָל האָבן ווי צונויפגענומען די איבערבלייבעכצן פון „אַרום וואָקזאַל", און פון „אַ פאַרגרעבטער שטאָט", דאָס בינטל מענטשן, וואָס דרייען זיך נאָך אין „מידת הדין" און וויל זיי פאָרשטעלן אין אַ נייער ווירקלעכקייט. פאַראַן אייניקע, וואָס דאָס לעבן וועט זיי שוין קיינמאָל ניט אויסבעסערן. עס זיינען די עלעמענטן, וואָס זיינען געוואוינט און קענען זיך ניט אָפּגעוואוינען פונעם פּאַראַזיטאַרישן לעבן; אָבער פאַראַן זיינען אויך אַזעלכע, וואָס ווילן אויסגלייכן זייערע רוקנס און ווערן די פּראָדוקטיווע נוצלעך־לייסטנדיקע עלעמענטן.

אָט צום ביישפּיל אַ בילד פון אַ אידל ליפשיץ, אָט דעם מענטש „מיט אַ קליינוואוקסיק־ברייטלעכער מיט אַ פעסטער תמיד־רויטלעכער נאָז, מיט אַ סך פּיצעלעך לעכעלעך אינמיטן די באַקן, מיט אַ זייער נידעריק־געציפּטער באָרד, וואָס איז פאַסנווייז שוואַרץ, פאַסנווייז גרוי, קיילעכט זיך צום האלדז און שטייען דאָרט ניט".

אָדער זיינוול בראָדסקי, דער מענטש „מיט הענט, וואָס זיינען פּרום פאַרוקט איינע אין אַרבל פון דער אַנדערער", דערשפּירט אין זיי ניט בלויז די מענטשן פון דער אַלטער וועלט, נאָר די פאַרשטעלטע שונאים פון אַ רעקאָנסטרואירטן, פּראָדוקטיוון לעבן. דאָך זיינען נאָך די זיינוול בראָדסקים אַ מדרגה, בעת די יודל ליפשיצעס זיינען די שעדלעכקייט אַליין, וואָס דרינגט אַרוים פון זייער פאַרגאַנגענעם לעבן. און ווי אַזוי האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון די יודל ליפשיצעס?

„ער איז אַלט געווען באַלד פופציק יאָר. ער האָט קיינמאָל אין לעבן ניט געאַרבעט, ער איז די לעצטע יאָרן געווען אָן פּרנסה. ווען ניט די בריוו קיין אַמעריקע וואָלט ער געקענט אויף זיך זאָגן — אַן אָרעמאַן".

און דוד בערגעלסאָן טרייבט דערביי ניט איבער, נאָר ער צייכנט כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון מענטשן, וואָס געהערן צו אַ וועלט אין אונטערגאַנג. די יודל ליפשיצעס זיינען די איבערוואַנדערער אויס נויט

און דאָס באַשטימט שוין אויך זייער האַלטונג און באַציאונג, ווען זיי שטויסן זיך צוזאַמען מיט די שווערע מאָמענטן פונעם אויפבוי. דוד בערגעלסאָן דריקט אויס זייער אומצופרידנקייט מיט דער פּאָזע פון זייער אויסערלעכער האַלטונג:

„צוהינעקנדיק האָט ער (יודל ליפשיץ) זיך אַרומגעשאַרט אינ־דרויסן לעבן באַראַק, געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אויפן קלוגן הינ־טער־חלק, זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט אַרויסצולאָזן פון זיך דאָס לאַנ־גע געציקלטע זיפצעלע, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט אַ מתנה ביראָבידזשאַן".

אויף אַזאַ שטייגער גייען דורך פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס מענטשן, וואָס פּילן אָן דעם איבערוואַנדערונגס־פּראָצעס צום רעקאָנסטרוקציע־פּע־ריאָד און דאַרפן אָנהויבן די געשיכטע פון אַ נייעם אידישן רענעסאַנס און פון אידישער פּראָדוקטיווער אַרבעט. פאַר איינע איז עס פרייד, פאַר די אַנדערע נויט, פאַר איינע איז עס אַ פּערספּעקטיוו פון דער אידי־שער פּראָלעטאַרישער מלוכה, בעת די אַנדערע ווידער קומען אַהערצו צו שאַפן פאַר זיך אַ נייע, אָבער זיכערע און געזונטע עקאָנאָמישע פּאָ־זיציע. צו אַזעלכע געהערן די געוועזענע אָנגעשטעלטע מענדל זאַקס און דער אַרבעטער שימקע, אויך זיי זיינען דורכגעדרונגען מיטן באַוואוסט־זיין פונעם קאָנסטרוקטיוון אויפבוי, אָבער זיי בויען בלויז אַ נייעם ישוב און צייכענען אָן די ערטער פון וואַנען דער ישוב וועט זיך אָנ־הויבן:

„דער ערשטער בוים־געוואַלגער.
ס'איז געשען..."

„די אַרומיקע ווידערקולות האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט. זאַקס האָט אַ הייב געטאָן — איין מאָל און צוויי מאָל, ניט־געכאַפּט אַ וויש געטאָן זיין מויל אַהין און צוריק, גאַנץ שטיל אַ זאָג געטאָן:
— נו... זאָל זיין מיט מזל".

אַזוי הייבט זיך אָן די געשיכטע פון דער אידישער איבערבויאונג, פון דער נייער אידישער רענעסאַנס־אַרבעט, די צופרידענע נעמען זי אויף מיט פרייד, די אומצופרידענע מיט נויט און בייזקייט, אָבער דער ראַטנפאַרבאַנד איז די גרויסע שול, וואָס קנעלט איין מיט יעדן איינעם די פעסטע געזעצן פונעם סאָציאַליזם און דער עיקר דאַרף מען עס איינ־קנעלן מיט די יודל ליפשיצעס:

„ער האָט שוין געהאַלטן די לאַפּאַטע אין די הענט... ס'איז שוין געווען, ווי פאַרפאַלן. כוח האָט ער דווקא געהאַט — פאַר אים אַליין איז עס געווען אַ נייעס".

„ביראָבידזשאַן אַ ברעג פונעם נייעם גרויסן לאַנד קנעלט איין מיט איינעם דעם יושר פונעם פעסטן סאָציאַליסטישן געזעץ: „ווער

טס אַרבעט ניט, יענער עסט ניט", — יודל האָט געהויבן אַלע מאָל אַ נייע פּולע לאָפּאַטע, געוואָרפן שטיינדלעך אין וואָגן. ער איז געווען ניט מער, ווי איינער, געקאָנט דאָ בלייבן, אָדער ניט בלייבן. אײנ־איינעם מיט אַנדערע האָבן נאָך אויסלייזונג אַהער געדאַרפט קומען טויזנטער אַזוינע ווי ער און מיט אַלעמען זאָל דאָ איינגעקנעלט ווערן אָט דער פעסטער געזעץ".

מיט די יודל ליפשיצעס איז עס אָבער אַ פאַרלאָרענע אַרבעט, פּשוטע אידן, ווי אַ בעדער בעני פרינץ באַנעמען עס גיכער און באַוואוסטזיני־קער: זיי דערפאַרן גלייך, אַז אַמאָל האָבן זיי גאָרנישט געהאַט און אין די אומשטענדן פונעם ראַטנפאַרבאַנד האָבן זיי ניט בלויז אַלעס, נאָר זיי זיינען אויך אַלעס.

* * *

און די פרוי אינעם נייעם רענעסאַנס, אין דער געשיכטע פון דער אידישער רעקאָנסטרוקציע?

דער טיפּישער אויסדרוק פון דער נייער פרוי איז פעסל די קאָמ־יוגיסטקע:

„זי איז ווי תמיד, אַביסל בייזלעך־ערנסט — די דאָזיקע פעסל. מירירט זי אָן מיט אַ וואָרט, גיט זי באַלד אַרויס רעשט. דערווייל ביז עפעס וואָס האָט די קאָנטאָר זי צוגעפּעסטיקט צו פאַרשיידענע אַרבעטן אַרום דעם איבערוואַנדערער־פּונקט. אַלע קענען זי שוין דאָרט. עמעצער טוט דאָרט ניט ווי מידאַרף, באַקומט זי גלייך שטאַרקייט אין אירע נידעריקע פעסטע אַקסלען און גיט אַ באָד אָפּ".

דוד בערגעלסאָן פילט גרויסן רעספּעקט צו אָט דער פעסל. זי ברענגט אַריין אימפּעט אין דער אַרבעט און רעגט אָן אויך אַנדערע צו אַרבעטן. דערצו איז זי לחלוטין פריי פונעם וואולגאַר־סעקסועלן און קען צוימען דאָס פרויעשע אויף אַזאַ שטייגער, אַז ס'זאָל אפילו האָבן אַ ווירקונג אויף די מענער:

„מיקוקט ווי פאַלאַשע פּאַטשט מיט אַ שטיקל וועש איבערן שפּריצנדיקן וואַסער. איר פּנים איז ניט פאַררויטלט, נאָר באַזעצט מיט פלעקן פון יונגן בלוט. אירע קורצע האָר פּאָכען אינאיינעם מיטן קאָפּ און מיטן אויבערשטן טייל קערפער, פאַלן איר אַריבער אויפן שטערן, פאַרשטעלן איר די אויגן, אַליין איז זי שלאַנק און יונג־בייגיק. זי איז אין אַ קורץ קליידל און אין אַ ראָזן ציצן סטאַניקל אָן אַרבל. אויף איר רעכטער האַנט פלעקן זיך צוויי סימנים פון געשטעל־טע פּאָקן. פון דעם שפּריצנדיקן וואַסער איז איר סטאַניקל פּיטש־נאַס און פאַלט צו צו די יונגע ברוסטן. פעסל כאַפּט דעם פאַרטראַכטן ווערלולס בליק אַרום פאַלאַשען און מונטערט איס אויף:

— קוק ניט אַזוי — סע קאָן נאָך פּאַרשאַטן..."

אין פּעסל דער קאָמיוגיסטקע לעבט אַ געזונטער אינסטינקט, וואָס היט זי פון שטרויכלונגען און קעגן ענלעכע שטרויכלונגען קען זי וואָרענען אויך די אַנדערע, אַפילו די מענער. דוד בערגעלסאָנס פרויען אין די „בּיראָבּידזשאַנער" זיינען איבערהויפּט פון אַן אַנדער שניט. ס'איז די פרוי, וואָס האָט זיך געליטערט און אויסגעפורעמט אינעם רעוואָלוציאָנערן פּראָצעס פון אַרבעט. דארום טאַקע זיינען זיי ווייט פונעם קאָנווענציאָנעלן. זיי נעמען אויף אַלעס אין אַ ריכטיקן ליכט. אַזעלכע איז ניט בלויז פּעסל, נאָר אויך די פרוי פונעם אַרבעטער שימקע — די שימקעבע, ווען זי שטויסט זיך צונויף צוזאַמען מיט יאָסל פּריסקער. זי לאָזט זיך וואוילגיין מיט אַ קוש, אָבער זי ווייסט אויך אָפּצואוווענדן זיין האַנט ווען ער פּאַרמעסט זיך אויף איר פרויעשער פרייהייט, ניט אויס צניעות, נאָר אויסן באוואוסטזיין פון דער אַרבעט, וואָס שטייט העכער ווי דאָס סעקסועלע געפיל, וואָס באהערשט דעם פּריסקערן. אָבער כ'הייסט נאָך ניט, אַז דאָס סעקסועלע געפיל דאַרף לחלוטין דערדריקט ווערן, — ס'דאַרף בלויז ניט אַריינגעטריבן ווערן אין אַ ווילקיר, ווייל דער נייער פּראָצעס פון אַרבעט גופא געפינט שוין די לייזונג. ביי דער געלעגנהייט שילדערט שוין אויך דוד בערגעלסאָן די געשלעכטלעכע באַציאונגען, וואָס שאַפן זיך אין בּיראָבּידזשאַן, פרייע און באַפרייטע, קלאָרע און ניט קיין געקינצלטע, ווי צום ביישפּיל צווישן ביילקען און פּרויקען, ווען ביידע שלייכן ערגעצוואו אוועק אין אַ פינצטערער נאַכט:

„פּרויקע און ביילע זיינען דאָס ערשטע איבערוואַנדערער־פּאָרל אין בּיראָבּידזשאַן, וואָס האָט קיין וואָרט ביי דער אַלטער וועלט ניט אָנטליען"...

אינעם פּראָצעס פון זיין קאָנסטרוקטיוון שאַפן איז די פרוי ביי דוד בערגעלסאָן אַ געזונט־פּילנדיקע, נאָרמאַל־דענקענדיקע און שאַפנדיקע און אויס אַ פּשוטער סיבה: די נייע פרוי וואַקסט אַרויס ניט פון דער בירגערלעכער קאָנווענציאָנעלקייט, נאָר פון אַ געזונט־באוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריש־בויענדיקער סביבה און ווירקלעכקייט.

## קאַפּיטל אַכט

בעתן צווייטן וועלט־קריג צייכנט זיך דוד בערגעלסאָן אויס אין דער קורצער דערציילונג. ווידער ווענדעט ער אָן זיין צימצום־סטיל. אין רוב נעמט ער טעמעס פון קריג־ און נאָכקריג־צייט, אָבער די דערציילונגען זיינע זיינען אַ סך שוואַכער, ווי די פון בירגער־קריג און עמיגראַציע.

די צאָל דערציילונגען איז ניט קיין באַזונדער גרויסע. אין די דער־

ציילונגען מיידט ער אויס דירעקט צו באַרירן די מלחמה־טעמע, ער דערציילט נאָר וועגן די מענטשן אין קריג־צייט און נאָכן קריג. די צענטראַלע פיגור אין די דערציילונגען איז דער אידישער מענטש, אָבער שוין אַ גאַנץ אַנדערער און אַ פאַרשיידענער, פונדעסטוועגן איז דאָך פאַראַן אַ געוויסע קרובהשאפט צווישן די פּערסאָנאַזשן פון די דערציילונגען מיט די פּערסאָנאַזשן פון אמאָל. אין רוב פיגורירן דאָ אידישע אינטעליגענטן, איבער וועמען עס האָוועדט אַ געהיימער טרויער, פאַרבונדן מיט די זיכרונות פון אמאָל. זיי מאַכן אַן איינדרוק ווי זיי זאָלן גאָרניט האָבן צו טאָן מיט דער נייער רעאַליטעט, זיי לעבן אין זייער אַן אייגענער וועלט, וואָס האָט ניט צו גאָר און צו קיינעם קיין שייכות, נאָר צו זיי אַליין, און, אַליין ווערן זיי געטראָגן נאָר פון דערמאָנונגען. אָט נעמט דוד בערגעלסאָן אַ סקולפּטאָר, אַ „דרייסיק־יאָריקער, אַ בלאָנדלעכער, אַ מין שור־הבור מיט לאַנגע זייער שטאַרקע הענט און מיט אומגעלומפּערט־גראָבע פויסטן", — איז זיין אומקערן זיך אין שטעטל דען ניט אַן אימפּולס פון דערמאָנונגען? און אַזאַ איז ער די גאַנצע צייט וואָס ער בלייבט אין שטעטל. אין דער דערמאָנונג פון זיין פאָטער דעם פּאַריקמאַכער שפּיגלט זיך אָפּ דאָס גאַנצע שטעטל אידן און יעדע קלייניקייט זאָגט עדות וועגן דעם געוועזענעם. די דערמאָנונגען פאַלן אים שווער, האַלטן אים אַזוי געפאַנגען, אַז ער בויגט זיך ממש אונטער זייער דרוק. ער ווערט בוכשטעבלעך אַ שאָטן, אַ סאָנאַמבול. און ווער ווייס צו וואָס פאַר אַ צושטאַנד ער וואָלט געקומען, ווען ער זאָל די וויזיעס פון זיין פאַרגאַנגענהייט ניט געווען האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ קינסטלערישער רעאַליטעט, — אין סקולפּטורן: די סקולפּטורן ווערן זיין דערלייזונג און רעגן אים אָן ענדלעך צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

ווי געזאָגט, זיינען די פּערסאָנאַזשן פון דוד בערגעלסאָנס נייע דערציילונגען אידישע מענטשן, דאָך שטעלט ער זיי אַרויס אויסשליסלעך אין זייער מענטשישקייט און גאַנץ ווייניק אָדער אינגאַנצן ניט אין זייער אידישקייט. מיט אידישקייט האָבן זיינע אידישע מענטשן גאָרניט צו טאָן, דאָך שפּירט מען ווי דוד בערגעלסאָן בינדט זיי צו זייער שטאַם און דאָס איז די סיבה פאַרוואָס די פּערסאָנאַזשן פון זיינע לעצטע דערציילונגען פילן זיך צומאָל ווי אָפּגעריסענע בלעטער, געטראַגענע פון ווינטן, דאָך ווי זיי זאָלן ניט זיין געטראָגן, שטרעבן זיי זיך צו באַפרייען פון זייער צושטאַנד, דאַריבער זוכן זיי אַן אָנליין אינעם משפחהשן. צו אַזעלכע געהערן זיינע דערציילונגען „יאָרצייט־ליכט" און „גראַד זי".

אין צענטער פון דער האַנדלונג אין דער דערציילונג „יאָרצייט־ליכט" שטייט דער אידישער מעדיקער סופר. די האַנדלונג קומט פאָר אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. אינעם זעלבן שפּיטאָל געפינט זיך אַ רויט־אַרמייער, וואָס האָט אויפן פראָנט פאַרלאָרן די ראיה. ער איז דער

שווערסט־קראַנקער אין שפיטאָל. דאָס פאַרלירן די ראיה האָט ביי אים צוגענומען אַלע פאַרלאַנגען, ער פאַרלאַנגט קיינמאָל גאָרניט, סיידן מען פרעגט אים צי ער דאַרף עפּעס. דער נאָמען פונעם רוויטאַרמייער איז טראָפּימאָוו, אין דער היים האָט ער אַ ווייב מיט קינדער. טראָפּימאָוו פילט טיף זיין טראַגעדיע, ער האָט אָנגעוואוירן „מיט וואָס" צו זען, אָבער אויך דער אידישער דאָקטאָר סופר, הגם ער האָט ניט פאַרלאָרן די ראיה, לעבט אין אַ טראַגעדיע, ווייל אויך ער האָט אָנגעוואוירן „וואָס צו זען". און דאָקטאָר סופרס טראַגעדיע קען קיינער ניט פאַר־ענטפערן און זי ווערט נאָך גרעסער דורך דעם וואָס קיינער פאַררעכנט עס גאָרניט פאַר אַ טראַגעדיע, טאַקע ווייל עס איז ניט פאַרבונדן מיט קיין מום: דער דאָקטאָר סופר שטאַמט פון ווילנע, ער איז געבליבן אַ יתום נאָך אַ גאַנצער שטאָט, ער איז געבליבן אַ יתום נאָך אַ דריט־הלק פון אַ פאָלק.

און דער געדאַנק לאָזט ניט צורו סופרן. עס טרעפט זיך, אַז פעל־קער פאַרלירן מענטשן. געוויס איז עס אַן אבידה, אָבער דר. סופר האָט פאַרלאָרן אַ אגנץ פאָלק און ווייסט דען ווער וועגן אַזאַ אבידה?

אָט אַזעלכע רעיונות באַהערשן דעם דאָקטאָר סופר. איינמאָל אין חלום האָט ער זיך דערזען ווידער אין זיינע קינדער־יאָרן, אַ אינגל פון אַ יאָר פערצן־פופצן. זיין מוטער, די אלמנה, באַגלייט אים אַרויס פון איר שטיבל, וואָס געפינט זיך אין אַ רואיקן געסל, און זאָגט אים אָן, ער זאָל גיין פאָרזיכטיק, מ׳זאָל אים חלילה ניט איבערפאָרן, און, אַזוי חלומענדיק, אין גרויסער בענקשאַפט צו דער מוטער, כאַפּט ער זיך אויף און דערמאָנט זיך, אַז עפּעס האָט אים טאַקע פּאַסירט און די מוטער האָט אַ צייט־לאַנג געהיט זיינע טריט: עס איז געווען נאָכדעם, ווי זיין עלטערער ברודער שלמה, אַ בחור׳ל פון אַ 23 יאָר איז אינאיינעם מיט נאָך עטלעכע רעוואָלוציאָנערן אומגעקומען אין אַ פּוילישער טורמע.

דאָקטאָר סופר, ווי דוד בערגעלסאָן שטעלט אים פאָר, איז אַ טיף־פילנדיקער איד, וואָס ווייטיקט אויפן גורל פון זיין פאָלק. ער זעט זיך ווי ער אַליין זאָל זיין דאָס פאָלק, ווי מיט אים אַליין זאָל געווען האָבן געשען דאָס גרוילזאַמסטע און דער געדאַנק לאָזט אים ניט אָפּ און מאַ־טערט אים. חלום און וואָר זיינען ביי אים אַ רעפלעקס פון דענקען.

און מערקווירדיק: גראָד די דערינערונג וועגן זיין מוטער רעגט אים אָן צו וואַגן אויף אַן עקספּערימענט צו אָפּערירן דעם בלינד־געוואָרע־נעם רוויטאַרמייער טראָפּימאָוו. און ער טוט עס מיט אַ באַזונדערער זי־כערקייט, ווייל ער גלויבט אַז דער זכות פון זיין אומגעקומענער מוטער וועט אים ביישטיין און באַגלייטן אינעם שווערן נסיון, — טאָן עפּעס וויכטיקס פאַר איר, פאַר דער מוטער און דאָקטאָר סופר מחשבותט:

„געלעבט האָט אַ ווייניק באַריידעוודיקע אידישע פרוי, אַ שטי־

לע מאַמע צווישן מאַמעס — ביי יעדן אין די אויגן איז זיין מאַמע געווען אַ שטילע. אַוועק איז זי פון דער וועלט אין גרויסער זאָרג פאַר אירע קינדער — זאָרגט פון אַלע מאַמעס ביים אַוועקגיין פון דער וועלט. און אָט, ווי באַגלייט מיט איר זאָרגעוודיק קול, גייט איצט נאָך דער מעדשוועסטער, ער, דער איינציק לעבן־געבליבענער זון אי־רער: „פּאַמעלעך, קינד, ווען דו גייסט אַריבער ד'י גאַס"...".

און ווייל ער איז דער איינציקער לעבן־געבליבענער, זיינען אויף אים איינעם חל אַלע אירע מוטערלעכע זאָרגן — אַזויפיל זאָרגן אויף אים איינעם! און דאָס איז מחייב און רופט: „טאָן עפּעס וויכטיקס פאַר איר", און אַזוי ווערט ער אָנגערעגט צו אָפּערירן דעם בלינדן טראַ־פימאָוו, און, אויב די אָפּעראַציע וועט ווירקלעך אומקערן טראָפימאָוון זיין ראיה, איז „אָט וואָס פאר א ליכט ער קען אָנצינדן פאר דער מו־טערס נשמה: לעבעדיקע ליכט...."

און ווידער מחשבותט דאָקטאָר סופר, ווי מאָדנע ס'איז, וואָס די מענטשן האָבן געמאכט „ליכט פאר א פארמיטלער צווישן זיי און די טויטע". ער אַליין וואָלט געוואָלט דערגרונטעווען פארוואָס ס'איז אַזוי. א געטראָגענער פון אַזעלכע מחשבות זעט ער אויך ווי אויפן הימל טליעט אַ פייערדיק רייפעלע און ראנגלט זיך מגולגל צו ווערן אין אַן אויפגייענדיקער זון. ער קוקט צו דער שיין פון דער אויפגייענדיקער זון און פארגעסט ניט אויף קיין איין רגע, אז ער גייט עפּעס טאָן אין א שליחות פון זיין טויטער מוטער:

„אין קאָפּ האָבן זיך ביי אים געדרייט די אַלט־אידישע יאָרצייט־ווערטער:

„צרורה בצרור החיים"... אָט איז עס: אָנגעקניפּט אינעם לעבן... שוין זשע האָבן עס אַזוי פיל דורות בלויז געזאָגט מיטן מויל און נישט באַנומען וואָס זיי זאָגן!"

„אָט איז עס: פּאַמעלעך, קינד, ווען דו גייסט אַריבער די גאַס. ס'איז זאָרג פון אַ מוטער פאַר איר ווייטערדיקער אָנגעקניפּטקייט אין לעבן. די מוטער האָט מען געהרגעט. און אָט גייט איצט ער, דער זון אירער, צוריק אין שפּיטאָל און וועט זי צוריק אָנקניפּן אין לעבן, וואָרום ער, איינער פון אירע קינדער, וועט אָנצינדן צוריק ליכט ביי אַ מענטשן אין די אויגן. און מאָדנע, ווי ער פילט זיך דערביי טיף פאַרכאַפּט, ווי ביים אויספילן אַ לעבנס־באַרוף".

פארטיפט אין אַזעלכע מחשבות גייט ער צוריק אין שפּיטאָל און איז גרייט צו שעפּטשען „די אָפּעראַציע זאָל געראָטן... די אָפּעראַציע זאָל געראָטן!" און עס איז אויך געשען: ווען די מעדשוועסטער האָט אים אריינגעלאָזט צו טראָפימאָוון אין פינצטערן צימער, און ער אַליין, דאָקטאָר סופר, אַן אָנגעלאָדענער מיט בענקשאַפט נאָך זיין אומגעקו־

מענער מוטער, האָט אין דער פינצטער אָנגעטאַפּט טראָפּימאָווס קאָפּ, און, אַראָפּנעמענדיק פּאַמעלעך דעם באַנדאַזש פון זיינע אויגן, האָט ער דערהערט טראָפּימאָווס אויסקרעכצן: „איך זע, אייער פּנים זע איך, חבר דאָקטאָר!... מיט אָפענע אויגן זע איך..."

„איצט זיינען די אויגן געווען פאַרמאַכט ביים דאָקטאָר. זיינע ליפּן האָבן שטיל געשעפּטשעט:

„— צרורה בצרור החיים... מאַמע... מאַמע..."

אין דער דערציילונג ברענגט ארויס דוד בערגעלסאָן די צוגעבונדנ־קייט פונעם אידישן מענטש צום זכר פון זיינע אוועקגעגאַנגענע. און עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן דעם, וואָס ס'פילט טראָפּימאָוו און דעם פילן פונעם דר. סופר. טראָפּימאָוו פילט זיך דער פאַרשעמטער פאַר זיין משפחה, וווייטער פון דעם גייען ניט זיינע געדאַנקען, — ער וויל נאָר זיין דער, ווי ער איז געווען, איידער ער איז בלינד געוואָרן. אַנדערש ווידער איז דר. סופר: זיין „איך" ווערט אויפגעלייזט אין זיין פילן פאָלק און מוטער... דוד בערגעלסאָן שטרייכט עס אונטער ווי אַ גרויסע אויסשליסלעך־אידישע מידה און ער דעמאָנסטרירט עס אפילו דורך קאָנטראַסטן. דר. סופר האָט די בעסטע זיכרונות וועגן זיין מו־טער. זי איז געווען זיין היטערן, האָט געזאָרגט וועגן אים, אָבער אָט איז פאַראַן די דר. ניומע און זי האָט שוין ניט קיין גוטע דערינערונגען וועגן אירע עלטערן. ביי איר איז דער היפּוך, — אַ סך יאָרן האָט זי געהאַסט אַלע אירע קרובים, אָבער ניט אָן אַ סיבה:

„אַ סך, אַ סך יאָרן האָט זי פיינט געהאַט אירע קרובים און גע־האַט דערויף געגוג גרונט. פון איר משפחה — נישט אַזאַ פאַרמעג־לעכע, ווי אַ ביז גאָר פרומע — איז זי זייער יונג אוועק צו דער רע־וואָלוציע פונעם פינפטן יאָר, צו פאַרשיקונג, צו לערנביכלעך און ווי־דער צו דער רעוואָלוציע.

„איר ווילד־פרומער פאָטער, ווי צו איר איז דעמאָלט דערגאַנ־גען, איז מיטלעלטערלעך־פאַנאַטיש אָפּגעזעסן אַ שעה שבעה נאָך איר, זיין מיזינקע, וואָס איז אַרויס לתרבות רעה, זיך געלאָזט רייסן קריעה און האָט פאַרווערט צו דערמאָנען ביי זיך אין שטוב איר נאָמען".

מיט דער צייט האָט זי פאַרגעסן אין דער משפחה און די משפחה אין איר. ס'האָט אפילו ווייניק געווירקט אויף איר, ווען זי האָט זיך דערוווסט, פון איר פאָטער, אַז די מוטער איז טויט. זי האָט אויך זיך ווייניק גענומען צום הארצן, וואָס איר פאָטער האָט זיך געהאַלטן ביים פרומען מנהג און האָט גלייך נאָכן טויט פון איר מוטער ווידעראַמאָל חתונה געהאַט. אָבער די צייט האָט געווירקט און געביטן האָבן זיך די געפילן ביי דער דר. ניומע — זי האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ בענקעניש נאָך אירע קרובים. און געשען איז עס אין אַן אויגנבליק ווען זי האָט דער־

זען איינעם אירן אַ קרוב און ווען מ'האָט איר עלטער־שוועסטער גע־בראַכט אַ קראַנקע גראָד אין דעם שפּיטאָל, וואו זי האָט געאַרבעט אַלס מעדיקערן. און פון דעם האָט זיך אָנגעהייבן איר נייער חשבון מיט דער משפּחה, ניט צו דערווייטערן זיך מער פון זיי, נאָר גאָר זיך דערנענ־טערן. אויף אַז שטייגער איז אין אַ פיינעם טאָג איר באַשיידענע וואוי־נונג געוואָרן אַ ריכטיקער „קיבוץ גליות" פון אַלע אירע משפּחה־לייט, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט. און נאָך גרעסער ווערט דער „קיבוץ גליות" אַ יאָר נאָכן קריג און צווישן די לייט פון איר משפּחה זעט זי אויס „ווי אַ מין היינטצייטיקער משפּחה־פּאַטריאַרך". זי איז דער צענטער פון אַלץ און פון אַלעמען און זי שפּירט, אַז איר לעבן האָט באַקומען אַ גאַנץ נייעם אינהאַלט און זין.

די דערציילונג מאַכט פון איין זייט אַן איינדרוק פון אַ מין מש־פּחה־כראָניק, און פון דער צווייטער איז עס אַ געשיכטע פון אַ מענטש וואָס געפינט פאַר זיך און פאַר זיין „איך" אַ תיקון אין אַ צוריקקער און אין אַ ווידערגעפונען די משפּחה, — דוד בערגעלסאָן נעמט עס אויף מיט אַ ליבן שמייכל און האָט ניט אַנדערש געקענט פאַרענדיקן די דער־ציילונג, ווי מיט —

„אַלע אויף דער וועראַנדע רינגלען אַרום ניוטען און קוקן צו, ווי זי פאַרגרעסערט די משפּחה מיט נאָך איין קרוב, גראָד זי, נאָך ווען דער פאָטער איז אַמאָל אָפּגעזעסן אַ שעה שבעה און זיך גע־לאָזט דערביי רייסן קריעה".

אין אומשטענדן פון פאָלקס־קאַטאַסטראָפע האָט דוד בערגעלסאָן ווידער דערזען דעם אידישן מענטש אין זיין ריכטיקער שיין. עס זיינען אַפילו ניט זיינע פערסאָנאַזשן פון אַמאָל, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שאָטנדיקע נאַכט־וואַנדלער, ווייטע און דערווייטערטע איינע פון די אַנ־דערע, יעדער איינער אַן וועלכן עס איז משפּחה־צוזאַמענבונד. אויך די פערסאָנאַזשן פון די קאַטאַסטראָפע־דערציילונגען זיינען פאַרשאָלטענע, אָבער עס איז דער רעפלעקס פון די ליידן און פיין, אַן אָפּשפּיגלונג פון דער געשעענער קאַטאַסטראָפע, — עס פאַלט איבער זיי דער שאָטן פון משפּחה־ און פאָלקס־אבידות. מיט אַלע זייערע לעבנס־פעדים פילן זיי זיך געבונדן צום משפּחהדיקן. און עס איז ניט נאָר די ווירקונג פונעם אינסטינקט, נאָר אויך פון דעם באַוואוסטזיין־דערקענטעניש. דעם באַ־רימטן סקולפּטאָר ציט צו זיין אַמאָליקער אַלטער היים, צום קליינעם שטעטעלע, וואָס „באַליידיקט־מאָנענדיק איז איר נאָמען געבליבן פאַר־צייכנט אויף די שער־בלעטער פון פיל אידישע ספרים, וואָס מע האָט אַמאָל אין איר געדרוקט". ער האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן אין זיין היים־שטאָט. די קריג־צייט האָט ער דורכגעמאַכט אויפן פראָנט, ער איז אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין געפענקעניש, פונעם געפענקעניש איז ער

אנטלאָפן און אָפּגעוועזן צוויי מיט אַ האַלב יאָר ביי די פּאַרטיזאַנער, אָבער קוים האָט דער קריג זיך געענדיקט, ער האָט נאָך ממש ניט באַוויזן אַראָפּצונעמען פון זיך די פּאַרטיזאַנער קליידער, ווי עס האָט אים גלייך געצויגן צו זיין היים־שטעטעלע, אפשר וועט ער דאָרט דאָך נאָך טרעפן זיין אַלטן טאַטן, דעם פריזירער. און קומט ער אָן אין שטעטעלע —

„ווייטיקלעך און פּרעגנדיק איז געווען דער בליק, מיט וועלכן זיינע אויגן האָבן פון מאַרק פּאַמעלעך־פּאַמעלעך אויסגעקוקט אַרום זיך אַלע זייטן. דורך זיין האַלב־אָפענעם מויל האָט די גאַנצע צייט טיף פון דער ברוסט זיך געריסן אַ שטילער, נאָר זייער שווערער קרעכץ:

— האַ־אַ־אַ־אַ־אַ!..."

עפּעס אַ געהיימער כוח ציט דעם סקולפּטאָר צו זיין אַמאָליק שטעטעלע און ער וויל אַלץ וויסן, ווי אַזוי עס איז געשען. ער וואָלט אויך גלייך אַוועק צוריק פונעם שטעטעלע —

„ער וואָלט פון זיין היימשטאָט געווען אַוועק באַלד אָדער מאָרגן, ווען אים זאָל אין יענעם טאָג ניט געווען האָבן באַמערקט די אַכט־און־דרייסיק־יאָריקע טעקלע — איינע פון די קאָלווירטניצעס, וואָס האָבן כמעט, אַלע פאַרלוירן זייערע מענער און האָבן, ווי אַן אַרטעל, באַאַרבעט אין נאָענטן וואַלד עטלעכע אויסגעטיילטע שטיקלעך ערד".

„ער וואָלט געווען אַנטלאָפן פון דאָרט, ווען טעקלע זאָל ניט געווען גורם זיין, ער זאָל זיך פאַרהאַלטן צוליב קליינינקייטן — און דאָך אַזעלכע, וואָס זיינען געבונדן מיטן אָנדענק פון זיין געהרגעטן פאָטער, דעם טויב־שטומען פאַבריקמאַכער".

ער, דער באַרימטער סקולפּטאָר, „לייבל דעם פאַבריקמאַכערס", לעבט אין אַ וועלט פון מחשבות, קאָנצענטרירטע אויפן זכר פון זיין פאָטער. אויב ער איז געקומען צו דעם וואָס ער איז, איז ער מיט דעם פאַרבינדלעך זיין פאָטער, ווייל —

„— דעם דראַנג צו זיין באַרוף האָט, מעגלעך, אויפגעוועקט אין אים בלויז דער פאָטער — אַ טויבש־טומער מענטש, לעבן וועלכן ער האָט פון געבוירן אָן זיך געלערנט אויפצונעמען אַלץ, וואָס מע פילט און מע פאַרשטייט אין דער אַרומיקער וועלט בלויז מיטן בליק פון אויג".

אין בערגעלסאָנס אַמאָליקע ווערק טרעפט מען ניט דאָס משפחה־דיקע. מעגלעך מחמת דעם, ווייל אין זיינע פריערדיקע ווערק האָט ער געשילדערט דעם פאַנאַנדערפאַל פונעם אידיש־בירגערלעכן משפחה־לעבן, די מענטשן זיינען געווען אַנדערע, אָן אַ באָדן אונטער די פיס, בעת אין זיינע נייעסטע נאָכמלחמהדיקע דערציילונגען שילדערט ער פּערסאָנאַזשן, איינגעוואָרצבלטע אינעם לעבן, מיט אַ באַוואוסטקייט און ציל

פאַר זייער טאָן, און דאָרט וואו עס איז פאַראַן איינגעוואָרצלטקייט, ווערט אויך דאָס משפּחהדיקע אַן אָרגאַניש־נאַטירלעכער געפיל.

אין זיינע לעצטע דערציילונגען זאָל דוד בערגעלסאָן, ווי וועלן דעזאַוויטאָריזירן די אַלגעמיין־אָנגענומענע מיינונג, אַז דער סאָוועטיזם האָט אָפּגעפרעמדט אינעם מענטש דאָס געפיל פאַר משפּחהדיקן. לויט בערגעלסאָנען זאָל גאָר זיין דער היפּוך: אַלץ מער דער מענטש ווערט איינגעוואָרצלט אינעם סאָוועטישן באוואוסטזיין, אַלץ בולטער און טיפער ווערט זיין שטרעבונג צום משפּחהדיקן, און אויך דאָס מענטשלעכע, ריכטיקער געזאָגט, דאָס הומאַנע ווערט בולטער, טיפער. אין דער דער־ציילונג „אַ שווערער כאַראַקטער" שילדערט דוד בערגעלסאָן דעם פּשוט׳ יונג מיכל. אַמאָל איז מיכל קאַפּלאַן געווען אַ פּשוטער בינדיוזשניק. אין די אומשטענדן פון אַ סאָוועטישער אָרדענונג האָט ער זיך איבערגע־בויט, — פון אַ בינדיוזשניק איז ער געוואָרן אַ שאָפער. אין די נעכט, אין אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ צעפירט ער דאָס ברויט פון דער פאַבריק. און זיין אַרבעט טוט ער אָן איבערצייגטער, באוואוסטזיניק: עס איז אַ גרויסע זאַך באַזאָרגן מענטשן מיט ברויט. אָבער אויסער דעם איז ער דערהויפּט פאַרליבט אין זיין לאַסט־אויטאָ: אָט אַזוי זיך אַ דריי און ער שלעפּט די שווערסטע מאַסעס. אָבער מיכל איז געווען אַ שווייגער. דעריבער האָבן אַלע, אפילו די פון זיין אייגענער היים, אים באַטראַכט פאַר אַ „שווערן כאַראַקטער". און אפשר שווייגט ער, ווייל עפּעס איז אים דאָך געבליבן פון זיין שווערער פאַרגאַנגענהייט? אָבער ס'איז אַ ביסל אַנדערש: אין מיכל קאַפּלאַן לעבן גאָר פיינע און איידעלע געפילן, אַ גאַנצע פילאָזאָפיע און פאַרשיידענע מחשבות ראַיען אין זיין מוח:

„נו, יאָ. נישט ער איז דער מענטש, וואָס קען ביי זיך אין האַרצן טראָגן איין זאַך און ריידן מיטן מויל וועגן אַן אַנדער זאַך. און וואָלט ער כאָטש געוואוסט, וואָס טראָגט ער ביי זיך אין האַרצן! איבער־געניגט האָט ער, דאַכט זיך, אַלץ וואָס ער דאַרף: אַ זאַטע שטוב, גע־טרייע בני־בית, קיינער פון זיי איז חלילה ניט קראַנק, און אַ מענטש, אַז אים איז גוט — דאָס ווייסט מיכל — איז ער גוט צו אַלע אַרו־מיקע, די גאַנצע וועלט וואָלט ער אַרומגענומען. איז פאָרט, פון וואַ־נען קומט דער פּרעס אויפן האַרצן? מיט חשק איילט ער אַלע טעג פּינקטלעך ווי אַ זייגער צו זיין אַרבעט אויפן ברויט־זאַוואָד, ער האָט צו איר גאָרנישט, צו דער אַרבעט זיינער. פאַרוואָס־זשע איז ער שטענ־דיק אומצופרידן? עס שפּרודלט פון אים מיט געזונט, נאָר עפּעס ווי ער, מיכל פונעם בעסאַראַבער שטעטל, וואָלט זיין איינער אַליין אויף דער גאַנצער וועלט. אַזוי פילט ער זיך נאָך אַלץ טאָג־איין, טאָג־אויס צווישן די מענטשן אויפן ברויט־זאַוואָד, און אַ וואונדער איז אים פאַרוואָס פילט זיך דאָרט נישט אַזוי קיינער. כוחות האָט ער אין

זיך אויף איבערצוקערן בערג, נאָר זיי דרעמלען נאָך אַלץ אין אים, אָט די כוחות זיינע, און דרעמלענדיק, וואַרפן זיי אָן פאַרייניוועגס אַ שלאָף אויך אויף אים. און עס מוז אַפּנים קומען עפּעס זייער שטאַרקס און וויכטיקס, וואָס זאָל אים איינמאָל פאַר אַלעמאָל גוט צערודערן און ער וואַרט און וואַר דאַרויף".

און געקומען איז אַ טאָג, ווען דאָס וויכטיקע און שטאַרקע איז מקוים געוואָרן: דער קריג האָט אויסגעבראָכן און מיכל איז אוועק אויפן פראָנט און אויפן פראָנט מאַכט ער אדורך זיין געשיכטע פונקט ווי ער האָט זי אַדורכגעמאַכט אויף דער ברויט־פאַבריק. מידקייט עק־זיסטירט ניט פאַר אים, פאַר אים זיינען ניט פאַראַן קיינע שוועריקייטן, קיינע פּחדים. אין קריג איז ער געוואָרן אַ סערזשאַנט און דאָס מאַכט אים נאָך מער פילן זיין אחריות. און אָט אין אַ פיינעם טאָג ווערט ער אוועקגעשטעלט פאַר אַ נסיון: ער פירט אָן מיט אַ קאָלאָנע אויטאָס און עס קומט אויס דורכצוקרייצן אַ טייך. אויף דער גאַנצער לענג פונעם וועג זיינען פאַראַן טאַנקען, מאָטאָריזירטע טיילן, אַרטילעריע און פּו־ראַזש־וועגענער. מיכל האָט שוין פאַרלאָרן דעם פּשוטן מענטשלעכן אויס־זען, עס גייען אים אויס די כוחות, ער קען שוין ניט דעם אָטעם איבער־כאַפּן, —

„און דאָ פילט מיכל ממש בחוש: אָט־אָט וועט זי אויפהערן פון אים צו האַלטן — די מלחמה, הייסט עס, וואָס האָט שוין איינמאָל געהאַט באַפוילן, ער זאָל ווערן אַ סערזשאַנט... נישט גוט..."

מיכל פילט די אחריות, אָבער אפילו בעת נסיון ווערט ער ניט פאַר־צווייפלט און ער געפינט אויס אַן אַנדער אָרט, וואו ער זאָל קענען דורכ־קרייצן דעם טייך. פאַר אַלע זיינע איינשטעלענישן און מעשים האָבן אפילו די שאָפערן פון זיין אייגענער קאָלאָנע אים געהאַלטן פאַר אַ „צע־מישטן" און —

„גענומען האָט עס זיך דערפון וואָס אויפן מסוכן־בלאָטיקן וועג צו יענעם דערפל, ווען מע האָט געזונקען נאָך אַ סך טיפער, ווי פאַר דער גאַנצער צייט, האָט מיכל ווירקלעך געהאַט עפּעס זייער אַ צע־קרומטע מאָדנע־משונה פנים שוין גאָרנישט פון קיין בר־דעת, אַלעמאָל, ווען אים איז אויסגעקומען צוזויפנעמען שוין ממש די גאָר לעצטע כוחות אויף אַרויסצושלעפּן פון דער מסוכנער בלאָטע אַ טיף־פאַר־זונקענע מאַשין, האָט ער דערצו נאָך געגוואַלדעוועט מיט קולי־קולות, נישט ווי אַלע מענטשן שרייען אין אַזאַ פאַל: „טאַטע, גיב כוחות ז'", נאָר פּשוט:

טאַטע!!!

טאַטע!!!

און נישט אויפגעהערט האָט ער אַזוי צו גוואַלדעווען די גאַנצע

צייט, ביז ער האָט אינאיינעם מיט די שאָפערן די מאַשין ניט אַרויס־געשלעפּט.

דער סוד אָבער איז דאָ געווען אַ גאַנץ פּשוטער. דאָס האָט מיכל זיך דערמאָנט, ווי אַזוי אינגלווייז ביים טראָגן אינאיינעם מיטן פּאָטער דעם בינדיוזשניק זייער שווערע קאַסטנס, פלעג אים באַפאַלן אַ גרויסע מורא, אַז אָט־אָט וועט ער אָפּלאָזן דעם עק, וואָס ער טראָגט, און ער פלעגט דעמאָלט אָנהייבן צו שרייען:

— טאַטע!... טאַטע!...

און שטענדיק פלעגט עס העלפן. און אויך איצט האָט עס גע־האָלפן."

און דוד בערגעלסאָן פאַרענדיקט:

„און דאָס איז דער סוף. און ווען דאָס איז נישט קלאָר, יע־נער זאָל זיך אומקערן נאָכאַמאָל צום אָנהייב..."

„אַ ביטערער יונג" איז אייגנטלעך ניט קיין דערציילונג, נאָר אַ באַ־שרייבונג צום זיין און כאַראַקטער פון אַ מענטשן, די געשיכטע פון אַ מענטש, און דער ציל פונעם מחבר זאָל ווי זיין צו באַווייזן ווי דער זכר פונעם פאָטער איבט אויס אַ סוגעסטיווע קראַפט אין מאָמענטן פון שווערער נויט, שטאַרקט די האָפענונג אין אומשטענדן פון פאַרצווייפ־לונג.

באַמערקנסווערט איז דער פאַקט, וואָס דוד בערגעלסאָן האָט אויס־געמיטן צו שרייבן דערציילונגען, צו באַרירן דירעקט דעם אידישן אומ־גליק און אומקום בעתן קריג, ער באַרירט עס נאָר דרך אגב, ווארפט אָן נאָר אייניקע שטריכן אינעם שילדערן סאָוועטיש־אידישע מענטשן אין זייערע שטימונגען בעת און גלייך נאָכן קריג. נאָר אין איין דערציילונג גייט דוד בערגעלסאָן דירעקט צו דער געשעענער קאַטאַסטראָפע מיטן אידישן פאָלק. אין דער דערציילונג „אַן עדות" שטעלט אוועק בערגעל־סאָן אַ אידן פון אַ יאָר זעכציק לעבן „אַ ברייטן אויסגעבראָכענעם אריינ־גאנג פון אַ גאַנץ געבליבן זייער אָפּגעלופּעט הויז". דער איד ווארט. ער ווארט ניט אויף קיין נדבות, ער ווארט ניט עמיצער זאָל אים ארוים־ווייזן רחמנות, — זיין שטיין האָט אַ ספּעציעלן זין. אַ ווינטערדיקע זון האָט באַלויכטן די אָקערשט־באַפרייטע שטאָט. אונטער דער שיין פון דער זון ווערט אַלץ ווייסער און ווייסער דער באַנאַכט אויסגעפאַלענער שניי", און זיינע אַרומפינקלענדיקע אייז־קרישטאָלעכלעך פאַרבלענדן ממש די אויגן ביי די דורכגייער. אַן ארויסשטעקנדיקע ווייסע האַנט און אַנטקעגנגנדיקער הייזער־געוואַלגער איז זייער העל באַלויכטן מיט זון און דעריבער דאַכט זיך, אַז שטאַרקער, ווי תמיד, שרייט היינט אַראָפּ פון אָט דער וואַנט דער פאַרבליבענער אומזיניקער אויפשריפט:

„חנהן האָט מען אוועקגעפירט פון געטאָ דעם 27־טן גאַנצפרי" און

אזוי שטייט דער איד פון א זעכציק יאָר, שטייט און וואַרט, און ווען מ'ע פרעגט אים צי זוכט ער אַרבעט, אָדער צי נויטיקט ער זיך אין קליי־דער, האָט ער איין ענטפער אויף „ניין", — ניט אין דעם גייט אים, און —

„פּאַמעלעך־פּאַמעלעך, נעמען זיינע אויגן זיך פאַרשאַרן אונטער די ברעמען, וואָס טוען פון מאָל צו מאָל אַ ציטער, און נישט זיין מויל, נאָר עפּעס גאָר זיינע באַקן טוען בייזלעך און פון זיך אַ וואָרף די ווערטער:

— כיבין אַ עדות!"

יאָ, ער איז דער איינציק־געבליבענער עדות און ער וויל מ'ע זאָל אים ניט נאָר אויסהערן, נאָר אויך פאַרשרייבן אַלץ, וואָס ער האָט צו דערציילן.

און דוד בערגעלסאָן מאַכט ניט זיין עדות דערציילן די אכזריותן וואָס די נאַצי־מערדער זיינען באַגאַנגען מיטן אידישן פאָלק, ער גיט אי־בער נאָר א פּאָר שטריכן, ווי צום ביישפּיל, אַזאַ שטריך:

„— אין איין פּאַרטיע, — דערציילט ער, — איז געווען אַ יונגע פרוי, זייער אַ גרויסע שיינהייט... אַ קראַסאַוויצע — גאָרנישט אויס־צומאָלן — אויספּאָרן וועלטן. און געווען איז אין יענער פּאַרטיע איינער נאָך גאָר אַ יונגער מאָלער — אויך אַ איד, פלעגן די דייטשן אים אַנידערזעצן, ער זאָל זי אַראָפּמאָלן, ווי די מאַמע האָט זי גע־האַט, מיט אַלערליי פאַרבן. און ער פלעגט זי באַמאָלן און וויינען, באַ־מאָלן און וויינען, און זי האָט זיך אַלץ איינגערעדט, אַז מ'ע וועט זי לאָזן לעבן — אַלץ איבער איר שיינקייט. און אויך דער יונגערמאַן, דער מאָלער, האָט אַזוי געגלויבט, און אויך אַנדערע האָבן געגלויבט און נאָכדעם, אַז מ'ע האָט זיי דאָך גענומען פירן אינאיינעם מיט אַלע אין דער קאַמערע..."

דוד בערגעלסאָן באַנוגנט זיך נאָר מיטן אָנוואַרפן א שטריך און דער שטריך איז גענוג צו קענען זיך שאַפן א באַגריף, פאַרשטעלונג און בילד. די שרייבערן וואָס פאַרנאָטירט די אַלע שטריכן ווי עס דערציילט דער אַלטער איד, האָט מורא אפשר גיט זי איבער ניט ריכטיק אין אי־דיש די ווערטער, פרעגט זי מבינות ביים אַלטן, און וואָס קען דער „עדות" אויף דעם זאָגן?

„מיך פרעגט איר דאָ מבינות?... וואָס קען איך דערויף זאָגן?... די צרות זיינען געווען אויף אידיש..."

„די צרות זיינען געווען אויף אידיש..." מיט די פּאָר ווערטער איז שוין אַלץ געזאָגט און יעדער שטריך, יעדער עפּיזאָד איז אַן אילוס־טראַציע צום געזאָגטן. דוד בערגעלסאָן מאַכט ניט קיין סיפּור־המעשה, — ער מאַכט נאָר, אַז אָנשטאָט פרעגן, דערציילט דער עדות אַליין, — ער

דערציילט ניט מחמת צוזאמענשטעלן א באשולדיקונגס־אקט, עז האט גאר ניט בדעה צו באשולדיקן, ער וויל נאר מע זאל וויסן, אז, —

„חנהן האט מען אוועקגעפירט פון געטא דעם 27־טן גאנצפרי", און ווער איז הנה, אויב נִיט די פרוי, די שוועסטער, די מאמע פון די זיבן זין, די אידישע מאמע, און ווידער דערציילט דער „עדות":

„...און די מאמע; וואס האט מיט איס דורכגעמאכט א לאנגן לעבן, האט שטענדיק געהיט זיין געזונט, ווי דאס וואלט זיין איר הויפט־בארוף אין לעבן. געווען איז זי פון בעסאראביע — זייער אן איבערגעגעבענע א קרעפטיקע נאך אויך אין אירע עלטערע יארן. קיי־נער פון די קינדער געדענקט ניט, מע זאל ווען ניט איז אין איר לעבן האבן גערופן צו איר א דאקטאר. און מיר דרציילט מען, אז אין יע־נעם אינדערפרי, ווען זי האט זיך דערוואוסט, אז די דייטשן האבן דעם טאטן איינגעשפאנט אין וואגן, ער זאל שלעפן איבער דער הויפט גאס א פאס וואסער, האט זי זיך ארויסגעגנבעט פון געטא, פארבונדן איר קאפ און איר פנים אין א פויעריש טיכל און איז אוועק העלפן דעם טאטן שלעפן דעם וואגן. די דייטשן האבן זי אלע מאל אפגעט־טריבן, און זי האט זיך אלעמאל באנייס דורכגעריסן צום וואגן און איס אונטערגעשטופט: די דייטשן האבן גענומען זי שלאגן און האבן זי אומגעוואלגערט. זי איז געבליבן ליגן אין א טייך בלוט, נאר אין א ווײַלע ארום האט זי זיך אויפגעהויבן, און, צעשלאגן, דורכויס אין בלוט, וואס האט גערונען פון איר פנים און פארנעצט די צעשמי־סענע האר אויף איר קאפ, באנייס גענומען אונטערשטופן דעם וואגן, און דאס איז געווען איר מלחמה מיט די דייטשן, ווייל נישט בלויז מיט ביקסן און מיט קוילן האט מען מלחמה געהאלטן און גובר גע־ווען די דייטשן, נאר אויך מיט שיינקייט, מיט געוויינלעכער מענטש־לעכער שיינקייט".

דער נאמען פונעם אידן דעם עדות איז ניט וויכטיק. וויכטיק זיי־נען נאר די עפיזאדן און פארשיידענע פאסירונגען. עס איז ניט וויכטיק ווער עס דערציילט, הגם בערגעלסאן רופט אן דעם נאמען פונעם מיידל, וואס פארצייכנט דאס דערציילטע. דארע הייסט זי און ווען זי קוקט אויפן פנים פונעם אידן, דערמאנט ער איר אין א האלאוועשקע, א גע־ראטעוועטע פון פלאמען און שרפות". עס דאכט זיך איר, אז עס פילט זיך פון אים א ריח פון געסמאליעטע ביינער. קוים וואס ער רעדט. אלץ, וואס אין אים איז נאך געבליבן לעבן איז אפגעשוואכט, און ער דער־ציילט אלץ וועגן דער ערשטער פארטיע, וואס מע האט אוועקגעפירט פונעם טויטן־לאגער אפצוסמען אין דער „קאמערע" און נאכהער זיי פארברענען. און פארטיעס האט מען פון דארט געפירט א סך. פאר יע־דער פארטיע האט ער א באזונדערן סימן אום ניט טועה צו זיין זיך

ביים דערציילן. אָבער דער עיקר: ווער איז די יונגע פרוי, די גרויסע שיינהייט, וועגן וועמען דער אַלטער דערציילט? און ווער איז דער אַלטער גופא?

דוד בערגעלסאָן האָט געשריבן די דערציילונג, ווי ער זאָל געבן אַן אויפגאַבע צו לייזן. ער איז אויסן אַרויסצוברענגען אַ געוויסע רעאַליטעט און אַן אייגנשאַפט, וואָס האָט אַ שייכות צום אויפדעקן ווער עס איז דער עדות און ווער איז די שיינע פרוי. מחמת אַזאַ צוועק פירט אַריין דוד בערגעלסאָן אַ דריטן פּערסאָנאַזש, וואָס האָט ניט קיין שייכות צום ענין, אָבער וואָס מאַכט דעם מיידל דאָרא אַן איבעררעשנדיקע רעוועלאַציע... דער דריטער פּערסאָנאַזש הייסט קיריל און אויך קירילס מש־פּחה איז אומגעקומען. ער וווינט אויפן זעלבן שטאָק, ווי די אַרענסקיס, — דער פאַמיליע־נאָמען פון דאָראַס עלטערן. קיריל קומט אַריין אין דאָראַס וואוינונג, שווייגנדיק זיצט ער ביים טיש און קוקט זיך איין אין איינעם אידן:

„קירילס יונג פּנים אינאיינעם מיט די גרויסע אויגן זיינע, די גאַנצע צייט אַביסל אָנגעשטרענגט, ווי ער וואָלט וועלן גרינטלעך באַ־נעמען עפּעס אַזוינס, וואָס אים איז ניט אינגאַנצן קלאָר. נישט מיט ווייניק אידן האָט ער פון קינדווייז אָן זיך אָנגעזען דאָ אין שטאָט. מיט אייניקע קען ער זיך מער נאָענט. אַנדערש פון זיי אַלע זעט אים אויס אָט דער איד, וואָס איז, ווי אים האָט געזאָגט דאָרע, געבליבן איינער פון אַ מיליאָן — ער איז אויסגעמאַטערט, אָפּגעשוואַכט, זינגט צו און שאָקלט זיך ביים ריידן. און טאָקע ווייל קיריל פאַרשטייט ניט קיין אידיש, קומט אים פאָר, אַז דעם אידנס ווערטער וועגן דעם טויטן־לאַגער הינטער לוואָוו זיינען מיסתמא זייער טיפזיניקע און זייער שטאַרקע ווערטער וועגן אַ מיליאָן אומגעבראַכטע לעבנס. אַ קליינינקייט!"

דוד בערגעלסאָן, דער בעל־שכל ביים קאָנסטרואירן אַ דערציילונג, פירט אַריין מיט אַ כיוון אַ דריטן פּערסאָנאַזש און דערצו אַ ניט־אידן, ווייל ער, דער זייטיקער ניט־אידישער פּערסאָנאַזש, גיט די אויפבינדונג, וואָס דער מחבר האָט אין אויסזיכט. אַט דערמאָנט קיריל דעם נאָמען פון זיין אייגענעם פאָטער דעם פּראָפעסאָר בירויקאָוו און דערביי דער־מאָנט ער אויך אַ צווייטן אידן מיטן נאָמען מרדכי בנציונאָוויטש. מע וועט זיך דערוויסן, אַז מרדכי בנציונאָוויטש איז דאָרעס פאָטער און דער עדות מאַכט די רעוועלאַציעס וועגן זיין אומקום. קיריל איז ממלא דאָס וואָס דער עדות האָט נאָך ניט געזאָגט. דערציילט קיריל ווי אַזוי צו זיין פאָטער דעם פּראָפעסאָר איז געקומען דאָס שיינע מיידל וואַליאַ, אַ קאָמיוגיסטקע, — זי איז געקומען אין די ערשטע טעג פון דער דייט־שער אָקופּאַציע און האָט איינגערוימט דעם פּראָפעסאָר אַ סוד:

„מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אין איינער אַ לאַבאָראַטאָריע פון „כימטרעסט" זאָלט איר אויספּאַרטיקן האַנט־גראַנאַטן און מיר וועלן די האַנט־גראַנאַטן צושטעלן די פּאַרטיזאַנער".

און אַזוי פאַרבינדט זיך אַ דיאַלאָג צווישן דעם פּראָפעסאָר און דעם מיידל:

— „מיר?" — האָט זיך געוואונדערט דער פּראָפעסאָר, — ווער איז דער „מיר"?

— מיר — די אונטערערדישע קאָמיוגיסטישע אָרגאַניזאַציע.

— מיט עלטערע האָט איר קאָנטאַקטירט?

— זייט רואיק..."

דער פּראָפעסאָר האָט זיך באַראָטן מיט מרדכי בנציונאָוויטש. ביידע זיינען זיי שוין מענער אין די זיבעציקער. און וואָס מיינט מען איז געשען? ביידע אַלטע זיינען אַריינגעטראָטן אין דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע. און קיריל איז דערביי מוסיף:

„ווי דו ווילסט דיך, — זאָגט ער צו דאָרען, — אויף צו מאַכן צוריק יונג דעם אַלטן פּאָוסטן האָבן דייטשן געמוזט אַראָפּברענגען אַזאַ פינצטערן ציניש גייסט, ווי מעפיסטאָפעלן, און ביי אונדז האָט עס דורכגעמאַכט דער לויכטיק־גלויבנדיקער גייסט פון דער קאָמיוגישער וואַליאַ. צי ליגט נישט אויך אין דעם דער אונטערשייד צווישן אונדזער מענטשן און זייערן?"

אַלזאַ: איין טייל פונעם פּראָבלעם איז געלייזט. הגם ניט דירעקט שטויסט מען זיך אָן ווער עס איז דער „עדות" און פאַרוואָס ער זאָגט „חנהן האָט מען אָוועקגעפירט פון געטאָ דעם 27־טן גאַנצפרי". אָבער דער מחבר האָט נאָך אַ צווייטן פּראָבלעם צו לייזן און טאַקע דעם עיקרדיקן. עס איז דער בערגעלסאָנישער פּראָבלעם פון „לא אמות, כי אחיה". איינמאָל ווען דאָרע פאַרשרייבט וואָס דער עדות זאָגט, פאַלט ער, דער עדות, חלשות. דאָרע רופט נאָך הילף און דער ערשטער קומט קיריל. און וואָס זעט פאַר זיך קיריל?

„אָנגעשטרענגט און פאַרשפּיצט איז געווען דעם אידנס נאָז מיט די געשלאָסענע אויגן און געשלאָסענעם מויל. אַזוי אָנגעשטרענגט און פאַרשפּיצט זעט אויס דער פּנים פון אַ מענטשן, וואָס האָט לאַנג און ערנסט געצילט אין עפּעס, נאָר געבליבן אינמיטן — נישט דערצילט. דאָ אויפן טיש זיינען געלעגן די בלעטלעך מיט זיין נישט־פאַרענדיקטן דערציילן וועגן אַ מיליאָן מענטשן, וואָס ער האָט אָנגעוואוירן אינעם טויטן־לאַגער ערגעצוואו הינטער לוואָוו, וועגן אַ גאַנצן מיליאָן! אין קירילס אויגן האָט דער איד יעדנפאַלס אויסגעזען, ווי איינע בעלי־עברות אין דער וועלט".

דאָס בילד פונעם אידן דעם עדות און דאָס מחשבותן פירן קירילן

ער זאָל נעמען בלעטערן דעם העפט, וואו דאָרט האָט פאַרצייכנט די רעלאַציעס פונעם אַלטן אידן, און, בלעטערנדיק, שטויסט ער זיך אָן אויף דער ווייטערדיקער שטעל:

„און בעת איינע פון די קוילן האָט געטראָפן דער פרוי' אין קאָפּ, האָט זי שוין געבוירן דאָס קינד און ווען מע האָט זי אין גרוב אַריינ־געלייגט, האָט איר זיך אין שטויב נאָכגעשלעפּט אַהין דאָס קינד, באַ־העפט ביים נאָפּל צו דער מוטער".

אויך לייענט ער דאָרט די פּרטים, ווי מ'האָט דערמאָרדעט מרדכי בנציונאָוויטש. אָפּטמאָל ווערט דערביי דערמאָנט דער נאָמען פון זיין פאָטער פּראָפעסאָר ביריוקאָוו און אים כאַפּט אַרום עפּעס אזא מאָדנע בענקשאַפט צום פאָטער, — א שטאַרקע און קלעמענדיקע. דאָ, אין דער נאָענטקייט פונעם אידן, קומט אים אויפן רעיון א דערינערונג, ווי ער האָט אַמאָל אין זיינע קינדער־יאָרן צוזאַמען מיט עטלעכע אַנדערע קינ־דער באַליידיקט א אידיש אינגעלע. גראָד איז דערמאָלט אָנגעקומען זיין פאָטער. קיריל האָט מורא געהאַט דער פאָטער וועט אים דערפאַר מקיים פּסק זיין, אָבער עס איז געשען גאַנץ אַנדערש: דער פאָטער איז שנעל אַריין צו זיך אין קאַבינעט און דאָרט איינגערוימט דעם זון א סוד, אַז ער אַליין איז כלומרשט אויך א איד און זיין נאָמען איז ניט ביריוקאָוו, נאָר גאָר אַבראַמסאָן. א לענגערע צייט האָט דער פאָטער געלאָזט דעם זון אַזוי דענקען און ביים לייענען די פאַרצייכענונגען ווירקט די דערי־נערונג אַזוי אויף קירילן, אַז ער אַליין האָט גענומען די פען אין דער האַנט און אויף דער לינקער זייט פונעם לעצטן בלעטל פאַרשריבן די לעצטע זיכרונות פון זיין פאָטער, דעם אומגעקומענעם פּראָפעסאָר בי־ריוקאָוו. און —

„פּלוצים האָט קיריל דערפילט, אַז ער איז מער נישט דער איינ־ציקער לעבעדיקער מענטש דאָ אין צימער. אַ קער געטאָן געשווינד דעם קאָפּ, האָט ער דערזען דעם אידן, ווי ער זיצט אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אויף דער צוגעמאָסטענער באַנק ביים טיש. און דורך פיל קנייטשן ווי דורך טיפע רינוועלעך, פליסט בענקשאַפט איבער זיין לענגלעכן פּנים און גיסט זיך אים אַריין אין די שוואַרצע לעכער, וואָס אונטער זיינע האַלב־צוגעמאַכטע אויגן. דערפילט לעבן זיך דעם צוגעלאָפענעם קיריל, טוט דער איד אַ ציטער.

— וואָס איז? — וואונדערט ער זיך, — מען האָט געמיינט איך בין געשטאָרבן?

פּאַמעלעך נעמען זיינע אויגן זיך פאַרשאַרן אונטער די אויפגע־ציטערטע ברעמען, און ר'שט זיין מויל, עפּעס זיינע באַקן טוען אַ וואָרף אָפּ פון זיך ווערטער:

— ווי קען איך שטאַרבן?... איך בין דאָך אַן עדות!"

מיט די לעצטע ווערטער ענטפערט דוד בערגעלסאָן אויפן צווייטן טייל פונעם פּראָבלעם און דאָס אייגנטלעך האָט ער געוואָלט אויספירן, נאַטירלעך אין סימבאָלישן זין, אַז ווי קען דען דער איד שטאַרבן, ווען ער איז דער עדות פון דעם געשעענעם, — ער מוז דאָך דערציילן דאָס געשעענע פאַר דורות. און ווער האָט דען גאָר געקענט מיינען, אַז דער איד איז שוין געשטאָרבן, ווייל אויף ווען איז נאָך אַזוי חל דער זאָג „לא אמות, כי אחיה", ווי אויב ניט אויפן אידן?

אין זיינע מלחמה־ און נאָכמלחמה־דערציילונגען האָט דוד בערגעלסאָן זיך געשטעלט אַ ציל פאָרצושטעלן דעם נייעם אידישן מענטש, אַן אויסגעוואַקסענעם, דערצויגענעם און רעקאָנסטרואירטן אין די סאָוועטישע אומשטענדן. ער דערציילט, שילדערט און שטרייכט אונטער, ווי טיף עס איז דאָך פאַרוואָרצלט אינעם נייעם מענטש דאָס אידישע פילן און ווי טיף און שטאַרק עס איז דער אידישער משפחה־בונד.

אין דער זעלבער צייט, אַנטפּלעקן די דערציילונגען דעם מחברס שטעלונג צו דער אידישער קאַטאַסטראָפע, אָבער ער מאַכט עס ניט ווי אַ מקונן, נאָר ווי אַ מענטש פון אַ טיפן באַוואוסטזיין. פאַר אים איז קלאָר, אַז דער אמת קען קיינמאָל ניט פאַרשניטן ווערן און דער איד איז דער סימבאָל פונעם העכסטן און אייביקן אמת.

מען פילט ווי דוד בערגעלסאָן זאָל לעבן אין דער אימפּרעסיע פון זיינע פּערסאָנאַזשן, פירנדיק זיי אין אַ האַרמאָניע צווישן מענטש, סביבה און נאַטור. אין די דערציילונגען קערט זיך אום דוד בערגעלסאָן צו זיין אַמאָליקן שטייגער שרייבן, דאָך דער אינהאַלט און פאָרעם זיינען אַבסאָלוט נייע. אויב אין זיינע אַנהייב־צייטן איז דוד בערגעלסאָן געווען דער צווישנדיקער צווישן אימפּרעסיאָניזם און עקספּרעסיאָניזם, דורכגעזומען מיט סימבאָליק און מיסטישקייט, איז ער אין זיינע מלחמה־ און נאָכמלחמה־דערציילונגען פּסיכאָ־רעאַליסטיש־אימפּרעסיוו. אין אַזאַ שטייגער שילדערט ער אויך נאַטור און כאַראַקטערן, ווי צום ביישפּיל:

„איינע פון די שטילע מיטעלע שטעט אויף דער גרענעץ צווישן פּאָדאָליע און וואָלין.

„מיט חן פון עפּעס נישט־דערלעבטס און נישט־דערוואַקסנס האָבן דאָרט פיל טשערעפּענע דעכער אַרויסגעקוקט פונעם טאָל.

„אַ שמאָל טייכל, ווי אַ געעפנטער ערד־אָדער פול־און־פול מיט בלוי בלוט, — האָט אָפּגעטיילט די הייזער פון אַ לאַנגער פּאַסמע גרינס מיט שאַרף־שפּיציקע טאָפּאָלן, וואָס פאַרשטעלן מיט זיך אויף יענער זייט ברעג די ציכטיקע ווייסקייט פון צענדליקער אוקראַינישע שטעטלעך אינעם דערבייאיקן דאָרף.

„דאָס איז געווען אַ גאַנץ אַלטע אידישע שטאָט".

אין די דערציילונגען איז דאָס נאַטור־בילד ביי דוד בערגעלסאָן

ברייט־לייוונטיק, ניט אזוי בצימצום ווי אין די ווערק פון זיין ערשטן שרייבערישן פעריאָד. אויך איז ער ניט אזוי קאַרג אין שפּראַכלעכן אויסדרוק. ער איז ווייניקער צימצומדיק, ניט ווי אַמאָל, באַזונדערס ווען ער שילדערט כאַראַקטערן. אויך געפינט מען אין די דערציילונגען גאַנץ ווייניק איראָניע, אָבער דערפאַר מער הומאָר. עס באַטייט, אַז דוד בערגעלסאָן איז געוואָרן ווייניקער סקעפּטיקער, ווייניקער ווי אין זיינע ערשטע ווערק. אַט ווי דוד בערגעלסאָן שילדערט אַ כאַראַקטער:

„אַ דרייסיק־יאָריקער, אַ בלאָנדלעכער, אַ מין שור־הבור מיט לאַנגע זייער שטאַרקע הענט און מיט אומגעלומפּערט גראָבע פויסטן. ווען ניט די קינדערשע תמימות אין זיינע גוטע ריין־בלויע אויגן, וואָלט מען געקענט אויף אים מיינען: ער איז אַ געפּעק־טרעגער ערגעץביים ים, וואו מילאָדט אָן שיפן".

אַ פולשטענדיקער שלום־עליכמשער טאָן, אויס דעם ווייל דוד בערגעלסאָן האַלט זיך נאָענטער צום רעאַליזם און נאָך מער מערקט מען דעם טאָן אין דער ווייטערדיקער שילדערונג:

„ער איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער מענטש, זייער אַ מאָגערער — אַ בינטל הוילע ביינער אָדער געקניפּט און פאַרהאַרטעוועט נאָך לאַנגן פּראָנט־לעבן, — מיט אַ שמאָל רויט־אָפּגעסמאַליעט פּנים דורכויס אין קנייטשן".

אין אייניקע פאַלן בינדט דוד בערגעלסאָן אַקציע מיט נאַטור־בילד, ווי ער זאָל וועלן ווייזן, אַז צווישן אַקציע פון מענטש און נאַטור איז פאַראַן אַ פאַרבינדונג, אָדער גאָר אַ רעפלעקסיווע ווירקונג, ווי צום ביישפּיל:

„דער סוף־זומערדיקער טאָג, אַ שטילער און אַ געוויינלעך־הייסער, האָט זיך שוין געהאַט אינגאַנצן צעהעלט. און די זון, איילנדיק צום זעניט, האָט פּלוצים זיך אַ שאָט געטאָן אַ הויפן פון אירע אָפּשפּריצלעך און זיי צעזייט דאָ אויף דער ערד. דאָס האָט די זון אָנגעצונדן די קאַנטן פון די שאַרפע שטיקלעך גלאָז, וואָס דאָס מיידל האָט האַסטיק געגעבן אַ שאַר אַראָפּ מיטן פוס. ווען זי האָט אַרויפגעטראָטן אויף די טרעפּלעך פון איר פאָטערס שטוב. אין געסל האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון צוריקגעקערטן לעבן, דאָס מיידל איז אַריין אין דער טיר".

עס זיינען נאָר אייניקע ביישפּילן פון דוד בערגעלסאָנס נייער פאָרם שרייבן און געענדערטן סטיל. אין די דערציילונגען איז ער ניט אזוי קאַרג אויף וואָרט, — אַמאָל פלעגט דוד בערגעלסאָן נאָר סקיצירן, צייכענען, — אין זיינע מלחמה־ און נאָכמלחמה־דערציילונגען איז דוד בערגעלסאָן שוין דער אַבסאָלוטער מאָלער, וואָס וואַרפט אָן רעליעף פאַרבן און קאָלירן און עס איז דער פּועל־יוצא פון דעם, ווייל ער האָט זיך

אין די דערציילונגען דערנענטערט שטארק צום רעאליזם, דאָך ניט צו א סאָציאַליסטישן, נאָר גאָר צו אַ פּסיכאָ־אימפּרעסיוון רעאליזם.

## קאַפּיטל ניין

אַ באַזונדערע דערשיינונג אין דוד בערגעלסאָנס שאַפן איז די פּיעסע „פּרינץ ראובני". אין דער פּיעסע ווענדעט זיך דוד בערגעלסאָן צו דער אידישער נאַציאָנאַל־היסטאָרישער טעמע, פאַרבינדן מיטן דורותדיקן אידיש־נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־קאַמף. דערביי שטרייכט ער אונטער די אידישע צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט און די ווערטער קומען פונעם מויל ניט פון אַ אידן, נאָר גאָר פון אַ דאָמיניקאַנער מאָנאַך, וואָס זאָגט:

„דער איד, — ער איז, ווי שטויב, וואָס ווערט צעטראָגן
אין אַלע עקן וועלט, אַליין דער שטורעם
לאַכט אָפּ פון אים. אָט הערט: ס'איז גאָטס געלעכטער —
ס'איז זיין נקמה בעת דער זינדיקער קומט אום".

גלייך פון אָנהייב שטעלט פאַר דוד בערגעלסאָן ראובנין, אַ מזרח־איד און ס'דינט אים צו באַווייזן דעם אונטערשייד צווישן ראובנין און די פון זיין ארום. ראובני זעט אַ אידיש פאָלק, וואָס זאָל קעמפן פאַרן אייגענעם גורל אָן אַ וואַרטן אויף ניסים, אָדער אויף אַ משיח, וואָס זאָל אַראָפּפאַלן פון הימל. אין אַזאַ שטייגער רעזאָנירט שמואל, איינער פון די פּערסאָנאַזשן אין דער פּיעסע:

„... די אויסלייזונג
די אידישע, בין איך געוואוינט צו גלויבן,
מוז קומען, יאָ! — נאָר סיידן פון אַ קראַפט,
אַן אומנאַטירלעכער: פון גאָט אַליין
דעם אומבאַגרייפלעכן, ווייל אומבאַגרייפלעך —
דער זין פון לייד און פּיין ביי אונדזער פאָלק
ווי אומבאַגרייפלעך איז, פאַרוואָס מיר בלייבן
ביז היינט אַ פאָלק".

אָבער וואָס פאַרן דאָן שמואל איז גלויבן, איז פאַר ראובנין טאַט. דעם זין פון פּיין און ליידן באַגרייפט ער אין קאַמף און דאָס איז די קראַפט פאַרוואָס אידן בלייבן אַ פאָלק. אין אַ שמועס מיטן מאַראַן פּי־רעס, וואָס ווערט נאָכער דער מיסטיקער און בעל־תשובה שלומו מולכו, באַטאָנט ראובני, אַז ער איז „קיין סוד, — אַ קראַפט אַן ערדישע". זיין אידייע איז ניט צו וואַרטן אויף ביאת־המשיח, נאָר ציען ווייטער דאָס ווערק, וואָס משה האָט אָנגעהייבן, אָנגיין ווייטער מיט דעם וואָס בר־כוכבא און דוד אַלראָי האָבן פירגענומען. ראובני ווייסט אַ גרויסן סוד, אַז פריער מוז מען אויפהויבן און אָרגאַניזירן דאָס פאָלק, אַרויספירן

עס פון דער געפאנגענשאפט, און לערנען קעמפן מיט וואפן אין דער האנט. אבער וויאזוי באפרייט מען דאס פאלק פון די מיסטיש־משיחישע איינבילדונגען? אט דאס פירט ראובנין אויפן רעיון צו ריידן וועגן אן אויסגעטראכטער מדינה כאבור, וואס זאל ערגעצוואו עקזיסטירן. ער מוז פאנטאזיע פארשטעלן ווי א רעאליטעט און וועגן ראובנין זאגט דער פויפסט גופא:

„...דער איד אט דער
ער גייט אין וועג פון משהן גאר: ציערשט
פון פאלק א פירער גרייט ער זיך צו ווערן,
און ערשט דערנאך א לאנד פאר דעם געפינען..."

ראובני האט זיך אנגעצייכנט משהס וועג. ענלעך ווי משה האט אויך ראובני געהאלטן, אז פון זייער מצרים דארף מען ארויספירן די אידן „ביד חזקה", אבער ער האט ניט געהאט קיינע אספיראציעס צו ווערן א פירער. אויס דעם שטעלט ער זיך קעגן, ווען מולכו וויל מאכן פון אים א משיח. ראובני האט דערהויפט א גאנץ אנדערן בליק אויף פאלק און גאולה. אין א דיאלאג, וואס עס האבן צווישן זיך ראובני און מולכו, ווען מולכו איז נאך דער מאראן פירעס, ברענגט בערגעלסאן ארויס ראובנים אידייען. פירעס זאגט צו ראובנין:

„דורכויס פארגלויבט, אז בלויז און נאר ער, —
דער יושר הימלישער קען העלפן אידן.
בין איך, פירעס, פון היינט און ווייטער גרייט
צו דינען אייך, אויב נאר די פיין פון פאלק
דעם אידישן איז ווירקלעך אייער פיין". —

ראובני ענטפערט אים, אז ער מיינט ניט צו האבן זיין הילף, אז זיין טרוים איז ווייט אפגעצוימט פון אלע בעלי־תשובה־אידן און פירעס־מולכו זאגט ווייטער, אז ער האט געזינדיקט ווייל ער איז פארפירט גע־ווארן פון אנדערע און אז אויך ער אליין האט אמאל געמיינט צו גיין אויף א בריק, וואס פירט פון פאלק צו פאלק, אבער ער האט געגרייזט, ענטפערט אים אפ ראובני:

„און גרייזט אויך איצט. נשמה־רו איך זוך
אצינד דערהויפט פאר דעם מאראן פירעסן
און ניט געזונט צו מאכן דאס גאנצע פאלק
איז אייער צוועק. דערום איז אייער גייסט
א קראנקער, סיפאלק ער קען נאר קראנקער מאכן".

מולכו און ראובני זיינען פארשיידן אין זייער באנעמען דעם באַ־גריף פאלק־רעאליטעט און קאנצעפט וועגן פאלק אין אלגעמיין. מולכוס קאנצעפט איז א ריין מיסטישער. פאר אים איז פאלק ניט מער ווי גייסט, —

„און וועל צוריק אויפלעבן
און בלייבן ביי דער בחינה פון אַ איד.
ביי ריינעם גייסט שוין, ווי על פי קבלה
איז אונדזער פאָלק דער גייסט בלויז פון אַ פאָלק".

פּירעס־מולכוס קאָנצעפּט איז ענלעך צום קאָנצעפּט פונעם משומד מאַנטינאַ, וואָס האַלט אַז דאָס פאָלק איז שוין לאַנג געשטאָרבן, אַז עס האָט אַליין פארלאָזט די שלאַכט, פון אַלץ זיך אָפּגעזאָגט און איבערגע־לאָזט פאַר זיך נאָר די בחינה. מאַנטינאַס דעפיניציע איז די ווייטערדיקע:

„נו, יאָ געלאָזט האָט עס פאַר זיך פון פאָלק
די בחינה. בלויז דעם גייסט און די כוונה —
נשמה נאַקעטע שוין אָן אַ גוף".

און א גאַנץ אַנדערער ווידער איז ראובנים קאָנצעפּט. ער נעמט ניט צו ביים פאָלק דאָס רוחניותדיקע, אָבער ער רעדוצירט עס אויך ניט צו א בחינה. פאַר אים איז פאָלק א ממשותדיקע קאַטעגאָריע, א קראַפט. מיט שטאָלץ און איבערצייגונג רעדט ער וועגן דעם צום פּויפּסט,

„אין נאָמען פון רחמנות סיהאָט דער איד
פון תמיד אָן געזעדט צום פּויפּסט. און איצט —
צום ערשטן מאָל פון נאָך בר־כוכבאָ שטייט
פאַר אייך אַ איד און ניט ער בעט — ער מאָנט
אין נאָמען פון זיין קראַפט דער אידישער".

ראובני איז דער אבסאָלוטער פּאָזיטיוויסט. ער איז קעגן און פאַר־אורטיילט יעדן שמץ פון מיסטישקייט, באַזונדערס ווען מ'איז אויסן ארויפוואַרפן דאָס מיסטישע אויפן פאָלק. זיין אידייע איז א קלאָרע און א צילבאַוואוסטע. אין שמועס מיט זיין כלומרשטן דינער און פרינץ שבתי, ווען שבתי פרעגט וואָס וועט זיין, ענטפערט ראובני, אַז די צייט אַליין וועט שוין באַווייזן... די ערשטע אויפגאַבע זיינע איז שטאַרקן די הענט פונעם פאָלק און דערנאָך זיי שטויסן צום קאַמף. און ווען שבתי זאָגט אים ווידער, אַז דער גאָטספאָרכטיקער באַנקיר אברבנאל און דער מאראַן פּירעס זיינען קעגן אים, ווייל זיי גלויבן, אַז נאָר משיח קען העלפן דעם פאָלק, און אַז פּירעס איז גרייט צו גלויבן, אַז ראובני איז טאַקע דער משיח, רעאַקציאָנירט ראובני גאַנץ שאַרף קעגן דעם:

„משיח... ווידער אָט דאָס אַלטע וועקסל
פון אונדזערע נביאים פאַר א פאָלק
אַ יורד..."

ראובני איז די נעגאַציע פון וועלכן עס איז משיחיזם. אים איז קלאָר, אַז א פאָלק קאָן זיך באַפרייען נאָר דורך קאַמף, אַנדערש איז ניט פאַראַן קיין באַפרייאונג און דאָס פאָלק אַליין איז ניט קיין פאָלק. משי־חיזם און די מיסטיק זיינען די קללה און פּלאָג פונעם פאָלק. ביי די

אידן איז די פּלאָג אַן אַלטע און איר שורש —
„שטאַמט פון יעקבס חלום. אָפּגעשוואַכט
מיט לעבנספּאַלשקייטן האָט ער דערזען
אַ לייטער, וואָס זיין שפּיץ דערגרייכט צום הימל".

סעגן משיחיזם און מיסטיק רוקט אַרויס ראובני אַנדערע טעזן: קאַמף און פּאָליטיק, ווי רעאַלע דערשיינונגען. ער גלויבט אין דער קראַפט פונעם פאָלק; מ'דאַרף נאָר די קראַפט נאָר אויפוועקן, — ראובני מאַכט עס פאַר זיינער אַן אויפגאַבע, —

„יאָרהונדערטער געדרימלט סיהאָט אין האַרץ
פון איד דער דראַנג צו קאַמף מיט דעם וואָס איך
צום אויפלעבן באַנייס געבראַכט כיהאָב איצט".

אין נאָמען פון קאַמף רעדט ער צו די פעלקער. „אַנשטאָט אויסצו־נוצן זייער גבורה, האַלט מען די אידן פאַרשפּאַרט, מ'פּייניקט זיי, מען פירט צו אינקוויזיציעס. אָבער ראובני גופא שטייט פאַר אַ שווערער די־לעמע. מולכו קען גיכער, ווי ער, לייזן דאָס פּראָבלעם, ווייל אַנשטאָט צו זען פּיין און לייד פונעם פאָלק, פאַרטיפט ער זיין מוח אין קבלה און וואַרט אויף אַ ישועה פון הימל, בעת ראובני ווייסט, אַז פון הימל וועט די ישועה קיינמאָל ניט קומען. און מ'האָט אויך דאָס פאָלק גע־מאַכט אַראָפּנידערן צו אַזאַ מדרגה. מען לערנט דאָס פאָלק צו זיין פּאַ־סיוו, ניט אַרויסווייזן קיין ווידערשטאַנד און עס איז גאָר ניט גרינג אַרויסצורייסן דאָס פאָלק פון אַ לעטאַרגישן שלאָף. ראובני טראָגט אין זיך און פילט די טראַגעדיע פונעם גאַנצן אידישן פאָלק, און ער ווייסט אַז צום פאָלק מוז מען קומען מיט עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל זיי צווינגען צו דערוואַכן. אויס דעם דערציילט ער דעם פאָלק וועגן אַ אידישן קע־ניגרייך, ער אַליין פאַרשטעלט זיך פאַר אידישן פּרינץ פון זיין אויס־געטרוימטן לאַנד און רעדט וועגן דעם, אַז דאָס פאָלק מוז זיין באַוואָפנט. און ענלעך ווי ער רעדט צום פאָלק, מאַכט ער אַן ענלעכן אָנבאָט דעם פּויפּסט: דעם רעליגיעזן שטרייט וואָס דער פּויפּסט האָט מיט די טערקן איז ער אויסן אויסצונוצן פאַר זיין פּאָליטיק און אויפגאַבע מיטן אי־דישן פאָלק. זיין אידייע און ציל זיינען, אידן זאָלן אָנערקענט ווערן ווי אַ פאָלק צווישן פעלקער. פאַר אַזאַ אָנערקענונג מוז מען אָנבאָטן וועלכע עס איז קאָמפּענסאַציע און די קאָמפּענסאַציע זאָל זיין אידיש מיליטער. און דאָס וועט זיין די דעמאָנסטראַציע אום אָפּצופּרעגן די וועלט, —

„פיל נוצן קען אייך ברענגען דאָס פאָלק,
פאַרוואָס־זשע וואַרפט איר זיך מיט דעם?"

ראובני פאַלט אַדורך אין זיינע באַציאונגען, אָבער עס איז ניט זיין שולד, די שולד איז, ווייל די סביבה קען אים ניט פאַרשטיין, דערצו איז זי פּאַסיוו און וואַרט אויף אַ נס. דאָס וואַרטן אויף אַ משיח איז

גובר דעם באוואוסטזיין און ווילן צו אקטיוון קאמף. אז אקטיווער קאמף ווידער זאָל באקומען אַ זין מוז ער זיין פארבונדן מיט קאָנקרעטע קאַ־טעגאָריעס און דאָס קאָנקרעט־קאטעגאָרישע איז פּאָליטיק. און ראובני איז דער פּאָליטיקער, וואָס שפּילט די ראָל פון אַ מלוכה־מאַן. ער גופא ווייסט, אז ער גייט אויף אַן אוואַנטורע, אָבער אַנדערש קען ניט זיין. דערצו נעמט ער אין באטראַכט די היסטאָריש־געגעבענע און פּאָליטישע אומשטענדן, פאָרמולירט אינעם ווייטערדיקן:

„אַ רעטונג פאַרן פאָלק אין אָט דער נייער
אין זייער גנעכטן, ניט אין זייער היינט —
פאַרוואָס? עס איז אַצינד אַ צייט אַ גרויסע,
ס'איז נאָך קאָלומבוס און פאַר נייעם לאַנד
עס גייט אַ שטרייט, איז איך אין דעם גערּאַנגל,
וועל איך מיין פאָלק אַריינפלעכטן אין שטרייט,
אין קאַמף פון פעלקער מוז איך איצט געפונען
אַ לאַגע פאַר מיין ליידנדיק פאָלק."

און ווייטער:

„אַ רעטונג פאַרן פאָלק אין אָט דער נייער
אין גרויסער צייט — אַ שטראָל, אַ שפּאָלט כאָטש איינעם
אויף דורכשפּאַרן עס צווישן פעלקער.
נו זע: פיל וועלטן נייע מיהאָט אַנטדעקט
און אָלץ קיין וועלטעלע קיין מינדסט נישט
פאַר אָט דעם פאָלק..."

ראובני איז דער פּאָזיטיווער פערסאָנאַזש פון דער אידישער גע־שיכטע, אַ דורכגעדרונגענער מיט דער שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט. ער שטעלט זיך פאַר ווי עס דאַרף געפירט ווערן דער אידישער קאמף פאַר באַפרייאונג, — ניט איזאָלירט זאָל גיין דער קאמף, נאָר צוזאמען מיט אַלע פעלקער. דעריבער קעמפּט ער אַריינצו־פלעכטן דאָס אידישע פאָלק אינעם אַלגעמיינעם שטרייט־געפלעכט פון פעלקער און שטרייכט אונטער, אז משיחיזם איז אַן אילוזיע פון אַ קרענ־קלעכער פאַנטאַזיע, ארויסגעדרונגען פון ליידן. משיחיזם איז איזאָלי־רונג און ראובני איז קעגן איזאָלירונג, און, אויב ער שטרעבט איינצו־גלידערן דאָס פאָלק צווישן די אַנדערע פעלקער, איז עס ניט לשם אבס־טראַקטן קאמף, נאָר אויס אַ ווילן און שטרעבונג צו אַ קאָנקרעטער אידיש־טעריטאָריעלער מלוכהשקייט. און ווען ראובני זעט, ווי די אַנ־דערע פעלקער האָבן ניט קיין פאַרשטענדעניש פאַר זיין זאַך, ווייכט ער דאָך ניט אָפּ פון זיין אידייע דאָס פאָלק זאָל פירן אַ קאמף קעגן די באַצווינגער: ראובני האַלט פעסט און איבערצייגנדיק דעם פּרינציפּ,

אז נאָר מיט דער הילף פון קראַפט וועט דאָס פאָלק דעראָבערן די רעכט אויף לעבן און עקזיסטענץ...

דוד בערגעלסאָן זעט אין ראובנין דעם פּאָזיטיוון מענטש פון טאַט, דעם נאַציאָנאַלן העלד און פאָלקס־מאַרטירער. ראובני באַצאָלט מיט זיין לעבן, ניט מחמת זיין אילוזיע, נאָר ווייל ער שטויסט זיך אָן אויף ווילנסלאָזיקייט, אויף אַפּאַטיע און אימפּאָטענץ פון אַ מאַסע אין אַ סביבה וואָס לעבט נאָר פאַר איר אייגננוץ און אינדיווידועלע אינטערעסן. דער באַשיץ איז דאָס רעליגיעזע. און דוד בערגעלסאָן שטעלט זיי פאָר אין אַ גאַנצער גאַלעריי: דער דיעגאָ פּירעס, וואָס ווערט נאָכהער דער שלומו מולכו, דער מאַראַן, דער איד, וואָס האָט פאַרלאָרן זיין אידישקייט. אויס דעם האַלט ער, אַז ס'איז זיין חוב צו טאָן תשובה, —

„איך פאַסט תעניתים לאַנגע און אין תפילה
פאַרברענגט איך גאַנצע טעג. איך זע אין שלאָף
ביינאַכט חלומות הייליקע, איך הער
אָפטמאָל אַ רוף אין אָנהייב שווערן דרימל:
„פאַר אידן זיי זיך מפקיר און אויף אייביק"..."

אָבער זיין מפקיר זיין זיך פאַר אידן איז ניט מער ווי אַ זוכן אַ תיקון פאַר זיין אייגענער נשמה. זיינע רעדעס וועגן משיחן זיינען שער־לעך פאַרן פאָלק. נאָך אים קומט דאָן שמואל אברבנל דער „אתה־בחר־תנו"־איד, וואָס גלויבט, אַז די אידישע גאולה מוז קומען פון אַן אומ־נאַטירלעכער קראַפט, —

„... פון גאָט אַליין
דעם אומבאַגרייפלעכן, ווייל אומבאַגרייפלעך —
דער זין פון לייד און פּיין ביי אונדזער פאָלק,
ווי אומבאַגרייפלעך איז, פאַרוואָס מיר בלייבן
ביז היינט אַ פאָלק."

דע פּיזאַ איז אַ באַנקיר, וואָס איז גרייט אויסצונוצן יעדע קאָנ־יונקטור פאַר זיינע געשעפטן און צום פאַרזיכערן זיינע קאַפּיטאַלן. בענ־ווענידאַ, דאָן שמואלס פרוי, איז קעגן דעם גלות, זי איז קעגן ליידן, זי גלויבט אין ראובנים קראַפט, אָבער דער גלויבן ווערט ביי איר רע־דוצירט צו קאַרנאַלער ליבע, צו איינפאַכער ליידנשאַפט, וואָס ווערט אין אַ געוויסער מאָס אַ רעפלעקס פון דעם גלויבן אויסגעלייזט צו ווערן דורך זאַנד. די אַלע פּערסאָנאַזשן צוזאַמען בילדן די אַזוי גערופענע אַריסטאָקראַטישע געזעלשאַפט, דאָך זיינען ניט בעסער אויך די מיטל, — אָדער קליינבירגער. ר' עמנועל איז אַ פּרומער נעגאָציאַנט פון ווענע־דיק און ער צוזאַמען מיט זיין מעקלער ר' יחיאל נעמען אויף זאַכן אויס אַ סוחרישן קוק, —

„אויב קיין מסחר און קיין געלט,

איז אויך שוין קיין מלוכה דאָרט נישטאָ."

דער איינציקער וואָס קען אויפנעמען ראובנים באַגערן איז זיין פריינט שבתי, וואָס בלייבט אים געטריי אין אַלע סיטואַציעס, און אויך שבתי האָט זיין קאָנצעפּט וועגן איד:

„אַ איד... אַ איד ווער איז? די ראָל פון לץ
ער שפּילט שוין זייער לאַנג ביי גאָרער וועלט,
ער גייט און פאַלט, שטייט אויף און פאַלט באַנייס
און אַלע קוקן מיט געלעכטער,
ניט אויפשטיין לאָזט עס נאָך אַלץ, דאָס פאָלק
דאָס אידישע און ניט מע לאָזט עס פאַלן,
אַפילו ווען עס בעט זיך שוין: נו, טוט
אַ טובה מיר און לאָזט מיך ווערן אויס..."

שבתי רעדט שוין מיט ראובנים שפּראַך, ער באַנוצט זיך מיט ראובנים קאָנצעפּטן, — שבתי ווייסט, אַז ראובני איז געקומען צום פאָלק נאָר מיט אַן אילוזיע, ווייל עס איז ניט פאַראַן קיין אַנדער אויסוועג און וועג ווי צו באַוועגן די מאַסע צו טאַט. אין זיין לעצטן שמועס מיט בענוועניִדאַן רעדט ראובני וועגן דעם. בענוועניִדאַ זעט אין ראובנין דעם אויטענטישן פּרינץ, ווי ער זאָל ווירקלעך רעפּרעזענטירן אַן עקזיסטירנדיק אידיש לאַנד. ס'איז די סיבה פאַרוואָס זי פאַרליבט זיך אין ראובנין און איז גרייט נאָכצופאָלגן אים אומעטום, זיין ניט נאָר זיין גייסטיקע באַגלייטערן, נאָר אויך זיין די געוויינלעכע ביישלעפערן. זי פאַרפאָלגט ממש ראובנין מיט איר ליבע און ראובני מוז זיך אָנשטרענגען זי איבערצוייגן, אַז ער איז ניט קיין ריכטיקער פּרינץ, הגם זיין גשמיות איז ווי ביי אַ ריכטיקן פּרינץ, אָבער די קראַפט זיינע איז שטאַרקער ווי די פון אַן עכטן פּרינץ, — און מחמת וואָס?

„ווייל ליידן גרויסע האָבן מיך געקרוינט,
און גרייט בין איך די גרויסע פּיין פון פאָלק
פאַרגרינגערן און אָפּשטעלן אַצינד
זאָל זיין... אַפילו אויך דורך אויסטראַכטונג."

ראובני איז אויסן צו באַפרייען דאָס פאָלק פון דער בחינה, ווייל אַנדערש וועט עס זיך ניט באַגייסטערן צו קאַמף. ער וויל פאָלק אין אַ קאָנקרעטן און ניט אין אַן אַבסטראַקטן זין. אויס דעם האָט ער אויף זיך אַליין גענומען די בחינה פון אַ פּרינץ און ס'דריקט אים ווי אַ שווערע לאַסט. ער זעט זיך פאַר אַ גרויסער דילעמע און פאַר אַ גרויסן נסיון, ווען פון איין זייט פאָדערן קולות פון פאָלק עס זאָל זיך פאַר זיי אַנטפּלעקן, —

„אַנטפּלעק זיך, אונדזער מלכות, וויז זיך!
עס זאָל אַנטפּלעקן זיך דער האַר!"

און פון דער צוויטער קומט צו אים בענוועגידא מיט איר ערדי־שער תאווה און ליבע, — עס איז דער מאָמענט ווען ער מוז רעאַקציאָנירן שאַרף, אָבער דאָס רעאַקציאָנירן איז שוין פון איינעם, וואָס פילט עצבות אוים פאַרצווייפלטקייט —

„איין קער פון מיר צו תאוותות אייגענע
פאַרפלעקט מיין נאָמען שוין אויף אייביק, ווייל...
די בחינה פון אַ פרינץ בין איך — אַ פרינץ
אַ אידישער, נשמה אָן אַ גוף,
אַ רוחניות... זאָט בין איך מיט בחינות שוין,
געשפענסט פון דולע קבלהייסטישע
רבנים, אָנשטאָט אַ פאָלק אָן אמתדיקס
זאָל מיך, דעם אידן אייביק מאַכן זאָט
דער גייסט בלויז פון אַ פאָלק. אָנשטאָט
צו ליבן זיך מיט אַ פרינצעסן, גיי
פאַרליב זיך דו אין דער „פרינצעסן שבת"
צי אין אַ לאַנד אַזאַ, וואו אַלץ עס זאָגט דיר:
„אַ פרעמדער ביזטו דאָ!..."

ראובני איז דער באוואוסטזיין פון דער אידישער טראַגעדיע און דוד בערגעלסאָן האָט אים געגומען אין זיין שטרייט מיט דריי פאַרשיי־דענע וועלטן, — מיט דער וועלט פון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע, מיטן פאָלק און מיט דער קריסטלעך־קאַטאָלישער וועלט. די קריסטלעכע וועלט איז אַ שטיקל בעל־חוב דעם אידן. האָט דען די קריסטלעכע וועלט ניט גענומען אַ הלוואה ביי די אידן, — די ביבל? מע לייט, מע באָרגט ביים אידן פאַרשיידענע זאַכן, —

„האָט איינמאָל אונטערוועגס פּאַסירט: מען האָט
פאַר איינס שוין אויך דערווייל געבאָרגט ביי דיר...
אַ גאָט!..."

ראובני ווייסט תחילת אַז דער וועג איז אַ שווערער, און ער ווייסט אויך אַז די קריסטלעכע וועלט וועט ניט אָננעמען דעם פאַרגעשלאָגענעם בונד, ווייל „פויפּסט איז פויפּסט און איד איז איד", אָבער ראובני גייט דאָך ביזן סוף, און אינעם גיין פאַרניינט ער אַלץ, אפילו זיין ליבע צו בענוועגידאן, צו וועמען אויך ער גאַרט. אָבער ער האָט מורא, דאָס איבערענטפערן זיך דער מענטשלעכער שוואַכקייט זאָל ניט איבערפירן די זאַך, וואָס ער האָט אָנגעהייבן. ער מוז בלייבן ריין, ווייל ער געהער ניט זיך, ער געהערט נאָר דעם פאָלק און דער זאַך, וואָס ער האָט פירגענו־מען. און אַזוי גייט ער ביזן סוף. ער וועט אַרויסזעצן דאָס פאָלק אויף די שיפן וואָס דע פּיזאָ האָט פאַר דעם צוועק געקויפט. און דאָ קומט אויך דער קולמינאַציע־פּונקט: ווען דער קדוש ר' אמנון פרעגט ווער

ס'איז פונעם שיף דער פירער און צי קען מען לאָזן די אָרעמע אָן א טרייסט אין א שטורעם, ווען פאַרן שיף איז ניט פאַראַן קיין האַפן, ענט־פערט ראובני, אַז עס איז יאָ פאַראַן א טרייסט און דאָס איז דער „והיה באחרית הימים". ס'איז דאָס וועקסל, וואָס די אידישע אָבות האָבן ארויסגעגעבן, אָנזאָגנדיק, אַז דורך געבעט און תענית אַליין וועט די אויסלייזונג ניט קומען; ר' שלומו מולכו ווידער האָט גערופן צו גלויבן, ווייל ער האַלט אַז נאָר דורך תפילה און תענית וועט קומען די גאולה און אויף דעם גיט ראובני זיין קאַטעגאָרישן ענטפער:

„... נאָר ס'האָט די תורה בלויז
אָן וואָפן קיינמאָל ניט געזיגט. פאַרזאָגט
עס האָבן אייך אַמאָל די אָבות: טראָגט
דעם אָנזאָג אונדזערן דער וועלט ניט נאָר
מיט גלויבן — שיצן מוזט איר אים מיט קאַמף
ווי עס באַשיצט א פאָלק זיין לאַנד."

דער קאַמף איז עיקר, וואָס האַלט אויף דאָס לעבן פון א פאָלק. אויס אַזאַ איבערצייגונג האָט ראובני געגעבן דעם פאָלק שווערד און ביקס אין האַנט. אָבער ראובני ווייסט נאָך אַן אַנדערן אמת: מ'האָט אַנטדעקט פיל נייע לענדער, „נאָר ניט אַנטדעקט מ'האָט דעם נייעם מענטשן", דעריבער —

„איז קומט
מיט מיר אין שלאַכט פאַר אונדזער גלויבן אין —
דעם מענטשן פון די קומענדיקע טעג."

דוד בערגעלסאָן זאָל ווי אַריינלייגן אין מויל ראובנין די טעזע פון „ואף על פי שיתמהמה", — ראובני גלויבט, אַז דער נצחון מוז קומען, אָבער לעת עתה מוז מען קעמפן פאַרן נייעם מענטש. און ווער וועט אָננעמען זיין אָנבאָט צו גיין אין אַזאַ קאַמף? דער קדוש ר' אמנון, וואָס זאָגט, אַז דער העלד איז גערעכט און „אַליין דער קדוש וואָלט געדריקט דעם העלד די האַנט ווען הייליקייט זאָל האָבן הענט", מיט ראובנין וועט גיין דער קופּערשמיד, וואָס סימבאָליזירט דעם אַרבעטנ־דיקן מענטש, דער לץ שבתי, דער אינוואַליד און די דינסט דינה, — עס וועלן גיין מיט אים די ליידנדיקע און געליטענע און צו זיי שיקט ראובני זיינע ווערטער:

„איך זייט מיין פאָלק! און אייער אַלטן וואונטש
האָב איך אין האַרץ ביי זיך געטראָגן, ווען
פאַר לענדער פאַרגעשטעלט איך האָב זיך דאָ
אַלס פרינץ פון אייער לאַנד. ניט אויסגעטראַכט
איז דאָס געווען — באַנייט האָב איך דעם טרוים
פון דורות: אייגענע פיר היילן קומט

אַ פֿאָלק ניט נאָך זיין טויט בלויז, נאָר אין לעבן !
און איצט די קליידער פֿון אַ פּרינץ איך וואַרף
פֿון זיך אַראָפּ — ווי שאָלעכץ פֿונעם יאָדער —
אַ איד !... צו שמאַטעס צוגעוויינט איז ער,
און שמאַטעס בלייבט די קליידונג פֿון מיין פֿאָלק
ביז קומען וועט דער נייער מענטש און וועט
פֿאַר אַלץ באַצאָלן. ניט קיין פּרינץ !... איך בין
צוגלייך מיט אייך אַ איד אַ פּשוטער
אין שמאַטעס... נו? — אין שלאַכט !
דו קעמפסט מיין פֿאָלק — דאָס הייסט: דו לעבסט, מיין פֿאָלק !"

קאַמף איז לעבן און ווייל אַ פֿאָלק לעבן מוז עס קעמפן. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז דאָס וואָרט „פֿאָלק" טרעפֿט מען ביי דוד בערגעלסאָן ערשט און נאָר אין זיינע נאָכמלחמהדיקע דערציילונגען, דאָך נאָר ווי אַ מחשבותן און ניט ווי אַ רעאַל־קאָנקרעטע קאַטעגאָריע, בעת אין „ראובני" דערשיינט ביי אים פֿאָלק ווי אַ רעאַלע קאַטעגאָריע און ווי זיין אַ גלויבן אינעם פֿאָלק. גיט אריין דוד בערגעלסאָן ראובנין די ווערטער פֿאָלק, קאַמף, דאָס וואָרטן אויפֿן נייעם מענטש און דער גלויבן, אַז די גאולה וועט קומען, אָבער נאָר דורך קאַמף, אידענטיפֿיצירט זיך מיט דעם דער מחבר גופא. דאָס פֿאָלק ווערט ביי אים עיקר, ווען בענווענידאַ, די פֿאַרליבטע אין ראובנין דערפֿאַרט, אַז מ'האָט געלאָזט ראובנין אַליין אין שלאַכט. זי זאָגט:

„ווער לאָזט דען אָפּהאַקן דעם קאָפּ זיך, ווען
די פֿיס נאָך זיינען גאַנץ ?
דעם גרעסטן מענטשן
געלאָזט אין שלאַכט, אַליין געבליבן דאָ ?"
און איר ענטפֿערט ראובנים פֿריינט, דער לץ שבתי:
„ניט רייד אַזוי צו אידן ! וואַרט !... דעם
לעץ הער אויס: צו וואָס דען דאַרפֿן אידן
נאָך גרויסע מענטשן האָבן גאָר ? צו וואָס ?
צום טויט ?... אַזוינעם שעצן איז פֿאַר זיי
צו גוט... געגוג פֿאַר זיי אויך איך — דער לץ !
דערום, אפשר, דערום, איז אָפּשפּעטן,
היי לצים אידישע פֿאַרבאָרגן ליגט
פֿון תמיד אָן דער גרעסטער גלויבן... אָט
די פּירונג נעמט דער לץ אויף זיך איצט איבער."

ראובני איז דער סימבאָל פֿון קאַמף, ער איז דער רעוואָלט און שטעלט זיך אַרויס ניט ווי דער יחיד, ווי אַ העלד אָדער פּערזענלעכקייט, נאָר ווי אַ פּשוטער מענטש, וואָס רעגט אָן און רופֿט צו קאַמף. אויס

דעם קען ער גיט און וועט ניט איינגיין אויף די פשרות, וואָס בענוועי־נידא באַט אים אָן. ווי אַ פּועל־יוצא פון שתדלנות ברענגט בענווענידא ראובנין די ידיעה, אַז איר מאַן, דער רייכער באַנקיר האָט אויסגעפועלט, מען זאָל די אויפשטענדלער משפּטן מיט חסד, אויב זיי וועלן זיך נאָר אונטערגעבן. און ראובני ענטפערט אויף דעם:

„איז קער זיך אום אַהין איצט, בענווענידא,
און זאָג די פּאָרטוגעזער דאָרט: עס שטאַרבט
דאָס פאָלק, נאָר אונטערגעבן זיך עס וויל ניט —
עס איז אַזאַ מין פאָלק..."

ראובני הייסט בענווענידאַן זיך אומקערן צו איר מאַן און ווערן מוטער ביי אידן. ער באַפעלט איר, ווייל דאָס פאָלק וויל ווייטער לעבן און אַזוי קומט ראובנים לעצט וואָרט, ווי אַ צוואה פאַר די קומענדיקע דורות:

בענווענידא: ביי אידן ווערן איצט אַ מוטער?...
און קראַפט
דאַרויף פון וואַנען זאָל איך שעפּן?
ראובני: פון אונדז,
פון אונדזער אומקומען אָט דאָ מיט שטאָלץ
פאַר אייער ווייטערדיקן לעבן... גיי!

און ווען ראובני פילט אַז עס קומען שוין זיינע לעצטע מינוטן, זאָגט ער אָן שבתין:

„שבתי!... די שלאַכט פיר ווייטער... מיין צוואה
דורך דיר איך לאָז, איך שטאַרב: דו קעמפסט, מיין פאָלק,
דאָס הייסט — דו לעבסט, מיין פאָלק."
און מיט די ווערטער וואַרפט זיך שבתי אין קאַמף:
„אין שלאַכט! דו קעמפסט מיין פאָלק,
דאָס הייסט — דו לעבסט מיין פאָלק!"

„דו לעבסט מיין פאָלק", — די ווערטער, וואָס דער מחבר גיט אריין ראובנין זיינען דער מערקווירדיקער שאַפונגס־וועג פון דוד בער־געלסאָן, וואָס האָט אָנגעהייבן מיט שילדערן דעם אונטערגאַנג פון דער קליינשטעטלדיקער קליינבירגערלעכער אידישער סביבה און אינטעלי־גענץ, איז געקומען צו דער רעוואָלוציע מיט דער באַיאַאונג פון איר מידת־הדין קעגן דעם מידת־הרחמים און דורךביידע מידות, סיי פון דין, סיי פון רחמים, קומט ער צו דער דערקענטעניש, וואָס ווערט צום שלום דער אמת פונעם דיכטער: עס איז דער אמת פון „דו לעבסט מיין פאָלק", און עס ווערט דער תיקון פונעם דיכטער און די ריכטיקע עליה פון זיין גאַנצן שאַפונגס־פּראָצעס. עס איז גלויבן אין אידישער גאולה און דער גלויבן אַז די גאולה וועט קומען, אָבער נאָר דורך קאַמף,

אַ פּאָלק ניט נאָך זיין טויט בלויז, נאָר אין לעבן!
און איצט די קליידער פון אַ פּרינץ איך וואַרף
פון זיך אַראָפּ — ווי שאָלעכץ פונעם יאָדער —
אַ איד!... צו שמאַטעס צוגעוויינט איז ער,
און שמאַטעס בלייבט די קליידונג פון מיין פּאָלק
ביז קומען וועט דער נייער מענטש און וועט
פאַר אַלץ באַצאָלן. ניט קיין פּרינץ!... איך בין
צוגלייך מיט אייך אַ איד אַ פּשוטער
אין שמאַטעס... נו? — אין שלאַכט!
דו קעמפסט מיין פּאָלק — דאָס הייסט: דו לעבסט, מיין פּאָלק!"

קאמף איז לעבן און וויל א פאלק לעבן מוז עס קעמפן. עס איז כדאי צו באמערקן, אז דאָס וואָרט „פאָלק" טרעפט מען ביי דוד בערגעלסאָן ערשט און נאָר אין זיינע נאָכמלחמהדיקע דערציילונגען, דאָך נאָר ווי א מחשבותן און ניט ווי א רעאַל־קאָנקרעטע קאטעגאָריע, בעת אין „ראובני" דערשיינט ביי אים פאָלק ווי א רעאַלע קאטעגאָריע און ווי זיין א גלויבן אינעם פאָלק. גיט אריין דוד בערגעלסאָן ראובנין די ווערטער פאָלק, קאמף, דאָס ווארטן אויפן נייעם מענטש און דער גלויבן, אז די גאולה וועט קומען, אָבער נאָר דורך קאמף, אידענטיפיצירט זיך מיט דעם דער מחבר גופא. דאָס פאָלק ווערט ביי אים עיקר, ווען בענווענידא, די פארליבטע אין ראובנין דערפארט, אז מ'האָט געלאָזט ראובנין אליין אין שלאכט. זי זאָגט:

„ווער לאָזט דען אָפּהאַקן דעם קאָפּ זיך, ווען
די פיס נאָך זיינען גאַנץ?
דעם גרעסטן מענטשן
געלאָזט אין שלאַכט, אליין געבליבן דאָ?"

און איר ענטפערט ראובנים פריינט, דער לץ שבתי:

„ניט רייד אַזוי צו אידן! וואַרט!... דעם
לעץ הער אויס: צו וואָס דען דאַרפן אידן
נאָך גרויסע מענטשן האָבן גאָר? צו וואָס?
צום טויט?... אַזוינעם שעצן איז פאַר זיי
צו גוט... גענוג פאַר זיי אויך איך — דער לץ!
דערום, אפשר, דערום, איז אָפּשפּעטן,
היי לצים אידישע פאַרבאָרגן ליגט
פון תמיד אָן דער גרעסטער גלויבן... אָט
די פירונג נעמט דער לץ אויף זיך איצט איבער."

ראובני איז דער סימבאָל פון קאמף, ער איז דער רעוואָלט און שטעלט זיך ארויס ניט ווי דער יחיד, ווי א העלד אָדער פערזענלעכקייט, נאָר ווי א פשוטער מענטש, וואָס רעגט אָן און רופט צו קאמף. אויס

דעם קען ער ניט און וועט ניט איינגיין אויף די פשרות, וואס בענווענידא באט אים אן. ווי א פועל־יוצא פון שתדלנות ברענגט בענווענידא ראובנין די ידיעה, אז איר מאן, דער רייכער באנקיר האט אויסגעפועלט, מען זאל די אויפשטענדלער משפטן מיט חסד, אויב זיי וועלן זיך נאר אונטערגעבן. און ראובני ענטפערט אויף דעם:

„איז קער זיך אום אהין איצט, בענווענידא,
און זאג די פארטוגעזער דארט: עס שטארבט
דאס פאלק, נאר אונטערגעבן זיך עס וויל ניט —
עס איז אזא מיין פאלק..."

ראובני הייסט בענווענידאן זיך אומקערן צו איר מאן און ווערן מוטער ביי אידן. ער באפעלט איר, ווייל דאס פאלק וויל ווייטער לעבן און אזוי קומט ראובנים לעצט ווארט, ווי א צוואה פאר די קומענדיקע דורות:

בענווענידא: ביי אידן ווערן איצט א מוטער?...
און קראפט
דארויף פון וואנען זאל איך שעפן?
ראובני: פון אונדז,
פון אונדזער אומקומען אט דא מיט שטאלץ
פאר אייער ווייטערדיקן לעבן... גיי!

און ווען ראובני פילט אז עס קומען שוין זיינע לעצטע מינוטן, זאגט ער אן שבתין:

„שבתי!... די שלאכט פיר ווייטער... מיין צוואה
דורך דיר איך לאז, איך שטארב: דו קעמפסט, מיין פאלק,
דאס הייסט — דו לעבסט, מיין פאלק."
און מיט די ווערטער ווארפט זיך שבתי אין קאמף:
„אין שלאכט! דו קעמפסט מיין פאלק,
דאס הייסט — דו לעבסט מיין פאלק!"

„דו לעבסט מיין פאלק", — די ווערטער, וואס דער מחבר גיט אריין ראובנין זיינען דער מערקווירדיקער שאפונגס־וועג פון דוד בערגעלסאן, וואס האט אנגעהייבן מיט שילדערן דעם אונטערגאנג פון דער קליינשטעטלדיקער קליינבירגערלעכער אידישער סביבה און אינטעליגענץ, איז געקומען צו דער רעוואלוציע מיט דער באיאאונג פון איר מידת־הדין קעגן דעם מידת־הרחמים און דורךביידע מידות, סיי פון דין, סיי פון רחמים, קומט ער צו דער דערקענטעניש, וואס ווערט צום שלום דער אמת פונעם דיכטער: עס איז דער אמת פון „דו לעבסט מיין פאלק", און עס ווערט דער תיקון פונעם דיכטער און די ריכטיקע עליה פון זיין גאנצן שאפונגס־פראצעס. עס איז גלויבן אין אידישער גאולה און דער גלויבן אז די גאולה וועט קומען, אבער נאר דורך קאמף,

וואָס זאָל זיין אַ אידישער און געפירט ווערן נאָר מיט אייגענע הענט, — און נאָר מיט אייגענע כוחות אָן אַ וואַרטן אַ ישועה וואָס זאָל קומען פון אַ משיח אָדער גאָר פון פרעמד־גלויביקע נדיבים.

* * *

אַזאַ איז דער וועג פון דוד בערגעלסאָנס שאַפן, אַ געשניטענער אין פאַרשיידענע עפּאָכן, אין פעריאָדן. ניט קיין גלגולים זיינען עס גע־ווען, נאָר אַ נאַטירלעכער וועג פון אַ שרייבער, פּאַטענט אין זיין שאַפונגס־ענערגיע און וואָס קוקט מיט אַ קלאָרן און אָפענעם בליק אויף דער ווירקלעכקייט אין אירע פאַרשיידענע אַספּעקטן און דערשיינונגען. עס איז אַ באַזונדערע אייגנשאַפט דוד בערגעלסאָנס, וואָס שטעלט אַוועק אין אַ ליכט ניט נאָר פון אַ גרויסן און אייגנאַרטיקן קינסטלער, נאָר שטעלט אים פאָר אויך ווי אַן אָרגאַנישקייט פון אידישער קולטור־גע־שיכטע און אידישער אין אַלגעמיין. זיין שאַפונגס־ווערק איז אַן אָפּן בוך פאַרן פאַרשער פונעם אידישן לעבן אין די פאַרשיידענע ניואַנסן און אַספּעקטן. דורך זיין ווערק דערוויסט מען זיך ניט בלויז וועגן דעם, וויאַזוי דאָס פאָלק האָט געפילט און געדענקט, נאָר וויאַזוי עס האָט זיך אויך אויסגעלעבט עקאָנאָמיש, סאָציאַל, ווי עס האָט אויסגעזען די אי־דישע טראַדיציע, דער אידישער יחוס, וויאַזוי אַלץ איז געבוירן געוואָרן, האָט געלעבט, איז געשטאָרבן און געקומען צו אַ נייעם ווידערגעבורט. און צו דעם איז צוגעפּאַסט זיין גאַנצער שאַפונגס־פּראָצעס, וואָס שפּיגלט אָפּ די געשיכטע פון דער־אידישער טראַדיציאָנעלער יחוסדיקער משפּחה, איר לעבן און פונאַנדערפאַל, די טראַגישע געשיכטע פון דער אידישער בירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס געפינט ניט פאַר זיך קיין תיקון אין די אומשטענדן פונעם בירגערלעכן אידייענלאַזן און אָנאַינהאַלטנדיקן לעבן; פון זיינע ווערק דערפאַרט מען וועגן דעם אויפבלי און פונאַנ־דערפאַל פון דער אידישער עקאָנאָמיק, פונעם אידישן גרויס־קאַפּיטאַל, קאָמערץ און אינדוסטריע. ער באַווייזט די אידישע מאַסע און דעם קליינבירגערלעכן המון אין די אומשטענדן פון רעוואָלוציע, בירגער־קריג, פּאָגראָמען, עמיגראַציע און סאָוועטיזירונג, אויסדריקנדיק אַ גלויבן, אַז אפשר וועלן די „בירעבידזשאַנער" אָנהייבן אַ נייעם אידישן רענעסאַנס, אַ נייעם אידישן לעבן פאַר די זייענדיקע און קומענדיקע אידישע דורות.

דאָס איז דער שטייגער ווי עס איז געגאַנגען דוד בערגעלסאָנס שאַ־פונגס־פּראָצעס, כאַראַקטעריסטיש און צוגעפּאַסט צו די ווערטער, וואָס ער ברענגט אַרויס אין זיין דערציילונג „צווישן עמיגראַנטן" —

„שרייבער האָב איך געטראַכט, זיינען ווי דער געוויסן פון אַ פאָלק. זיי זיינען זיינע נערוון. זיי שטעלן פאָר זייער פאָלק פאַר דער

וועלט, פון די ווערק פון שרייבער וויל מען נאך דערוויסן, וויאַזוי האָט אין זייערע צייטן געלעבט זייער פאָלק".

עס איז אַ ריכטיקע אויטאָ־כאַראַקטעריסטיק, אָבער עס איז ניט געווען באַשערט דוד בערגעלסאָנען גופא דורכצופירן זיין שאַפונגס־אויפגאַבע ביזן סוף, טאַקע ווייל זיין שאַפונגס־פּראָצעס איז איבערגעריסן געוואָרן אינדערמיט, עס איז אים ניט געווען באַשערט אויסצוזינגען זיין ליד ביזן סוף, ווי דער געוויסן פונעם פאָלק ביזן סוף, — זיין ליד איז איבערגעריסן געוואָרן אינדערמיט, ווען דער קינסטלער האָט נאָך פאַרמאָגט גענוג שאַפונגס־כוחות און מען האָט נאָך געקענט דערוואַרטן פון אים דאָס גרויסע ווערק, וואָס זאָל ווירקלעך פאַרשטעלן דעם קינסטלער, ווי דעם העכסטן געוויסן פונעם פאָלק, אָבער ווי עס זאָל שוין ניט זיין מיטן קינסטלער האָט ער מיטן געשאַפענעם אריינגעשריבן אַ גרויסן און ווירדיקן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פונעם אידישן קולטור־זיין און אידיש־שעפערישן קולטור־פּראָצעס.

# אינהאַלט־פאַרצייכעניש

זייט



## עסעיִסטיק:

